גרשון ווענגראָווסקי

# שטערן אין דער נאַכט


אַ זומער־קאַלאָניע אין דלוגאָשיאַדלאָ

ISBN:0-657-12109-6

$10

גרשון ווענגראָווסקי

# „שטערן אין דער נאַכט"

ער דערציילט פון היימישע שווער פאַרהאָרעוועטע אידן בעלי־מלאכות, וואָס האָבן מיט שווייס און בלוט געצויגן חיונה, אויך פון אידן הייליקע, למדנים, גאונים צדיקים, „שטערן אין דער נאַכט" דערציילט פון אונזער „המשך" דאָ אין אַמעריקע, פון די הייליקע אותיות, וואָס זיינען אַריבער־געפלויגן דעם אַטלאַנטיק, און גע־קומען זיך באַזעצט אין די גרעניצן פון אַמעריקע און ישראל, „שטערן אין דער נאַכט" ווידמעט אַ גרויס קאַפּיטל פון גלות רוסלאַנד, פון די יאָרן 1939-1946, ברענגט אַרויס אמת׳ע פאַקטן פון אידישן לעבן דאָרטן, ער באַגעגנט גרויסע שטערן, וואָס לויכטן אין דעם טיפן פינצטער.

לזכר נשמות
הקדושים והטהורים שהומתו הן שנהרגו הן
שנשחטו הן שנשרפו הן שנטבעו והן שנחנקו
על קידוש השם בידי הנאצים ימח שמם
וזכרם

אב הרחמים שוכן מרומים יזכרם לטובה עם
שאר צדיקי עולם וינקום נקמת דם עבדיו
השפוך

א גרויסן דאנק צו מיין ווייב לאה
פאר דער גרויסער הילף וואס זי
האט מיר געגעבן ביים ארויסגעבן
דאס בוך.

# במקום הקדמה

אין אַלע צייטן פון אונדזער גלות־געשיכטע, ווען רדיפות, פאַר־פאָלגונגען, שוואַרצע כמאַרעס האָבן זיך אָנגערוקט אויפן אידישן פאָלק, זיינען עס געווען די בעלי אגדה, דרשנים, וואָס האָבן געטרייסט אונדזער פאָלק. מיט די הערלעכע בילדער, וואָס זיי האָבן געשילדערט, האָבן זיי פאַרטריבן די מורא און יאוש און געוועקט האָפענונג פאַר אַ בעסערער צוקונפט און צוגעגעבן מוט פאַרצווזעצן דעם קאַמף פאַר אונדזערע הויכע אידעאַלן...

די דערציילונגען וועגן די צדיקים, גאונים און פאָלקס־מענטשן, בעל־מלאכות, וועגן זייער פשוטן לעבן, מנהגים, פאָלקס־ווערטער, האָבן געהאַט אַ גרויסע השפעה. זיי האָבן אַ סך מיטגעהאָלפן אָנצוהאַלטן דעם אידישן כח, ניט צו פאַרלירן דעם מוט און גלויבן אין דער צוקונפט. די דערציילונגען האָבן אַפּעלירט צום האַרצן פון יעדן איד, לויט זיין שטאַנד. זיי האָבן אָפּגעפרישט דעם זכרון, געשאַפן אַ נייעם גלאַנץ און פאַרפּעסטיקט די חשיבות פון די אַלטע דורות...

אונדזער ירושה, די „מסורה" — אָט די „קייט" האָט אונדז גע־האַלטן און האַלט אונדז אויך איצט צוזאַמען מיט אונדזערע נביאים, מיט דער משנה און גמרא, מיט אַלע אונדזערע גרויסע „שטערן", וואָס האָבן באַלויכטן אונדזער הימל אין דער גרויסער גלות־נאַכט. וואָס פינצטערער ס'איז געווען די נאַכט, אַלץ גרעסער איז געווען די קראַפט, מיט וועלכער די „שטערן" האָבן געלויכטן. דוקא אין גלות זיינען גע־שאַפן געוואָרן די ריזן־ווערק צו באַפעסטיקן אונדזער „מסורה" און געמאַכט אונדז אומשטערבלעך...

אַ וויכטיקער רינג אין דער קייט פון דער מסורה זיינען די „אגדה"־דערציילונגען. אַזוי ווי מיר זענען אַרויס פון דעם ערשטן גלות, גלות מצרים, האָט מען אונדז אָנגעזאָגט: „והגדת לבנך", זאָלסט דערציילן! ניט לאָזן פאַרגעסן! „לבנך" — איז לאו דוקא, זאָגט דער חנוך. מ'דאַרף

אַלעמען דערציילן. אין דער „אגדה“ ליגט גרויסע עשירות, ממש אוצרות מיט וויסן, מנהגים, וואָס זענען שטאַרקער ווי דער „דין“. אין די פאָלקס־ווערטער און דערציילונגען שפּיגלט זיך אָפּ דאָס לעבן און שאַפן פון ישראל סבא...

דערציילן! מ׳טאָר ניט פאַרגעסן אונדזער הייליק שטעטל! פון דעם גאָרטן, וואו אונדזער יניקה איז געווען, פון יענע שפּראָצונגען דאַרף מען זיך היינט נערן! מיר דאַרפן זיך שטענדיק געפינען אין דער מחיצה פון אונדזערע גרויסע „שטערן“, וואָס האָבן אונדז באַלויכטן אונדזער וועג אין דער גלות־נאַכט. מיר טאָרן ניט אַדורכשפּרייזן אַ יאָר־טויזנט, אַזוי זיך, ווי קיין מאָל גאָרניט, פאַרגעסן. מיר טאָרן ניט זיין אויסער דער מחיצה פון אונדזערע קדושים וטהורים! מיט זייער גייסטיקער ירושה דאַרפן מיר, די יורשים, זיך טיילן. מיר דאַרפן זיין פאַרוואָרצלט אין זייער לערע, אַזוי דער יחיד, ווי דער כלל...

אַלע אונדזערע שאַפונגען, אונדזער דענקן, אונדזערע געפילן, נשמה, שכל, אַלץ איז באַהאַפטן און געבונדן מיט די פריערדיקע דורות. מיר אַלע צוזאַמען ציען די יניקה פון אונדזערע גייסטיקע קוואַלן, פון יחיד ומיוחד. מ׳קען זיך ניט אָפּטיילן! אַזוי ווי מ׳קען ניט אָפּטיילן דעם פלאַם פון דעם ליכט, פון וועלכן ער קומט אַרויס, אַזוי קען מען זיך ניט אָפּטיילן פון אונדזער מקור. מיר זענען „איינס“, מיר מוזן גיין אין די פוס־טריט פון אונדזערע פריערדיקע דורות. אונדזער ירושה, די מסורה, די קייט, באַהעפט אונדזער. עבר מיטן עתיד און דערנענטערט דעם איד פון איין זייט וועלט צום איד פון דער צווייטער זייט וועלט. מיטן סידור, חומש, גמרא, טוען גרעניצן, צייטן, לשונות פאַרשווינדן. דורות מיט דורות האַלטן זיך צוזאַמען און גייען פאָרויס צו איין ציל.

וואו נאָר אונדזערע אבות זענען אָנגעקומען, הגם שטענדיק אַרומגערינגלט מיט פיינטלעכע כוחות, האָבן זיי געקעמפט פאַר אַ קוצו־של־יוד און געבויט, געפלאַנצט און אָפּגעהיט אונדזער שטאַם. און זיי האָבן ניט פאַרגעסן אַז „מה שאירע ליעקב אירע ליוסף“, און געהאָלפן איינער דעם צווייטן. זיי האָבן אָפּגעהיט דעם כלל: „כל ישראל ערבים זה בזה“. זיי האָבן געפילט דעם ווייטיק און צער פון יחיד, אַזוי גוט ווי פון אַ

רבים. אַז מ׳האָט געשלאָגן אַ איד אין איין זייט וועלט, האָט ווי געטאָן דעם איד אין דער צווייטער זייט וועלט. מיר זיינען איין אָרגאַניזם. אויב אַ פינגער טוט וויי, טוט וויי דער גאַנצער קערפּער.

זכר ימות עולם! בינו שנות דר ודר! שאל אביך ויגדך, זקניך ויאמרו לך! געדענק — זאָגט די תורה — די פון פאַרצייטן, באַטראַכט פון דור צו דור די יאָרן, פרעג דיין פאָטער, ער זאָל דיר דערציילן, דיינע זקנים, זיי וועלן דיר זאָגן. לייען וואָס האָט פאַסירט מיטן אידישן פאָלק! די געשיכטע איז אונדזער לערער, די „שטערן פון דער גרויסער פינצטערער נאַכט״ — פון אונדזער גרויסן גלות, זיינען אונדזערע וועג־ווייזערס.

גרשון ווענגראָווסקי



# די ישיבה אין וואַלד

דער קאַלטער, נאַסער ווינטער, מיט זיינע לאַנגע נעכט און קורצע טעג, מיטן פאַרכמאַרעטן הימל, איז אַוועק פון אונדזער שטעטל. עס זיינען אָנגעקומען שיינע זוניקע טעג. די לופט שמעקט שוין מיט פרילינג. די ערד ווערט טיילווייז באַדעקט מיט גרינס. עס בלאָזט אַ מחיהדיק, וואַרעם ווינטל. מיט דער שיין פון דער זון זיינען געקומען האָפענונגען אַז די בלאָטעס וועלן זיך אויסטריקענען און מ׳וועט קענען אַרויסגיין אין גאַס מיט די נייע שיך, שפּאַצירן אין דעם שיינעם שמעקעדיקן וואַלד. גייט אָבער אַ רעגן. און עס רעגנט מיט צעבערס, אַ טאָג נאָך אַ טאָג, אָן אַ סוף. און די בלאָטעס דערגרייכן ביז צום גאַרטל.

„איר זענט מבינים אויפן היינטיקן זומער?״ טענהט דוד שניידער צו אַ גרופּע אידן אין גאַס. „רעגן אָן אַ שיעור, אָן אַ סוף! הלוואי זאָל איך בלייבן אַ ליגנער! דער היינטיקער זומער איז שוין אַ פאַרשפּילטער. ס׳וועט שוין ניט זיין קיין זומער־סעזאָן. ס׳איז דאָך שוין באַלד שבועות, און מ׳זעט ניט קומען קיין איין דאַטשניק פון וואַרשע. אַ בעקער קען האָבן פּרנסה אָן דאַטשניקעס, דער מלאך פון עסן רוט ניט. אַזוי זאָגט מען. אפילו אויב דו האָסט אַ לאָטע אויף די הויזן, מוזטו עסן. און די שוסטערס, האָ! פאַר זיי איז היינט דער הויך־סעזאָן. אין אַזעלכע בלאָטעס ווערן די שיך צעווייקט, די זוילן פאַלן אַראָפּ. אָט זיי פאַרדינען היינט אַ זלאָטע. אָבער שניידערס, קצבים, קרעמערס, דאַרפס־הענדלער — זיי שטייען ווי פידלערס, אָן פּרנסה. אָן די דאַטשניקעס איז ניטאָ קיין פּרנסה! אָט האָט יהושע אייזיק גענומען אַ סאָד ביי אַ גוי, ווייט פון שטעטל. ביז ער וועט זען אַ פּרי פאַר די אויגן און עפּעס פאַרדינען, וועט ער אויפעסן די גריוון פון דעם האַנדל מיט די ווינטערדיקע גענדז. און די היינטיקע יאַרידים זיינען ניט ווי אַמאָל. מ׳קען גאַרניט פאַרדינען. דער איינציקער פּרנסה־קוואַל איז דער זומער מיט די דאַטשניקעס. מ׳דאַרף הינער, אייער, פלייש, אַנדערע שפּייז. יעדן איינעם פאַלט צו עפּעס. אָבער דער רעגן און די בלאָטעס קענען אַלץ אויפעסן ביז אַ העמד אויפן לייב...״

„איר ווייסט, אידן״, זאָגט משה דער קרעמער, „זינט יאַנקעלע ראַדזימינער האָט אַנטדעקט אונדזער וואַלד און איז געוועזן ביי אונדז מיט אַ סך פון זיינע חסידים, קומט צו אונדז דער זעמבראָווער רב. דער גאַנצער וואַלד איז פול מיט

זיינע תלמידים און עס קומען רבנים פון אַלע שטעט אַרום. דער וואַלד זעט אויס ווי אַ גרויסע ישיבה מיט אַ סך ראשי־ישיבות. מ׳האָט גאַנץ גוט פאַרדינט ביי זיי. אין דער צייט פון יאָר, איז ער, שוין דאָ. און היי־יאָר — מ׳הערט ניט און מ׳זעט ניט. ער וועט אַוודאי ניט קומען. ווער וויל קומען אין אַזאַ וועטער?״

ר׳ לייבל דער שתדלן גייט דורך. ער לייגט צו אַן אויער צו הערן וואָס אידן רעדן. און ער זאָגט אָן די בשורה אַז דער זעמבראָווער רב איז שוין דאָ. נאָר וואָס געקומען. ער גייט אַצינד אַרויסנעמען אַ דערלויבעניש אויפצושטעלן אַ ביידל אין וואַלד פאַר אים, צו פאַרשטעלן פון רעגן.

„אידן!״ זאָגט משה אַצינד, „דאָס איז אַ גוטע בשורה. דער זעמבראָווער רב קומט דער ערשטער און פאַרלאָזט דער לעצטער, פאַר ראש־השנה. פאַרגעסט ניט, אונדזער וואַלד איז בעסער ווי דער אָטוואָצקער וואַלד. נאָר דער אָטוואָצקער וואַלד איז נאָענטער צו וואַרשע. דעריבער זיינען דאָרטן דאָ מער דאַטשניקעס ווי ביי אונדז אין דלוגאָשאָדלע. זאָרגט זיך ניט, מ׳וועט אַצינד אָנהייבן קומען פון אומעטום און ס׳וועט זיך אָנהייבן אַ האַנדל, ס׳וועט זיין פרנסה!״ זאָגט משה אַ פריילעכער.

און באַלד קומט אַ צווייטע נייעס: ר׳ ארטשע באקשט, דער לאָמזשער רב, קומט. און אין גערער שטיבל שמועסט מען, אַז ר׳ איטשע פישל, דער איידעם פון גערער רבין, און ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן קומען מיט זייערע משפחות. מ׳האָט שוין געדונגען פאַר זיי וואוינונגען. די הייזער לעבן וואַלד ווערן שנעל פאַרדונגען.

דער הימל לייטערט זיך אויס. די זון טוט שיינען. עס ווערט וואַרעם. און מיר קינדער, שוין גמרא־לערנער, לויפן צום זעמבראָווער רב אין וואַלד. מיר פילן זיך זייער היימיש. ער פרייט זיך מיט יעדן פון אונדז פונקט ווי מיט אַן אוצר.

מיר זעען אין וואַלד אַ סך רבנים, עלטערע ישיבה־בחורים מיט גמרות אין די הענט. מ׳לערנט. דער קול־תורה גייט העכער און העכער. אַלע, אי חסידישע אידן אי די ליטווישע רבנים, גרופירן זיך אַרום דעם מתנגד, דעם זעמבראָווער רב. אין יעדער שקלא וטריא איז ער דער מכריע. דער וואַלד ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ גרויסער ישיבה.

ר׳ לייבל קומט אין וואַלד מיט אַ וואָגן ברעטער, אויפצושטעלן דאָס ביידל. ער אַנטשולדיקט זיך פאַרן זעמבראָווער רב: „דאָס ביידל וואָלט שוין געשטאַנען, ס׳איז אָבער געווען אַזאַ רעגן, רבי!״

# שטערן אין דער נאַכט

דער זעמבראָווער רב באַמערקט אימעצן קומען. ער לויפט מיט שמחה אַנט־קעגן און שרייט אויס: „שלום עליכם, ר׳ בן־ציון!״ דאָ איז ער מקבל פנים זיינס אַ תלמיד, וואָס קומט אַצינד פון דער גרויסער ישיבה „עמק הלכה״ אין וואַרשע. זיי גייען באַלד אַריין אין אַ שמועס פון תורה און שפּאַצירן אַוועק טיף אין וואַלד. בן־ציון איז נאָך זייער יונג, אָבער מ׳זאָגט אַז ער איז אַן עילוי, האָט שוין היתר הוראה פון גרויסע רבנים.

דאָסביידל ווערט אויפגעשטעלט. דער וואַלד ווערט די רעזידענץ פון זעמבראָווער רב. דאָ קומען רבנים פון די אַרומיקע שטעטלעך צום זקן הרבנים נאָך עצות. דאָ זיצט ער שטענדיק און לערנט (ער איז אַ געוואַלדיקער מתמיד). דאָ גלייכט ער אויס סכסוכים. דאָ איז זיין בית־דין שטוב. דאָס איז זיין דאַטשע.

יעדער איינער וואָס קומט אין וואַלד גייט צום ערשטן זוכן דאָס ביידל צו געבן שלום דעם זעמבראָווער רב. אָט זעען מיר דעם אַמשינאָווער חסיד, ר׳ מענדל פיינדצאַג. ער פאַרענטפערט זיך: — ווער קען זיצן אין בית־המדרש בעת דאָ, אין וואַלד, איז פאַראַן אַזוי פיל קדושה. טוט אַ קוק, דאָ האָט איר ר׳ ארטשע באקשט, דעם לאָמזשער רב. דאָ האָט איר כמעט דאָס גאַנצע גערער שטיבל פון נאַלעווקעס 19, מיט ר׳ איטשע פישל בראש. און דאָרטן — די צענטראַלע פון דער אגודת־ישראל אין וואַרשע, ר׳ יואל אונגער און ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן. און ממש אַ וואונדער, אַלע רינגלען אַרום דעם מתנגד, דעם זעמבראָווער רב. „ווייזט אויס״, וויל ער געבן צו פאַרשטיין, „אַז אמתע תורה ווייס ניט פון גרענעצן״. איך באַגלייט אים אויף יעדן טראָט. שעפּט ער נחת, ער הויבט אויף די הענט און שרייט אויס: „דאָס מיינט תורה און קדושה במקום אחד!״

מיר שפּאַצירן אין וואַלד. אָט זעט מען דעם גאון און צדיק ר׳ יוחנן ברעסלער, בראָקער רב. זיינע שאַרפזיניקע תורה־ווערטער ברענגען שטענדיק אַ רעדל אידן אַרום אים. יעדער איינער, קליין און גרויס, האָט הנאה פון זיין שאַרפזין. ער האָט שטענדיק עפּעס צו זאָגן. אַצינד הערט זיך צו ווי ר׳ מענדל דערציילט וועגן זיין גרויסן זיידן, ר׳ אברהם לייב, וואָס מ׳האָט אים גערופן בראָקער צדיק.

אָט דערזעט ר׳ מענדל צוויי ישיבה־בחורים מיט די גמרא אָפן. עס ליגט אויף די גמרות אַן עירוב און לעבן זיי — אַ שאַך־ברעט. מ׳איז פאַרטיפט אין אַ שאַך־שפּיל. „האי! וואָס איז דאָס? ביטול תורה?״ פרעגט ער. זיי פאַרענטפערן זיך: „מיר האָבן נאָר וואָס געטראָפן אַן אויפגאַבע, אויסצושטעלן אויפן שאַך־ברעט 8 מלכות און איינע זאָל ניט אָנגרייפן די צווייטע״. און באַלד ווערט טאַקע

# גרשון ווענגראָווסקי

דער שאַך פאַרמאַכט און זיי זיינען ממשיך דאָס לערנען מיטן הויכן טאָן פון גמרא־ניגון.

מ׳לאָזט אונדז וויסן אַז באַלד וועט מען דאַווענען מנחה. אַלע זאַמלען זיך ביי דעם ביידל. דער זעמבראָווער רב קומט. שטעלט מען זיך דאַווענען. שפּעטער שאַפן זיך ווידער גרופּעס, מען שמועסט אין תורה, מ׳הערט חידושי־תורה פון רבנים. די נאַכט איז צוגעפאַלן אומגעריכט.

מען קלייבט זיך צו גיין אַהיים. איך בין מקנא מיין חבר שלמה. ער רעדט שוין מיטן זעמבראָווער רב אַליין. איך זע, ער טראָגט ספרים. איך העלף אים טראָגן. איך נעם אַוועק די גרויסע יורה־דעה פון אים.

אונטער אַ טונקל־בלויען אויסגעשטערנטן הימל גייען מיר אַהיים. דער זעמבראָווער רב פרעגט שלמהן: „אַוואו איז די יורה דעה?״ שלמה ווייזט אויף מיר. דער זעמבראָווער רבי שיקט צו מיר אַ וואַרעמען, שמייכלדיקן בליק. איך פיל אַ וואַרעמקייט אין אַלע גלידער. איך בין שטאָלץ מיטן טראָגן די גרויסע יורה דעה. קיינער קען זיך צו מיר ניט גלייכן. איך פאָלג נאָך דעם זעמבראָווער רב טריט ביי טריט.

די הייזער ביים וואַלד לייכטן מיט די גרויסע נאַפט־לאָמפּן. טיר און פענצטער זיינען אָפן. מענטשן שפּאַצירן. אַ סך זיצן לעבן די הייזער און שמועסן. יעדער איינער באַגריסט דעם זעמבראָווער רב. ער ענטפערט אַלעמען. פּלוצלינג הערן מיר אַ קול־נגינה. און וואָס נאָענטער מיר קומען, ווערט דאָס קול שאַרפער. מיר הערן ווערטער: „רחם נא ה׳ אלוקינו על ישראל עמך״. די פאַרכאַפנדיקע, זיסע טענער שאַפן די שטילקייט ביי אַלעמען. דער רב שטעלט זיך אָפּ. מיין חבר שלמה שטעלט אַוועק די שטול פאַרן רב. דער גאַנצער עולם שטייט אַרום. מיר הערן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם די מוזיקאַלישע שטים. ר׳ מענדל פאַלט צו מיטן פּנים צו דער וואַנט מיט פולער דביקות. מיט גרויס התפּעלות טוט ער אַ צעפּיר די הענט און ברומט אונטער: „רחם נא...״

דאָס קול ווערט שטיל. אַ יונגערמאַן קומט אַרויס און זאָגט: „דאָס איז דער גרויסער חזן יאָסעלע ראָזענבלאַט. ס׳איז קאַליע געוואָרן אַ נאָדל. מ׳דאַרף ברענגען אַ נייע נאָדל פון וואַרשע״. דער זעמבראָווער רב זאָגט: „אַיי, אַ שאָד! דאָס זיינען געווען הימלישע טענער״. „יאָ ניט אַנדערש!״ גיט צו ר׳ מענדל. און דער זעמבראָווער רב קלערט אויף: „יעדער קול קורא, יעדער זאָג, וואָס מאָנט, וועקט, ברענגט צו התעוררות הנפש, האָט אַ פאָדעם פון הימלישקייט, איז אַ בת־קול״.

# שטערן אין דער נאַכט

אויפן וועג צום בית־המדרש קען ר׳ מענדל ניט פאַרגעסן דאָס געזאַנג. ער חזרט איבער: „הימלישע טענער. די גמרא זאָגט אַז אַלע באַשעפענישן זאָגן שירה, אָבער מיר פאַרשטייען ניט. אויפן קרייען פון האָן זאָגט מען אז ער שרייט און זינגט: ,שטייט אויף לערנען, דאַווענען׳. ,קום קרי׳, שרייט ער, אָבער מיר, נאַראָנים, מיינען אַז ער שרייט ,קאָ־קע־רי־קאָ״.

אַזוי איז די ישיבה אין וואַלד אָנגעגאַנגען ביז צום חורבן. דער זעמבראָווער רב פאָרט אַהיים פון זיין ישיבה־דאַטשע. דלוגאָשאַדלער אידן לויפן זיך געזעגענען מיטן זקן הרבנים. דער וואָגן גייט שווער אין די זאַמדן. ר׳ מענדל לויפט, סאָפּעט. „שיעור פאַרשפּעטיקט״, זאָגט ער און שטעקט אויס די האַנט צום רב. און ווידער הערן מיר די „הימלישע טענער״. זיי רייסן זיך דורך די פויר־האַנגלעך פון אַן אָפענעם פענצטער און שניידן דורך די לופט: „רחם נא ה׳ אלוקינו על ישראל עמך!״



**די קדושים וטהורים, די גדולי הדו״ר אין דלוגאשאדלער וואלד**

פון רעכטס זיצנדיק: ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאן; ר׳ לייבל בארמאן (שניאדעווער); הרב אשר ראזענבוים, בעל מחבר פון 13 ספרים; ר׳ שמואל׳קע טשערווינער; ר׳ דוב מנחם רעגנשבערג, זעמבראווער רב, זאָגט אַ שיעור; ר׳ יוחנן ברעסלער, דער בראקער רב; הרב ר׳ יצחק מְאיר פריינד (רוזשאן). שטייענדיק פון רעכטס: דער דריטער ר׳ הערצקע ישלח; דער זעקסטער, ר׳ משה אהרן ישמח; דער פינפטער איז דער היינטיקער באַוואוסטער רב אין שיקאַגאָ, פון די אנשי מעריב שוהל, יבלח״א, הרב בן ציון ראָזענטאַל שליט״א, בעל מחבר הספר „תנובת ציון״ ו„בינת ציון״. די אַנדערע אויפן בילד געדענק איך ניט.

## גרשון ווענגראָווסקי

# מיין רבי און ראש־ישיבה „דער קדוש ר׳ יצחק סלאָנימער״ הי״ד

נאָך סוכות האָב איך באַשלאָסן צו פאָרן לערנען אין דער נאָוואָרדאָקער ישיבה אין פולטוסק (ביי וואַרשע). די מאַמע ע״ה איז אויפגעווען אַ גאַנצע נאַכט, גענייט, געצערעוועט און געבאַקן — צוגעגרייט מיך פאַר אַ רייזע. גאַנץ פרי קומט אַריין דער בעל־עגלה מיט דער בייטש אין דער האַנט און שרייט אויס: „נו, ישיבה־בחור, דו ווילסט טאַקע פאָרן לערנען?״

איך ווייז אים אָן אויפן הילצערנעם טשעמאָדאַן, וואָס איז געווען צו־שווער פאַר מיר צו טראָגן. ער נעמט דעם טשעמאָדאַן, איך זאָג „אַ גוטן טאָג״ אַלעמען און גיי אים נאָך. נאָר די מאַמע באַגלייט מיך. זי האַלט מיר אין איין זאָגן איך זאָל נישט אין זינען האָבן נאַרישקייטן, נאָר זיצן און לערנען. מיר דערנענטערן זיך צום ענד פון שטעטל. די מאַמע זאָגט צו מיר: „געדענק, פאַרבינד זיך נישט מיט קיין שלעכטע חברים...״

דער בעל־עגלה שרייט שוין: „גייט אַהיים, הינדע רחל! ער וועט זיצן און לערנען, האָט ניט קיין מורא...״

די מאַמע נעמט מיין האַנט און זאָגט מיר: „פאָר געזונט און קום געזונט״, און זאָגט נאָך עפּעס שטיל, וואָס איך פאַרשטיי, אַז דאָס איז אַ תפילה. זי האָט מיך נישט געקושט. איך געדענק נישט אַז מיין מאַמע זאָל געווען ווען פון די קינדער קושן.

דער בעל־עגלה זאָגט: „נו, איצט קאָן מען פאָרן!״

מיר זיינען אָנגעקומען שפּעט נאָך האַלבער נאַכט. איך בין אַריין מיטן טשעמאָדאַן אין אַלטן בית־המדרש. דאָרט איז געווען די ישיבה. דער מנהל זאָגט מיר, אַז ער האָט פאַר מיר אַן אָרט צו שלאָפן, איך זאָל דאָרטן אַרויפטראָגן דעם טשעמאָדאַן.

דער מנהל פון דער ישיבה פרעגט מיך אַ סך פראַגעס און גיט מיר אַרויס אַ לייענען פון דער גמרא בבא בתרא, וואָס די ישיבה וועט לערנען דעם זמן. איך באַמערק, אַז דעם דף פון דער גמרא האָב איך שוין געלערנט. נאָך אַ שטיקל צייט קום איך צוריק און זאָג אים דאָס שטיקל גמרא גלאַט און גוט. ער ווינטשט מיר איך זאָל שטייגן אין לערנען און זאָגט מיר, אַז איך וועל לערנען ביי ר׳ יצחקס שיעור, ד.ה. דער פערטער שיעור. בלויז דער נאָמען ר׳ יצחק שרעקט מיך. ער

# שטערן אין דער נאַכט

שמט פאַר אַ גרויסן למדן און גאון, און דאָ וועל איך זיין אין זיין שיעור? וואָס וועט זיין אַז ער וועט געוואָר ווערן וואָסער למדן איך בין — עס וועט דאָך זיין זייער מיאוס! איז אפשר זאָגן אַז איך וויל לערנען אין דריטן שיעור? דאָס פּאַסט דאָך נישט, ווייל מיינע חברים גייען דאָך ביי ר׳ יצחקן. בקיצור, איך פיל אַז איך בין דאָ אַריין אין אַ בלאָטע...

עס פאַלט מיר איין אַ מחשבה זרה, וואָס דאָס שרעקט מיך אין גאַנצן... דערווייל זע איך מיינע חברים שמועסן אין לערנען. מען אַמפּערט זיך איבער אַ שטיקל גמרא; מען נעמט אַרויס אַ „פני יהושע״, מען קוקט אַריין, מען וויל געפינען אַ פּשט אויף דער גמרא. איך קריג אַ געפיל פון קנאה. איך פאַרגעס דערווייל פון דער מחשבה זרה, וואָס האָט געהייסן פאָרן אַהיים צוריק. נאָר איך נעם אַרויס אַ רמב״ם און קוק אַריין, מיין קאָפּ אַרבעט, איך מיין אַז איך וואָלט פאַרשטאַנען אַ שטיקל רמב״ם. דערווייל קומט צו מיר אַ מענטש פון דער זייט און פרעגט, צי איך פאַרשטיי עפּעס, ער וויל מיט מיר שמועסן אין לערנען. ער באַמערקט אַז איך שעם זיך. דאַן גיט ער מיר אַ שמועס אין מוסר וועגן שעמען זיך. און זאָגט מיר, אַז דאָס איז נישט דער וועג פון נאָוואַרדאָק! שעמען זיך ווען עס האַלט ביי לערנען? שעמעוודיקייט הייסט גאווה, האַלטן זיך גרויס, ווייל דו ווילסט נישט אַז יענער זאָל וויסן אַז דו קענסט נישט, דו ווילסט אָנגיין פאַר אַ גרויסן למדן, איאָ? און דער איד פאַרשווינדט צווישן די ישיבה־בחורים.

מען האָט מיר דערנאָך געזאָגט אַז דאָס איז געווען ר׳ יצחק דער ראש הישיבה. איך ווער אויפגעציטערט. איך טראַכט אַז ער האָט מיך שוין דערקענט. איך באַשליס צו פאָרן אַהיים. דערווייל גייט אַרום דער מנהל, ר׳ דוד הי״ד און זאָגט אַלעמען, אַז נאָך מנחה וועט דער ראש ישיבה האַלטן אַ שמועס אין מוסר.

נאָך מנחה זאַמלט זיך דער עולם אויף דער מזרח־זייט פון בית־המדרש ביים אָרון־הקודש. דער בית־המדרש איז האַלב טונקל, נאָר עס ברענען די יאָרצייט־ליכט ביים „שויתי״. דער ראש־הישיבה קומט, ער גייט מיט אַזעלכע דראָבנע טריט, ער רירט קוים אָן דעם דיל. ער גייט פאַרביי לעבן מיר, ער רירט מיך אָן ביים אַרבל, עס גייט מיר דורך אַן עלעקטרישער ציטער. ער פאַרנעמט אַ פּלאַץ ביי אַ שטענדער און דער גאַנצער עולם ישיבה־בחורים שטייען מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, אַלע אויגן און אויערן זיינען געווענדט צום ראש־הישיבה. די ערשטע ווערטער קומען, ער ציילט, „לך לך מארצך וממולדתך ומבית אביך״. ער זאָגט עס איבער אין אידיש. דער רבש״ע הייסט אברהמען אַרויסגיין פון זיין לאַנד. און די ווערטער קומען אַרויס אַזוי בולט מיט דעם שאַרפן ליטווישן

אַקצענט. מיר, דער רוב געקומענע פון די אַרומיקע שטעטלעך, טראַכטן וועגן אברהם אָבינו און אונדזער לאַגע. און ער זאָגט עס איבער נאָך אַמאָל. דער רבש״ע הייסט אברהם אָבינו גיין פון זיין פאָטערס הויז, אַוואו? אל הארץ אשר אראך, צו דעם אָרט וואָס דער רבש״ע וועט אים ווייזן און באַלד קומט אַ זאָג: „אַוואו דעם מענטשנס ציל איז, דאָרטן איז דער מענטש אינגאַנצן״...

מיר הייבן אָן צו פאַרשטיין, אַז דאָ לייגט ער דעם פונדאַמענט פון גאַנצן בנין, וואָס ער גייט איצט בויען, און דאָ טוט ער זיך אַ צעמאַך מיט די הענט און זאָגט, כּדי מען זאָל פאַרשטיין: די אייזנבאַן וואָס שטייט אין וואַרשע, אָבער דער לאָקאָמאָטיוו איז אָנגעשטעלט צו גיין קיין ביאַליסטאָק, הייסט אַ „ביאַליסטאָקער באַן״, אָבער פאַרקערט, די אייזנבאַן, וואָס שטייט אין ביאַליסטאָק, אָבער דער לאָקאָמאָטיוו איז אָנגעשטעלט צו גיין קיין וואַרשע, הייסט „אַ וואַרשעווער באַן״. ער בלייבט שטיל אַביסל און דאַן קומט ער אַרויס מיט אַן אַנדער משל: אָט „שטיגן״: אַ מענטש שטייט אַרויפצוגיין אויף שטיגן. דער מענטש, וואָס שטייט אונטן, כאָטש ער שטעלט אַ פוס אויפן ערשטן שטאַפּל, הייסט אַז ער גייט אַרויף, און דער מענטש, וואָס שטייט אויבן אַראָפּצוגיין, כאָטש ער שטייט אויפן ערשטן שטאַפּל אַראָפּצוגיין, הייסט עס אַז ער גייט „אַראָפּ״.

און ער שרייט אויס מיט פאַטאָס: „מען קען זיין מיט די שטיוול אין דער ישיבה און דאַך זיין ביי תרחן אין הויז״.

אָט אַזוי לייגט ער אַ ציגל אויף אַ ציגל צו דעם בנין. איך שטיי אין אַ זייט. איך קען זען דעם ראש ישיבה, אָבער איך היט זיך אַז ער זאָל מיך נישט זען. איך באַמערק ר׳ משה טורנער (בענדינער), ווי די לינקע האַנט האַלט אונטער זיין רעכטע האַנט און אַ האַלבער קערפּער וויגט זיך אַמאָל שוואַכער און אַמאָל שטאַרקער. אַזוי — אַ סך ישיבה־בחורים. דער ראש־הישיבה שטייט אַ ווײַלע פאַרטראַכט, און דאַן גייט ער אַריבער צו אַ צווייטן ענין, און מאַכט אַ פּאַראַלעל צווישן חומר און רוח, און ברענגט אַ גמרא אין ברכות מ׳ ע״א: „כלי ריקן מחזיק, כלי מלא אין מחזיק״. די גמרא לערנט אַרויס פון „ויאמר אם שמוע תשמע״: זאָל מען זען חומר און רוח — ווי אַזוי מען מעסט, און גייט אַריין אין דעם ענין גייסט און מאַטעריע: דאָס מעסטן גייסטיקע ווערטן און מאַטעריעלע ווערטן. מאַטעריע, אויב דו האָסט אַ כלי וואָס איז פול, קענסטו אין איר גאָרניט אַריינ־לייגן. אָבער גייסטיקע ווערטן, דאָס איז עפּעס אַנדערש: וואָס מער די כלי איז פול, מער קען אַריין. און ער פירט אויס, אַז אויב דו קענסט איין משנה דאַן וועסטו קענען נאָך אַ משנה; פון איין שטיקל גמרא וועסטו קענען נאָך אַ שטיקל

גמרא. און ער רעדט אַרום דעם ענין זייער טיף און ער קומט צוריק צום ערשטן ענין פון אברהמען. אברהמס ציל איז געווען אַרויסצוגיין פון תרחס הויז, אל האָרץ אשר אראך. איז פירט ער אויס: מיטן קערפּער קאָן מען אַרויסגיין, אָבער גייסטיק קאָן מען נאָך אַלץ זיין ביי תרחן. דעריבער איז „מבית אביך" צום לעצטן, ווייל נאַטירלעך, דעם פאָטערס הויז פאַרגעסט מען צו לעצט.

דער עיקר איז: אַוואו דעם מענטשנס ציל איז, דאָרטן איז דער מענטש אינ־גאַנצן. איך שטיי שוין איצט גאַנץ נאָענט צום ראש־הישיבה, און איך גיב אים שוין אַ קוק אין די אויגן אַריין. איך שלינג יעדעס וואָרט, ער וואַקסט אויס ביי מיר ווי איינער פון די גרעסטע ריזן אין דער תורה־וועלט, וואָס ער איז טאַקע געווען.

דער ראש־הישיבה ענדיקט דעם שמועס אין מוסר, מיר גרופּירן זיך אַרום ר' משה טורנער (בענדינער) שליט"א, ער זאָגט איבער דעם שמועס. יעדער איינער נעמט אַן אָנטייל אין דעם שמועס, אויך איך. איך זאָג וואָס איך פאַרשטיי.

אויף צומאָרגנס האָב איך זיך אויפגעהויבן זייער פרי און גענומען אַ פּלאַץ אין בית־המדרש און זיך צוגעגרייט פאַרן שיעור פון ר' יצחקן און פאַרגעסן די מחשבה זרה פון אַהיימפאָרן.



**הרב ר' משה טורנער (בענדינער) שליט"א**

דער אויסטייטשער פון ר' יצחק סלאָנימער הי"ד. – מיט מיינע צוויי חשוב'ע לאַנדסלייט ביי זייער קביעותדיקן שיעור גמרא היינט אין ברוקלין, פון רעכטס: הרב ר' משה גרינשפּאַן שליט"א. פון לינקס: הרב ר' יעקב שמחה ארליק שליט"א.

## גרשון ווענגראָווסקי

# דער עילוי פון דער יהודית־קאַלאָניע אין דלוגאָשאָדלע

מ׳זאָגט: די צייט שטייט ניט אויף אַן אָרט. זי ווערט געיאָגט פון אַ שטורעם־ווינט, ניט איינצוהאַלטן. ס׳איז ניט צו פאַרשטיין. דאָס, וואָס האָט נעכטן אויס־געזען ווי אַ גרויסער באַרג, זעט היינט אויס קליין, אַ גאַרניט, פאַרגעסן, און מען הייבט אָן רופן די צייט „אַמאָל״. דער אַמאָל גייט אַוועק ווייט ווייט פון דיר, ביז דו פאַלסט אַריין אין אמנעזיע־שלאָף. דו פאַרגעסט אַלץ, פאַרגעסט דיין פאַר־גאַנגענהייט. אַ רעזיגנירטער, אַליין, גייסטו אַרום אויף דיין וועלט, אָן אַ וועג און אַ ציל. אמנעזיע היילט מען, זאָגן דאָקטוירים, מיט בילדער פון דער פאַרגאַנגענ־הייט. אַזוי אַרום דערמאָנט זיך דער מענטש ווער ער איז. ער וועט צוריקקריגן זיין זעלבסט־ווירדע און מיט שטאָלץ גיין צו זיין ציל.

אָט דאָס בילד האָט מיך אויפגעוועקט פון מיין אמנעזיע־שלאָף. דער זכרון איז געוואָרן וואַך און האָט אויפגעמישט דיקע בלעטער זכרונות און האָט מיך געבראַכט נאָענט צו מיין קליין שטעטל, צו מיינע חברים, וואָס זינט איך בין אַוועק פון שטעטל זוך איך זיי אַרום און קען זיי ניט געפינען.

אָט זע איך דאָס קליינע סאָסנע־וועלדל, וואָס האָט זיך אויסגעשפרייט צופוסנס פון אַ גרויסן זאַמד־באַרג. אַלע ערב שבת און יום־טוב האָבן אידן גע־נומען פון באַרג דעם געלן זאַמד און זשוויר אויסצופוצן די הייזער אַרום, צו פאַרשטעלן די שוואַרצע בלאָטעס. לעבן דעם וועלדל שניידן זיך דורך סטעזש־קעס און ברייטע זאַמד־וועגן, וואָס פירן צום שטעטל דלוגאָשאָדלע.

אָט דאָ האָט דער גרויסער אגודה־פירער, ר׳ יואל אונגער, אויסגעקליבן דאָס אָרט פאַר דער זומער־קאָלאָניע „יהודית״, וואָס האָט געשעמט איבער גאַנץ פּוילן, בעת די גייסטיקע פירערס זענען געווען די גרויסע מחנכים, ר׳ יהודה־לייב אָרלעאַן און ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן הי״ד.

איך זע אַצינד, פריש אין מיין זכרון, ווי אין אַ זומערדיקן פרימאָרגן שפּאַציר איך מיט מיין חבר ישראל שיע איבער דער טעריטאָריע פון דער יהודית־קאָלאָניע. ער באַקענט מיך מיט די יונגע קינדער, געקומענע פון וואַרשע און אַרום. ער ווייזט מיר אַ יונגן בחורל, הויט און ביינער. ער קען גאַנץ משניות אויף אויסנווייניק. דו הייב נאָר אָן, און ער וועט זאָגן די גאַנצע משנה. דאָ זע איך, מ׳שפּילט אין שאָך. איינער שפּילט מיט אַ סך שפּילערס. איך רעד שפּעטער מיטן שאָך־שפּילער. ער קלאָגט זיך פאַר מיר: „מ׳איז צוגעשטאַנען צו מיר אַז איך זאָל שפּילן. מער טו איך דאָס ניט. ס׳הייסט ביטול תורה״. מיין חבר ישראל שיע ווייזט

# שטערן אין דער נאַכט

מיר אַן אויף אַ צווייטן יונגן בחורל: „דו זעסט! קוק! ער איז אַן עילוי, אַ גאון! אַזוי יונג!" בין איך פאַראינטערעסירט. איך גיי נאָענטער. איך זע פאַר זיך ממש נאָך אַ קינד. זיינע אויגן פינקלען, לייכטן, אַ מלוכה־צורה. נאָכן שלום עליכם, פרעג איך אים: „איז דאָס אמת, וואָס מ׳זאָגט אַז דו ביסט אַ גאון, אַן עילוי?"

„אַזוי ווי איך קען נאָך ניט זיין קיין גאון, ווייל איך בין צו יונג פאַר דעם, אַזוי איז ניט אמת, אַז איך בין אַן עילוי", ענטפערט ער גאַנץ באַשיידן.

„אָבער מ׳זאָגט דאָך אַז דו ביסט אַן עילוי!" שטיי איך צו. „האו! איך קען אַ ביסל רעכענען", וויל ער זיך פאַרענטפערן. „נו, ווייז מיר עפּעס אין רעכענען". ער פרעגט מיך ווי אַלט איך בין, און ער באַרעכנט שנעל אויפן קאָפּ, וויפל מינוט איך לעב אויף דער וועלט.

איך האָב אים שטענדיק געזען אויפן שיפּוע פון באַרג, אַרומגערינגלט מיט עלטערע בחורים און יינגערע קינדער, זיין עלטער, פון צען־עלף יאָר. מ׳פרעגט אים פראַגעס פון דער גמרא און וועלטלעכע פראַגעס. ער ווייס אַלץ. זיינע ענטפערס זענען פּונקט ווי ער וואָלט אַרויסגעלייענט פון אַ בוך, מיט שאַרפזין און גרויס חכמה. צווישן די, וואָס זענען געשטאַנען אַרום און געהערט זיינע ענטפערס, באַמערק איך דעם פאַרוואַלטער פון דער יהודית־קאָלאָניע, דעם שטענדיק פאַרנומענעם מענטש, שיע וואַרשאַווסקי. פרעג איך אים: „גמרא־פראַגעס, פאַרשטיי איך, ער האָט געלערנט, געהערט, אָבער וועלטלעכע פראַגעס — פון וואַנען? ער לערנט דאָך גאַרניט קיין לימודי־חול". „פרעג ניט קיין פראַגעס אויף אַן עילוי. אויב ס׳געפינט זיך עפּעס אין דער לופט, כאַפּט ער עס אויף", איז זיין ענטפער.

וואו ער גייט און שטייט, האָט ער נאָכפאָלגערס. ער באַווייזט וואונדער מיט זיין עילויאישן מוח. אָט האַלט איינער אַ מסכתא שבת, ווייזט ער אַן מיטן פינגער: „אָט דאָ, אויף בלאַט 20, אויף דעם אָרט, געפינט זיך די און די סוגיא פון דער גמרא". שנעל ווערט דאָס קאָנטראָלירט פון דער חברה אַרום. ווען זיי זעען אַז ס׳שטימט, פרעגט מען אים נאָך פראַגעס, אָבער ער בלייבט ניט אונטערשטעליק מיט אַן ענטפער.

ער האָט אַ סך גערעדט, געגעבן צו פאַרשטיין דעם ענין פון „עיבור". ער האָט אויסגערעכנט געניי ווען ס׳פאַלט אויס דער „מולד" פון וועלכן חודש מ׳האָט נאָר געוואָלט. שעהן גאַנצע איז מען געשטאַנען מיט אים און געהערט די דינים פון „עיבור". זיין בקיאות איז געווען ניט צו פאַרשטיין. די פראַגע וואָס אַלע האָבן געפרעגט איז געווען: „ווען האָט ער געלערנט?"

## גרשון ווענגראָווסקי

מ׳האָט אָנגענומען שיע וואַרשאַווסקי׳ס ענטפער: „אויף אַן עילוי פרעגט מען ניט קיין פראַגעס. ער קען!״ אַזוי האָט ער איינמאָל איבערראַשט מיט זיין קענטעניש צוויי עלטערע בחורים. זיי זענען געזעסן און געלערנט. איינער פרעגט אַ קשיא אויף דער משנה און זאָגט: „איך קען ווייטער ניט לערנען. איך פאַרשטיי ניט״. דער צווייטער צעשרייט זיך: „ס׳איז ניט קיין קשיא. קום ווייטער לערנען״. אָבער דער קשיא־פרעגער וויל זיך ניט רירן פון אָרט: „איך פאַרשטיי ניט! לאָמיר זיך גיין פרעגן״, עצהט ער. די געשרייען גייען עד לב השמים. אָט איז שיע וואַרשאַווסקי. שיע ווייזט אָן אויפן עילוי. ער וועט וויסן אויסצוגלייכן די שקלא־וטריא. זיי כאַפּן אַ בליק מיט ביטול אויפן עילוי: „ער וועט וויסן?״ „יאָ״, זאָגט וואַרשאַווסקי. מ׳בעט אים צום טיש. דער עילוי כאַפּט אַ בליק אין דער גמרא מיט זיינע צוויי ליכטיקע גרויסע אויגן. מ׳זאָגט אים איבער די קשיא.

„יאָ, האָסט אַ גוטע קשיא, זייער אַ שטאַרקע קשיא. זי איז אַזוי שטאַרק אַז די גמרא ווייטער פרעגט די קשיא. און די גמרא גייט אַהער און אַהין און קען ניט פאַרענטפערן. די גמרא קומט צו דער מסקנא אַז ס׳פעלט אַ וואָרט אין דער משנה. אָט לערנט ווייטער, וועט אַלץ זיין קלאָר. דו ביסט געווען גערעכט. ס׳איז אַ גרויסע קשיא״. אַזוי איבערראַשט ער למדנים מיט זיין וויסן.

ס׳איז ניט אַדורך איין טאָג אָן עפּעס נייעס וועגן דעם עילוי (קיינער האָט אים ניט גערופן ביי זיין נאָמען נאָר עילוי). ער איז געווען דער ליבלינג פון דער יהודית־קאָלאָניע מיט זיין ברילאַנטענעם מוח.

איינמאָל זע איך, שיע וואַרשאַווסקי לויפט. זיין לויפן איז ניט אַזוי פשוט. טראַכט איך, עפּעס מוז זיין. „איך לויף נאָך אַ דאָקטער״, זאָגט ער מיר, „דער ,עילוי׳ איז זייער קראַנק״. דער דאָקטער קומט און שטעלט פעסט אַז ער האָט אַ לונגען־אָצינדונג. די היץ איז הויך. זיין מוטער קומט פון וואַרשע, זיצט לעבן זיין בעט. זי רעדט פון צער גידול בנים. דערציילט ווי שווער ס׳איז איר אָנגעקומען ביז זי האָט אָפּגעשפּאָרט צו שיקן אים אין דער יהודית־קאָלאָניע. זי זאָגט: „מיין מאַן האָט געאַרבעט שווער צו פאַרדינען אַ זלאָטע מער. איך האָב ממש גע־הונגערט, אַבי מיין עילוי זאָל קענען קומען אַהער. און דאָ — אַזאַ מעשה״, פאַר־ברעכט זי די הענט. זי האָט אים געקאָרמעט מיט האָניק און מילך, ביז ער איז געזונט געוואָרן און ער איז ווייטער געזעסן אויפן שיפּוע פון באַרג מיט זיינע נאָכפאָלגערס, גשמועסט מיט מער שאַרפזין און חכמה.

איך דערמאָן זיך אַ שמועס ביי אַ מסיבה אין דער יהודית־קאָלאָניע. ר׳ יהודה־לייב אָרלעאַן רעדט. זיין טעמע איז „דער פּרוזדור וואָס פירט צו דעם

טרקלין". די קינדערשע חלומות, די בליץ־געדאַנקען פון די יונגע יאָרן, וואָס די קינדערשע נשמה ווערט פון זיי באַאיינפלוסט — דאָס זענען הויכע מדרגות, וואָס מ'טאָר ניט גרינגשעצן. דער מושכל ראשון איז רוח־הקודש. שפּעטער, ווען מ'ווערט עלטער, איז דאָס צווייטראַנגיק, ניט דאָס זעלבע. אָט די חדר־יאָרן, שפּעטער די ישיבה־יאָרן. מ'טאָר ניט פאַרשלאָפן, מ'טאָר ניט פאַרנאַכלעסיקן. יעדעס וואָרט, יעדער געדאַנק, וואָס דער יונגער מוח כאַפּט אויף, גייט אים נאָך זיין גאַנץ לעבן. און אַזוי איז מיט מעשים. גוטע מעשים גייען אים נאָך און שלעכטע, ח"ו, באַגלייטן אים שטענדיק, ביז, ביז... אונדזערע חכמים זאָגן: „דברים שאדם עושה בילדותו משחירים פניו לעת זקנתו". שלעכטע מעשים, וואָס אַ מענטש טוט אין דער יוגנט, פאַרשוואַרצן זיין פּנים אויף דער עלטער. (שבת קנב). אָט אַצינד ווערט געבויט דער פונדאַמענט פון דעם גאַנצן בנין, אַצינד ווערט געבויט די צוקונפט. דאָס איז דער פּרוזדור, וואָס פירט צום טרקלין. אַלץ וואָס געשעט מיטן מענטש אין, זיין לעבן האָט זיין יניקה אין די קינדער־יאָרן. דער חדר, די ישיבה, דאָס בית־המדרש — דאָס זיינען געווען אונדזערע מעכטיקסטע פעסטונגען אין אונדזער שווערער מלחמה פאַר אונדזער קיום אויף דער וועלט, ווי אַן אָפּגעזונדערט אָבער פאַראייניקט פאָלק, צווישן אַנדערע פעלקער, אין שטורעמדיקע און צאָרנדיקע צייטן. פון פייער און שווערד זענען מיר אַנטרינען געוואָרן צווישן די ווענט פון די פעסטונגען. דאָרטן זענען מיר געזעסן און געשאַרפט דאָס איינציקע געווער, וואָס איז אונדז נאָך איבערגעבליבן אין אונדזערע הענט, דעם אידישן מוח. דער אידישער מוח איז שטענדיק געווען גרויס און וועט בלייבן גרויס.

איר וואונדערט זיך אויף דעם גאון און עילוי, וואָס מיר האָבן דאָ. זאָג איך אייך: יעדער איינער פון אייך קען זיין אַן עילוי, אַ גאון. ער דאַרף נאָר וועלן. מ'זאָגט אַז דער עילוי קומט אַרויס פון אַ בעל־מלאכהשער היים, ניט פון רבנים. אַ סך און גאָר אַ סך קינדער־עילויים זענען פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די בעל־מלאכהשע היימען, ווייל מ'האָט זיי ניט אַנטדעקט. מ'דאַרף זיי זוכן, וועט מען זיי געפינען. לאָמיר גיין צוריק צום פּרוזדור און טרקלין. געדענקט! ס'טאָר ניט גיין לאיבוד אפילו איין מינוט. מ'טאָר ניט בלייבן אָן שעפערישקייט. מיטן ווילנס־קראַפט קען מען אַלץ דערגרייכן. יעדער שעה און מינוט דאַרף מען זיך פרעגן: „וואָס האָב איך היינט אויפגעטאָן?" אַצינד זענען מיר אין פּרוזדור. נאָר מיטן ווילן קען מען זיין אַ גאון און קומען צום טרקלין.

דער לעצטער זומער האָט זיך מיר איינגעקריצט אין זכרון מיט אַלע איינצל־



**דאס איז אן אפטייילונג פון דער „יהודית קאלאניע" אין דלוגאשאדלע**

פון לינקס צו רעכטס אין דער ערשטער שורה: ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאן, דער סעקרעטאַר פון דער פוילישער אגודת ישראל; דער צווייטער, ר׳ יהודה לייב ארלעאן, דער גרינדער פון פועלי אגודת ישראל. אין דער צווייטער שורה: דער ערשטער, שיע וואַרשאַווסקי, הי״ד, פאַרוואַלטער פון דער יהודית קאָלאָניע. די נעמען פון די אַנדערע אויפן בילד געדענק איך ניט.

הייטן. דער פרילינג האָט אויפגעבליט מיט גרין און בלויקייט און מיט הימל־שיין. אָבער איבערן לאַנד פון פוילן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אַ דריקנדיקער חושך. ס׳איז געװען דאָס יאָר 1939.

איך האָב דעם עילוי מער ניט געזען. איך קען אים ניט דערקענען אויפן בילד. װאו איז ער? װאו זענען אַלע קינדערלעך? איך װייס ניט צי אימעצער פון דעם בילד װעט קומען און זאָגן: „אָט דאָ בין איך! אַזוי האָב איך אויסגעזען מיט 40 יאָר צוריק!" דאָס װייס איך ניט. איך קען ניט זאָגן. אָבער דאָס װייס איך יאָ: אויב אינער װעט זיך געפינען, װאָס װעט זאָגן, „אָט דאָס בין איך", װעט ער האָבן אַ סך צו דערציילן, װי די תמימותדיקע קינדערלעך, אַרומגערינגלט מיט רוצחים, זענען געפירט געװאָרן אויף קידוש־השם. מ׳האָט מיר דערציילט אַז די צװיי גרויסע ריזן פון פוילישן אידנטום, ר׳ יהודה־לייב אָרלעאַן און ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן האָט מען געזען: דעם ערשטן — אין בערגען־בעלזען, און דעם צװייטן — אין טרעבלינקע.

ביז דעם קראַך אויף פוילנס ערד האָט מען דאָרטן געהערט דעם קול תורה, פון הינטער די גרינענקע נאָדל־ביימעלעך. מער הערט מען ניט דעם גמרא־ניגון דאָרטן. ער איז פון דאָרטן אַװעק. דער גמרא־ניגון װייס ניט פון גרענעצן. ער טראָגט ניט קיין פּאַספּאָרט, קיין מעטריקע. ער לויפט נאָך די פליענדיקע אותיות.

אָט שפּאַציר איך אַרום מיט אַ חבר. ער װייזט מיר, װי עס בליען תורה־צענטערס. איך זע דאָס התלהבות צום לערנען. עס הילכן אָפּ די קולות פון די משהלעך שלמהלעך, מיט ציצית און קאַפּאַטקעלעך. דאָ, אויף די ישיבה־בענק אין אַמעריקע און ישראל. איך גיי אַריין אין דער ישיבה. איך הער װי דער קול־תורה גייט הויך און העכער. אָט זאָגט ער צו מיר: „דאָס איז דער ניגון, װאָס יענע קינדערלעך האָבן פאַרפאַסט. מען זינגט אים דאָ. און דאָס איז אונדזער ,גאָלדענע קייט׳. דאָס איז דאָס גאָלד, װאָס איז אין פייער געריייניקט געװאָרן".

העכער הער איך אַצינד די װערטער פון קדוש ה׳ יהודה־לייב אָרלעאַן: „אַ סך עילויים, גאונים זענען פאַרלוירן געגאַנגען, װייל מ׳האָט זיי ניט געזוכט. מ׳דאַרף זיי זוכן, װעט מען זיי געפינען".



## גרשון ווענגראָווסקי

# דער זיידע הר׳ ר׳ יעקב דוד און דאָס אייניקל הר׳ ר׳ יוסף זצוק״ל פון אַמשענאָוו

פון מיין פריסטער יוגנט האָט זיך אָנגעהויבן וועבן אין מיין האַרץ אַ באַזונדערע באַציאונג פון יראת־הרוממות צו אַלץ וואָס קומט פון אַמשענאָוו. איך געדענק, און איך וועל קיינמאָל ניט פאַרגעסן, דאָס בילד ווי דאָס גאַנצע שטעטל אידן, יום־טובדיק געקליידעט, זענען אַרויס מקבל־פנים זיין דעם אַמשענאָווער רבין, אדמו״ר ר׳ יוסף (יאָסעלע) זי״ע.

די הכנות צום גרויסן קבלת־פנים האָבן זיך אָנגעהויבן באַלד מוצש״ק אין אַמשענאָווער שטיבל. פינחס שיימעס, דער גבאי פון אַמשענאָווער שטיבל, רופט אויס: „רבותי אידן! איר זאָלט וויסן, אונדזער רבי קומט די וואָך צו אונדז!״ אַז דער עולם האָט דאָס דערהערט האָט זיך אָנגעהויבן אַ וויכוח, ווי אַזוי צו אָרגאַניזירן דעם קבלת־פנים. דער אָפטער טיש־זיצער אין אַמשענאָוו, קלמן ראָזענטאַל, זאָגט: „אברהם־משה בעל־עגלהס בריטשקע פאַסט ניט. מ׳דאַרף האָבן אַ מער לייטישע בריטשקע, מיט גוטע רעסאָרן און שענער״. פינחס דער גבאי זאָגט: „איך האָב מורא פאַר אַן אמתדיקער קאָרעטע. דער רבי וועט אפשר מקפיד זיין״. ער לייגט פאָר מ׳זאָל באָרגן אַ בריטשקע און איינשפּאַנען אברהם־משהס פערד. ער האָט פערד ווי לייבן. דער שטענדיק שטילער איד אלי׳ מאָטל רעדט אַצינד הויך און זאָגט אַז ער קען באָרגן ביי זיין שכן אַ שיינע בריטשקע. דער עולם כאַפּט אויף אלי׳ מאָטלס ווערטער. זיי זענען מסכים צו באָרגן די שיינע בריטשקע פון זיין שכן און איינשפּאַנען אברהם־משה בעל־עגלהס פערד. באַלד, ווי אַ בליץ־פייער, האָט זיך די נייעס צעשפּרייט איבערן שטעטל: „דער רבי קומט!״

מאַסנווייז איז די גאַנצע עדה אידן געגאַנגען, אָרעם און רייך, חסידים און מתנגדים. די שבעה טובי העיר, די אַמשענאָווער חסידים, זענען געגאַנגען די ערשטע. נאָך זיי זענען געגאַנגען די שוחטים, מלמדים, שפּעטער — אַזוי בעלי־בתים, בעלי־מלאכות. מ׳איז געקומען פון די אַרומיקע ישובים און פון די קליינע שטעטלעך. מ׳האָט געשטראָמט פון אַלע זייטן. קיינער איז ניט געבליבן אין שטוב. די צוויי און האַלב קילאָמעטער צו דער באַן־סטאַנציע זענען אַלע געגאַנגען צופוס. דער איינציקער וואָס איז געפאָרן מיט אברהם־משהן איז

# שטערן אין דער נאַכט

געווען דער מרא־דאתרא, הרב ר׳ מנחם בנימין פּאָמעראַנץ הי״ד. אים איז געווען שווער צו גיין.

מיין מאַמע האָט מיר און מיין יינגערן ברודער אָנגעטאָן די יום־טובדיקע מלבושים. זי האָט אונדז באַגלייט צו דער טיר און געזאָגט: „גייט, גייט אַנטקעגן דעם רבין, אָבער האָט שכל, בעט ביים שלום נעמען אַ ברכה. זאָגט: ,רבי! מיר ווילן זיין תלמידי חכמים׳״.

באַגעגנט האָט מען דעם רבין מיט פרייד און געזאַנג. מ׳האָט ניט מורא געהאַט פאַר קיינעם. כאָטש ס׳איז געווען אין אַ שפּעטער שעה ביי נאַכט, זענען די טענער פון געזאַנג געגאַנגען גאַר הויך. די גויים מיט זייערע הינט האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין זייערע הייזער און אַרויסגעקוקט דורך די שפּאַרעס צו זען דעם „ראבין״. איך האָב זיך געפילט גאַר שטאַרק דערהויבן, גייענדיק צווישן אַזעלכע חשובע אַמשענאָווער חסידים, ווי יחיאל מאיר מאָרגנשטערן, הערש־ וועלוול, מיין פעטער קלמן ראָזענטאַל און יחיאל יאַנקל פלאָטקע. יחיאל מאיר, קלאַפּנדיק צו מיט די הענט צום ריטעם פון געזאַנג, בייגט זיך איין צו מיר און פרעגט מיך צי איך האָב שוין גענומען שלום פון רבין. איך שעם זיך אים צו דער־ ציילן, אַז שוין צוויי מאָל בין איך געווען נאָענט צום רבין, נאָר אויסצושטרעקן די האַנט. אָבער דערזעענדיק דעם רבין, האָב איך זיך דערשראָקן. דער רבי האָט געמאַכט אויף מיר אַ געוואַלדיקן איינדרוק. פון דעם דרך־ארץ און יראת הכבוד, אָן אַ גרענעץ, האָב איך אַזש געקראָגן מורא און עס האָט מיך אָנגעכאַפּט אַ ציטערניש. איך האָב ניט געקענט אויסשטרעקן מיין האַנט צו נעמען שלום. איך ענטפער יחיאל מאירן מיט אַ האַלב מויל: „ניין״. זאָגט ער: „אָט גיי אַצינד. דו וועסט אַצינד קענען אָנקומען. ניטאָ קיין סך מענטשן ביי דער בריטשקע. גיי!״

איך האָב זיך באַמיט אַ דריט מאָל צו זיין נאָענט צום רבין. און אָט, אָט וויל איך אויסשטרעקן מיין האַנט. אָבער דאָס ליכטיקע שטראַלנדיקע פּנים פון רבין וואַרפט אויף מיר אַ פחד און אימה. מיט פאַרמאַכטע אויגן שלייך איך זיך דורך צוריק אָן אַ שלום.

גענומען שלום פון רבין האָב איך ערשט מיט אַ וואָך שפּעטער, ווען איך בין געגאַנגען מיט מיין יינגערן ברודער ברוך־מרדכי, געפירט פון דער באָבען און דער מאַמען. די מאַמע דערמאָנט מיר ווידער: „האָב שכל, זאָג דו ביסט אַ יתום, בעט אַ ברכה!״

זינט דער רבי איז געקומען אין שטעטל, בין איך זייער ווינציק געווען אין שטוב. מיין אָרט איז געווען לעבן רבינס אכסניא. יעדער געשעעניש האָט באַלד

מיין מוח פאַרנאַטירט. אַט זאָגט מען מיר, אַז דער רבי גייט באַלד שפּאַצירן אין וואַלד. איך טרעט שוין ניט אָפּ. איך מוז נאָך אַ מאָל זען דעם רבין.

פלוצלינג ווערט אַ געדרודער, אַ טומל. עס דעהערן זיך שטרענגע, אָבער שטילע, אויסגעשרייען פון עטלעכע שמשים: „מאַכט פּלאַץ! מאַכט אַ וואַרע!״ אידן, פריש געקומענע פון די שטעטלעך אַרום, שטופּן זיך צו געבן שלום. ס׳איז אַ שטאַרקער געדראַנג, קאָפּ אויף קאָפּ, אַן געוואַלדן, שטיל. מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, מיט אַ ציטער אין האַרצן, טרעט מען אָפּ אויף הינטערוויילעכץ. איך שטופּ זיך אויך. איך מוז אָפּטרעטן צוריק. אָבער איך געפין שנעל אַ וועג און איך שטופּ זיך מיט אַלע כוחות צוזאַמען מיט דער גאַנצער מאַסע חסידים. איך בין שוין דאָ לעבן רבין. דאָס מאָל שטרעק איך אויס מיין האַנט און איך בין גליקלעך ביז גאָר. איך זע, דער רבי דערקענט מיך. דער רבי גיט אַ שמייכל צו מיר. דער שמייכל האָט מיר געבראַכט נאָענטקייט, אָבער דער פּחד איז געבליבן.

אויף שבת איז זיך צונויפגעקומען אַן עולם. ס׳איז ניט געווען אַ הויז אַן אַן אורח, אַן אַמשענאָווער חסיד. די גרעסטע פאַראַנטוואָרטלעכקייט איז געפאַלן אויף די אַמשענאָווער חסידים. יעדער אַמשענאָווער חסיד האָט געהאַלטן צוויי אָדער דריי אורחים אויף שבת. חסידים פון פאַרשידענעם עלטער האָבן אָנגעפילט די גאַסן פון שטעטל.

פרייטיק, נאָך גאַנץ פרי, האָט דער אַמשענאָווער חסיד קלמן ראָזענטאַל אָנגעזאָגט זיין ווייב יהודית: „היינטיקן שבת וועלן מיר האָבן דריי חשובע אורחים״. „קלמן, דערבאַרעם זיך! איך האָב ניט קיין טעלער, לעפל, מעסער, גאָרניט צוגעגרייט״, בעט זיך יהודית ביי אים. „יהודית! גיי אַרויף אויפן בוידעם, נעם די פּסחדיקע כלים און ניץ זיי, און דאָ איז געלט, גיי קויף איין, קאָך, באַק, גרייט צו, ס׳זאָל זיין אַ שבת ליהודים. אַז מיר האָבן זוכה געווען צו האָבן דעם רבין מיט אונדז, וועט אַלץ זיין. זאָרג זיך ניט!״ יהודית האָט שוין מער קיין קשיות ניט געפרעגט. זי האָט צוגעגרייט אַ שבת, וואָס איז טאַקע געווען ליהודים.

אַזוי פיל יאָרן שפּעטער קלינגען מיר די זיסע טענער פון די זמירות אין מיינע אויערן. די מומע יהודית האָט אָנגעזאָגט מיר און מיין יינגערן ברודער מיר זאָלן אַריינקומען. מיר זענען געזעסן ביים טיש און געהאָלפן זינגען זמירות. די מומע האָט זיך געפּאַרעט מיט די פאַרשידענע פּאַטראַוועס. זי איז געווען אַ זעלטענע ווערטאַנעס. זי פלעגט איינלייגן קרויט, וואָס האָט געהאַט טויזנטער טעמים. דאָס קרויט און אַנדערע מעדני־מלך האָט זי אָצינד דערלאַנגט אין די

# שטערן אין דער נאַכט

פסחדיקע כלים צום טיש. נאָכן עסן זענען מיר אַלע געגאַנגען צום רבינס טיש, וואָס האָט זיך אַצינד נאָר וואָס אָנגעהויבן, און דאָרטן איז געווען אמתדיק ליהודים.

עס האָט געהערשט אַ פריילעכקייט אין יעדן הויז. דאָס שטעטל האָט אויפגעלעבט. און די גרעסטע שמחה איז געווען ביי אונדז, קינדער. כסדר פרישע נייעס, פון רבין און פון די חסידים.

אָבער פּלוצלינג — אַזאַ נייעס, גאָר ניט קיין פריילעכע. מ׳רעדט שטיל, אָבער שפּעטער גאַנץ הויך. „וואָס איז?״ וויל איך וויסן פון מיין קוזין שמחה־בונם. ער דערציילט מיר, אַז ס׳איז אַראָפּגעקומען אַ טרופּע און וויל שפּילן טעאַטער. זיי האָבן געדונגען אַ פּלאַץ ניט ווייט פון רבין, און זיי ווילן שפּילן היינט, שבת. אויף אַזאַ מעשה־נבלה האָט זיך קיינער ניט געריכט. אין שבת? און לעבן רבין? איינער קומט מיט אַ ידיעה, אַז זיי פאַרקויפן שוין בילעטן. ניט גוט! אַזאַ חילול שבת, חילול השם! אין פנים פון אַלע אָנגעפאָרענע חסידים? איך קען ניט גלייבן אַז דאָס זאָלן טאָן אידן. איך מוז דאָס זען. איך קום צום אָרט און זע אַזאַ בילד: אַן עלטערער איד, מיט אַ לאַנגער ווייס־גרויער באָרד, שרייט, מאַכט אויסטערלישע געוואַלדן: „שקצים, רמשים, געדענקט מיט וועמען איר הייבט זיך אָן, געדענקט! אַז איר הייבט זיך אָן מיטן אַמשענאָווער רבין, בין איך אייך ניט מקנא״. איך גיי נענטער, זע איך אַז דאָס איז חנא־אלי׳, דער געוועזענער בעל־עגלה, וואָס זיצט שטענדיק לעבן אויוון אין בית־המדרש און זאָגט תהלים. ער קערט אַצינד וועלטן, אָבער קיינער הערט אים ניט, זיי פאַרקויפן ווייטער די בילעטן. און חנא־אלי׳ שרייט: „אַ חילול השם! געדענקט מיט וועמען...״

פּלוצלינג — מ׳לויפט, פונקט ווי פון אַ שריפה. וואָס איז? דערציילט מען אונדז, אַז אַ קלאָץ איז פּלוצלינג אַראָפּגעפאַלן. ס׳איז געוואָרן חושך פון שטויב. דער קלאָץ האָט זיך אָפּגעריסן מיט אַ שטאַרקן כוח און האָט פאַרוואַרזאַכט אַ וואָלקן מיט שטויב. מ׳האָט געמיינט אַז עס ברענט. מענטשן האָבן איבערגעלאָזט די מאַנטלען און געלאָפן. דער אַלטער חנא־אלי׳ שטייט אַצינד און שמייכלט אין זיין לאַנגער באָרד אריין: „איך האָב זיי געוואָרנט״, זאָגט ער, „ניט אָנצוהייבן מיטן אַמשענאָווער רבין״, טעאַטער האָבן זיי שוין ניט געשפּילט...

צו מנחה איז חנא־אלי׳ געגאַנגען אין בית־המדרש ווי שטענדיק. ער וואָלט ווייטער, ווי זיין שטייגער, געזעסן ביים אויוון און געזאָגט תהילים, אָבער היינט איז ער פאַרנומען מיט דערציילן די גרויסקייט פון אַמשענאָווער רבין אדמו״ר ר׳ יוסף זי״ע. מיט גרויס שטאָלץ רופט ער אויס: „איך האָב נאָך געקענט זיין זיידן,

## גרשון ווענגראָווסקי

דעם גרויסן צדיק, הרב ר׳ יעקב דוד זצוק״ל פון אַמשענאָוו. איך האָב פון אים אַ ברכה, אריכות־ימים, הערט! וועל איך אייך דערציילן...״

און דער עולם זאַמלט זיך ביים אויוון, און חנא־אלי׳ דערציילט:

„ס׳איז געווען אין אַ פרייטיק. איך פאַר אונטערוועגנס מיט מיין פערד און וואָגן. איך גיב שטאַרק אַכטונג מיין פערדל זאָל זיך ניט אַ מאָל פאַרשפּילן. איך האָב מורא פאַר חילול־שבת. איך זע די זון איז נאָך ניט הויך אין מיטן הימל. איר פאַרשטייט? צייט איז נאָך דאָ, אָבער ס׳איז דאָך פרייטיק, און מיט אַ חיה, וואָס רעדט ניט — דו ווייסט ניט אויב ס׳טוט איר עפּעס ווייי צי ניט — מוז מען זיין פאָרזיכטיק. ס׳קען עפּעס געשען און דו ביסט אויף צרות. מ׳טאָר ניט שלאָפן. און פרייטיק שלאָף איך ניט. איך פאָר שנעל. איך גיב אַ שמיץ. אַ גאַנצע וואָך טו איך דאָס ניט, אָבער פרייטיק איז אַנדערש. די אויגן מוזן זיין אָפן און זען אַלץ.

„אָט זע איך צוויי אידן אויפן וועג. איינער לויפט שנעל און דער צווייטער לויפט אים נאָך. איינער איז מיר גוט באַקאַנט. דאָס איז געווען יאַנקל ווישניע־ווער, דער גרויסער למדן. דעם אַנדערן קען איך ניט. איך האַלט איין מיין פערדל און איך פרעג: ,וואוהין לויפט מען?׳ ,קיין רוזשאַן׳, איז דער ענטפער. בעט איך זיי אַרויפגיין אויפן וואָגן. איך פאָר קיין רוזשאַן. איך שטופּ אָן אַ זאַק מיט היי. איך מאַך אַ ווייכן געזעס, און יאזדאו! — געפאָרן.

„איך זיץ אויף דער קעלניע און רעדט צום פערד: ,וויא, קסאו!׳ אָבער איך הער ווי יאַנקל ווישניעווער רופט דעם אַנדערן איד ,רבי׳, און איך באַמערק אַז ער גיט אים אָפּ אַ סך כבוד. טראַכט איך: ווער ווייס וואָסער שישקע איך האָב אויפן וואָגן? — איך שטופּ אָן נאָך אַ זאַק מיט היי, ס׳זאָל אים זיין ווייך צו זיצן, אָבער ער וויל גאָרניט. איך ניץ אויס אַ געלעגנהייט, ווען איך גיב דעם פערדל צו טרינקען, און איך פרעג יאַנקלען: ,ווער איז דער רבי?׳ דערציילט ער מיר, אַז דאָס איז דער אַמשענאָווער רבי. ער פאָרט אַרום פאַר פדיון־שבויים. זיי לויפן אַצינד פון אָסטראָווע. דאָרטן האָט מען זיי אָנגעטאָן גרויסע צרות. אָסטראָווע איז אַ מתנגדישע שטאָט. אַז מ׳הערט דאָרט דאָס וואָרט רבי, איז, הימל און ערד ,עפנט זיך׳. זיי האָבן געמוזט אַנטלויפן ערב־שבת — אַזוי האָב איך געהאָט די זכיה אַז דער צדיק זאָל פאָרן אויף מיין וואָגן...

„אַזוי ווי מיר זענען אָנגעקומען בשלום קיין רוזשאַן, זיינען די פּני, מיט ר׳ לייבל לאך בראש, געוואויר געוואָרן וועגן דעם גאַסט. מ׳האָט זיך ממש געקריגט ביי וועמען ער זאָל האַלטן אכסניא. דער סוף איז געווען אַז ער איז איינגע־שטאַנען ביי זיין קרוב, דעם רוזשאַנער רב, ר׳ חיים נתן (נאָטע) פרידמאַן זצ״ל.

„מוצש״ק בין איך אַריין צום רבין מיט אַ קוויטל. איך האָב זיך דאָן געפונען אין אַ זייער שלעכטער לאַגע. איין פערד איז מיר געפאַלן נאָכן צווייטן. איך האָב געבעטן אַ ברכה, האָט דער רבי מיר געוואונטשן: ,חנא־אלי׳! דו וועסט לאַנג פאָרן׳. זינט דעמאָלט איז קיין פערד ביי מיר ניט געפאַלן. איך בין לאַנג געפאָרן. קינדערלעך! הלוואי זאָלט איר דערלעבן מיינע יאָרן! ביים אַוועקגיין פרעג איך: ,פאַר וואָס זענט איר אַזוי געלאָפן? ס׳איז דאָך געווען אַ סך צייט׳. ענטפערט ער מיר, אַז אַ איד דאַרף שטענדיק לויפן. צו אַ מצוה דאַרף מען לויפן, און פון אַן עבירה דאַרף מען אַנטלויפן. און פרייטיק דאַרף מען זיכער לויפן...״



**מור׳ ור׳ הרב הק׳ ר׳ יוסף קאליש זצוק״ל זי״ע**
דער אַמשענאָווער רבי

## גרשון ווענגראָווסקי



**הרב הגאון הצדיק ר׳ בן־ציון ראזענטהאל שליט״א**
באַוואוסטער רב פון דער אנשי מעריב שוהל אין שיקאַגאָ, מחבר פון „תבונת ציון״ און „בינת ציון״.

# דעם רבינס בילד

די מומע יהודית איז אַריינגעקומען מיט דער בשורה: „מיין בן־ציון קומט!״ און צוגעגעבן: „איך קען זיך שוין ניט דערוואַרטן אים צו זען״. און געגעבן צו פאַרשטיין מיין מאַמען, אַז דאָס איז זיין ערשטער זמן אין אַ ישיבה און אין דער פרעמד. שפעטער איז די מומע אַריינגעקומען נאָכאַמאָל און דערציילט: „מיין בן־ציון איז שוין דאָ. מיין קלמן האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן, איז ער אַרויס־געפאָרן אַנטקעגן אים, צו דער באַן. הינדע־רחל — רעדט זי אַ ביסל העכער און מיט עמאָציע — איך מוז דיר זאָגן, אַז איך האָב אים ניט דערקענט. קיין שום עין־הרע זאָל אים ניט שאַטן, אַ גאַנצער חתן־בחור, אָבער אַזוי שטאַרק אָפּגעצערט, פונקט ווי ער וואָלט דאָרטן גאָרניט געהאַט צו עסן. גלויב מיר, איך שיק אים איבער אַ סך געלט און פעקלעך, אָבער, ווער ווייס, ס׳איז דאָך אין דער פרעמד. ניטאָ קיין מאַמע אין דער נאָענט״.

# שטערן אין דער נאַכט

„וואָס זאָל מען טאָן? אַזוי איז עס. מ׳מוז דאָך שיקן אַ קינד אין אַ ישיבה", זאָגט מיין מאַמע און וויינטשט: „ליב זיך דיין גאַסט!" און די מומע וויינטשט צוריק: „דער רבש"ע זאָל דיר העלפן, פיל נחת פון דיינע קינדער!"

אַ זינגענדיקער און פריילעכער, שיין, חסידיש געפּוצט, אַ יונג בחורל, פול מיט הרגשה, ווי קוועקזילבער, באַווייזט ער זיך אין שטעטל. אַלע קוקן אים נאָך. דאָס אַמשענאָוער שטיבל האָט ער פאַרקלונגען מיט זיינע חידושי תורה, וואָס ער שאַפט שוין אַליין. אין יעדן ענין אַנטדעקט ער איבערראַשנדיקע געדאַנקען. ער רעדט כסדר וועגן זיין ראש־הישיבה און רבי, הרב נתן שפּילגלאַס זצ"ל. מ׳זעט אין אים אַן אוצר מיט וועלכן טאַטע־מאַמע זענען געבענטשט געוואָרן. מ׳זאָגט פאַרויס אַז ער וואַקסט אַ גדול בישראל...

אַזוי איז ער געגאַנגען אויפן לייטער פון תורה און חכמה, העכער און העכער. יעדער איינער רעדט וועגן זיין גאונות. און ס׳איז ניט בלויז זיין שאַרפער קאָפּ. ער איז אויך אַ שטאַרקער מתמיד. דאָס לערנען טאָג און נאַכט שאַפט אים איין בקיאות. גאָר יונג, נאָך ניט־אַלט זייענדיק 18 יאָר, באַקומט ער סמיכה פון הרב צבי יחזקאל מיכלזאָהן זצ"ל. ער איז געווען איינער פון די גרעסטע אויטאָריטעטן צווישן די וואַרשעווער רבנים. שפּעטער באַקומט ער סמיכה פון זיין רבי, הרב ר׳ דוב מנחם רעגנשבערג, דער זעמבראָווער רב, הי"ד. אין די וויכוחים, אין אַמשענאָווער און אין גערער שטיבל, איז ער דער שטענ־דיקער מכריע. מיט זיין חריפותדיקן קאָפּ נעמט ער איין די שטעטלדיקע לומדים מיט שטורעם. דעם פאַרדינטן כבוד קריגט ער פון יונג און אַלט אין שטעטל.

ווען דאָס שטעטל האָט אַזוי האַרציק און פריינדלעך אויפגענומען דעם יונגן תלמיד־חכם, האָט זיך געפונען אַ גויאישער שכן, וואָס האָט ניט ליב געהאַט אַ איד, ספּעציעל אַ יונג בחורל מיט פאות. אַנטעקס ציל איז שטענדיק געווען צו פאַרניכטן, אומברענגען אידן. זיין וועג איז געווען מלחמה מיטן איד. אַ גיבור איז ביי אים דער וואָס הרגעט אַ איד און צעשטערט זיין פּרנסה. נקמה־געפילן צום איד וועקט ער אין יעדן גלויביקן קריסט: ניט צו קויפן ביי אַ איד, ניט צו געבן אַ איד צו פאַרדינען.

דערזעט ער דורכגיין לעבן זיין הויז דאָס יונגע בחורל מיט דער גרויסער גמרא אונטערן אָרעם, הייבט אַן אין אים קאָכן זיין טריפנע יוכע. ער צערעדט זיך פאַר פייער און וואַסער, אַז אידן פאַרשמוצן זיין שיין לאַנד. און דער האַס און צאָרן וואַקסן ביי אים ביז משוגעת און אָן קאָנטראָל. אייגנטלעך וואָלט ער אַצינד אַלע אידן געשלאָגן, געהרגעט, און דעם יונגן ראַביי וואָלט ער געשלאָגן

מכות־רצח מער פון אַלעמען, אָבער ער ווייס ניט ווי אַזוי מ׳טוט דאָס. גלאַט שלאָגן קען מען נאָך ניט דערווייל אין פוילן. ניטאָ אַזאַ געזעץ. ער קלערט, דער חזירניק, און פאַלט אויף אַ המצאה: ער וועט אים אָפּוואַרטן און וועט אַנרייצן דעם הונט. זאָל דער הונט אים צעבייסן, צערייסן זיינע מלבושים. ער וועט האָבן הנאה צו הערן ווי דער זשידעק שרייט: „העלף! העלף מיר!״ הא, דאָס וועט זיין אַ טעאַטער־שפּיל. ער שמייכלט אין זיך פון זיין געניאַלן געדאַנק: אַזוי זיך אַ שפּיל טאָן. זאָל מיין הונט געבן אים אַ ביס, אַ גריזש. זאָל ער וויסן, דער זשידעק, אַז ס׳איז ניט זיין לאַנד און מ׳דאַרף מורא האָבן פאַר אַנטעקן...

דאָס איז געווען נאָך שבועות. בן־ציון איז נאָר וואָס געקומען מיטן טאַטן פון אַמשענאָוו, אַן אָנגעזאַפּטער מיט תורה און חסידות. זיין געדאַנק איז פאַרנומען. אים טוט הנאה וואָס ער האָט אויסגעגלייכט אַן ענין אין אַ גמרא. ער וויל אַצינד לויפן צו זיין חבר נחום, ווייזן אים: „נאַ, זעסט! דאָ האָסטו קלאָר און דייטלעך אַן אָפענע גמרא. שפּאַר זיך ניט מיט מיר!״

די מאַמע שרייט אים נאָך: „בן־ציון, וואו לויפסטו? מ׳דאַרף דאָך עסן״. ער ענטפערט: „באַלד, באַלד, מאַמע. איך קום באַלד צוריק״. און ער גייט מיט שנעלע טריט. די מאַמע, אין פענצטער, קוקט אים נאָך און זאָגט: „קלמן, דו ווייסט? מיר דאַרפן שוין טראַכטן וועגן אַ שידוך פאַר אונדזער זון. קיין שום עין־הרע, ער איז שוין אַזוי גרויס ווי דו״.

„גרויס?״ ענטפערט קלמן. „ער איז שוין אַ סך גרעסער פון מיר. ער האָט מיך שוין אַ סך איבערגעוואַקסן. דו האָסט געדאַרפט זען דעם כבוד וואָס ער קריגט ביים רבין און הערן זיינע וויכוחים אין תורה־ענינים מיט אַלטע טיש־זיצער. יאָ, יהודית, ס׳איז אמת, ער איז שוין אַ סך העכער פון מיר. מ׳טאָר עס ניט דערציילן. עס דאַרף זיין אַ סוד. מענטשן האָבן גרויסע אויגן״.

„מ׳זאָל נאָר האָבן אַ סך נחת פון אים, קלמן! איך הער עפּעס אַ געוואַלד. אוי, בן־ציון שרייט. וואָס איז?״ לויפט די מאַמע שנעל נאָכן קול. זי דערזעט אַ שרעקלעך בילד. אַנטעקס הונט מיט די שוואַרצע קודלעס שפּרינגט אויף בן־ציונען. ער האַלט אים ביי אַ פּאַלע און רייסט פון אים שטיקער. און בן־ציון שרייט: „מאַמע!״ דער הונט בילט און ער שפּרינגט ווי אַ לעמפּערט. זיינע אויגן לייכטן מיט אַ חיהשער גערייצטקייט, נאָר צו פאַרצוקן. די מאַמע, מיט אַ מורא־דיק געשריי און מיט אירע גאַלע הענט, רייסט דעם הונט אַוועק און שרייט: „אַנטעק, נעם צו דעם הונט!״

צי פון דעם שטאַרקן געשריי פון דער מאַמען אָדער פון אַ באַפעל, ווערט

# שטערן אין דער נאַכט

דער הונט שטיל. ער עפנט אויף זיין פיסק און שטעקט אַרויס זיין צונג, זעצט זיך אַוועק אויף זיין עק, ווי קיינמאָל גאָרניט. ס'האָט גאָרניט פּאַסירט. אַנטעק קומט אַרויס פון זיין באַהעלטעניש און האָט נאָך אַ גרויסע טענה: „היתכן! פאַרוואָס מען מאַכט אַ גאַנצן טאַרעראַם פון גאָרניט? ער האָט אים נאָר אָפּגעריסן אַ שטיקל פּאָלע...״

דער הונט גייט מיר שטענדיק נאָך. איך קען זיך פון אים ניט באַפרייען. איך זע אים שטענדיק, מיט זיין אָפענעם פיסק און די גרויסע ציין און צונג אין דרויסן, ווי ער גייט מיט זיין בעל־בית אַנטעק. ער וואַרפט אַן אַ פחד און מורא אויף די אידישע קינדערלעך וואָס גייען פאַרביי זיין הויז. אַדורכגיין לעבן אַנטעקס הויז איז ווי דורכגיין דעם גיהנום. ניט איין מאָל איז מיין לייב גערינצלט געוואָרן פון מורא, דערזעענדיק דעם הונט מיט זיין בעל־בית אַנטעק, ווי ער גייט אַזוי זיך שפּאַצירן און קלאַפּט מיט זיין דראַטענער רוט אויף זיינע גלאַנציקע שטיוול און זיינע קעצישע אויגן זוכן אַ אידישן קרבן. אַט אַט גייט מיר נאָך אַ פחד, אַז דער הונט וועט לויפן און שפּרינגען אויף מיר און אַלץ אין מיר ציטערט אימת־מות. אַנטעק מיט זיין הונט שטייט מיר שטענדיק פאַר מיינע אויגן. איך קען ניט פאַרגעסן. אַזוי, להבדיל אלף הבדלות, קען איך ניט פאַרגעסן מיין מומע יהודית, ווי זי פאַרשטעלט בן־ציונען מיט אירע גאָלע הענט און שרייט מיט אַן אויסטערלישן קול: „אַנטעק, נעם צו דיין הונט!״ אַזש דער הונט האָט זיך דערשראָקן...

דאָס בילד איז מיר געקומען אויפן זינען, ווען דער חסידישער ישיבה־בחור און דער היינטיקער רב פון בהכ״נ „שערי תורה אנשי מעריב״ אין שיקאַגאָ, הרב ר' בן־ציון ראָזענטאַל שליט״א, דערציילט מיר ווי אַזאַ הונט אין געשטאַלט פון אַן עס־עס־מאַן האָט אים פאַרהאַלטן ביי דער פּויליש־רוסישער גרענעץ, אין 1940, מיט אַ גרויסן הונט און אַן אייזערנער רוט. ביים ערשטן שמיר איבער זיין לייב האָט זיך געגאָסן בלוט ווי וואַסער.

דאָס איז געווען אין די גרויזאַמע יאָרן פאַרן אידישן פאָלק. דאָס אידישע פאָלק גייט אָפּ אין בלוט. אידן לויפן. מ'וויל זיך ראַטעווען. בין איך דאַן געלאָפן קיין ביאַליסטאָק, צו די רוסן. שפּעטער, אין ביאַליסטאָק, קען איך ניט רוען, ווייל מיין משפּחה איז אין מאַקאָווע, ביי דעם דייטש. מיט גרויס מורא און פחד שוואַרץ איך זיך צוריק איבער דער גרענעץ. אין גרויסע פרעסט און כמעט האַלב נאַקעט, פאַרפרוירן און אין גאַנצן צעבראַכן, דערשלאָג איך זיך אַהיים. איך האָב ניט קיין צייט זיך אַנצוואַרעמען, ווייל איך ווער באַלד אַרעסטירט. מ'האָט מיך

# גרשון ווענגראָווסקי

געמסרט אַז איך קום פון די רוסן. מ׳שלאָגט מיך מכות־רצח. צו מיין וואונדער לאָזט מען מיך פריי, אָבער זיי גיבן מיר 10 שעה איך זאָל פאַרלאָזן די שטאָט, און זיי וואָרענען מיך, אַז אויב מ׳וועט מיך מאָרגן זען, וועלן זיי מיך הענגען אין מיטן מאַרק.

אויף גיך נעם איך צוזאַמען עפּעס וואָס ס׳איז געווען מעגלעך צו טראָגן, און מיר פאַרלאָזן די שיינע היים. מיין לעצטער בליק פאַלט אויף דער וואַנט, וואו דאָס בילד פון מיין רבין, הרב ר׳ יאָסעלע דער אַמשענאָווער רבי, זי״ע, איז געהאַנגען, און מיט גרויס יראת־הכבוד וויקל איך איין דאָס בילד אין אַ פּאַפּיר און נעם עס מיט מיר. צו מאָרגנס באַגינען זענען מיר געווען אין דער געגנט פון דער גרענעץ.

דאָ האָבן זיך אָנגעהויבן די צרות. מ׳כאַפּט אונדז ביי דער גרענעץ. הינט פון אַלע קאַלירן מיט עס־עס־לייט רינגלען אונדז אַרום, מ׳פירט מיך אריין אין אַן אינקוויזיציע־חדר. מ׳שלאָגט מיך, מ׳רייסט שטיקער פון מיין לייב. דער עס־עס־מאַן שטייט מיט אַן אייזערנער רוט און שלאָגט. איך ליג שוין כמעט אַ טויטער. זיינע חיהשע אויגן שפּריצן מיט פייער. איך פיל אַז ער וויל מיך הרגענען אַן אַ שאָס, נאָר אַזוי מיט דער רוט.

ליגנדיק אויפן דיל, מיט בלוט באַגאָסן, פיל איך, אַט אַט וועל איך אויסגיין. די מאַמע איז ניטאָ אַצינד לעבן מיר, זי זאָל מיך פאַרשטעלן מיט אירע הענט פון זיין פייערדיקער רוט. איך שריי ניט אַצינד: „מ־אַ־מ־ע״! איך שריי מיט מיינע לעצטע כוחות: „רבש״ע, העלף מיר! לאָמיך זיין אַ טאַטע צו מיינע קינדער!״ און דער הונט בילט, טופּעט מיך מיט זיינע שטיוול און רעוועט ווי אַ חיה: „יודע!״ ער וואַרפט אַלץ פון פּעקל אויף דער ערד און שרייט: „שמוץ!״ דעם טלית און תפילין וואַרפט ער ווילד און שרייט. אָט נעמט ער אַרויס דאָס בילד פון רבין. ער קוקט זיך איין אין דעם בילד מיט גרויס וואונדער און רעדט צו זיך: „אַן אָסט־יודע, הא, אַן אָסט־יודע! דאָס איז אַן אָסט־יודע!״ ער חזרט איבער נאָך אַ פּאָר מאָל: „אַן אָסט־יודע״. ער איז שטיל אַצינד. ער וואַרפט ניט און צעררייסט ניט. ער גיט מיר אַוועק צוריק דאָס בי״ד פון רבין און הייסט מיך גיין צום רוס...

מיר גייען דורך די שניי־באַדעקטע פעלדער און מיר קומען אָן צו די רוסן. מיר טרעפן זיך אָן אויף גרויסע „אַטשערעס״ פּאַר ברויט. מיר ווערן געוואויר אַז דאָס לאַנד, וואָס האָט „אויפגעשריבן״ אויף איר פאָן „פּראָלעטאַריער פון אַלע לענדער, פאַראייניקט זיך״, וועמענס גאַנצער ציל איז ברויט, האָט קיין ברויט ניט. מיר נעמען אַלץ אָן מיט אַ „גם זו לטובה״. מיר מאַכן שלום מיטן ערגסטן.

# שטערן אין דער נאַכט

אָבער שפּעטער פאַרשיקט מען אונדז קיין סיביר. דאָרטן איז ניט גוט. עס הערשן פאַרשיידענע קראַנקייטן. מענטשן שטאַרבן פון טיפוס און פון אַנדערע חלאַתן.

עס בושעוועט אַ פייער, וואָס פאַרברענט יונג און אַלט. דאָס פייער האָט ניט אויסגעמיטן מיין הויז. דאָרטן האָב איך פאַרלוירן מיין ערשטע פרוי און צוויי קינדער. אַ באַרוועסער און אַ נאַקעטער, קום איך אַרויס פון דעם פייער אַליין. ס׳איז געווען „באו מים עד נפש״. ס׳איז מיר געווען ביטער. אָבער פונדעסטוועגן דערשלאָג איך זיך צו די ברעגן פון אַמעריקע. און איך שטעל אויף אַ היים לשם ולתפארת. איך גלויב אַז דאָס איז אין זכות פון צדיק זי״ע...

איך האָב אויסגעהערט וואָס הרב ר׳ בן־ציון ראָזענטאַל שליט״א האָט דערציילט. איך וואונדער זיך: אַזעלכעס דורכצוגיין, אַזאַ פייער דורכצומאַכן, און דאָך בלייבן לעבן! קומען מיט אַזאַ ברען און פייער אויפשטעלן אַזאַ בית־מקדש מעט, און אַרויסגעבן אַזעלכע צוויי ספרים! ס׳איז וואונדער איבער וואונדער. עס ווילט זיך איינטייטשן דעם פּסוק מיט די ווערטער פון הרב מאיר שאַפּירא זצ״ל: „השמע עם קול אלקים מדבר מתוך האש כאשר שמעת אתה ויחי״. צי האָט אַ פאָלק געהערט דאָס קול פון רבש״ע רעדן פון פייער, אַזוי ווי דו האָסט געהערט, און איז געבליבן לעבן? נאָך אַזאַ מלחמה, נאָך אַזוי פיל צרות, פון פייער און שווערד, קען אַרויסקומען אַ רב, ר׳ בן־ציון, מיט אַזאַ זכרון און שאַרפקייט! דאָרטן, אין דעם גיהנום, אין סיביר, זאָגט מען מיר, האָט ער געלערנט תורה טאַקע בעל־פה. פון זיינע פריסטע יאָרן איז ער געווען אַ יושב אוהל. יעדער פעולה, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען לשם תורה. דאָס קענען עדות זאָגן די צוויי ספרים, וואָס ער האָט מחבר געווען, „בינת־ציון״ און „תנובת־ציון״, אין תשכ״ב אין שיקאַגאָ, נאָך די סיבירער טייגעס, נאָך די גיפטיקע שלאַנגען, האָט ער, מיטן גאַנצן פייער פון זיין האַרצן, געשאַפן, געבויט, ניט גערוט. ס׳איז געווען „ושמרת את חקיו ואת מצותיו״. טאָ זאָל מען אים ווינטשן אַז ס׳זאָל מקויים ווערן: „ולמען תאריך ימים על האדמה אשר ה׳ אלקיך נתן לך כל הימים!״



## גרשון ווענגראָווסקי

# ר׳ נחמן לאַנדינסקי זצ״ל, דער ראש הישיבה

ס׳איז מערקווערדיק צו זיין אַ זון ביי אַזאַ טאַטן ווי הגאון ר׳ משה לאַנדינסקי, ראש הישיבה פון ראַדין, איינער פון די הויפּט־זיילן פון דער ישיבה במשך פון 42 יאָר בערך, און זיין אַזוי נאָענט צום חפץ חיים, און לעבן אַזעלכע קוואַלן, פון וועלכע מ׳קען שעפּן גייסטיקע חיות פון מוסר און מידות, קדושה און יראת שמים. פונדעסטוועגן האָט ר׳ משה פאַרשטאַנען דאָס וואָס אונדזערע חכמים זאָגן: „הוי גולה למקום תורה״, און געשיקט זיין זון נחמן דוד, זייענדיק ניין יאָר אַלט, צו לערנען ביי הרב ר׳ זונדל פון איישישאָק. שפּעטער האָט דער יינגל געלערנט אין מיר, לאָמזשע, נאָווהאַרידאָק, און ביי ר׳ אהרן באַקשט, דעם שאַוולער רב, באַקאַנט אין דער ישיבה־וועלט ווי ר׳ אהרטשיק איוויער. ער פלעגט אים רופן „מיין רבי ר׳ אהרן באַקשט״.

איינמאָל, ביים כאַראַקטעריזירן זיין רבין, ר׳ אהרן באַקשט, דערציילט ער אַז ער האָט געגעבן צו פאַרשטיין אַן ענין מיט גרויס טאַלאַנט. זיין הסברה איז געווען זייער גרויס און וויפל ער האָט דיר געגעבן צו פאַרשטיין, איז נאָך אַ סך אַ סך געבליבן פאַרבאָרגן און באַהאַלטן אין די טיפע טיפענישן פון זיין גרויסן מוח. און ער זאָגט: „וואָס ס׳איז ניטאָ אין דער הבנה איז ניטאָ אין דער הסברה״. די ווערטער זיינען ווירקלעך ווי אַ בילד פאַר דעם ראש הישיבה הרב הגאון ר׳ נחמן דוד לאַנדינסקי, זצ״ל, אַליין. ער האָט שטענדיק מיט פלייס באַלויכטן זיינע ווערטער, מיט אמתער חכמה און געפיל. אַ שפע פון גרויסע געדאַנקען פלעגן שטראָמען אין זיינס אַ דרשה, פונקט ווי פון אַ פליסיקן קוואַל, און שטענדיק מיט התלהבות און ברען. ער האָט ביסלעכווייז אַזוי צעבלאַזן דאָס פייער, אַז יעדער איינער האָט געפילט דעם ברען. און דער עיקר: מען האָט געפילט אַז דאָס זיינען דברים היוצאים מן הלב.

מיין ערשטע באַקאַנטשאַפט מיטן ראש הישיבה איז געוואָרן שטאַרק אָפּגע־היטן אין מיין זכרון. ס׳איז ווינטער, 1927. איך לערן אין דער מכינה ביי דער בית־יוסף־ישיבה אין ווישקעווע (פוילן). איך עס טעג. צוויי טעג, זונטיק און מאָנטיק, עס איך ביי מיין קוזינע מלכה בזשאָזע. מ׳זאָגט מיר אַז מען שדכנט איר דעם ראש הישיבה. מען באַשטימט אַ זמן חתונה. צו דער חתונה קומען אַזעלכע חשובע געסט ווי דער פאָטער פון חתן ר׳ משה לאַנדינסקי, דער ראש הישיבה פון ראַדין, מיט דער מיוחסדיקער רביצין רחל, און פון אַמעריקע קומט דער

# שטערן אין דער נאַכט

פֿאָטער פֿון דער כלה, דער למדן און גערער חסיד ר׳ העניך בזשאָזע, און נאָך און נאָך חשובע געסט. די חופּה קומט פֿאָר פּרייטיק, פֿאַר ליכט־בענטשן. נאָך קבלת־שבת זענען געקומען די געסט. די שבת מלכּתא האָט אָנגעפֿילט יעדן ווינקל פֿון הויז. די שניי־ווייסע טישטעכער זענען אויסגעשפּרייט אויף די טישן און ס׳שײַנען בלײַאַסקעדיקע זילבערנע לײַכטערס איבער אַלעמען. אויבן אָן איז געזעסן דער חתן צווישן ביידע מחותּנים. אַלע זענען געטובלט, אָפּגעפּרישט, אָנגעטאָן אין בגדי שבת. אַ באַזונדערער חן איז געווען אויסגעגאָסן אויף דעם ראש הישיבה ר׳ משה. זײַן שיין צאַרט פּנים, ניט געקוקט אויף זײַן עלטער, האָט אויסגעזען יונג און פֿריש. זײַנע אויגן האָבן געברענט ווי פֿײַער. ער האָט אויסגעזען ווי אַ הימלישע געשטאַלט.

נאָך אַ שטיקל ויכּוח וועגן ס׳זאָל מאַכן קידוש, איז ר׳ העניך מכבד ר׳ משה לאָנדינסקי צו מאַכן קידוש. צוליב שבת איז דאָס פֿאַרברענגען געווען אײַנגע־האַלטענער. אָבער שבתע־נאַכטס, באַלד נאָך הבדלה, האָבן זיך אָנגעהויבן מוזיק און טענץ. אַקסל בײַ אַקסל, הענט מיט הענט, האָבן זיך צוזאַמענגעפּלאַכטן און חסידים מיט מתנגדים טאַנצן התלהבותדיק. אַ ראַדינער ישיבה־בחור טאַנצט אויס אַ גזלן־טאַנץ מיט אַ גערער חסיד פֿון ווישקעווע. דער גערער חסיד איז דער וואָס גייט אויפֿן דאַרף מיט אַ זעקל אויף די פּלייצעס. וואָס איז אין זעקל? אַחוץ נאָדלען און פֿאָדעם און זײַף, האָט ער אַ פֿלעשל בראָנפֿן. און דאָ באַגעגנט אים דער גזלן און שרײַט: „יעווריי, דענגי דאַווייַ!״ (איד, גיב געלט), און דער איד טאַנצט אַרום דעם גזלן. ער לאָזט אים ניט צו צום זעקל. אָבער ווי דער גזלן דערפֿילט דאָס פֿלעשל בראָנפֿן, רײַסט ער אַראָפּ פֿון איד דאָס זעקל און טרינקט און טרינקט און ווערט שיכּור און שלאָפֿט אײַן. אַצינד טאַנצט דער איד אַרום דעם שלאָפֿנדיקן שיכּורן גזלן און זינגט: „אַ גזלן אַ שיכּור, איז לחיים זאָל זײַן!״, און ער טרינקט אַליין פֿון פֿלעשל און זינגט און טאַנצט.

איך האָב זיך געפֿילט ווי אַ חשובער גאַסט. מײַן יונג האַרץ האָט אָנגע־קוואָלן פֿון אַלץ. צו דער חתונה האָט מײַן מאַמע מיר געמאַכט אַן אויבער־מאַנטל און מיר געזאָגט אַז דער מאַנטל איז ניט איבערגעניצעוועט און געמאַכט בײַ כאַשקע דער שנײַדערן, נאָר געמאַכט פֿון נײַער סחורה בײַ הערש לייב דעם שנײַדער. זי האָט מיר געוואונטשן איך זאָל דעם מאַנטל טראָגן געזונטערהייט און שאָנעווען, ניט צערײַסן. איז באַלד זונטיק מאַכט זיך ווי אויף צו להכעיס, איך האַלט אַ ויכּוח מיט מײַנעם אַ חבר און ער רײַסט מיר אַראָפּ אַ קלאַפּע פֿון פּאָלטן. און דאָ זאָגט מען מיר אַז דער ראש הישיבה אַליין, ר׳ נחמן דוד, האָט מיך

געזוכט, איך זאָל גיין עסן. מיין צער איז געווען זייער גרויס. ווי אַזוי קען איך גיין עסן מיט אַן אָפּגעריסענער קלאַפּע? האָב איך זיך באַהאַלטן.

דער חבר איז אַ שניידערס אַ זון. האָט ער מיך געטרייסט. ער האָט זיך געשאַפן אַ נאָדל מיט פאָדעם און פאַרריכט די קלאַפּע. איך שטיי אַצינד ביי דער טיר פון מיין קוזינע און איך שלאָג זיך מיט דער דעה צי איך זאָל אַנקלאַפּן צי ניט. איך שעם זיך, אפשר וועט מען דערקענען דעם ריס אין דער קלאַפּע. אָבער איך גיב אַ קלאַפּ. נו, אַצינד איז שוין פאַרפאַלן. איך מוז שוין אַריינגיין.

דער ראש הישיבה עפנט מיר די טיר און נעמט מיך אויף מיט אויסער־געוויינלעכער וואַרעמקייט און זאָגט מיר אַז ער האָט מיך געזוכט. איך מאַך זיך ניט ווויסנדיק. ער פּרוּווט מיך עפּעס פרעגן. איך מיין אַז ער וויל מיך פאַר־הערן. זאָג איך אים אָפּ אַלץ מיט איין אָטעם: „איך לערן אין דער מכינה ביי מרדכי חנאס. איך לערן קידושין". און כ'זאָג אים די ערשטע משנה פון אויסנ־ווייניק. מיין קוזינע, אַצינד שוין זיין ווייב, קומט צו צו אונדז. זיי הערן אויס וואָס איך זאָג. אויף זייער פּנים באַווייזט זיך אַ שמייכל. די יינגסטע שוועסטער לאה האָט מיר געגעבן צו עסן. זאָגט די קוזינע צו איר: „קוק ניט אויף אים, וועט ער בעסער עסן!"

דאָס אַלץ איז מיר געקומען אויפן געדאַנק, ווען איך האָב בייגעוואוינט ווי דער גרויסער טאַלאַנטפולער זון פון הרב ר' נחמן דוד לאַנדינסקי זצ"ל, דער גרינדער פון דער ישיבה אין גייטסהעד און איידים פון אדמו"ר מזדיטשויב, הרב ר' אברהם אייכענשטיין זצ"ל, הרב ר' יעקב זאב לאַנדינסקי שליט"א, טוט זוכנדיק די פּערל פון זיין טאַטן, וואָס זענען צעשפּרייט אין אוצר הספרים, כדי זי אויפצו־ציען אויף איין שנירל. ער דערזעט דעם בריוו פון חפץ חיים זצ"ל און האָט מורא אים אָנצורירן. איך בעט ער זאָל מיר דערלויבן איבערצולייענען דעם בריוו. איך לייען די הייליקע ווערטער: „גם פה נהג ישיבה". און ער זאָגט אויף אים: „ובכלל הוא איש מצוין למדן מופלג ויר"ש ע"כ אני מבקש מידידי וממוקירי תורה לקרב את הרב הג' הנ"ל בכל מה דאפשר". דאָס וואַרפט אַ ליכט אויף דעם ווי אַזוי די ישיבה אין גייטסהעד איז געגרינדעט געוואָרן. פאַר וואָס גייטסהעד? ווייל דאָרטן איז געווען אַ איד אַ שוחט ר' דוד דרייען. ער האָט זיך געוואָנדן קיין ראַדין וועגן שאַפן אַ ישיבה. ווען דער חפץ חיים דערוויסט זיך פון דעם, רעדט ער אים שטאַרק צו צו פאָרן קיין גייטסהעד. ער באַגלייט אים מיט דעם בריוו און ווינטשט אים הצלחה.

ר' דוד דרייען און זיין פרוי זלאַטע האָבן אַ סך געהאָלפן, ספּעציעל אויפן

# שטערן אין דער נאַכט

געביט פון עסן. עס האָבן זיך געפאָדערט גרויסע אַנשטרענגונגען צו באַזאָרגן די ישיבה מאַטעריעל. ער ווערט ניט נתפעל פון קיינעם. ער גלויבט אין זיין ציל און ער דערגרייכט אים. די ישיבה ווערט געגרינדעט. גייענדיק אין זיין פאָטערס וועגן פון פאַרשפּרייטן תורה, האָט ער שוין געהאַט געגרינדעט ישיבות אין פּוילן. אַחוץ ווישקעווע האָט ער געהאָלפן גרינדן די בית יוסף ישיבה אין וואַרשע צוזאַמען מיט זיין בן־עיר ר' דוד בודניק. ער האָט אויך געהאָלפן גרינדן אַ בית יוסף ישיבה אין מלאווע. אָבער ענגלאַנד איז געווען אַ גרויסער מהלך פון פּוילן מיט אירע ישיבות. דאָ האָט זיך געפאָדערט אַ סך אַרבעט און מי.

ביסלעכווייז וואַרפט ער אַריבער די תורה־בריק פון פּוילן קיין גייטסהעד. ער פאַרשטאַרקט די ישיבה מיטן אַריבערברענגען ר' לייזער קאהאן ווי דער מנהל הישיבה. די ישיבה וואַקסט און ווערט גרויס. זי הייסט שוין „די יבנה פון אייראָפּע". ער איז אויסגעבונדן מיט יעדן בחור פון דער ישיבה. „יעדער בחורל איז אַ שטיק פון מיין לעבן!" אַזוי טענהט ער זיך דורך מיט זיין משפחה ביי אַ וויזיט אין ניו־יאָרק. ער דערציילט ווי אַזוי ער האָט געשאַפן די ישיבה: „איך בין געגאַנגען און געבעטן: ,גיט מיר אייערע קינדער. איך וועל מיט זיי לערנען תורה'. איך האָב אָנגעהויבן מיט צוויי תלמידים, דוד פליג און שמואל באקמאַן, און אַצינד ב"ה זענען מיר דערגאַנגען פון אַ מכינה ביז בחורים וואָס קענען לערנען און פאַרשטיין אַ בלאַט גמרא. אַז מען גייט דורך די ישיבה אין אַ פריאיקן מאָרגן צי שפּעט אין דער נאַכט, קען מען הערן דעם קול תורה, אפילו אין די לאַנגע טעג פון תמוז אָדער אין די לאַנגע נעכט פון טבת. שטענדיק לייכט און שטראַלט די תורה־ליכט. מען האָט געשאַפן דאָס פייער פון דער פאָלק־נשמה. דאָס זענען ליכטער פון דער צוקונפט".

ער גייט אַריין אין עקסטאַז ביים שילדערן די ישיבה און באַטאָנט ווי נישטיק דאָס זעט אויס ביי מענטשן וואָס פאַרשטייען ניט. „קען אַ פרעמדער, ניט קיין ישיבה־מאַן, זען אַן אוצר אין אַ בחורל, וואָס וויל פאַרשטיין אַ שטיקל גמרא און ער צעשרייט זיך אויפן קול: אמר אביי אמר רבא, וואָס דאָס מיינט פאַר אים? אָבער איך, איך זע און הער און פאַרשטיי דעם בחור אין דער ישיבה. אין דעם אָפּקלאַנג פון דעם גמרא־ניגון זע איך מיין אייגענע יוגנט, מיין אייגן לעבן". פונקט ווי אַ פיש אין דער נעץ האָט געצאַפּלט זיין האַרץ פאַר ניו־יאָרק. ער האָט זיך אַ מאָל אויסגעדריקט: „דער גאַסן־שטויב־און־טומל, מיטן שטענדיקן רויך און פוסטע רייד און געשרייען, מיטן שטענדיקן פאַרדראָס — דאָס איז ניו־יאָרק".

אָבער די לעצטע יאָרן זיינע האָט ער געמוזט פאַרברענגען אין ניו־יאָרק,

צוליב זיינעם אַ קראַנקן זון, וואָס ער האָט געמוזט העלפן. דאָס האָט געקאָסט ניט בלויז טייכן טרערן נאָר אויך געזונט און לעבן. „אָט דאָ, אין ניו־יאָרק, האָב איך געהאַט די געלעגנהייט צו ריידן מיטן ראש הישיבה. איינמאָל ביי אַ וויזיט ביי אים אין הויז טרעף איך אים ווי שטענדיק זיצן איבער אַ גמרא. ער בעט מיך: ,קום לערנען!' איך טו אַ קוק און זע: אַ גמרא ,נדרים', צוויי שורות גמרא, באַגלייט מיט אַ גרויסן ר״ן. איך דערשרעק זיך. איך וויל אים זאָגן אַז איך האָב קיין צייט ניט. אָבער איך קען ניט מעיז פנים זיין. איך זעץ זיך לערנען. ער גייט אריין אין דעם ענין פון דער גמרא. מיט אַזאַ פשוטקייט גיט ער צו פאַרשטיין, מיט אַזאַ פשוטער שפּראַך. איך פאַרגעס שוין צו גיין אַ היים. איך האָב אַצינד בעסער פאַרשטאַנען: „וואָס ס'איז ניטאָ אין דער הבנה איז ניטאָ אין דער הסברה".

ס'איז געשען דאָס גרויסע אומגליק: ער איז אַוועקגעפאַלן מיט אַ האַרץ־ווייטיק און מ'נעמט אים אין שפּיטאָל. זיין זון שטייט ביי זיין זייט און גייט ניט אַוועק. דאָקטוירים זאָגן: ,ס'איז גאַרניט'. אָבער זיין זון, וואָס אַ פּינטל מיטן אויג פון טאַטן איז פאַר אים אַ רמז און סוד, וואָס נאָר ער קען פאַרשטיין, הערט וואָס דער טאַטע זאָגט. און עס קומט כמעט ווי אַ באַפעל: ,זאָג מיט מיר ווידוי!' דער זון פאָלגט דעם טאַטן. די פּטירה איז געווען די זעלבע נאַכט.

צומאָרגנס, ביי דער לוויה, דערציילט דער איידעם פון חפץ חיים ר' מענדל זאַקס זצ"ל, אַז דער ראש הישיבה האָט זיך ממש געהאַדעוועט ביי דעם חפץ חיים אין הויז. ס'איז כדאי דאָ צו דערציילן: דער ראש הישיבה, זייענדיק דאָ, אין ניו־יאָרק, וואו ער האָט געלעבט מיט אַזאַ קראַנקן זון (שטענדיק דאָקטוירים), איז אים אויסגעקומען אָנצוקומען צו איינעם פון די קליינע מענטשעלעך פון די גרויסע שרייערס. נאָך אַזאַ וויזיט איז זיין פנים געוואָרן פאַרשוואַרצט. קומענדיק אַ היים דערציילט ער פאַר זיינע בני בית: ווען איך בין געווען אַ יונג קינד, הָב איך זיך געשפּילט מיט אַן אייניקל פון חפץ חיים און זיך גוט אויסגענאַרעט. דער חפץ חיים, דערזעענדיק דאָס, האָט אונדז ניט געלאָזט גיין אַ היים, נאָר ער האָט אונדז אַליין אַרומגעוואַשן. אַצינד, האָט ער אויסגעפירט, איז ניטאָ קיין חפץ חיים וואָס זאָל אַרומוואַשן!

ס'איז מיר אויסגעקומען בייצוזיין אַ יאָרצייט, וואָס זיינע תלמידים פּראַוועָן פאַרן ראש הישיבה. מ'לערנט משניות. יעדער רעדט דברי תורה, וואָס ער גע־דענקט פון ראש הישיבה. אַזוי גיבן די תלמידים אָפּ כבוד זייער רבין און ראש הישיבה.

# שטערן אין דער נאַכט

אומשטערבלעך וועט ר׳ נחמן דוד בלייבן צוליב די טויזנטער תלמידים, וואָס ער האָט אויפגעשטעלט, די חידושי תורה, וואָס ער האָט פאַר זיי געשאַפן, און די שיינע מידות וואָס ער האָט זיי דורך זיין שטורמישן לעבן געלערנט.



פון לינקס: אדמו״ר מזדיטשויב, הרב ר׳ אברהם אייכענשטיין זצ״ל; פון רעכטס: הרב הגאון ר׳ נחמן דוד לאנדינסקי, דער ראש הישיבה, גרינדער פון דער ישיבה אין גייטסהעד, ענגלאַנד; אין מיטן: דער זון און איידים הרב ר׳ יעקב לאַנדינסקי שליט״א.



## גרשון ווענגראַווסקי

# די פליענדיקע אותיות

אַ מידער בין איך אַריין אין סאַבוויי. עפּעס היינט איז געווען אַן אויסנאַם: ס'איז דאָ אַוואו צו זיצן. איך זעץ זיך געמיטלעך אַוועק. מיין בליק פאַלט אויף דעם אַרום. ס'נעמט מיך אָן אַ גרויל צו קוקן אויף די אויסטערלישע שמירעכצן און קאַריקטורן אויף די ווענט און אויף די פענצטער. ס'מאַכט מיר צו דענקען אַז דער אַשמדאי מיט זיין סוויטע האָבן זיך דאָ צעלייגט מיט זייער הערשאַפט (ניט די ניו־יאָרקער ליבעראַלן). ס'איז גאָרניט צו פאַרשטיין וואָס דאָס איז און וואָס דאָס מיינט. נאָר אפשר זענען דאָס די סימבאָלן פון דער היינטיקער צייט. געפין איך אַן ענטפער פאַר זיך: אַזוי דאַרף דאָס זיין.

ס'ווילט זיך וואָס שנעלער אַרויסנעמען אַ צייטונג אָדער אַ ספר בכדי אויסצומיידן צו קוקן אויף דעם אַלעם. און אַזוי זיץ איך און קוק אַריין אין אַ ספר. אָבער ניט אַריבערצופאָרן מיין סטאַנציע, האָב איך אויפגעהויבן מיינע אויגן צו וויסן אַוואו איך האַלט דאָ אין דער וועלט. זע איך פאַר זיך אַזאַ בילד: צווישן די פולע שמוץ און צייטונגס־פּאַפּיר און ליידיקע ביר־קענדלעך, וואָס וואַלגערן זיך אויפן דיל, שיינען אַרויס אידישע אותיות. און אָט זע איך ווי אַ מענטש אין די עלטערע יאָרן לויפט צו צו דעם באַרג שמוץ און נעמט אַרויס דאָס שטיקל אידישע צייטונג און לאַנגזאַם, געלאַסן שאָקלט ער עס אָפּ פון שמוץ און לייגט עס אַריין אין זיין בריוו־טאַש. איך ווער זייער נייגעריק צו וויסן ווער דער מענטש איז. אפשר האָט ער ניט אויף אַ צייטונג אָדער, קומט מיר אויפן געדאַנק, איך האָב דאָ צוטאָן מיט אַ חפץ חיים.

מ'דערציילט וועגן חפץ חיים ז״ל, אַז גייענדיק אין גאַס האָט ער דערזען אידישע ווערטער. בייגט ער זיך אַראָפּ, הייבט עס אויף און לייגט אַריין אין זיין רענצל. אויף דער פראַגע פון זיינע באַגלייטער: „רבי! דאָס איז דאָך ניט קיין שיימע. פאַר וואָס דאַרפט איר דאָס אויפהייבן?״ קומט אַן ענטפער פון חפץ חיים: „דאָס זענען דאָך אידישע אותיות און אַ איד קען דורכגיין און קען דענקען אַז דאָס איז אַ שיימע און ער וועט זיך איינבייגן און אויפהייבן. אַ אידישן בייג איז אַ שאָד״.

שטיי איך אַצינד לעבן דעם איד מיט דער פראַגע: פאַר וואָס? איך וויל וויסן מיט וועמען איך האָב דעם כבוד צו רעדן. נאָך אַ שאַרפן בליק אויף מיר, וואָס

# שטערן אין דער נאַכט

האָט געמיינט: „לאָמיר זען מיט וועמען איך האָב דעם כבוד צו רעדן", באַווייזט זיך אויף זיין פּנים אַ שמייכל. דאָס הייסט: איך געפין צוטרוי ביי אים. זאָגט ער מיר זייער פּשוט: „איך האָב ליב אידישע אותיות. מיר איז פריקרע וואָס זיי וואַלגערן זיך אין שמוץ. און באַזונדער וויל איך אייך דערציילן וואָס האָט פּאַסירט אין דער באַן מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק. איך זיץ דאָ, אין סאַבוויי. דער וואַגאָן איז כמעט ווי ליידיק. איך זע, צוויי מענטשן מיט אַ סלאַווישן אויסזען שטייען און רעדן צווישן זיך געמיטלעך. מיט אַ מאָל באַמערקט איינער פון זיי אידישע אותיות; אַ אידישע צייטונג ליגט אויף דער באַנק. צינדט זיך אָן אין אים אַ ווילדע רציחה. ער וואַרפט אַראָפּ די אידישע צייטונג אויפן דיל און קאָפּעט זי מיט די פיס. דער צווייטער העלפט אים. זיי הייבן זי אויף און וואַרפן איר מיט אַן אויסערגעוויינלעכער רציחה. איך קוק זיך אַרום. ס'זיינען ניטאָ קיין סך מענטשן. איז מיר געקומען אַ מוראדיקער געדאַנק אין קאָפּ: אויב זיי קענען אַזוי טאָן צו אַ אידישער צייטונג, אידישע אותיות, מי יודע וואָס זיי קענען טאָן צום איד אַליין? און ווי איר זעט, בין איך שוין אַריבער די זיבעציקער, ניטאָ די יונגט־כוחות ווי אַמאָל. בין איך אַריין אין אַ צווייטן וואַגאָן, ממש אַנטלאָפן, פּונקט ווי פון אַ פייער".

גלייכצייטיק וויקלט ער אויף פאַר מיר זיין לעבנס־געשיכטע. ער דערציילט מיר וועגן זיך און זיין משפחה:

„איך האָב דאַרטן, אין רוסלאַנד, געלערנט אין אַ חדר. אָבער דורך דער צייט האָב איך פאַרגעסן אַלץ וואָס איך האָב געקענט, ווייל די אומשטענדן זענען געווען אַזעלכע: פיר קינדער, איך דער עלטסטער, 14 יאָר אַלט. מיין פאָטער איז געוואָרן קראַנק אויפן האַרץ, ניט געהאַט די מעגלעכקייט עפּעס צו פאַרדינען. דער סיסטעם פון סאָשל סעקיורטי, אָדער הילף, איז דעמאָלט ניט געווען און אויסצושטעקן אַ האַנט לידי מתנת בשר ודם האָט מיין טאַטע ניט געקענט. מיר זענען דאַן געבליבן אָן מיטלען צום לעבן. ס'איז געווען אַן אָקס פאַר אַ גראָשן אָבער ס'איז ניט געווען דער גראָשן. מען האָט זיך ביי אונדז אין הויז געהרגעט איבער אַ שטיקל ברויט. דו קענסט אַלץ פאַרגעסן אָבער ניט דאָס עסן. מיט איין וואָרט: ס'איז געווען בראָך מאָרדע.

„עס דערמאָנט זיך מיר אָן ערב ראש־השנה. מיין טאַטע און איך גייען מיר קויפן טיקעטס צו קענען קומען דאַוונען אין שול. לויט די פּרייזן איז גאָרניט געווען אַ מעגלעכקייט צו קויפן די קליינע פּאַספּאָרטלעך אַריינצוקומען אין שול ראש־השנה, ווייל מען האָט געדאַרפט דאָס געלט אויף ברויט. אַזוי איז געווען די

# גרשון װענגראָװסקי

לאַגע: ,דער בוך פֿאַרשלינגט דעם קאָפּ מיטן שכל׳. איר פֿאַרשטייט, מײַן פֿרײַנד? (ער מיינט אַז איך הער ניט און ער זאָגט עס אין אַ העכערן טאָן). איך זאָג עס אַנטקעגן דעם װאָס איך האָב פֿאַרגעסן עברי. אָבער װי זאָגט מען: ,אַ מענטש קען אויף זיך טראָגן מער װי צען אָקסן׳. איך, דאָן אַ 14־יאָריק אינגל, װער דער גרעסטער פֿאַרדינער אין אונדזער הויז. איך טו פֿאַרשידענע אַרבעט אין גאַס און אין שעפּער, איך ברענג אַרײַן פּרנסה אין אונדזער הויז.

„אַזוי זענען געגאַנגען די יאָרן מיטן לעבן, שטענדיק מיט זאָרג פֿאַרן הײַנט און מאָרגן. אַזוי האָב איך חתונה געהאַט, געבערענגט קינדער אויף דער װעלט. מײַנע קינדער האָב איך ניט געשיקט אין אַ תלמוד תורה, װײַל דער עול פּרנסה איז געװען זייער גרויס. אַזוי איז געװען די אײַנרעדעניש. מען האָט מורא פֿאַרן טאָלער! דער װילן צו קענען עברי איז בײַ מיר געװען זייער שטאַרק. איך האָב שטענדיק געטרוימט װעגן לערנען זיך עברי און קענען דאַװנען. מילא, מײַנע קינדער האָב איך ניט געהאַט קיין מעגלעכקייט צו לערנען. איר װייסט דאָך, דאגת פּרנסה! קענען זיי טאַקע ניט קיין עברי. אָבער מײַנע אייניקלעך קענען שוין עברי. און איינער זאָגט מיר אַז ער װעט זײַן אַ רבֿ! איך האָב זיך אויסגע־לערנט עברי בײַ מײַנע אייניקלעך״.

מיר זיצן שוין איינער לעבן צװייטן. ער רעדט צו מיר מיט אַזאַ היימישקייט װי מיר װאָלטן זיך געקענט שוין לאַנגע יאָרן. און ער דערציילט זײַן לעבנס־געשיכטע אין אַמעריקע. דאָס איז געװען באַלד נאָך דער צװייטער װעלט־מלחמה אין אַמעריקע. אידן, געראַטעװעטע פֿון היטלערס גיהנום, קומען קיין אַמעריקע. איך לויף צו אַלע שיפֿן. איך װיל עפּעס זיך דערװיסן װעגן מײַנע פֿעטערס און מומעס אין אייראָפּע, װאָס מײַן טאַטע ע״ה האָט מיט שטאַרקער ליבע שטענדיק גערעדט װעגן זיי. ער האָט אין די ערגסטע באַדינגונגען דאָ, בײַ אונדז, זיי געשיקט אַ פּאָר טאָלער. מיר האָבן גהאָפּט זיך אַמאָל צו זען. איז געקומען היטלער י״ש און ניטאָ מער קיין פֿעטערס און מומעס! „ניטאָ מער״, שרײַט ער אויס מיט װייטיק. „יעדער געקומענער פֿון אייראָפּע װערט מיר שטאַרק נאָענט. איך קויף שוין אַצינד אַ טיקעט אין שול אויף ראש־השנה צו זיצן לעבן די געקומענע. איך הער זייער דאַװנען, זייער עברי זאָגן. זיי האַלטן ניט די מחזורים פֿאַרקערט, װי עס טרעפֿט בײַ אונדזערע אַמעריקאַנער. מיך פֿאַר־דריסט װאָס איך האָב פֿאַרנאַכלעסיקט מײַן עברי. איך בין דאָך פֿאַרט געגאַנגען אין חדר אַ שטיקל צײַט. איך האָב עפּעס געקענט! מײַן װײַב קומט צו צו מיר און װײַזט מיר אָן אויף אַ יונג בחורל, װאָס שטייט און דאַװנט מיט אַ שטאַרקער

## שטערן אין דער נאַכט

כוונה. איך קען ניט אָוועקנעמען מיינע אויגן פון דעם קינד. איך שמועס מיט אים שפּעטער נאָכן דאַוונען, זאָגט ער מיר אַז ער לערנט אין אַ ישיבה.

„מיר באַשליסן משפּיע צו זיין אויף אונדזערע קינדער צו שיקן די אייניקלעך אין אַ ישיבה. מיין זון זאָגט צו מיר: „טאַטע! דו וועסט צאָלן!״ בין איך שוין מסכים. אָבער אונדזער שנור זינגט אַן אַנדער לידעלע. „קודם כל״, זאָגט זי, „וועט אונדזער סעמעלע ניט האָבן קיין צייט אויף פּיאַנאָ־לעקציעס״. זי רעכנט מיר אויס אַ צעטל מיט אַ סך אַנדערע פאַרגעניגנס, וואָס ס׳וועט זיין אומ־מעגלעך פאַר אים צו דערגרייכן. און גאַנץ באַזונדערש ווייזט זי מיר אָן אַז קיינער אויף אונדזער גאַס שיקט ניט קיין קינדער אין אַ ישיבה. איך האָב גערעדט, געמאָנט, געגעבן צו פאַרשטיין — און גאָרניט.

„איינמאָל מאַכט זיך, מיין שנור מיט מיין זון און פריינד ווערן פאַרבעטן צו אַ ישיבה־דינער. זיי הערן דעם ישיבה פּרינציפּאַל. זיין רעדן גייט זיי אַריין אין די קעפּ. זיי קומען אַהיים באַגייסטערט פון דעם וואָס זיי האָבן געהערט. זיי רעדן שוין אַזעלכע ווערטער, אַז די אותיות פון דער תורה מאַכן קלוג דעם מענטשן, אותיות מחכימות, אַז די תורה אונדזערע איז דער פּראַכט פון דער מענטשהייט. זיי זאָגן שויןביידע מיט איין קול: „טאַטע! גיב סעמעלען אַריין אין אַ ישיבה!״

„איך פאַרליר ניט קיין צייט. איך ווער געוואָר פון אַלעמען, און די צווייטע וואָך זיצט שוין מיין סעמעלע, מיט אַ יאַרמלקע אויפן קאָפּ, און לערנט אלף בית. און וואָס מיין אייניקל האָט געלערנט בין איך מיט אים איבערגעגאַנגען נאָך אַ מאָל אין הויז. מיט דעם האָב איך אָפּגעפרישט מיין זכרון פון מיינע קינדער־יאָרן אין חדר. מיין סעמעלע ווערט מיין רבי! איך לערן נאָך אַ מאָל עברי. מיין טרוים פון אייביק אָן ווערט פאַרווירקלעכט. די אותיות האָבן אין מיר אַריינגעאָטעמט אַ נייע האַרץ מיט אַ ניי לעבן. איך האָב ניט געפילט קיין מידקייט. איך בין טאָג און נאַכט אַרומגעגאַנגען מיטן סידור אין האַנט און געלערנט און געלערנט. איך קען אַצינד זאָגן מיט מיין פולן גלויבן, אַז די אותיות מאַכן קלוג דעם מענטשן.

„אַזוי זיינען אַוועק אַ שיינע פּאָר יאָר ווי איך דאַוון פון סידור און איך לייען אַ אידישע צייטונג — אַלץ צו פאַרדאַנקען מיינע אייניקלעך. איר דאַרפט זען דעם דרך־ארץ פאַרן זיידן! און וואָסער איידלקייט זיי באַזיצן און ווי פרום זיי זענען! אַלץ איז מיטן דין פון דער תורה. ביי דעם טעלעפאָן איז אויפגעשריבן: „רעדט ניט קיין לשון הרע!״ ביי די בעטן איז אָנגעשריבן קריאת שמע. אַזוי איז אויך מיט כשרות. ס׳מוז זיין 100 פּראָצענט כשר. זיי האָבן פאַרוואַנדלט דאָס הויז אין אַ אידישער פעסטונג. אַצינד פאַרשטייט איר שוין פאַר וואָס ביי מיר זיינען די

# שטערן אין דער נאַכט

אידישע אותיות טייער? איך וויל ניט אַז אַ גוי זאָל טרעטן, וואַרפן און צערייסן. און גאַנץ באַזונדערש, זע איך אין די אותיות מיינע פעטערס און מומעס פון היטלערס גיהנום. די אותיות לערנען מיך די אידישע געשיכטע. איך ווייס אַצינד אַז איך געהער צום אידישן פאָלק. אָן די אידישע אותיות ווייס מען ניט די אידישע געשיכטע״.

ער זאָגט מיר אָן ניט צו וואַרפן אידישע אותיות אויפן דיל. זיי, די גויים, האָבן ניט גערן די אידישע אותיות. „געדענק!״ רעדט ער צו מיר אין אַ שטרענגן טאָן, „ניט צו פאַרשוועכן אונדזערע הייליקע אותיות!״ איך שטיי אָן אַ באַוועגונג. איך הער יעדעס וואָרט, וואָס דער חשובער איד רעדט צו מיר. אויף אַזאַ מוסר־שמועס האָב איך זיך ניט געריכט, און נאָך דערצו אין סאָבוויי. איך חזר איבער זיינע ווערטער, ער זאָל זיין זיכער אַז איך הער אים און פאַרשטיי: „ניט אַוועק־וואַרפן, ניט טרעטן און צערייסן, ניט פאַרשוועכן אידישע אותיות!״

איך דערצייל אים אַ שטיקל אידישע געשיכטע: וועגן די גרויסע אומגליקן וואָס זענען געקומען אויפן אידישן פאָלק אין ארץ־ישראל, אין דעם 2טן יאָר־הונדערט, נאָך דעם בר־כוכבא־אויפשטאַנד קעגן די רוימישע אונטערדריקער, ווען דער רוימישער קייסער אדרינוס גיט אַרויס גרויסע גזירות אויפן אידישן פאָלק. איינע פון די גזירות איז: ניט צו לערנען תורה. די רוימישע הערשערס געפינען ר׳ חנינא בן תרדיון מיט אַ ספר־תורה לערנענדיק עפנטלעך מיט תלמידים תורה. זיי האָבן אים פאַראורטיילט פאַרברענט צו ווערן פאַר עובר זיין אויף דעם געבאָט.

כדי זיינע ליידן זאָלן זיין גרעסער האָבן זיי אויף זיין האַרץ אַרויפגעלייגט נאַסע שטיקער וואָל. אַזוי ליגט דער גרויסער תנא ר׳ חנינא בן תרדיון אַרומגע־וויקלט מיט דער ספר־תורה און צווייגן און די נאַסע וואָל אַרום זיין האַרץ. דאָס פייער ברענט עפנטלעך אויף דער גאַס. און אָט האָט דאָס פייער דערגרייכט צו אים. די תלמידים זעען וואונדער און זיי ווילן וויסן וואָס דער רבי זעט. פרעגן זיי: „רבי! וואָס זעסטו?״ און דער רבי ענטפערט: „איך זע: ,גווילין נשרפין ואותיות פורחות׳, דער פאַרמענט ברענט, אָבער די אותיות פליען אַוועק״. די אותיות קען מען ניט פאַרברענען! זיי פליען אַוועק מיט אַ ציל און מיט אַ צוועק.

דאָס האָט דער גרויסער תנא געזען. אַזוי זענען די אותיות געפלויגן קיין בבל. דער צענטער פון אַ אידיש לעבן האָט זיך ביסלעכווייז אַריבערגעטראָגן קיין בבל. דאָרט איז אַנטשטאַנען אין פאַרלויף פון עטלעכע יאָרהונדערט דאָס גרויסע הייליקע ווערק פון אידנטום, דער תלמוד בבלי. אין בבל זענען דאַמאָלט

געוועז די גרויסע ישיבות פּומבדיתא און סורא. אָבער ווען די אותיות האָבן אָנגעהויבן ווייטער צוליידן גאָר גרויסע רדיפות, פליען זיי צו די לענדער פון אייראָפּע, ווי שפּאַניע, איטאַליע, דייטשלאַנד. און עס טראָגן זיך איבער מיט די אותיות די אידישע צענטערס פון בבל, ווייל „ישראל ואורייתא חד הוא״. די סאַמע עקסיסטענץ פון אידישן פאָלק זענען די אותיות. אַזוי זענען די אותיות געפלויגן קיין פּוילן און רוסלאַנד. און דאָרטן זענען די אותיות במשך פון אַ סך יאָרן געשטאַנען אויף גאָר אַ גרויסער הויך: די גרויסע גאונים רבנים, ישיבות. ניט געקוקט אויף אַלע באַגרענעצונגען און רדיפות, איז פּוילן געוועז דער גייסטיקער צענטער פון אידישן פאָלק ביז דעם שרעקלעכן חורבן פון די יאָרן 1945־1939, ווען דאָס אידישע פאָלק הערט אויף צו עקסיסטירן אויף דער פּוילי־שער ערד.

אין פּוילן האָט מען איבערגעלאָזט אַ סך אַ סך פאַרברענטן פּאַרמעט, צוזאַמען מיטן מוראדיקן חורבן פון רוב מנין פון אידישן פאָלק. אָבער די אותיות — זיי פליען ווייטער! אַזוי זענען זיי געפלויגן פון איין גלות אין אַנדערן. היינט פליען זיי אַרום פריי אין אַמעריקע. ווער עס וויל קען זיך מיט זיי באַהעפטן, אַזוי ווי אייערע אייניקלעך. לאָמיר האָפן אַז דאָס וועט זיין אויף לאַנגע יאָרן.

אָבער דער אומבאַקאַנטער איד נעמט מיך אָן מיטביידע הענט און זאָגט: „לאָמיר האָפן און בעטן אַז אונדזערע הייליקע אותיות זאָלן וואָס שנעלער פליען אַוואו זיי געהערן, און מיר מיט זיי, קיין ארץ הקודשה״. איך בין מסכים: „הלואי!״



## גרשון ווענגראָווסקי

# די צוויי ברידער בעזאָזע

פון זייערע גאָר יונגע יאָרן האָבן זיי זיך געהאָדעוועט אין אַ קליינעם אָרט צווישן וואַלד און פעלד, אויף דער שויס פון דער הערלעכער נאַטור, אין אַ שטילער היים, ביי אַ טאַטן אַ תלמיד חכם און אַן אַנגעזעענער חסיד פון גער, נאָך פון הרה״ק יהודה אריה לייב זצ״ל, דער „שפת אמת״.

אַלע ערב ראש־השנה האָט יעקב הילל גענומען זיינע קינדער הענעך און אברהם מיט זיך קיין גער, דאָרט געשטאַנען ביז איבער די ימים נוראים, אַנגע־זאַפּט תורה און חסידות און געפאָרן צוריק אַהיים. אַזוי איז ער געזעסן אַ גאַנץ יאָר אין שטיבל, געלערנט תורה, חתונה געהאַט זעהר יונג און געגעסן קעסט און ווייטער געזעסן אין שטיבל און געלערנט.

ווען אברהם בעזאָזע איז אין 1912 געקומען קיין אַמעריקע, צוזאַמען מיטן שטראָם עמיגראַנטן צוליב דעם ביילים־פּראָצעס און אַנדערע אַנטיסעמיטישע אויפברויזן, האָט ער נאָר־וואָס געהאַט אַדורכגעשפּאַנט זיין דריטן צענדליק יאָרן.

זיין באַגאַזש איז באַשטאַנען פון זיין שבתדיקער אַטלאַסנער קאַפּאָטע און טלית און תפילין און די ערשטע אויסגאַבע פון „שפת אמת״ פון יאָר 1906. ער האָט אָבער איבערגעלאָזט זיין גרויסן באַגאַזש אין פּוילן: אַ ווייב מיט פיר קינדער. דעם אינגסטן זון האָט ער אַ נאָמען געגעבן נאָך זיין רבין, דעם שפת אמת.

יהודה אריה לייב האָט זיך אַנגעטראָפן אויף אַ פרעמדער וועלט: פרעמד פאַרן גוף און אינגאַנצן פרעמד פאַר דער נשמה. די גרעסטע מורא זיינע איז געווען שמירת שבת. מילא, עסן, עסט מען נישט קיין פלייש. וואָס טוט מען צו באַקומען אַרבעט און אויסמיידן חילול שבת?

„אָבער ג־ט פאַרלאָזט ניט אַ אידן, אפילו אין אַמעריקע״, האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט. „איך נעם אָן אַרבעט צו שמירן דעכער, בכדי צו זיין אַליין דער באַלע־באָס״. די אַרבעט איז אַ שווערע, אָבער ווען ער פאַרדינט די ערשטע פאַר דאָלער און ער שיקט אַהיים צו זיין משפחה, ווערט די אַרבעט גרינגער. מיט יעדן עמער „טאַר״ (פּעך), וואָס ער טראָגט אַרויף אויפן דאַך, קומען־צו נאָך עטלעכע סענט צו שיקן צו דער משפחה אין פּוילן...

ער קעמפט מיט ציין און נעגל פאַר זיין פיזישער און גייסטיקער עקסיס־

## שטערן אין דער נאַכט

טענץ. און דאָך שטעלט ער זיך צוויי אויפגאַבן: צוערשט אַריבערצוברענגען זיין ווייב און קינדער און דאַן אַריבערצוברענגען זיין עלטערן ברודער הענעך מיט זיין משפחה קיין אַמעריקע. צוליב דער ערשטער וועלט־מלחמה (1914־1918) איז דאָס דאַן געווען אוממעגלעך, אָבער באַשלאָסן האָט ער, אַז ביי דער ערשטער מעגלעכקייט מוז ער אַריבערברענגען זיין משפחה קיין אַמעריקע.

זיין לאַגע ווערט אַ סך בעסער. ער עפנט אַ ביזנעס פון שניט־סחורה, ער ברענגט אַריבער זיין ווייב און קינדער. זיי העלפן אים, און ער פילט זיך שטאַרק דערהויבן. דער שבת איז אַ הייליקער, ער זיצט שוין שבת ביי זיין טיש מיטן ציכטיקן שבתדיקן סורדוט, אַ פריש העמד מיט אַ ווייך קראַגעלע, זיינע אויגן זיינען פאַרשפּיצט איבער אַן אָפענער גמרא, אין זיינע רעיונות שווימען־אויף דער שפת אמת: גער, דער גערער בית־המדרש...

זיין ווייב זעלדע זיצט ביי דער אַנדערער זייט טיש מיטן גראָבן קרבן־מנחה סידור, וואָס זי האָט מיטגעבראַכט פון פוילן. מ'איז מונטער, פריילעך. ס'פינקלט אין אַלע ווינקעלעך פון הויז...

שבת פאַרברענגט ער אין הויז, ער גייט ניט אין ערגעץ, אַחוץ דאַוונען אין שול. ער איז מקפיד אַפילו פאַר זיינע בני־בית ניט צו גיין אין גאַס און ניט צו זען דעם חילול שבת.

ס'דויערט אַ שטיקל צייט ביז ער ברענגט אַריבער זיין ברודער הענעך, ווייל הענעך וואַרט אַז דער רבי זאָל געבן זיין הסכמה. הענעך פאָרט אַ פאָר מאָל צום רבין, ביז דער רבי זאָגט: „פאָר געזונט, זיי מצליח!"

הענעך קומט קיין אַמעריקע צו זיין ברודער אברהם. אברהם איז שטאָלץ. ער קוקט אַרויף צו אים צוליב דער גייסטיקער גרויסקייט פון זיין ברודער; זיין חריפות און בקיאות אין ש"ס. ער גרויסט זיך מיט זיין ברודער פאַר אַלעמען.

אברהם בעזאָזע גרינדעט דאָס פּוילישע שטיבל אויף 379 סאַראַטאָגאַ עוועניו אין ברוקלין. דאָס איז געווען אַ צוזאַמענקלייב פון וואָרקער, אַמשענאָ־ווער, אָבער דער רוב איז באַשטאַנען פון גערער חסידים.

הענעך לערנט מיטן עולם שפת אמת און אברהם בעזאָזעס הויז ווערט אַ בית ועד לחכמים. ס'קומען אַריין אידן בני תורה. ווען ר' יצחק מאיר לעווין זצ"ל, דער איידעם פון גערער רבין, קומט דאָס ערשטע מאָל קיין אַמעריקע, גיט אים אברהם אָפּ זיין הויז און פאַרלאָזט זיך ניט אויף קיינעם, נאָר באַדינט אים אַליין...

הענעך זעצט־פאָר זיין לערנען אפילו ביי זיין „סטענד" פון „דראַי גודס"

# גרשון ווענגראָווסקי

אויף בעלמאָנט עווענױ מאַרקעט, וואו ער זיצט שטענדיק מיטן טלית־קטן אין דרויסן און אין דער זייט האַלט ער דעם ש״ס, וואָס דער „מאָרגן זשורנאַל״ האָט אַרויסגעגעבן אין 1913 אין קליינעם פאָרמאַט, און לערנט גאַנץ געשמאַק. עס פאַרדריסט וואָס פון צייט צו צייט רייסט אים אַ קונה איבער זיינע רעיונות.

אין די דרייסיקער יאָרן זאָגט ער אַ שיעור אין גמרא אין דעם אגודה־שטיבל אויף טשעסטער און איסט ניו יאָרק עווענױס, און זיינע תלמידים קענען נאָך עד היום ניט פאַרגעסן זיין שאַרפקייט אין אויסטייטשן אַ שטיקל גמרא.

ער לעבט אַדורך די צווייטע וועלט־מלחמה מיט גרויסע ליידן. דער מורא־דיקער חורבן, וואָס האָט געטראָפן דאָס אידישן פאָלק אין תרצ״ט־תש״ה צעברעכט אים אינגאַנצן... ער לעבט־אויף ווען זיין איידעם, גרינדער און ראש־הישיבה פון גייטסהעד (ענגלאַנד), הרב הגאון נחמן דוד לאַנדינסקי זצ״ל, און זיין פרוי און קינדער קומען קיין אַמעריקע. איצט האָט ער מער מיט וועמען צו רעדן אין תורה. ער רעדט מיט זיין אייניקל, יעקב לאַנדינסקי, גאַנצע טעג אויפן טעלעפאָן. ער טראָגט זיך אַרום מיט אַ פולער קעשענע ניקלס, כדי צו רופן אים פון אַ באַצאָלטן טעלעפאָן לעבן זיין „סטענד״.

עס געשעט אויך אַמאָל, אַז בשעת ער פירט מיט זיין אייניקל אויפן טעלעפאָן אַ טיפן שמועס וועגן תורה, שרייט זיין ווייב: „הענעך! הענעך! — אַ קונה! אַ קונה!״

הענעך בעט־איבער זיין אייניקל און זאָגט: „יאַנקעלע, גיי נישט אַוועק, איך רוף דיך באַלד צוריק...״

הענעך לויפט צום קונה, דער קונה וויל נאָר וויסן דעם פרייז. הענעך לויפט צוריק פאַרצוזעצן דעם שמועס מיט זיין אייניקל. אויף זיין ווייבס פראַגע, צי דאָס איז געווען אַ קונה, ענטפערט ער: „ווייס איך וואָס! דער שטן איז מקטרג, ער זעט אַז איך רעד אַ וואָרט תורה...״

אָבער דאָך באַשליסט ער צו פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל. ער רעדט און אַגיטירט: „גענוג, שוין אויפגעבויט פּתם און רעמסס, גייט אַרויס פון גושן, געדענקט, שרייט ער, וואָס האָט פּאַסירט!״

אין 1952, ווען אַן עולם פון פריינד און משפחה געזעגנט זיך מיט אים אויפן דעק פון דער שיף „ירושלים״, גייט הענעך אַרום אַ צעשטראַלטער. זיין פנים שיינט פון פרייד. די קאַרבן פון פנים זיינען פאַרשוואונדן. ער רעדט, ער איז באַ־גייסטערט: „אָט באַלד וועל איך זיין אין ארץ הקדושה און לעבן רבין...״

אָט אַזוי האָבן געלעבט צוויי ליכטיקע געשטאַלטן,ביידע ברידער. הענעך,

# שטערן אין דער נאַכט

**אין ארץ־ישראל, טאַקע נישט ווייט פון רבין, איז אַוועק פון דער וועלט האַלטנ־דיק דעם „שפת אמת”, און אברהם בעזאַזע האַט אין זיינע לעצטע ווערטער אויסגעשעפטשעט צו זיין טאַכטער לאה: „געדענק דעם שפת אמת!”**





**די ברידער בעזאזע זצ״ל**



# גרשון ווענגראָווסקי

## מיט אַמשינאָווער חסידים אין באָראָ פּאַרק

איך געדענק, ס׳איז געווען אַ בין הזמנים, אָן אַן עול פון אַ רבין, מיר דער־וויסן זיך: מאָרגן קומט פאָר דאָס גרונט־שטיין־לייגן פון דער זומער־קאָלאָניע פון דער „בית־יעקב״ באַוועגונג אין פוילן אויפן נאָמען „יהודית״. צו דער שמחה קומען אַ סך חשובע געסט פון וואַרשע און אומגעגנט. מיר דערוואַרטן אַזעלכע געסט, ווי ר׳ יצחק מאיר לעווין ז״ל, ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן הי״ד, ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן הי״ד און אויך שרייבערס פון דער אָרטאָדאָקסישער צייטונג „דאָס אידישע טאָגבלאַט״.

ווי דער יושב־ראש פון די צעירי אגודת ישראל, אַלטער צוקער ז״ל, קלערט אונדז אויף, וועט דאָס זיין אַ זייער שיינער מאָדערנער בנין מיט קאַנאַליזאַציע. מיר ווילן וויסן וואָס דאָס מיינט. ער גיט אונדז צו פאַרשטיין: דאָס מיינט, פשוט, אַז ס׳וועט גיין וואַסער פון דער וואַנט, אַנשטאָט פון אַ ברונע, פונקט ווי אין די וואַרשעווער הייזער און ניט ווי ביי אונדז אין דלוגאָשאָדלע. מיר פרעגן שוין ניט מער קיין פראַגעס. אַלץ איז פאַרשטענדלעך.

צו מאָרגנס גרייטן מיר זיך אויפצונעמען די געסט. יעדער איינער פון אונדז טוט אָן זיינע בעסטע מלבושים, מיר זאָלן אויסזען לייטישער. איך האָב געהאַט דעם כבוד צו זיין אין דער גרופּע וואָס האָט געוויזן ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן אונדזער שטעטל, די חסידים־שטיבלעך, אַמשינאָווער און גערער, דעם בית־המדרש, דעם רבס שטוב און די מקוה — דאָס גאַנצע רייכטום פון שטעטל. צום סוף האָט מען אים געוויזן דעם לאָקאַל פון די צעירי אגודת ישראל, וואָס האָט זיך דאַן געפונען אויף אַ בוידעם־שטיבל.

דער נאָמען ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן איז אונדז געווען גוט באַקאַנט פון די אָרטאָדאָקסישע יוגנט־בלעטער און פון „בית־יעקב״־זשורנאַל. אָבער, אינה דומה שמיעה לראייה; עס איז ניט גלייך דאָס הערן אָדער לייענען צו דעם וואָס מיר זעען אַצינד. אַ פּאָר שוואַרצע שטראַלנדיקע אויגן מיט אַ טונקל פּנים באַדעקט מיט אַ קויל־שוואַרצער באָרד. ער רעדט מיט אונדז מיט אַזאַ פריילעכקייט און היימישקייט וואָס מאַכט אונדז פאַרגעסן אַז מיר האָבן דאָ אַ גרויסן שרייבער און פילאָסאָף. מיר גייען פאַרביי אַ סאָדע־וואַסער־געוועלב, קויפט ער פאַר אונדז סאָדע־וואַסער. בעת מיר טרינקען דאָס סאָדע־וואַסער, קומט אַריין אַ פּויער און קויפט אַ גלאָז סאָדע־וואַסער מיט סאָק (סיראָפּ). ער מישט דעם סאָק און דאָס

# שטערן אין דער נאַכט

וואַסער קאָכט. ער טרינקט מיט אַ שטאַרקער הנאה, מיט באַנעצטע וואָנצעס. שרייט דער פּויער: „עס קאָכט און עס קאָכט און עס איז קאַלט״.

אונדזער גאַסט קוקט אויפֿן זייגער און זאָגט: „ס׳איז שוין צייט צו גיין צו דער שמחה״. מיר קומען צו דער פֿייערונג פֿון גרונט־שטיין־לייגן. מיר הערן די שטימע פֿון ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן. זיין רעדן איז פֿול מיט שאַרפֿזין. זיין מלכותדיקע צורה באַשיינט די אויפֿגעשטעלטע טריבונע. באַלד נאָך אים רופֿט דער פּאַרזיצער, משולם קאַמינער, אונדזער גאַסט ווי דעם צווייטן רעדנער. אויף דער טריבונע באַווייזט זיך ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן. זיינע שוואַרצע אויגן צינדן זיך מיט פֿייער. ער דערציילט וואָס ער האָט ערשט ניט לאַנג געהערט פֿון פּויער ביים טרינקען די סאָדע־וואַסער מיט סאָך: „עס קאָכט און עס קאָכט און עס איז קאַלט״. ער ווענדט זיך צום עולם: „קאָכן זיך אָן מעשים טובים מיינט גאָרניט!״

ס׳ציטערט אויף אין מיין זכרון דאָס מעכטיקע קול פֿון גרויסן מענטש, ר׳ יהודה לייב אָרלעאַן. די ווערטער גייען מיר נאָך אַזוי פֿיל יאָרן, זינט 1930, פֿון דעם קליינעם שטעטל ביז ניו־יאָרק. „עס קאָכט און עס קאָכט און עס איז קאַלט!״ אָט די זעלבע ווערטער רעדט צו מיר אַצינד ר׳ יעקב דער אַמשינאָווער חסיד. „דו פֿאַרשטייסט״, טענהט ער צו מיר. „ס׳מאַכט זיך אַז דאָס דאַווענען איז עפּעס ניט ווי עס דאַרף צו זיין און דאָס לערנען איז אויך ניט ווי געווען. ס׳איז ניטאָ דער רגש. עס קאָכט און עס קאָכט און ס׳איז גאָרניט. ס׳איז ניטאָ דער אינער־לעכער ווילן״.

מיט ר׳ יעקבן האָב איך זיך באַקאַנט דורך אַ צופֿאַל. איך שטיי און רעד מיט אַ איד מכוח פּרנסה. אונדזער אידיש קלינגט הויך און שאַרף. קומט צו אַ איד און ער בעט מיך איך זאָל ניט האָבן קיין פּאַראיבל. ער וויל וויסן צי איך בין ניט פֿון זיין שטעטל. ער ווערט מלא שמחה, ווען מיין ענטפֿער איז „יאָ״. אַצינד גייט אַוועק אַ שמועס מיט פֿראַגעס און ענטפֿערס וועגן שטעטל. ער גיט מיר צו פֿאַר־שטיין: „ווען איך הער דעם קלאַנג פֿון מיין שטעטל, בין איך אין דער זעלבער לאַגע ווי יענער קאָמפּאָזיטאָר וואָס האָט דעם קלאַנג, די מוזיק, און זוכט די ווערטער. איך גיי ניט אַוועק ביז איך געפֿין אויס אַלץ גענוי. האָב איך ניט געטראָפֿן, מילא, בעט איך איבער. אָבער אַז איך טרעף, מיינט עס פֿאַר מיר אַן אוצר. איך האָב געפֿונען די ווערטער. מיין געדאַנק טוט זיך אויף אַ ווייל פֿאַר־אייניקן מיט די קדושים וטהורים״.

ער דערמאָנט מיר אַז ג׳ שבט פֿאַלט אויס דער יום הילולא פֿון אדמו״ר ר׳ יוסף קאַליש זצ״ל פֿון אַמשינאָוו. „זאָל מען גיין! דו פֿאַרשטייסט?״ זאָגט ער. „די

סביבה, די התנהגות פון רבין ברענגט עפּעס פאַר דער נשמה. זאָל מען זיך טרעפן ביים רבין!״

אָט זיצט מען ביים רבין אין בית־המדרש. מיר זעען חסידים, פריילעכע, אָן דאגת פרנסה. דאָס רעדן און שמועסן אין לערנען זענען מיר אַזוי גוט באַקאַנט. אָט זע איך ווי אַ איד שטופּט זיך דורך מיט אַ חומש צו ווייזן אַז ס׳איז דאָ אַ בפירושע רש״י פּונקט פאַרקערט. אַזוי היימיש. מיר זעען חסידים נאָך פון אַמאָל, פון פּוילן, מיט זייער באַשיידענעם פלאטער און ברען. אָט זע איך, אַ יונג קינד זיצט איבער אַ גרויסער גמרא און לערנט געשמאַק. איך בין אים מקנא. מען זעט אַז דאָס קאָכן איז באַגלייט מיט גרויסע מידות און מעשים טובים. מיטן אַריינקומען און דאַוונען מעריב פון אדמו״ר ר׳ יצחק קאַליש שליט״א, דעם אַמשינאָווער רבי פון באָראָ־פּאַרק, הייבט זיך אָן די סעודה־הילולא.

איך דערצייל ר׳ יעקבן מיין שייכות מיט אַמשינאָוו און ווי איך געדענק דעם רבין ז״ע. אַז מען רעדט פון אַמשינאָוו טוט מיין זכרון לויפן, פּונקט ווי אין אַ פילם ביים דרייען צוריק... אָט קומט אַריין מיין קוזין שמחה בונים און זאָגט מיר אַז דער אַמשינאָווער רבי קומט. „מען איז שוין אַרויסגעפאָרן מיט אַ קאָטש צו דער באַן״, גיט ער צו מיט איין אָטעם. איך לויף מיט אים צו דער באַן־סטאַנציע. מיר לויפן שנעל ביז מיר הערן הינטן בילן. דאָרטן בלייבן מיר שטיין, ווייל מ׳האָט מורא ווייטער צו גיין. אָבער ווען מיר זעען פון דערווייטן אַז דער רבי קומט, לויפן מיר אַנטקעגן. מיר פאַראייניקן זיך מיט דעם גאַנצן שטעטל אידן. זיי גייען און זינגען אַן אַמשינאָווער חסידישן ניגון.

מיין קוזין שמחה בונים געפינט אַ שטעקן. זאָגט ער: „אַצינד זאָלן די הינט זיך באַווייזן, וועל איך זיי שוין מכבד זיין!״ אָבער מ׳האָט ניט געדאַרפט, ווייל די גויים האָבן געהאַלטן די הינט ביי זיך. זיי האָבן געזאָגט: „דער ראַבין פאָרט!״

ווען דער עולם מיטן רבין קומען שוין אין שטעטל, לויפן מיר אַהיים מיט דער בשורה, אַז דער אַמשינאָווער רבי איז שוין דאָ. מיר האָבן אים שוין געזען.

די זעלבע וואָך איז די באָבע מיט מיין מאַמען געקומען אין חדר. דער רבי איז פּונקט געשטאַנען איבער מיר מיטן טייטל ביים זאָגן פון פאָרנט דאָס דאַוונען. זיי זאָגן צום רבין: „מ׳וויל אים נעמען צום אַמשינאָווער רבין, ער זאָל אים געבן אַ ברכה״. דער רבי זאָגט מיר אַן איך זאָל באַלד קומען צוריק, צו ענדיקן דאָס דאַוונען.

בעת די מאַמע שרייבט דאָס קוויטל ביים משמש, לערנט מיך די באָבע ווי אַזוי איך זאָל זיך פירן ביים רבין: איך זאָל זאָגן דעם רבין, איך וויל אַ ברכה, און

## שטערן אין דער נאַכט

ביים גיין צוריק זאָל איך אָוועקגיין פונקט ווי פון אַ ספר תורה. און זי ווייזט מיר ווי אַזוי איך זאָל זיך ניט אויסדרייען. ביי דער טיר פון רבין וואַרטן אַ סך חסידים. אַלע ווילן אָנקומען צום רבין. די באָבע גיט מיר דאָס קוויטל, און מיט דרייסט־קייט בעט זי דעם עולם, זיי זאָלן דורכלאָזן דעם יתום צום רבין, ער דאַרף גיין אין חדר אַריין.

מ׳פירט מיך צוריק אין חדר אַריין. דער מאַמען פאַרדריסט. זי זאָגט, מ׳האָט געקענט וואַרטן, ניט צו מאַכן קיין טומל. אָבער די באָבע זאָגט: „ס׳מאַכט ניט אויס, אַן אלמנה פון דריי פּיצלעך קינדער דאַרף אַמאָל האָבן אַביסל חוצפּה״. איך דערצייל מיט אַלע איינצלהייטן וועגן מיין אַריינקומען און אָוועקגיין פון רבין, ווי דער רבי האָט מיך פאַרהערט פון אַ סידור. מיין פעטער אברהם נתן לויפט דורך. „נו״, זאָגט ער, „דו ביסט שוין געווען ביי דעם אַמשינאָווער רבין! טאָ זאָג מיר וואָס איז די נפקא מינה פון דעם רבין ביז דיין רבין״. איך וויל אים שילדערן אַ רבי מיט אַ קאַפּעליוש. ער רייסט מיר איבער און ער זאָגט צו דער באָבען און מיין מאַמען אַז מ׳קען שוין דאַוונען. מען דאַרף אַצינד וויסן ווי אַזוי צו דאַוונען! זאָל מען האָפן אַז ער וועט אַמאָל פאַרשטיין. די מאַמע זאָגט: „אַוודאי וועט ער פאַרשטיין״. „ער פאַרשטייט שוין״, זאָגט די באָבע.

מיר קומען נאָענט צום חדר. זאָגט די מאַמע, זי מוז גיין אַהיים. זי דאַרף צושטעלן עפּעס צו קאָכן. איך דערצייל דער באָבען וועגן מיין לערנען אין חדר, אַז איך קען שוין זאָגן אַליין קדיש, איך דאַרף שוין ניט מ׳זאָל מיר העלפן. די באָבע נעמט מיך אַרום און מאַכט מיר נאָס מיין פּנים מיט טרערן.

אַ איד רייסט מיר איבער מיין דערציילונג צו ר׳ יעקבן. ער זאָגט אונדז אַ דבר תורה. אידן ריידן אויף דער טעמע פון טאָג, וועגן „ויותר יעקב לבדו״. אַן אומבאַקאַנטער איד שרייט: „אידן! פאַר וואָס זאָרגט איר זיך? אַזוי איז עס און אַזוי וועט עס זיין. ער ברענגט דעם פּסוק „ויפּול על צואריו וישקהו ויבכו״. פרעגט ער: פאַר וואָס האָט יעקב געוויינט? דער ענטפער איז: אַז עשו קושט, וויינט יעקב. דאָ, אין אַמעריקע הייבט זיך אָן דאָס אמתקע קושן פון די קאַלעדזש־בענק. דעריבער איז דאָ 33 פּראָצענט געמישטע חתונות... ער זאָגט עס מיט אַ טאָן פון אומעט און ווייטיק: אויף דעם וויינט יעקב! אידן פירן זיך, אַז מען דאַרף עפּעס האָבן צו טאָן מיט עשון, לערנט מען די פּרשה וישלח. נו, זאָל מען אַריינקוקן אין דער פּרשה. דאָרטן זעט מען, אַז יעקב גיט עשון מתנות, ווייל פאַרקערט, אַז עשו זאָל געבן, דאָס גלויבט ניט קיין איד. ביי אידן האָט מען געזאָגט, אַז אַ גוי נעמט, איז גוט. שלעכט איז נאָר דאַן, ווען ער נעמט ניט... עשו

# גרשון ווענגראָווסקי

גיט נאָר מעשר פון שטרוי. מיט עשון דאַרף מען רעדן פשוטע ווערטער, ניט פאַרשטעלט: „עם לבן גרתי ותרי״ג מצוות שמרתי״. יעקב זאָגט צו עשון פשוט: איך בין גרייט לדורון לתפילה ולמלחמה. איך בין גרייט מלחמה צו האַלטן איבער אַ קוצו של יו״ד. געדענק, אַט אַזעלכע קלאָרע ווערטער דאַרף מען רעדן צו עשון. עשו פאַרשטעלט זיך אין פאַרשיידענע פאָרמען. עשו הייבט אָן צו רעדן מיט יעקבס קול, אַזוי ווי מיר האָבן עס דורכגעמאַכט: גלייכהייט, פרייהייט, ברידערלעכקייט, רוסלאַנד, פוילן! און מ׳קלאַפּט בראַוואָ, ווען אַ גוי רעדט אַ גוט וואָרט, דאַן איז גאָר געפערלעך און ביטער, ווייל מען פאַרגעסט אַז „והידים ידי עשו״. וואָס איז געווען דער סוף: עקזעקוציעס, טורמעס, פאַרשמוצט, באַשפּיגן און אַרויסגעוואָרפן, געמאַכט פון אַ גאַנץ לאַנד אַ קאָנצענטראַציע־לאַגער. ביז דעם היינטיקן טאָג שטייט נאָך די רויטע גרענעץ־וואָך מיטן פּנים צו רוסלאַנד, ניט פאַרקערט. מ׳גיט גוט אַכטונג קיינער ח״ו זאָל זיך ניט אַרויסרייסן פון דעם גן־עדן. דרך אגב, רוסלאַנד איז געווען דאָס ערשטע לאַנד, וואָס האָט באַשאַפן אַזעלכעס וואָס הייסט קאָנצענטראַציע־לאַגער.

דער אומבאַקאַנטער איד קומט צוריק צו דער טעמע „יעקב אַליין״. צי קען מען פאַרגעסן — פרעגט ער — ווי דער גוי האָט געקוילעט און דער חזיר האָט געקוויטשעט (דעריבער רופן אידן „בשר קוויטש״). זיין שכן חיים יאַנקל שוחט האָט זיך געלערנט שטעלן דעם חלף און ער איז געלאָפן צום רב אַז דער רב זאָל בודק זיין צי דער חלף האָט ניט קיין פגם. אַט אַזוי האָבן אידן געלעבט, און אַזוי וועלן אידן לעבן, באַזונדער!

אין דעם זאַטן גלות מיינען אידן אַז דאָ איז אַנדערש. מאַכן זיי אַ גרויסן טעות. דאָ דאַרף מען אַצינד מאַכן הבדלה. דאָ, ווייל מ׳איז זאַט, דאַרף מען געדענקען צו מאַכן דעם המבדיל בין ישראל לעמים, בכדי דער חול זאָל זיך ניט אויסמישן מיט קודש, און דאָס ביסל ליכטיקייט זאָל ח״ו ניט פאַרוואַנדלט ווערן אין פינצטערניש.

מיר זיצן צוזאַמענגעדריקט ביים טיש און הערן די גאָלדענע ווערטער פון דעם איד, וואָס וויל ניט זאָגן פון וואַנען ער איז. ווען ר׳ יעקב פרעגט אים, זאָגט ער: „איך געדענק שוין ניט״. אָבער ר׳ יעקב זאָגט: „אין איינס בין איך זיכער, אַזוי רעדט אַן אַמשינאָווער חסיד!״ ר׳ יעקב גיט מיר צו פאַרשטיין דעם מהות פון אמשינאָוו, אַז אהבת המקום גייט צוזאַמען מיט אהבת ישראל, און כלל ישראל מיט דער ליבשאַפט צו כלל ישראל. האָבן זיי זיך דערהויבן גאָר הויך. די התנהגות פון אמשינאָוו: ביי זיי אַ וואָרט — דער וואָס קען אמשינאָוו וועט דיר

# שטערן אין דער נאַכט

זאָגן ווי הייליק און טייער איז אַ וואָרט. מען זאָגט נאָך פון הרה״ק מנחם מענדל זצ״ל פון וואָרקע, אַז עלטער זיידע פון היינטיקן אַמשינאָווער רבין, ווי ער האָט אויסגעטייטשט: ארצה שעיר, רש״י זאָגט, כל תיבה שצריכה ל׳ בתחילתה הטיל לה הכתוב ה׳ בסופה. האָט ער געפרעגט: צו וואָס דאַרף מען דאָס? סוף כל סוף דאַרף מען דאָך שטעלן אַן אַנדער אות אויף דעם אָרט. נאָר דאָס לערנט אונדז די הייליקייט פון וואָרט. אויב דו קענסט דאָס וואָרט זאָגן שפּעטער טאָ זאָג עס ניט פריער.

שפּעט אין אָוונט, ווען מיר גייען אַהיים פון דער סעודת הילולא, זאָגט ר׳ יעקב: „איך האָב זיך געפילט אַזוי פאַרלוירן און צעבראָכן, און מיט אַ סך דאגות באַלאָדנט, אָבער אַצינד האָב איך אַן אַלץ פאַרגעסן. איך זע אַצינד די ליכטיקע געשטאַלטן פון אַמשינאָוו. זיי האָבן פאַרזייט ליכטיקע שטראַלן צו פאַרטרייבן פינצטערניש פון די שטעט און שטעטלעך פון פוילישן גלות. און דאָס פייער און די שטראַלן האָבן זיך דורכגעריסן אַזש קיין אַמעריקע״.

ר׳ יעקב זאָגט: דו ווייסט, מיין פריינד, וואָס איך וועל דיר זאָגן? אַמשינאָוו, אפילו אין אַמעריקע, איז קאָכעדיקע אידישקייט. עס קאָכט. ס׳איז הייס פייער, וואָס וועט קיין מאָל ניט פאַרלאָשן ווערן.



## גרשון ווענגראָווסקי

# דער קורצער פרייטיק ביי מיין באָבע פייגע לאה

שבת בין־השמשות פלעגט די באָבע פייגע לאה אָנהויבן צו זאָגן „ג־ט פון אברהם, פון יצחק, און יעקב, באַהיט דיין פאָלק ישראל פון אַלץ שלעכטס, אונדזער ליבער שבת־קודש גייט אַוועק, די וואָך, וואָס קומט אָקעגן, זאָל צו אונדז קומען צו געזונט און פרנסה, צו מזל און ברכה, צו גליק און הצלחה". דאָ איז זי שטיין געבליבן און דערמאָנט אַלעמען אין שטוב, אַז היינטיקע וואָך איז דער „קורצער פרייטיק". און נאָך דעם ווי מיין זיידע ברוך מרדכי איז געקומען פון שלש סעודות און מעריב, געמאַכט הבדלה, האָט די באָבע איבערגעזאָגט פאַר די אַנדערע קינדער וועגן דעם. און שטילערהייט האָט זי זיך געוואָנדן צו דער טאָכטער יהודית, שוין אַ מיידל וואָס שטייט אין שידוכים: „ניט קיין שטריקן, קיין העפטן און קיין שלייסן פעדערן פאַר די פוכענע דעקן און קישנס, פאַר דיין אויסשטייער — אין דער וואָך פון ‚קורצן פרייטיק'". און באַלד געמאַכט אַ חשבון, אַז ס'האָבן זיך אָנגעזאַמלט אַ צוויי באַליעס וועש, און ס'איז שוין כמעט ניטאָ קיין ברויט. מען דאַרף וואַשן און באַקן ברויט און חלות אויף שבת. און אַזוי איז דאָ אַ סך צו טאָן אין הויז, ס'זאָל ניט זיין אַזוי אָפּגעלאָזן.

באַלד זונטיק, אין די מאָרגן־שעהן, ווען די באָבע גרייט צו דעם מאָרגן־מאָלצייט פאַר אַלעמען, איז שוין די טאָכטער פאַרנומען מיט צוגרייטן די וועש צום וואַשן. דער זיידע פּרובירט אָפּרעדן: „היינט, אין אַזאַ פראָסט, וואַשן?" פרעגט ער. „איך בין אַצינד געגאַנגען אין גאַס, דער פראָסט סקריפּעט אונטער די פיס. דו קענסט זען דורך די פענצטער ווי דער פראָסט האָט זיך אַוועק־געלייגט און ליגט אָן אַ סימן פון אָפּלאָזן".

ער גיט איר צו פאַרשטיין אַז אַרום דער ברונע איז פול מיט אייז. ס'איז אומ־מעגלעך צוצוקומען. אָבער די באָבע האַלט זיך שטאַרק ביי איר מיינונג, אַז מען מוז היינט וואַשן. עס קומען אַריין די צוויי זין פון דאַוונען. אברהם נתן זאָגט: „ס'איז דאָ אַ רמז אין דער סדרה ‚וארא' אַז דער פראָסט וועט אָפּלאָזן און צעגיין. עס ווערט דערמאָנט אין פרשת ‚וארא': „קרח ונפג וזכרי". דאָס מיינט אַז דער פראָסט וועט צעגיין און עס וועט ניט בלייבן קיין זכר. און ער דערציילט ווי פאַראַיאָרן ווינטער איז געווען אַ גרויסער פראָסט מיט שטאַרקע ווינטן. די פענצטער זענען געווען פאַרקאָוועט מיט אייז נאָך מער ווי דעם היינטיקן

# שטערן אין דער נאַכט

ווינטער. און ווען ס׳איז געקומען צו דער סדרה ,וארא׳ איז דער פראָסט אויף די פענצטער שוואַרץ געוואָרן און האָט אָנגעהויבן אָפּצולאָזן און צעגיין און ס׳איז געוואָרן וואַרעם ווי פאַר פּסח.

„נו״, זאָגט די באָבע, „וואַרט ביז ,וארא׳! ס׳איז אַצינד ,ויחי׳״. און דער זיידע רעדט זיך דורך מיט דער באָבען וועגן דעם אייז ביי דער ברונע. ער נעמט שאַרפע זאַכן מיט זיך, און די צוויי זין גייען אים נאָך. זיי רייניקן אָפּ דאָס אייז פאַר אַ וועג צו דער ברונע. די מענער ברענגען אַריין וואַסער און ווען וואַסער איז שוין דאָ לרוב, ברענגען זיי האָלץ.

די באָבע איז פאַרבונדן מיט פאַטשיילעס, איינע איבער דער אַנדערער. אַזוי איז די טאָכטער אָנגעטאָן שטאַרק וואַרעם. זיי העלפן אַריינברענגען האָלץ. ווען האָלץ איז געווען גענוג, גייען די מענער צו זייער אַרבעט, כדי אַריינצוברענגען פּרנסה. און די באָבע און טאָכטער נעמען זיך צו דער ערשטער אַרבעט פון דער וואָך, וואַשן די וועש. די באָבע טיילט אָפּ דאָס נאַסע האָלץ פון די טרוקענע. די נאַסע לייגט זי אַרום דעם אויוון און טיף ווייט פון דער פּליטע אין קיך, דאָס פייער זאָל ניט האָבן קיין שליטה, עס זאָל זיך נאָר בלויז טריקענען. זי זאָגט אַז נאַס האָלץ איז אַ ריינער דלות.

זי זוכט אין האָלץ „קין־האָלץ״. יעדעס שטיקל קין איז אַ שטיק אוצר. איין קליינקייט, אַ שטיקל קין. פּרוביר, גיי מאַך פייער אָן אַ שטיקל קין. מ׳קען דעם אָטעם אַרויסבלאָזן איידער דאָס האָלץ צינדט זיך אָן. און נאָך דערצו היינט, אין ווינטער. „אָט נעכטן״, דערציילט זי, „האָט אברהם נתן זיך ניט געפילט אַזוי גוט. האָב איך אים געוואָלט מאַכן אַ גלאָז באַווארקע. נו, האָב איך ניט געהאַט קיין שטיקל קין־האָלץ. איז בשום אופן האָב איך דאָס ביסל וואַסער ניט געקענט אויפ־קאָכן״. זי ווייזט דער טאָכטער: „אָט דאָ לייג איך אַוועק די קין, געדענק! אַ שטיקל קין קען ברענגען צו מחיה נפשות״.

אַזוי גיט זי צו פאַרשטיין דער טאָכטער, מאַכנדיק דאָס פייער אין קיך. און ווען דאָס פייער האָט זיך שוין געהאַט צעברענט, און די פּליטע איז שוין געווען וואַרעם, האָט זי אַרויפגעשטעלט אַ גרויסן קעסל מיט וואַסער. און ווען דער קעסל מיטן וואַסער האָט גענומען זידן און קאָכן, גיסט זי אַרויף דאָס וואַסער אויף די וועש, וואָס ליגט שוין אין דער באַליע, און די וועש טוט זיך ווייקן ביז איבער נאַכט.

דינסטיק, אין דער פרי, שטייט מען אויף מיט פרישע כוחות. מ׳דאַרף ברענגען נאָך וואַסער און האָלץ, ווייל די וועש מוז ווערן געקאָכט און געשוואַנ־

קען אַ פּאָר מאָל. „זומער צייט״, זאָגט די באָבע, „איז דאָס שווענקען געווען ביים טייך, אויסגעשוואַנקען און אויסגעקלאַפּט מיט דער קיאַנקע. ס׳איז געווען אַ סך גרינגער, אָבער ווינטער איז ניטאָ קיין עצה, מוז מען אַלץ טאָן אין שטוב און אויפן וואַש־ברעטל״.

מיטוואָך, פאַר זון־אונטערגאַנג, איז שוין די גאַנצע וועש געהאַנגען אויפן בוידעם צו טריקענען, און אַ סך פון די וועש, די מער ניצלעכע, איז שוין, לויטער קלאָר און ליכטיק, געלעגן אין די שופלאַדן פון דער קאָמאָדע, פאַר יעדן איינעם אין זיין שופלאָד.

אַצינד האָט מען זיך גענומען צו באַקן דאָס ברויט. מ׳ברענגט אַריין די דייזשע. זויערטייג איז שוין דאָ, ווייל פון איין באַקן צום צווייטן איז איבער־געבליבן זויערטייג, און מען נעמט זיך צו מאַכן אַ ראָשטשינע. ווען די ראָשטשינע איז פאַרטיק, דעקט מען זי צו מיט קישנס, כדי דאָס וואַרעמקייט זאָל צויאָגן דאָס יערן פון טייג. דערווייל שטייט קיינער ניט ליידיק. מ׳וואַשט דעם מילטער צו קנעטן דאָס טייג. מען הייצט איין דעם אויוון. דאָס ברויט באַקט די באָבע אַליין. זי וויל ניט אַז אימעצער זאָל איר העלפן. זי זאָגט: „אַצינד, טאָכטערשי, גיי פּוץ אָפּ די לייכטערס און דעם חנוכה־לאָמפּ. ס׳איז שוין צייט מ׳זאָל אים אָוועקשטעלן ביז איבער אַ יאָר, מען זאָל נאָר לעבן און זיין געזונט״. די טאָכטער פרעגט: „אפשר מאָרגן?״ „האַ, מאָרגן, דאָנערשטיק, מוז מען אַלץ טאָן, באַקן די חלות אויף שבת און צוגרייטן סעודות־שבת. אויף מאָרגן שטייט די וועלט, מיין קינד, ווייל פרייטיק טאָר ניט אַריינגיין אין חשבון. וואו מען טוט זיך אַ דריי, איז שוין נאָכן טאָג״.

דאָנערשטיק. די מאַמע און טאָכטער האָבן זיך גענומען צו שיילן מערן און קאַרטאָפל פאַרן טשאָלנט און צימעס. די באָבע איז געלאָפן, געקויפט פיש. באַלד גרייט זי די פיש צו קאָכן. מיט די חלות פאַרנעמט זיך די טאָכטער, נאָר זי דער־מאָנט איר צו נעמען חלה און מאַכן די ברכה. די באָבע זאָגט שטיל: „קיין שום עין־הרע זאָל איר ניט שאַטן, ווי אַזוי זי פלעכט חלות און מאַכט אַזעלכע פייגל־חלות. איך ווייס ניט וואו זי האָט זיך אויסגעלערנט״.

עס קומט אַריין אַ חברטאָרין צו דער טאָכטער. זיי צערעדן זיך וועגן אַן אָפּגעלאָזטן שידוך. די באָבע פאַרשטייט אַז דער שמועס איז פאַר שעהן. באַלד רופט די באָבע אַריין די טאָכטער אין גאַסט־צימער. „האַ, נייַן!״ זאָגט זי. „ניט היינט איז די צייט פאַר די שמועסן. היינט, דאָנערשטיק ביינאַכט, און מאָרגן איז דער קורצער פרייטיק! איך בעט דיך, מיין קינד, לייג אָפּ דעם שמועס אויף שבת.

# שטערן אין דער נאַכט

בעט איר איבער. שבת וועט זי זיין ביי אונדז אַ גרויסער גאַסט. אַצינד דאָ, ביים קאָכן, ווערט קיינער פון שטוב ניט פאַררעכנט. יעדער איינער איז דאָ אין חשבון. דאָס האָט ליב אברהם נתן. דאָס האָט פרץ ניט ליב".

זי געדענקט וועגן יעדן איינעם און שטייט ביי דער קיך און גיט צו פאַר־שטיין דער טאָכטער וואָס מיינט צו זיין אַ בעל־הביתטע.

די טיר עפנט זיך און עס קומט אַריין די שכנטע גישע. „מיין טייערע פייגע לאהשי מיין זון איז עפּעס פלוצלינג אַוועקגעפאַלן מיט היץ. איך בעט אייך, קומט אַריין, גיט אַ קוק. איר זענט דאָך שטענדיק זיין דאָקטער". „יאָ", זאָגט די באָבע, „מבקר חולה צו זיין מוז שטענדיק זיין צייט, אפילו היינט". און זי זאָגט אָן דער טאָכטער וויפל זאַלץ דאָ, און וויפל פעפער אַריינגעבן דאָרטן. און זי זאָגט הויך: „מאַך ניט קיין טעות!" און גייט מיט גישען און קומט באַלד צוריק נאָך די באַנקעס און זאָגט: „ס'איז אים גאָרניט. מ'דאַרף אים שטעלן באַנקעס און אויס־שמירן מיט טערפּענטין און ער וועט זיין געזונט".

שפּעטער אין דער נאַכט האָבן זיי זיך גענומען צוגרייטן די געזויערטע איינגעלייגטע קרויט. „וואָסער טעם האָט אַ שטיקל פלייש אָן געזויערטע קרויט?" פרעגט די באָבע און קוקט אַריין אין אויוון און זאָגט: „ג־ט צו דאַנקען, די בייגעלעך און די עפּל־קוכן איז שוין פאַרטיק", און ווענדט זיך צו דער טאָכטער זי זאָל מאַכן טיי פאַר אַלעמען און אַריינטראָגן אין גאַסט־צימער. זיי זיצן און לערנען אַ גאַנצן אָוונט. דאַרפן זיי נעמען עפּעס אין מויל אַריין.

די טאָכטער, זייער געשיקט, מאַכט טיי און טראָגט אַריין טיי מיט די בייגעלעך, פרישע פון אויוון אַרויס. אברהם נתן איז ניט צופרידן, ווייל מ'האָט אים איבערגעריסן די געדאַנקען פון אַ שווערער סוגיא אין דער גמרא. אָבער דער זיידע שרייט אַריין: „ס'איז טעם גן־עדן, פייגע לאהו!" די באָבע ענטפערט צוריק: „דאָס האָסטו צו פאַרדאַנקען דיין גראַטענער טאָכטער יהודית". און גיט צו: „אַליין עסט זי בלויז דעם ראָזשיק, אָבער קאָכן און באַקן קען זי בעסער פאַר אַלעמען".

די באָבע פּרובירט אָפּלענען די טיר, אָבער דער פראָסט און ווינט צווינגען איר אַריינצונעמען צוריק דעם קאָפּ. „מ'קען ניט די נאָז אַרויסשטעקן", זאָגט זי צו דער טאָכטער, „און מיר דאַרפן נאָך האָלץ און וואַסער".

די מענער שרייען: „מיר גייען! מיר גייען!" די באָבע גיט אַכטונג אַז אַלע זאָלן זיין אָנגעטאָן וואַרעם. דער זיידע טראָגט דעם עמער וואַסער. די זין טראָגן דאָס האָלץ. דער זיידע זאָגט: „ס'פּילט זיך ניט אַז דער פראָסט זאָל עפּעס נאַכ־

לאָזן, און מאָרגן איז ערב שבת". די באָבע וויל אויפהענגען די געפּרעסטע פּאָר־האַנגען. „איך קען ניט קוקן, אַ שטוב זאָל אויסזען ווי אַ הקדש". אָבער דער זיידע מישט זיך אַריין און זאָגט: „שוין גענוג היינט!"

פרייטיק, באַגינען, ווען די שטערן האָבן זיך נאָך ניט באַוויזן אויסצולעשן אין הימל, שטייען שוין די באָבע און די טאָכטער אויף די פיס. זיי גרייטן צו דעם מאָרגן־מאָלצייט פאַר יעדן איינעם. די טאָכטער, נאָכן אויפהענגען די פאָר־האַנגען ביי די טירן און פענצטער, וויל זיך נעמען צו וואַשן דעם דיל. די באָבע זאָגט: „ניט היינט, אין אַזאַ קעלט. מ'וועט בלויז גוט אַרומראָמען און אַרומפּוצן. מיטן וואַשן דעם דיל וועט מען וואַרטן ביז ס'וועט זיין אַ ביסל וואַרעמער". די באָבע לייגט אָוועק פרישע וועש פאַר די מענער פאַרן גיין אין מקוה. זי טוט אַ קוק אין קיך און איז טועם די שבתדיקע מאכלים. זי זאָגט: „ס'איז מעדני מלך", און קוקט אויפן זייגער, „אוי ס'איז שוין נאָך צוועלעף! זעסט, ווי אַזוי די צייט לויפט. מען טאָר ניט פאַרשלאָפן! מיין טייער קינד, דו ווייסט דאָך וואָס היינט איז!" און זי הייסט איר אויסשפּרייטן אַ ביסל געלען זאַמד פאַר דער טיר, קיינער זאָל ח"ו ניט פאַלן.

זי שטעלט אַריין דעם טשאָלנט אין אויוון און פאַרמאַכט דעם אויוון. די טאָכטער זאָגט: „ס'איז שוין כמעט אויסגעברענט דאָס גאַנצע האָלץ". די באָבע קוקט אַריין און פאַרמאַכט דעם שיבער. זי זאָגט: „ס'איז אַ שאָד די וואַרעמקייט זאָל אַרויסגיין אין דרויסן". די טישן ווערן געדעקט מיט שיינע געפּרעסטע ווייסע טישטעכער. די חלות און די לייכטערס שטייען שוין אויפן טיש. דער קרבן־מנחה סידור מיט די „צאינה וראינה" ליגט אין דער נאָענט. אַלץ אַרום זעט שוין אויס שבתדיק.

אָט אָט וויל זיך די באָבע אָוועקזעצן, ווען די טאָכטער דערפילט עפּעס און לויפט צו דער קיך און זאָגט: „אַ סוואָנד! איך פיל אַ סוואָנד, מאַמע!" די באָבע לויפט צו דער קיך. זי נעמט אַ שאַר־אייזן און שאַרט און מישט אין די קוילן. זי פאַרשטייט ניט פון וואַנען עס קומט דער סוואָנד. אָבער ס'איז דאָ אין שטוב אַ סוואָנד און מ'ווייס ניט וואָס צו טאָן. דער סוואָנד ווערט שטאַרקער. מ'האָט מורא פאַר אַ פייער. דער זיידע קומט אָן פון מקוה און נעמט דעם שאַראייזן און זוכט און מישט. ער הייבט מיט די אַקסלען. ער פאַרשטייט אויכעט ניט פון וואַנען עס קומט דער סוואָנד. מען באַשליסט אַריינצורופן דעם שכן יצחק דעם מוליער. יצחק קומט און זוכט ביים קוימען. ער נאַרעט זיך אויס. ער זאָגט: „איך ווייס ניט". און ער צעבייזערט זיך: „ווער קען פאַרשטיין ברוך מרדכיס אויוונס.

## שטערן אין דער נאַכט

איין שטיקל אויוון מיט אַ סך לופט־ווּעקסלערס. ער וויל אַז איין אויוון זאָל וואַרעמען אַזאַ הויז!״ און גייט אַוועק.

די באָבע גורט זיך אָן מיט מוט. זי נעמט אַ גרויסן פּייער־אייזן און זוכט מיטן אייזן ווייט ווייט אין לופט־קוימען. זי דערפילט אַז עפּעס ליגט דאָרטן און זי נעמט אַרויס האָלץ. אַצינד דערמאָנט מען זיך אַז מען האָט פאַרגעסן אַרויסצו־נעמען דאָס האָלץ. דאָס פייער האָט עס ניט דערגרייכט צו פאַרברענען. אָבער דאָס פייער האָט עס אַזוי אויסגעטריקנט אַז ס׳האָט זיך אָנגעהויבן צו טליען, צו מאַכן אַ סוואָנד.

ווען די באָבע האָט אַלץ געשטעלט אויפן אָרט, אַז מ׳זאָל גאָרניט דער־קענען, האָט דער זיידע אויסגערופן: „פייגע לאה, ס׳איז שוין צייט צו בענטשן ליכט!״ און די באָבע ענטפערט: „געלויבט איז ג־ט ברוך הוא, איך האָב ניט פאַר־שפּעטיקט״.

דער זיידע מיט די זין קומען פון קבלת־שבת. די גאַנצע משפחה זיצט ביי אַ שיין־געדעקטן טיש און אַלץ פינקלט. מיט גרויס שטאָלץ העלפן אַלע דעם זיידן זינגען „אשת חיל מי ימצא״.



## יחיאל־יאַנקל קומט צוריק פון אַמעריקע

נחמן איז פול מיט זאָרג. דערהאַלטן אַ בריוו פון יינגסטן ברודער: ער פאָרט אַרויס פון פוילן, אויפן וועג קיין אַמעריקע — און מ׳הערט ניט און מ׳זעט ניט.

ס׳איז דאָס יאָר 1920, נאָך אַ גרויסער וועלט־מלחמה. די וועגן זענען ניט זיכער. עגמת־נפש און זאָרג לאָזן אים ניט שלאָפן גאַנצע נעכט. ער טראַכט: „וואו איז מיין ברודער?"

נחמן לויפט אַרום און פרעגט מענטשן וואָס לייענען צייטונגען: אפשר עפּעס געלייענט, אָדער געהערט? פּלוצלינג קומט אָן אַ טעלעגראַמע. מ׳זאָגט אים אַז זיין ברודער איז אָנגעקומען אין עליס איילאַנד.

נחמן שטייט אַצינד צווישן אַ מחנה געקומענע אידן און גויים און זוכט זיין ברודער. עס דויערט ניט לאַנג און נחמן שרייט אויס: „יחיאל־יאַנקל!" די צוויי ברידער כאַפּן זיך אַרום. נחמן פאַרענטפערט זיך: „איך האָב דיך ניט דערקענט צוליב דיין קאַפּעליוש. מיט יאָרן צוריק, איידער איך בין אַוועק פון דער היים, האָסטו געטראָגן דאָס פּויליש־אידישע היטל מיטן קליינעם דאשעק, אָבער אַצינד — דער קאַפּעליוש פאַרשטעלט דיר דאָס פּנים".

די פרייד פון נחמנען איז געווען אין לשער. זיין ברודער איז דאָ אין אַמעריקע. באַלד וועט ער אָפּנעמען אַ גרוס פון דער מאַמען און פון די אַנדערע ברידער און פון שטעטל.

נחמן זיצט אַצינד מיט זיין ברודער און הערט אויס מיט אַ פאַרכאַפּטן אָטעם די נייעס פון שטעטל. יחיאל־יאַנקל ווייזט פאָטאָגראַפיעס פון דער משפחה. נחמן באַטראַכט די פאָטאָגראַפיעס פונקט ווי דער דימענטן־סוחר — זיינע דימענטן. ער לערנט פון די פאָטאָגראַפיעס אַ סך.

„אוי", טוט ער אַ זיפץ, „די מאַמע האָט זיך פאַרעלטערט, יוסף מיט ריינען — קיין עין הרע..."

ער קען זיך ניט אָנזעטיקן מיטן קוקן און פרעגט: „וואו האָסטו געמאַכט די פאָטאָגראַפיעס? אין מיין צייט איז אין שטעטל ניט געווען קיין פאָטאָגראַפיסט".

יחיאל־יאַנקל דערציילט: „אויף אַ יאַריד, אָדער זונטיק, קומט אַ פאָטאָ־גראַפיסט און הענגט אויף אַ גרויסע פּלאַכטע מיט בילדער פון וויינגערטנער, ביימער, בלומען. די פאָטאָגראַפיע קומט אַרויס שפּעטער. מיינט מען אַז דו

# שטערן אין דער נאַכט

געפינסט זיך אין אַ ווייַנגאָרטן, אַרומגערינגלט מיט בלומען, ניט אין די גרויסע בלאָטעס וואָס אַרום. די נייע פּוילישע הערשער זאָגן צו אַז זיי וועלן ברוקירן מיט שטיינער און ציען עלעקטרישע באַלויכטונג פון דער מיל. דערווייל טאַפּטשעט מען אין דער פינצטער, אין די בלאָטעס.

„איך זע דאָ אַ פאָטאָגראַפיע פון מיין חבר שמולקע. ווי גייט עס אים מיט זיין משפחה?" וויל נחמן וויסן.

„אַן אָרעמאַן", ענטפערט יחיאל־יאַנקל, „קוים קוים אויפן שטיקל ברויט, ניט מער. אַז עס צעברעכט זיך אַ פענצטער, פאַרשטעקט מען אים מיט שמאַטעס".

יחיאל־יאַנקל פּאַקט אויס זיינע חפצים. נחמן דערזעט אַ פּאָר שטיוול. „וואָס איז דאָס?" וואונדערט זיך נחמן. „אין ניו־יאָרק איז ברוקירט, ניטאָ דאָ קיין בלאָטעס. דאָ דאַרף מען ניט קיין שטיוול".

„דו מיינסט מיר צו זאָגן, אַפילו שבת און יום־טוב דאַרף מען ניט קיין שטיוול?"

„ניין", זאָגט נחמן, „דאָרטן קענען זיי זיין אַ גאַנצער שיינדל, אָבער דאָ זעט מען גלייך דעם גרינעם. צו וואָס דאַרפסטו מ׳זאָל דיך דערקענען און אָנווייזן: דאָ גייט אַ גרינער...?"

נחמן גיט אים צו פאַרשטיין: „ווען איך בין געקומען קיין אַמעריקע מיט יאָרן צוריק, האָב איך געהאַט גאָלדענע ציין, האָב איך זיי אַרויסגעוואָרפן און אַריינגעשטעלט ווייסע ציין".

יחיאל־יאַנקל קען ניט פאַרשטיין: „גאָלדענע ציין אַרויסצוּוואַרפן? מילא, צוליב פּרנסה שפּאַלט מען ימען, מ׳רייסט איין וועלטן, אָבער אַזוי פיל נאָכמאַכן דעם אַמעריקאַנער — פאַרשטיי איך ניט".

„דו וועסט פאַרשטיין", זאָגט נחמן, „דו וועסט פאַרשטיין! ,מה שיעשה הזמן לא יעשה השכל'".

יחיאל־יאַנקל דערציילט פון זיין שווערער רייזע אויפן ים: „איך בין געווען חרוב קראַנק. איך האָב געמיינט אַז צו דעם פאָרן וועט קיין סוף ניט נעמען. אָבער ג־ט צו דאַנקען, איך געפין זיך שוין דאָ, אין גאָלדענעם לאַנד אַמעריקע. זאָג מיר, מיין ברודער, וואו איז דאָ אַ שול? איך וויל גיין גומל בענטשן".

נחמן שמייכלט: „גאָלדן לאַנד, אַ שול — דאָס זיינען ווערטער פון אַ ריכטיקן גרינעם. די ביידע זיינען ניט אמת דאָ. געדענק, דאָס גאַנצע לעבן דאָ באַשטייט פון אַרבעט, אַרבעט און נאָכאַמאָל אַרבעט. און אַ שול — מיינסט אַוודאי אַ שול, וואו צו גיין צוויי מאָל אין טאָג דאַווענען, פּונקט ווי אין שטעטל.

פּאַרגעס, דאָ ניט ווייט איז אַ שול, איז די שול אָפן שבת, און שבת איז קוים דאָ אַ מנין אידן, קדיש־זאָגערס".

און וואָס איז מיט דערציען קינדער אין אידישן וועג? איך מיין אַ חדר, אַ תלמוד תורה, וויל יחיאל־יאַנקל וויסן.

„פאַרגעס פון דעם אַלעם. אין אַמעריקע איז נאָר איין זאַך: פאַרדינען געלט. דאַוונען, דאַוונט מען דאָרטן, אין שטעטל, וואו די פענצטער זיינען פאַרשטעקט מיט שמאַטעס, און מ'טאַפּטשעט אין דער פינצטער, אין די בלאָטעס. דאָרטן דאַוונט מען, דאָרטן לערנט מען, אָבער ניט דאָ. דאָ איז נאָר דער דאָלאַר דאָ. ס'איז ניטאָ קיין פריינד, נאָר דער דאָלאַר אין קעשענע איז דיין פריינד. מ'גייט אַוועק פרי צו דער אַרבעט און מ'קומט שפּעט, און מ'דאַרף זיך אויסרוען פאַרן קומענדיקן טאָג, צו גיין אַרבעטן. פאַרגעס פון שטעטלדיקן לעבן!"

יחיאל־יאַנקל זיצט אַ פאַרזאָרגטער. ער חזרט איבער די ווערטער: „אין מיטן וואָך איז ניטאָ וואו צו דאַוונען. אַרבעט, אַרבעט. דאַוונען, לערנען — דאָרטן". נחמן, פאַרשטייט ער, האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. עס שרעקט אים דער אמת. גייט ער איבער צו אַ פריילעכן טאָן און שרייט אויס: „זאָרג זיך ניט, מיין ברודער! דער עיקר איז: דאָ איז אַ פריי לאַנד. קיינער וועט דיר ניט זאָגן וויאַזוי אָפּצוהיטן אידישקייט".

יחיאל־יאַנקל טרעפט זיך אָן מיט דער אמתער ווירקלעכקייט. ער אַרבעט אין אַ שאַפּ פון מלבושים, פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס דאַוונען דאַרף מען אַריינכאַפּן אויף גיך, ס'קומען די קורצע טעג אין ווינטער, האָט ער מורא אַריינצוגיין צו דער אַרבעט, טאָמער, חס ושלום, וועט ער זיין שפּעט צו קבלת־שבת, און ער גייט טאַקע ניט אַריין. פאַרלירט ער דעם שאַפּ און זוכט עפּעס אַנדערש צו פאַרדינען אויף פּרנסה.

אויב אין די ערשטע צייטן האָט יחיאל־יאַנקל געטראַכט אַראָפּצוברענגען די משפּחה קיין אַמעריקע, האָט ער אַצינד זיך איבערצייגט אַז מ'טאָר דאָס ניט טאָן. דאָ איז ניט קיין אָרט צו דערציען קינדער אין אידישן וועג. די קינדער וועלן וואַקסן גויים.

אין דעם בריוו, וואָס יחיאל־יאַנקל שרייבט צו זיין ווייב, שרייבט ער: „אַמעריקע איז טאַקע אַ צויבער־לאַנד, אָבער ניט פאַר אונדז אידן מיט תורה און מצוות, מיט אַ שבת און יום־טוב".

שטאַרק פאַרביטערט, גייט ער אַזוי פאַרטראַכט. זיינע געדאַנקען פירן אים צו דעם קליינעם שטעטל. ער הערט, אברהם דער שוסטער זאָגט אים: „ניט פאַר

# שטערן אין דער נאַכט

דיר, יחיאל־יאַנקל, איז אַמעריקע״. ער איז אַצינד מקנא אברהמען: „ער זיצט און ציט די דראַטווע און קלאַפּט שפּיילן. ער האָט מער הנאה פון דעם פּאַסנע שטיקל ברויט, ווי איך פון דער חלה אין מיטן וואָך״.

אַזוי פאַרטיפט אין געדאַנקען וועגן שטעטל, ווייב און קינדער, שפּאַצירט ער פון איין ראָג צום צווייטן, באַמערקט ניט ווי אַן אויטאָמאָביל לויפט אָן. קוים קוים אַרויס מיטן לעבן, צעשרייט זיך יחיאל־יאַנקל: „וואָס איז דאָס יאָגעניש! וואָס לויפט מען אַזוי שנעל! עס נעמט אַ שטיקל צייט ביז ער קומט צו זיך פון דעכן, סאָפּען, פון שפּרונג וואָס ער האָט געטאָן, און טראַכט: „אַ האָר האָט געפעלט און מיינע קינדער וואָלטן געווען יתומים״, און ער באַשליסט פאָרן צוריק.

יחיאל־יאַנקל דערציילט פון זיין באַשלוס. נחמן דערשרעקט זיך: „אַזויפיל האָט אָפּגעקאָסט די רייזע! איך פאַרשטיי״, זאָגט נחמן מיט אַ סאַרקאַסטישן שמייכל, „ווען דו האָסט דאָ דאָס אַמשינאָווער שטיבל מיט דיין חברותא, וואָלסטו ניט אַרומגעגאַנגען אַזוי פאַרזאָרגט, און דאָס שטעטל וואָלט ניט געלעגן אַזוי שטאַרק אין דיין מוח. דו דאַרפסט זיך מיט עפּעס פאַרשפּילן. גיי אין טעאַטער. אַ צירק שפּילט דאָ, ניט ווייט, פאַרגעס פון שטעטל, לעב אין אַמעריקע!״

„הער, מיין ברודער נחמן! דו הייסט מיר גיין אין אַ צירק, טעאַטער. אָט קום איך פון אַ צירק, וואָס איך אַליין האָב דאָרט געשפּילט ווי אַן אַקראָבאַט: אַן אויטאָמאָביל לויפט מיט אַ טייוואָלישן אימפּעט. ווען איך טו ניט אַ שפּרונג ווי אַן אקראָבאט, וואָלסטו שוין קיין ברודער ניט געהאַט. אין טעאַטער גיין, בין איך איינמאָל געגאַנגען, האָב איך געהאַט גענוג. דו מיינסט אַוודאַי אַז די שול מיטן חזן, מיט די גלחישע קליידער, דאָס גאַנצע דאַוונען זיינען ניט אַזאַ טעאַטער־שפּיל. מאַכסטו אַ גרויסן טעות. ווען אַ איד פון אונדזערע אידן קוקט אָן אַזאַ איינעם, מיט די גלחישע קליידער, קומט אים אין געדאַנק דער פּסוק „שקץ תשקצנו...״ אַזוי נאָכמאַכן דעם גוי! ער זעט אויס געניי ווי אונדזערס אַ גלח פון קלויסטער. איך גיי ניט מער דאָרטן!

„שבת און יום־טוב פילסטו זיך ווי אַ איד? דו גייסט אין גאַס מיטן ,גוט שבת׳ און ,גוט יום־טוב׳. אָט זעסטו אַ איד גייט פון שול. שפּעטער טרעפסטו אים מיטן זאַק פראָדוקטן פון געוועלב. נו, זאָג אים ,גוט שבת׳, אָדער ענטפער אים ,גוט יום־טוב׳.

„דו זאָגסט, אַמשינאָווער חברותא. יאָ, זיי, די טייערע אידן, ליגן מיר גוט אין מיין מוח. איך קען זיי ניט פאַרגעסן, נאָר אַמשינאָווער חסידים!

„נעם אַזאַ איד, אַ בעל עגלה, אברהם משה, מיט פערד און וואָגן. איך גיי

אַרויף אויפֿן וואָגן צו פֿאָרן צו דער באַן־סטאַנציע. אברהם־משה זאָגט מיר: „לאָמיר זען דײַן געזעס. איך זע, דו זיצסט ניט אַזוי גוט. אוי! — שרײַט ער אויס — דאָס זעקל האָט דאָך גאָרניט קיין היי. לאָמיר אָנשטופּן מער היי". אָנגעשטופּט אַ סך היי. ‚נו, איז ניט בעסער צו זיצן אַצינד?' פֿרעגט אברהם־משה. ‚אַזוי, אַזוי דאַרף מען זיצן. ניט דו זעצסט זיך אַוועק ווי אַ בטלן. דו זאָגסט גאָרניט'.

באַלד ווען מ'פֿאָרט אַרויס פֿון שטעטל, צווישן גראָז, פֿעלד און ביימער, בעט זיך אברהם־משה: „יחיאל־יאַנקל, זינג עפּעס! אַז דו זינגסט, דאַרף מען ניט ניצן די בײַטש".

„איך האָב געמוזט זינגען, אַ ‚יצוה' אָדער עפּעס אַנדערש. איך שריי: „אברהם־משה! מיר וועלן פֿאַרשפּעטיקן די באַן". „יחיאל־יאַנקל", זאָגט ער צו מיר, „אַז אַ איד איז מחיה אַ צווייטן אידן מיט אַ זמר, מעג מען אַמאָל פֿאַרשפּעטיקן אַ באַן". נו, פֿרעג איך דיך, נחמן, קען מען אַזאַ איד פֿאַרגלײַכן צו דײַן אײַזערנעם אויטאָמאָביל?"

„נו, טו עפּעס, שאַף דאָ אידישקייט! פֿאַר וואָס ווילסטו פֿאָרן צוריק?"

„דאָס, מײַן ברודער, קענען טאָן נאָר יחידי סגולה. אײַנצעלנע פֿייגל באַזונדער קענען קיין זומער ניט מאַכן. איך דאַרף מײַנע חברים און פֿרײַנד. איך דאַרף דאָס שטעטל".

איך געדענק: יחיאל־יאַנקל איז געקומען קיין דלוגאַשאַדלע אום אַ פֿרײַטיק. זײַן זון שלום־פֿייבל איז געקומען צו מיר און אָנגעזאָגט די בשורה: „מײַן טאַטע איז דאָ פֿון אַמעריקע. ער האָט געטיילט מיט מיר זיסוואַרג".

יחיאל־יאַנקל איז באַלד אַרויס אין גאַס, מיטן טיכענעם היטל פֿאַררוקט אויפֿן שפּיץ קאָפּ, און פֿרייט זיך מיט אַלעמען.

צו קבלת־שבת אין אַמשינאָווער שטיבל איז פּינחס דער גבאי מכבד יחיאל־יאַנקלען און זאָגט: „גיי ווייז וואָס דו קענסט". יחיאל־יאַנקל האָט דאַן אַרויסגעוויזן אַ סך טאַלאַנט. אַזאַ התרוממות הנפש האָט מען לאַנג ניט געזען און געהערט.

שבת, ביי דעם קידוש פֿאַר אַלע חסידים אין אַמשינאָווער שטיבל, בעט אים פּינחס: „יחיאל־יאַנקל, ווייז וויאַזוי דו זעעסט אויס מיטן קאַפּעליוש".

„הא, דעם קאַפּעליוש האָב איך אַוועקגעלייגט פֿאַר דער צייט ווען אידן פֿאַרשטעלן זיך פֿאַר גויים. פּינחס, הער! מ'זאָגט אַז אַ קאַפּעליוש קען מען דרייען וואו מען וויל, אָבער ניט אונדזער היטל מיטן קליינעם דאַשעק".

# שטערן אין דער נאַכט

זיין ווייב, מאַטל, רייסט איבער דעם שמועס און לאַכט אין די פויסטן, דער־ציילט וויאַזוי ער איז נעכטן אַריינגעקומען: „איך הער מ׳רופט ,שלום פייבל!׳ איך קוק און איך ווייס ניט ווער דאָס איז. איך טראַכט, אַ דראַטשאַרש אָדער אַ היצעל. ווער איז דאָס? באַלד האָב איך אים געגעבן זיינע מלבושים. האָ! דאָס איז יחיאל־יאַנקל״.

פינחס זאָגט יחיאל־יאַנקלען: „זינג עפּעס!״

יאָ, איך האָב אַ גוטן זמר צו זינגען. און זאָל מען זינגען אַלע צוזאַמען „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״.



פון לינקס: יחיאל יאנקל פלאטקע, מיט זיין ווייב מאַטל און מוטער פייגע, און זיינע צוויי קינדער שלום פייבל און חוה. פון רעכטס: זיין שוואָגער יוסף מיט זיין ווייב ריינע און קינדער.

## גרשון ווענגראָווסקי

# בערל דער בעל־עגלה

שוין אַ סך יאָרן פאַרביי, אָבער דאָס בילד איז שטענדיק פריש אין מיין זכרון: אַ משולח פאַר אַ ישיבה גייט אַרום איבערן שטעטל. ער האָט אַ זאַמל־ליסטע פון די מנדבים פון לעצטן יאָר. ער שטעלט אונדז אָפּ, אַ גרופּע ישיבה־בחורים, און וויל וויסן וואו די מנדבים וואוינען.

אונדזער שטעטל האָט געהאַט נאָר צוויי הונדערט אידישע משפחות. קיין אַדרעס האָט מען ניט געדאַרפט שרייבן, ניט דעם נאָמען פון דער גאַס און ניט דעם נומער פון הויז. גענוג דער ערשטער און צווייטער נאָמען. מיר קענען אַלע און אַלע קענען אונדז. האָבן מיר מיט פאַרגעניגן געוואָלט אים העלפן. דער משולח לייענט פאַר אונדז די ליסטע און מיר זאָגן אים וואו די מענטשן וואוינען. יאַנקל — לעבן בית־המדרש, אלי' מאָטל — אַנטקעגן דער אַפּטייק, לייבל — לעבן דער מקווה. ער פאַרצייכנט אונדזערע סימנים. גלייכצייטיק גיבן מיר אים איבער ווי אַזוי עס זעט אויס די מאַטעריעלע לאַגע פון יעדן איינעם. און מיר גיבן צו ברמיזא: דער האָט אַ שטיקל ברויט, דער עסט שוין ברויט מיט פּוטער. דער עסט פּוטער מיט ברויט. און דער שמירט שוין דאָס פּוטער אויף ביידע זייטן פון ברויט — ער זאָגט: „די אונטערשטע צען זיינען אַזוי חשוב ווי די איבערשטע. בלויז נגידים, קיין אָרעמעלייט האָב איך ניט אויף דער ליסטע".

דער משולח איז זייער צופרידן. ער דאַנקט אונדז. ער בעט נאָך אַ רגע צייט. „דאָ האָב איך אַ איד מיטן נאָמען: בערל ראַביין. דאָס לעצטע יאָר האָט ער געגעבן אַ שיינע נדבה פאַר דער ישיבה. וואו וואוינט ער?" — „בערל ראַביין!" שרייען מיר אַלע אויס מיט איין קול, „ניטאָ ביי אונדז אין שטעטל אַזאַ נאָמען. דאָס מוז זיין אַ טעות". מיר פרעגן אַנדערע מענטשן. אַלע זאָגן, ס'איז אַ טעות. קיינער ווייסט ניט פון אַ בערל ראַביין.

פּלוצלינג לייכט אויף דעם משולחס פּנים פון פרייד און ער שרייט אויס: „אָט דאָ גייט דאָך בערל ראַביין!" מיר שרייען צו אים: „ניין, דאָס איז בערל פישער! דאָס איז דאָך אונדזער חבר שלמה שיעס טאַטע, בערל פישער!"

בערל פישער דערנענטערט זיך מיט קליינע, שטילע טריט, ניט ווי זיין שטייגער איז. זיין פּנים זעט אויס שטאַרק פאַרחושכט, עפּעס ווי ניט מיט אַלע־מען. דער משולח גיט אים אַ ברייטן שלום עליכם. בערל פישער ווייזט ניט אַרויס קיין שמייכל. ניט דער זעלבער בערל פישער, וואָס מיר קענען. בערל זאָגט:

# שטערן אין דער נאַכט

„ס׳איז אמת, מיין נאָמען איז בערל ראבײַין, נאָר מיט יאָרן צוריק, איידער איך האָב געקויפט פערד און וואָגן, האָב איך פאַרקויפט פיש. בין איך געבליבן ביי דעם נאָמען פישער. זאָל זיין בערל פישער. דער נאָמען מיינט גאָרניט. דער עיקר זיינען מעשים טובים״.

בערל פרעגט ביי דעם משולח, וויפל איז די נדבה פון לעצטן יאָר. דער משולח ווייזט די קאַפּיטע פון דער קבלה פון לעצטן יאָר. בערל פישער גיט אים די זעלבע סומע און מיט אַ תפילה, פול מיט ציטער, זאָגט ער: „דער רבש״ע זאָל מיר העלפן אַז איבער אַ יאָר זאָל איך קענען געבן אַ סך מער״. און דער משולח דאַנקט אים און ווינטשט אים אַלץ גוטס.

בערל פישער וויל זאָגן, דערציילן, אָבער ס׳איז שווער עפּעס וואָס אַרויס־צוברענגען פון זיין מויל. מ׳זאָגט טאַקע: אַז מ׳רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, ווערט גרינגער, אָבער זיין פערד וועט עס ניט לעבעדיק מאַכן.

מיט אַ שווער, געדריקט געמיט גייט ער ווייטער אַליין איבער דער גאַס, אָן אַ צוועק און אָן אַ ציל. איין איינציקע פראַגע עגבערט איצט זיין מוח: וואָס וועט ער אַצינד טאָן אָן זיין פּרנסה־געבער, זיין פערד?

בערלס אומעטיקע מחשבות ווערן איבערגעריסן דורך אַ ,גוט מאָרגן׳ פון זיינעם אַ פריינד, משה פון שפּייז־געוועלב. „בערל!״ פרעגט ער, „וואָס פאַר אַ יום־טוב איז היינט? אַזוי זיך שפּאַצירן אין גאַס אין אַ מאָנטיק? אַנטשולדיק מיר פאַר דער פראַגע. איך בין געוואוינט צו זען בערלען מיט דער בייטש ביי דעם פערד און וואָגן, רעדן מיט די פּאַסאַזשירן, רעדן מיט די סוחרים פון די געוועל־בער, נעמען פון זיי באַשטעלונגען, מיט צעטלען פאַר דער סחורה. מ׳זאָגט דאָך אין דלוגאַשאַדלע, אַז בערל פישער איז בעסער ווי די היינטיקע פּוילישע פּאָסט. אַז מ׳בעט בערלען עפּעס צו ברענגען פון דער גרויסער שטאָט, ברענגט ער פּונקט און גענוי, בעסער ווי צו שיקן דורך זייער פּאָסט. דיין פערד־און־וואָגן איז דער פאַרבינדלער פון דעם איד אין דעם קליינעם שטעטל מיט דער גרויסער אידישער שטאָט, בערל! דו קענסט גאָרניט וויסן, ווי גרויס און הייליק ס׳איז דיין אויפגאַבע. בערל, איך האָב זיך אַזוי פאַררעדט. פאַר וואָס גייסטו אַזוי אַרום אין גאַס? אפשר איז היינט אַ יומא דפגרא ביי ,זיי׳. איך בין ניט אַזוי קלאָר אין די גויאישע חגאות״.

בערל הערט אויס זיין פריינד. ס׳איז אים שווער צו ענטפערן, אָבער ער שטאַרקט זיך מיט אַלע כוחות און דערציילט אים וועגן דעם גרויסן אומגליק: „די וועגן זיינען היינט ניט גוט, ניט פאַר אַ שליטן און ניט פאַר אַ וואָגן.

פלוצלינג אַזאַ וואַרעמקייט! די האַרטע, מיט שניי געפרוירענע ערד, צעגייט. עס ווערן גריבער, לעכער. און איך בין אויפן וועג אַהיים. ס׳איז פינצטער, שפּעט ביי נאַכט. איך פאָר ניט מיט די זייטקעס, מיטן שליטן, נאָר מיטן וואָגן. דו ווייסט דאָך וואָס מ׳זאָגט: ,אַ וואָגן איז אַ זייגער, און אַ שליטן איז אַ פייגער׳. פון איין גרוב אַרויס און אין צווייטן אַריין. ס׳איז ביטער. איך האָב מורא פאַרן פערד. איך זאָג צו מיין זון: ,מענדל, אַראָפּ פון וואָגן!׳ אַלע פּאַסאַזשירן גייען אַראָפּ פון וואָגן. מ׳העלפט שטופּן. וואו אַ בערגל אָדער אַ גריבל — אַראָפּ פון וואָגן. אַזוי אַ גאַנצע נאַכט, אַראָפּ און אַרויף. איך זע דאָס פערד אַרבעט שווער, כאַטש שפּאַן זיך צו צום וואָגן...

„ג־ט צו דאַנקען, אַרום פינף אַ זייגער קומען מיר קיין דלוגאָשאָדלע. די פּאַסאַזשירן גייען אַראָפּ. איך פאָר אַהיים. איך שפּאַן אויס מיין פערד. עס גייט פון אים אַ פּאַרע, פּונקט ווי פון אַ קוימען ערב יום־טוב. פון זיינע נאָזלעכער גייט אַ רויך, פּונקט ווי פון אַ סאַמאָוואַר. שנעל לייג איך אַרויף אויף אים אַ דערע און פיר אים אַריין אין שטאַל. שטאַרק מיד, צעבראָכן פון אַרומלויפן אַ גאַנצן טאָג און נאַכט, וויל איך גיין אויסרוען מיינע ביינער. פאַר מיין אַוועקגיין גיב איך אים אַ גלעט. איך פיל אַז ער איז נאַס ווי וואַסער. ער דרייט זיך אויס צו מיר מיטן קאָפּ, ווי ער וואָלט מיר עפּעס געוואָלט זאָגן.

„איך ליג אויפן געלעגער און קען ניט צו מאַכן אַן אויג. דעם פערדס אויס־דרייען דעם קאָפּ לאָזט מיך ניט רוען. איך ליג אַזוי אויפן געלעגער אַ שטיקל צייט. איך לויף אַריין צום פערד אין שטאַל. איך זאָג דיר, משה, עס ווערט מיר פינצטער אין מיינע אויגן. ער ליגט אויסגעצויגן מיט די קאָפּעטעס, טויט. ווען איך האָב אַ נאַטור פון חלשן, וואָלט איך געחלשט. איך בין אַוועק פון שטוב, אפילו ניט געזאָגט מיין חנה רבקהן. איך האָב מורא געהאַט איר צו זאָגן וועגן דעם אומגליק. און אָט אַזוי דריי איך זיך אַרום אין גאַס מיטן פּעקל צרות, מיד און צעבראָכן, אַן אַ ציל. איך האָב מורא אַריינצוגיין אין מיין הויז. מיין חנה רבקה האָט אַ נאַטור פון חלשן. נו, משה, אַצינד ווייסטו שוין פאַר וואָס היינט איז ניט קיין יום־טוב ביי מיר, נאָר אַ גרויס אומגליק. וואו וועל איך נעמען אַ פערד? פּרנסה דאַרף מען! מ׳דאַרף עסן! דאָס איז געווען פון דער אמתער ראַסע שלעפּ־פערד. ער האָט מיר געדינט פינף יאָר. גיי זוך אַצינד אַזאַ פערד?

„אַזאַ פערד מוז קאָסטן אַ סך געלט, און קיין געלט האָב איך ניט. ביי אונדז איז אַ געזינדל, ג־ט צו דאַנקען, פון ניין מענטשן. די ברכה גייט אַריין אין די מוציא. פון וואַנען וועל איך נעמען געלט אויף אַ פערד?״

# שטערן אין דער נאַכט

בערל פישער באַרגט געלט, ער פאַרזעצט זיין ווייבס אַ בראַנדזעלעט, און ער פאָרט אַרום איבער יאַרידים זוכן אַ פערד. ער געפינט אַזאַ שטייגער פערד. נאָך גרויסע דינגעגישן קויפט ער דאָס פערד.

בערל איז ווייטער אויף דער גאַס מיטן פערד און וואָגן. ער פירט און ברענגט פאַסאַזשירן. אידן שיקן מיט אים צעטלען איינצוקויפן סחורה אין דער גרויסער שטאָט. זיין פריינד משה זאָגט אים: „דו ווייסט, בערל? די פּאָר וואָכן וואָס דו ביסט ניט געפאָרן מיטן פערד און וואָגן, איז געווען פּונקט ווי איבער־געשניטן די דראָטן פון טעלעפאָן. מ'האָט גאָרניט געוואוסט וואָס עס טוט זיך אויף דער וועלט. ער ווינטשט אים הצלחה און זאָגט: „דו זאָלסט לאַנג לאַנג פאָרן, קיין מאָל ניט איבעררייסן".

בערל קוקט דעם פעד אין די אויגן אריין. ער לערנט זיין זון מענדל ווי אַזוי ער זאָל זיך באַגיין מיטן פערד: „געדענק! ניט קיין גאַלאָפּ, אפילו אויפן שאָסיי! געדענק, מענדל! מיט שכל קען מען איינעמען אפילו אַ לייב, מיט גבורה קען מען אפילו אַ פליג ניט כאַפּן. זאָלסט אים געבן ריינעם האָבער מיט היי, ניט מיט שעצקע".

ער טוט אים אָן אויגן־לעדערלעך צו באַשיצן פון ווינט, וואָס מאַכט זיך אויפן וועג, אָדער, היינטיקע צייטן קען אַ מאָל אָנפאָרן אַן אויטאָ, וואָס מאַכט אַ שטאַרקן ווינט. בערל זאָגט: „ביי מיר טאָר אַ פערד מער ניט פאַלן! איין מאָל געגאַנגען אין דער בלאָטע, אַ צווייט מאָל גייט ניט בערל!"

איך געדענק, דאָס איז געווען פאַר די גויאישע חגאות. דאָס שטעטל אָטעמט מיט גרויסע קעלטן און פרעסט. די שפייז־געוועלבער, שניט־געוועלבער און אַלע אַנדערע דאַרפן סחורה. בערל איז דער שטענדיקער איינקויפער. סוחרים זאָגן: אפילו ווען דו פאָרסט אַליין, קאָנסטו בעסער ניט איינקויפן ווי בערל. מען געטרויט בערלען זילבער און גאָלד. בערלען גיט מען דעם צעטל מיט געלט און בערל איז דער איינקויפער.

בערל איז דעמאָלט געפאָרן אַליין, ווייל זיין זון מענדל האָט ניט געפילט אַזוי גוט. דאָס שטעטל סוחרים באַגלייטן אים. יעדער האָט אים עפּעס וואָס צו דערמאָנען. אַ סך סוחרים האָבן אים מיטגעגעבן דעם לעצטן גראָשן. מ'האָפט אויף אַ גוט לייזעכץ ערב זייערע חגאות.

ס'איז בין השמשות. חנה רבקה הערט עפּעס אַ הירזשן פון פערד. דאָס האַרץ טוט איר אַ קלאַפּ: „אוי, בערל קומט ניט אַזוי פריי!" זי לויפט אַרויס. דאָס פערד הירזשעט נאָך העכער. אָבער זי זעט ניט בערלען. וואו איז בערל? זי טוט

## גרשון װענגראָװסקי

אַ קוק אין װאָגן. בערל ליגט אין אַ קאַלוזשע בלוט, די אויגן אָפן, און ער קען ניט רעדן. זי פאַלט אין חלשות. עס װערט אַ גרויסער טומל אין שטעטל. מ׳רופט דעם פעלדשער. ער װייס ניט װעמען פריער צו ראַטעװען. מ׳ציט אַראָפּ פון בערלען די מלבושים. דאָס העמד און די װעש זיינען װי שטיקער בלעך, געפרוירן מיט בלוט. עס װערט אַ גרויסער טומל אין שטעטל. איינער דערציילט דעם צװייטן אַז מ׳האָט בערלען באַרויבט, צעהרגעט. ער קען ניט רעדן. נאָר די אויגן זיינען אָפן. ער שװעבט צװישן לעבן און טויט. די סוחרים רעדן ניט מער װעגן געלט אָדער סחורה. מ׳װיל, דער עיקר, װיסן װאָס בערל מאַכט.

אַלע זיינען זיך מיאש פון דעם געלט. זיין פריינד משה זאָגט צו דודן: „דו װעסט זען, װען בערל װעט װערן געזונט, װעט ער אומקערן אַלעמען דאָס געלט״. — „יאָ!״ זאָגט דוד, „דו קענסט פאַרשרייבן אויפן זאמד. דאָס געלט װעט שוין ניט זיין. פון װאַנען װעט ער נעמען? ער װעט באַגנבענען אַ קאַשטשאַל?״

נאָך אַ פּאָר טעג קומט בערל אַ ביסל צו זיך. ער הייבט אָן אַרויסצוברענגען װערטער פון מויל. זאָגט ער צו זיין זון מענדל: „ברענג אַריין דעם קאַסטן פון אָבראָק״. ער װייזט אים װאו דאָס געלט איז באַהאַלטן. יעדן איינעמס געלט איז געװען איינגעװיקלט אין זיין צעטל. ער זאָגט: „טראָג זיי באַלד אַריין דאָס געלט, מענדל״.

בערל דערציילט: „מ׳האָט מיך געשלאָגן, געשטאָכן מיט מעסערס: ,גיב דאָס געלט, זשיד!׳ האָבן זיי געשריגן. אָבער אויסגעהאָרעװעט אידיש געלט טאָר מען ניט אַװעקגעבן!״

און צו זיין װייב חנה רבקה זאָגט ער: „אין דער צייט פון יאָר קומט דער משולח פון דער ישיבה. איך האָב אים געהאַט געזאָגט: ,איך האָף צום רבש״ע אַז איך װעל געבן דאָס צװייטע יאָר מער׳. דער רבש״ע האָט מיר געהאָלפן, גיב מער!״



בערל דער בעל עגלה מיט זיין ווייב

## גרשון ווענגראָווסקי

# דער קדוש ר׳ לייב ראָזענבערג פון דלוגאָשאָדלע

אין שטוב איז געווען מנוחהדיק שטיל. דער טאָג האָט זיך מיט אַלע כוחות געריסן דורך די לאָדן־שפּאַרעס, און די שיין האָט זיך צעלייגט אין אַלע ווינקלען פון ר׳ לייבלס שלאָפצימער. פּלוצלינג איז פון אַ זייטיקן צימער, וואָס איז געווען אַ מין אכסניא פאַר אורחים, געקומען אַ הוסטן און אַ קרעכצן, וואָס האָט אויפגעוועקט ר׳ לייבלען. ער איז שנעל אַראָפּ פון בעט, אַריין צו די אורחים, געפרעגט דעם אורח ווי ער פילט. אפשר אַ וואַרעם־פלאַש? אפשר אַ גלאָז טיי? ער איז נישט אַוועק ביז ער האָט ניט געהאַט אַ צופרידנשטעליקן ענטפער.

אזוי איז ער אַנגעגאַנגען מיט הכנסת־אורחים במשך אַ סך יאָרן. אַלע אינדערפרי האָט ער אַריינגעבראַכט וואַסער פון ברונעם פאַר נעגל־וואַסער און צו וואַשן זיך און אַרויסגעטראָגן די אומריינע וואַסער. פאַר אים איז דאָס נישט געווען קיין אומכבוד. ער פלעגט יעדן איינצעלנעם אורח פרעגן ווי ער פילט זיך.

דערנאָך האָט ער גענומען טלית און תפילין און געגאַנגען אין בית־מדרש דאַווענען מיטן ערשטן מנין. די ערשטע סטעזשקע אין פרישן שניי איז געווען פון ר׳ לייבלס הויז צום בית־המדרש. נאָכן דאַווענען האָט ער זיך גענומען צו זיין שתדלנות־אַרבעט, מיט דער מצווה פון העלפן אַ ייִדן: דעם מיט אַ מעטריקע, דעם מיט אַ צייגעניש צו פאָרן קיין אויסלאַנד, א.אַ.וו. מיט יעדער צרה האָט מען זיך געוואָנדן צו ר׳ לייבלען. טיר און טויער זיינען ביי אים געווען אָפן פאַר איט־לעכן. ס׳איז ממש נישט געווען צו פאַרשטיין דעם כוח פון זיין הצלחה. נישט ער האָט געהאַט די שפּראַך און ניט אַנדערע מעלות. ער האָט אָבער געהאַט דעם כוח צו העלפן אַ אידן אין אַן עת צרה.

ס׳איז געווען אַ צייט, ווען די פּוילישע מאַכט האָט מאָביליזירט פערד. רעדט שאול־הערש דער בעל־עגלה פון דלוגאָשאָדלע צו אברהמל דעם שמיד וועגן דעם ענין. ער דערציילט אים די מעלות פון זיין פערד:

„מילא, אויפן באַטשנעם וועג גיט מען אַכטונג, ווייל דאָ איז אַ בלאָטע, דאָ אַ גרוב, וויאָ, קסאָ, פאַרשטייסט? אָבער אויפן שאָסיי — דאָרט גייט ער אַז ס׳איז אַ פאַרגעניגן, מ׳קען אפילו לערנען אַ שטיקל גמרא, און אָנצינד אויבן, ח״ו, איך וועל בלייבן אָן מיין פרנסה־געבער, וואָס וועל איך טאָן? ס׳איז ממש פיקוח־נפש".

# שטערן אין דער נאַכט

„קום מאָרגן, איך וועל נאָכמאַכן דעם שטעמפּל און שטעמפּלען דאָס פּערד און אַזוי־אַרום וועט עס זיין באַפרייט פון דער אַרמיי, זאָרג זיך נישט...״

שאול־הערש באַרואיקט זיך אַביסל.

צומאָרגנס זעט מען שאול־הערשן מיט זיין איידעם יעקב־שמחהן און דעם פּרנסה־געבער, איבערגעדעקט מיט אַ פּאַטשיילע. זיי גייען צו אברהמלען דעם שמיד.

ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט זיך פון אונטער דער ערד באַוויזן דער קאָמענדאַנט פון דער פּאָליציי און ער כאַפּט זיי מיטן „הייסן״ שטעמפּל. בליץ־שנעל האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס איבערן שטעטל אַז מען האָט דריי אידן געפירט געשלאָסן אין קייטן אין טורמע אַריין, און מ׳האָט זיך געזאָרגט פאַר זייער לעבן. ר׳ לייבל איז שנעל אַוועק וואו מען האָט געדאַרפט און מ׳האָט די דריי אידן באַפרייט. אַ לאַנגע צייט האָט מען נישט אפילו דערמאָנט דעם ענין, ווייל מ׳האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע.

אונדז, דאַן נאָך קינדער, איז ר׳ לייבל געווען באַקאַנט מיט זיין פריילעך מאַכן יום־טובים, ספּעציעל די יום־טובים פון שמיני עצרת און שמחת תורה. אין די ימים טובים איז ער אַרויסגעקומען מיט זיין גאַנצער פּראַכט און גלאַנץ, מיט זיין זינגען און טאַנצן מיט דער תורה. ער האָט געהאַט אַ ליד „משה׳עצעק לארצנו נאַש״ (משה פירט אידן קיין ישראל). דאָס ליד איז באַשטאַנען פון צוויי סטראָפעס אין פּויליש און אין אידיש, און דער רעפרען איז געווען „משה׳עצעק לארצנו נאַש״. דאָס ליד האָט ער געזונגען מיט עקסטאַז און ברען, און מיר קינדער נאָך אים.

דאַן האָט ער געבראַכט טשאָלענט־קוגלען פון ישעיה אייזיק דעם גערער חסיד, וואָס האָט געהאַט אַ בעקעריי, און אַלעמען געטיילט, און אַלץ מיט גע־זאַנג „משה׳עצעק לארצנו נאַש״...

אַזוי האָט ר׳ לייבל געפּראַוועט יום־טובים במשך פון יאָרן און יאָרן, אין גאַס, מיט געזאַנג און טענץ.

אָבער שמיני עצרת, 1939, האָט ר׳ לייבל נישט געזונגען. די נאַציס ימ״ש זיינען אַריין צו אונדז אין שטעטל און געגעבן אַ באַפעל: „אַלע אידן אַרויס!״ זיי האָבן געשניטן בערד מיט רציחה, און מ׳האָט געזען ווי די מערדערס איזדיעקע־ווען זיך איבער זייערע קרבנות.

באַלד איז געקומען אַ צווייטער באַפעל: „ווער ס׳וועט וואַגן בלייבן דאָ וועט גלייך דערשאָסן ווערן״.

# גרשון ווענגראָווסקי

דאָס גאַנצע שטעטל דלוגאָשאַדלע ווערט אויסגעליידיקט. די פּוילישע שכנים האָבן אַרויסגעקוקט דורך די פענצטער מיט שיינענדיקע פּנימער. מ׳האָט געקענט זען די הנאה אויף זייערע פּנימער. זיי האָבן זיך צוגעקוקט ווי אַ פינף־יעריק קינד מיט אַ פּעקל וואַרפט עס פון איין אַקסל אויפן צווייטן; אַן עלטערע פרוי מיט בעטגעוואַנט שלעפּט זיך קוים.

מיר גייען פאַרביי די שיינע גערטנער. אַלץ אַרום זעט אויס ווי אַ בליענדער גאָרטן. דאָ און דאָרט גייען אַדורך בהמות וועלכע קומען צוריק פון דער פּאַשע. אַלץ זעט אויס צו זיין אַזוי נאָרמאַל — אָבער מיר אידן מוזן גיין פון דאַנען!

און אָט גייט ר׳ לייבל שווייגנדיק, מיר רעדן ניט אַרויס קיין וואָרט. מיר גייען אויף דער סטעזשקע וואָס טיילט־אָפּ פוןביידע זייטן דעם סאָסנע־וואַלד מיט די געשמאַקע ריחות. די זון נייגט זיך צום מערב און די נאַכט קומט און פאַרדעקט אַלץ.

מיר נעכטיקן אין וואַלד, דאָס גאַנצע שטעטל נעכטיקט דאָ צום ערשטן מאָל אונטערן פרייען הימל. ר׳ לייבל רוט נישט. ער גייט אַרום פון איינעם צום צווייטן: דעם גיט ער אַן עצה, דעם דעקט ער צו מיט עפּעס ס׳זאָל אים זיין וואַרעם, און איינעם זאָגט ער אַ גוט וואָרט.

אַ שטאַרק וויינען פון אַ קינד וועקט־אויף אַלעמען און רייסט איבער די שטילקייט פון דער פינצטערער נאַכט. ר׳ לייבל באַוויזט זיך באַלד ביים קינד, און גלעטנדיק דאָס קינד איבערן קעפּל זאָגט ער: „וויין, וויין, מיין טייער קינד. ס׳איז דאָ אַ סך אויף וואָס צו וויינען, ס׳איז גוט צו וויינען מיט טרערן...״

ער זעצט זיך צו לעבן אַ בוים, רעדט, דערציילט מיט נאָסטאַלגיע וועגן די נישט־לאַנג פאַרשוואונדענע טעג: „אָט דאָ״, דערציילט ער, „האָב איך געבויט פאַרן זעמבראָווער רב, ר׳ דוד מנחם רעגענסבערג הי״ד, אַ ביידל ס׳זאָל אים פאַרשטעלן פון אַ רעגן, ער זאָל קענען זיצן און לערנען״. ער דערציילט ווי „דאָ״, אין וואַלד, האָט זיך אויסגעמישט דער קול התורה פון ליטווישן למדן מיט דעם פון חסידיש־פּוילישן, און האָט פאַרהילכט דעם אַרום. דאָ זיינען פאַר־ענטפערט געוואָרן שווערע סוגיות אין ש״ס און יורה דעה. דאָ האָט פאַרבראַכט אַ סך יאָרן אויף זומער־וואוינונג ר׳ יצחק אהרן (איטשע פישל הי״ד), דעם גערער רבינס איידעם זי״ע. דאָ האָט פאַרבראַכט זומער־צייט ר׳ אלכסנדר זושא פרידמאַן הי״ד, דער סעקרעטאַר פון דער פּוילישער אגודת־ישראל, שטענדיק אַרומגערינגלט מיט יוגנט. אַ שטענדיקער אַריינגייער צו שמועסן דברי תורה איז געווען דער היינטיקער רב פון שיקאַגאָ, ר׳ בן ציון ראַזענטאַל שליט״א. דאָ האָט

## שטערן אין דער נאַכט

מען אויפגעשטעלט די פּרעכטיקע יהודית־קאָלאָניע פאַר דער בית יעקב באַוועגונג פון פוילן, געגרינדעט און געבויט פון די עסקנים יואל אונגער און משולם קאַמינער.

אַזוי האָט ר׳ לייבל געריעדט און דערציילט ביז פאַרטאָג. באַגינען איז מען ווייטער געגאַנגען, ביז צו דער סלאָנימער געטאָ.

דאָס גאַנצע שטעטל דלוגאָשאַדלע, מיטן קדוש ר׳ לייבל דער שתדלן, איז אומגעבראַכט געוואָרן אין די מאַסן־שחיטות און באַגראָבן אין די גריבער פון סלאָנים.



**א גרופע ישיבה־בחורים פון דער לאמזשער ישיבה**
ר׳ לייבל׳ס צוויי אייניקלעך יאָסקע און אברהם צבי קען מען זען מיט דעם משגיח ר׳ משה הי״ד.



## גרשון ווענגראָווסקי

# די בולקע און די שפּין

עס ציִען זיך די וועגענער מיט עופות און תבואה. דאָרפס־לייט טרייבן בהמות צו פאַרקויפן אויפן יאַריד. זיי שטעלן זיך אָפּ ביי דער ראַגאַטקע אָפּצו־ווישן דעם שטויב און אָנצוטאָן די שיך, וואָס זיי טראָגן אויפן אַקסל. דאָ שטייען אידן איבערקויפער, פאַרמיטלער, איינקויפער, מציאות־זוכער. זיי לאָזן ניט דורך קיין וואָגן אָן צו פרעגן אָדער אַ טאָפּ טאָן צו וויסן וואָס און ווען... אויב עס איז געווען אַ גוטע סחורה און דער פּרייז האָט געשטימט, איז די סחורה ניט פאַר־פאָרן אויפן יאַריד, נאָר דאָרטן איז עס געוואָרן פאַרקויפט. ס׳זענען געווען אידן וואָס האָבן דירעקט געהאַט צו טאָן מיטן יאַריד־קרעמער, שוסטער, שניידער, רימער, בעקער און שניט־סוחר. און ס׳זענען געווען אַזעלכע אידן וואָס האָבן ניט געהאַט קיין שייכות מיטן יאַריד. זיי זענען שטענדיק געזעסן און געלערנט.

ר׳ לייבל ראָזענבערג האָט ניט באַלאַנגט צו קיין איינער פון די קאַטע־גאָריעס. ר׳ לייבלס הויז איז געווען אַ זאַט הויז. „אַז מען האָט אייגענע קאַר־טאָפל און אַ אייגן הויז און מילך פון אַ אייגענער קו, איז די רעשט פּרנסה קומט שוין אָן מי״. אַזוי זאָגט מען. און דאָס איז געווען ביי ר׳ לייבלען.

פונדעסטוועגן איז ר׳ לייבל אין אַ יאַריד־טאָג ניט געזעסן אין הויז. ער איז אַרומגעגאַנגען פון איינעם צום צווייטן מיט אַן עצה און הילף. אפשר קען אַ שיכּור טאָן שלעכטס אַ איד, אָדער אַ גנב, אָדער סתם אַן אַנטיסעמיט. ר׳ לייבל שטייט אויף דער וואַך אין אַ יאַריד־טאָג, וואָס איז דער איינציקער פּרנסה־קוואַל פאַר אַ איד.

אָט רופט יוכבד פון שיך־געשטעל: „ר׳ לייבל, טוט מיר אַ טובה! איר זענט מיר אָנגעקומען ווי אַ מלאך. זייט רואה. זעט נאָר דאָס עם רב, די עמלקים! זעט נאָר, פאַר איין פּאָר שיך!״ ר׳ לייבל באַרואיקט איר: „שאַ שטיל, איך וועל שוין האַלטן אַן אויג אויף זיי״. — ר׳ לייבל דערקענט: דאָס זענען דאָך די ציגיינער. צו וואָס דאַרפן זיי שיך? זיי גייען דאָך באָרוועס. איינער פון די ציגיינער לייגט אים פאָר אַז פאַר אַ קליינער סומע געלט קען ער אויסריינינקן דלוגאָשאַדלע פון די מייז. „דאָס ווייס איך ניט״, זאָגט יוכבד, „אָבער אַ פּאָר שיך קען ער אָפּריינינקן. אין דעם בין איך זיכער״. ר׳ לייבל וואַרט ביז זיי פאַרשווינדן מיט דער גרויסער מאַסע אויפן יאַריד.

ר׳ לייבל גייט דורך די בעקעריי און זעט ווי נחום שוויצט, אַרבעט שווער.

# שטערן אין דער נאַכט

„אַ סך אָנגעבאַקן?״ פרעגט ער אים. „אַ סך, אַ סך״, ענטפערט נחום. „ס׳זאָל נאָר זיין שיין אין דרויסן, ניט קיין רעגן ח״ו״. ר׳ לייבל בייגט זיך צו צו נחומען און זאָגט אים שטיל: „נחום, דו הערסט? מען דאַרף בעטן ס׳זאָל זיין שטיל אויף דער וועלט. דאָס איז דער עיקר. מען זאָל לאָזן לעבן דעם אידן!״ און ער ווינטשט אים אַ גוטן יאַריד.

נחום שטייט אַ גאַנצע נאַכט און באַקט פאַרן מאַרגנדיקן יאַריד. ער מאַכט אַליין די ראַשטשינע, קנעט, שיבט. ער באַקט ראַזעוואַנע ברויט, געבייטלטע ברויט, ווייצענע בולקעס. ווען אַלץ איז אין אויוון, שפּאַרט ער זיך צו אַ ביסל אין דער אַלקער, וואָס ער האָט נאָר וואָס געבויט.

באַלד נאָך דער חתונה האָט דאָס יונגע פּאָר פּאַלק געוואוינט אין דער בעקעריי. די צוויי בעטן זענען געווען פאַרהאַנגען מיט אַ יילעך. אָבער ווען ס׳זענען געקומען קינדער אויף דער וועלט, האָט נחום צוגעבויט ביי דעם אויוון אַן אַלקער אָן פענצטער. דאָס איז אַצינד דאָס שלאָפצימער פאַר פיר מענטשן, פאַר אים און זיין ווייב רייזל און צוויי קינדער.

אָט דאָ שפּאַרט ער זיך צו אַצינד צו כאַפּן אַ שלאָף ניט אויף לאַנג, ווייל ער דאַרף אַכטונג געבן דאָס געבעקס זאָל ניט פאַרברענט ווערן.ביים זון־אויפגאַנג טוט ער אָן טלית און תפילין און דאַוונט. ווען מען דאַרף לויפט ער צו צום אויוון און דרייט איבער, שיבט. רייזל באַמערקט אַז דער טלית ווערט פאַרסמאַליעט, פאַרקאָפּטשעט: „איך וועל שוין דעם טלית דאַרפן וואַשן!״ נחום באַרואיקט איר: „ס׳איז בלויז אַ ביסל סאַזשע״.

ביים אויוון איז נחום דער גאַנצער בעל־מלאכה. רייזל גייט נאָר צו צום אויוון אָפּצוקאָכן אַ ביסל געקעכץ. זי גייט צו גאַנץ פאַרזיכטיק, שאַרט אַוועק די קוילן אין אַ זייט און שטעלט אַריין דאָס טעפּל מיטן געקעכץ. זי האָט שטענדיק מקנא געווען אַנדערע ווייבער, וואָס האָבן אַ קיך מיט פייערקעס, וואו מען דאַרף זיך ניט אַזוי אויסנאַרען, פאַרקאָפּטשען ביים אָפּקאָכן אַ ביסל געקעכץ. זי האָט שטענדיק געהאָפּט אַז נחום וועט איר אויפשטעלן אַ קיך מיט פייערקעס צו זיין גלייך מיט אַנדערע ווייבער.

„רייזל, דיין פּנים איז אַ ביסל פאַרסמאַליעט״, בעט איר איבער אַ שכנטע. רייזל פאַרענטפערט זיך: „איך האָב נאָר וואָס צוגעוואַרעמט פאַר מיין אַרעלע אַ מאכל. איר ווייסט דאָך, הינדע רחלשי, שטענדיק ביים אויוון. די שפּיגעלעך האַלטן זיך ניט ביי אונדז. זיי ווערן צעבראָכן. איך וועל שוין היינט אויפן יאַריד קויפן אַ שפּיגל.

# גרשון ווענגראָווסקי

נחומס נאָמען אין באַקן איז געווען זייער גרויס צוליב זיינע ווייצענע בולקעס און געבייטלטע ברויט. איז מען געקומען פון זייער ווייט. פאַר אַ יאַריד־טאָג האָט נחום אַ סך ווייצענע בולקעס אָנגעבאַקן. נחום שטייט מיט רייזלען אַצינד און זיי פאַרקויפן דאָס ברויט וואָס זיי האָבן אָנגעבאַקן פאַרן יאַריד.

דאָס געבייטלטע ברויט איז גוט מיט הערינג, וואָס מען קויפט ביים שכן דעם קרעמער. די ווייצענע בולקעס זענען גוט מיט זיסן טיי וואָס נחום פאַר־קויפט. און מען זיצט און מען עסט ביי צוויי גרויסע טישן אין דער בעקעריי און אין קאָרידאָר און אין גאַס, לעבן דער בעקעריי. מען עסט און מען האָט הנאה. אַ מאַן פון אַ גרויסער הויף קויפט אַזאַ ווייצענע בולקע און זעצט זיך אַוועק ביי איינעם פון די טישן עסן. נאָך עטלעכע ביסנס הייבט ער זיך אויף און שרייט: „מיינע פריינד, טוט אַ קוק וואָס דער זשיד פאַרקויפט!" ווייזט די בולקע צו די מענטשן אַרום. איינער זאָגט: „דאָס איז אַ שפּין". אַ צווייטער זאָגט: „דאָס איז אַ גריל". און ער שרייט: „פּאָליציי! פּאָליציי! מען דאַרף אים פאַרמאַכן די שמוציקע בעקעריי!"

רייזל לויפט רופן ר׳ לייבלען. אפשר וועט ער קענען עפּעס אויפטאָן מיט אים. אפשר איז נייטיק לא יחרץ געלט? מען ווייסט ניט וואָס צוטאָן! מען זוכט ר׳ לייבל ראָזענבערג.

ר׳ לייבל איז דאָ. ער שטופּט זיך דורך צו דעם הויכן גוי און באַגריסט אים זייער שיין און בעט אים: „גיב מיר די בולקע צו געבן אַ קוק". ער גיט די בולקע. ר׳ לייבל באַקוקט און כאַפּט אַריין די בולקע אין מויל און עסט אויף די בולקע. דער גוי איז פאַרנומען מיט אַגיטירן קעגן דער בעקעריי. דער פּאָליציאַנט איז דאָ. די ערשטע פראַגע וואָס ער פרעגט: „אַוואו איז די בולקע?" דער גוי שטאמלט. ער באַגרייפט ניט וואָס ס׳איז דאָ פאָרגעקומען. מען זאָגט אים אַז ר׳ לייבל האָט אויפגעגעסן די בולקע. זאָגט ער דאָס דעם פּאָליציאַנט. דער פּאָלי־ציאַנט פרעגט ר׳ לייבלען: „איז דאָרט געווען אַ שפּין אָדער אַ גריל?" ר׳ לייבל באַגריסט דעם פּאָליציאַנט זייער העפלעך און זאָגט אים: „דו קענסט דאָך מיך שוין אַ סך יאָרן. וואָלט געווען אַ שפּין אָדער אַ גריל, וואָלט איך געגעסן?" דער פּאָליציאַנט הייסט אַלעמען זיך צעגיין און נחום פאַרקויפט ווייטער ווייצענע בולקעס...

צווישן מנחה און מעריב איז ר׳ לייבלס אויפטו געווען די נייעס פון טאָג. משה פלאַנצשאַק, וואָס יעדער וואָרט איז געווען ביי אים מיט אַזוי פיל שאַרפזין און חכמה, פרעגט ביי ר׳ מענדל פיינדצאַק: „זאָגט מיר, ר׳ מענדל, נאָך אַזאַ בולקע

## שטערן אין דער נאַכט

האָט ר׳ לייבל געדאַרפט בענטשן?...״ ר׳ מענדל איז פאַרנומען מיט צינדן ליכט. ווען ער ווערט פאַרטיק מיטן צינדן די ליכט, לייגט ער אַרויף זיין רעכטע האַנט אויף משהן און מיט זיין צווייטער האַנט מאַכט ער אַ דעכל איבער די אויגן נאָכצוזאָגן ברוך שמו אמן און זאָגט: „דער אייבערשטער אַליין האָט אים געבענטשט!...״



דער שתדלן ר׳ לייבל פון דלוגאשאדלע מיט זיין ווייב יענטא, מיט זייער קו



## גרשון ווענגראָווסקי

# אַ מאָרד אין שטעטל

די חברה קדישא האָט היינט געדאַוונט בציבור, געלייענט „ויחל״, געפּאַסט, געוועין אויפן בית־החיים, געבעטן מחילה, טאָמער ניט אָפּגעגעבן וועמען דעם געהעריקן כבוד. און אַצינד, נאָכן תענית, פאַרזאַמלט מען זיך צו דער סעודה. נאָך איידער מ׳איז עפּעס טועם, רעדט מען מעניני דיומא. היינט איז ז׳ אדר, משה רבינוס יאָרצייט. דער גבאי פון דער חברה קדישא, אברהם ישמח, לייענט פון פּנקס די נעמען פון די נפטרים. נאָך דעם ווי מ׳לערנט אַ פּרק משניות און מ׳זאָגט קדיש, גייט דער עולם זיך וואַשן צו דער סעודה.

די גבאיטעס שטעלן אויף טישן געקאָכטע פאַרעדיקע קאַרטאָפל מיט גרויסע שמאַלץ־הערינג און גאַנצע לעבלעך געבייטלט־ברויט. יאַנקל ישלח, דער גבאי שני, טיילט אַלעמען גלעזלעך בראָנפן, דאָס מאכל. נאָכן גלעזל בראָנפן פילט זיך דער עולם אַ ביסל וואַרעמער, מיט אַ גוטער געהויבענער, פריילעכער שטימונג.

אָט וויל לייבל פון יאַנקלען דווקא אַ גלעזל ניינציקער. קלמן מאַכט אַ פּשרה: „גיב אים צוויי מאָל צו פינף און פערציקער״. און ווען דער שר המשקים, יאַנקל ישלח, זעט אַז דאָס פלעשל הייבט שוין אָן צו טאָגן, מ׳זעט שוין באַלד דעם באָדעם, זינגט ער מיט אַ יום־טובדיקן ניגון: „הים ראה וינוס. איר ווייסט אפשר פאַרוואָס דער ים איז אַנטלאָפן?״ פרעגט ער, און ענטפערט אַליין: „ווייל ער האָט דערזען די חברה קדישא קומען מיט יוספס ביינער, האָט ער מורא גע־קראָגן פאַר זיי; די חברה קדישא קען אויסטרינקען אַ ים״. אָבער אברהם ישמח זאָגט: „פאַר אונדזער חברה קדישא וואָלט ער ניט אַנטלאָפן: דאָ זיינען דאָ מער הונגעריקע ווי דאָרשטיקע״. און ער הייסט אָרויפשטעלן מער קאַרטאָפל מיט הערינג.

אָט אַזוי האָט דער עולם פאַרבראַכט ביי דער סעודה, געוויצלט זיך, נאָכגע־זאָגט גוטע ווערטער פון צדיקים, פאַרגעסן אויף אַ ווייל פון דעם שווערן ווינטער, פון דאגות פּרנסה, שיך, מלבוש, האָלץ, קאַרטאָפל און פון די פּוילישע שכנים אַרום. ווי פון אַ געהיימער קראַפט אויפגעוואַכט, ווערט איינער נאָענט צום צווייטן. מען דערציילט נחת פון קינדער. ס׳הערשט אַ אינטימע וואַרעמע פריינדשאַפט ביי אַלעמען.

אָבער די אידיליע האָט לאַנג ניט אָנגעהאַלטן. ס׳עפנט זיך די טיר. פייוול שניידער, אַן אַלטער חבר פון דער חברה קדישא קומט אַריין, געפרוירן, פול מיט

# שטערן אין דער נאַכט

אייז־ליכטלעך אַרום זיין גרויסער באָרד. די הענט ציטערן ביי אים. ער צאַפּלט. ער ענטפערט ניט, ווען דער גבאי שרייט אויס: „פּייוול! וואו ביסטו געווען? אַזוי שפּעט!" נאָר אַנשטאָט אַן ענטפער פרעגט פּייוול מיט גרויס צאָרן:

„איר ווייסט גאָרניט? האָ! איר זיצט און עסט די קאַרטאָפל מיט הערינג! איר פאַרגעסט אַז אונדזערס אַ טייערער חבר, חיים קאַשעמאַכער, איז פאַרשוואונדן פון שטעטל שוין עטלעכע חדשים אָן אַ שפּור. און היינט האָט מען געפונען אין וואַלד זיינס אַן ארבע כנפות. מ׳האָט דעם ארבע כנפות געבראַכט צום רב, און דער רב האָט גערופן זיין משפּחה, געפרעגט די אַלטע אידישע פראַגע: ,הכר נא, איז דער ארבע כנפות אייער פאָטערס?׳ ,יאָ, רבי! מיר דערקענען׳, האָבן די קינדער געענטפערט מיט אַ ביטערן געוויין. איך האָב בייגעוואוינט דעם ,הכר נא׳ ביי דעם רב. איך האָב אויך דערקענט דעם אַרבע כנפות. איך מיין אַז יעדערער פון אונדז וואָלט דערקענט חיים קאַשעמאַכערס אַרבע כנפות. דעם אַרבע כנפות האָט ער שטענדיק געטראָגן מיט די ציצית אין דרויסן. מיטן אַרבע כנפות האָט מען אים געזען אין קאַשע־מיל, ביי דעם פערד און וואָגן, שטענדיק. איך האַלט דעם אַרבע כנפות און קוקנדיק אויף די ציצית דערקען איך בלוט־פלעקן. באַלד בין איך אַוועק אין וואַלד, מיין דוואָשע נאָך מיר. מיר האָבן גע־זוכט אין דער ריכטונג אַ גאַנצן טאָג, אפשר וועלן מיר געפינען נאָך אַ שפּור, אָבער גאָרניט. צוויי מענטשן אין אַזאַ וואַלד! אידן, געדענקט! מ׳טאָר ניט רוען און פאַרגעסן! מיר אַלע, דאָס גאַנצע שטעטל, דאַרפן גיין זוכן חיים קאַשע־מאַכער. געדענקט! מיר האָבן אַ מת־מצוה. מיר דאַרפן אים ברענגען צו קבר ישראל".

דער גאַנצער עולם זיצט מיט אן איינגעהאַלטענעם אָטעם, שטיל. קיינער רירט זיך ניט צו דער שיסל מיט די פאַרעדיקע קאַרטאָפל. אַלע אויגן און אויערן זענען געוואָנדן צו פּייוולען.

„היתכן, שוין פאַרגעסן אַזאַ איד?!" שרייט ער. „אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ נפטר ר"ל אין שטעטל, איז מען באַלד געלאָפן צום חיים קאַשעמאַכער. ער האָט צוגעגרייט די קרשים, געגעבן פערד און וואָגן פאַר דער מיטה. ווער האָט אויפגעשטעלט אונדזער בית החיים? לאָמיר אייך דערציילן. איך בין זיכער אַז ניט אַלע ווייסן. ספּעציעל די יונגע לאָקשן (די יונגע חברה קדישא לייט האָט מען באַצייכנט מיטן נאָמען ,לאָקשן׳). זיי ווייסן פון דעם זיכער ניט. ביי אונדז אין שטעטל איז געווען אַ בית־המדרש, אַ מקוה, חסידים־שטיבלעך, פּריוואַטע מנינים, אָבער ניט קיין בית־החיים. אַז ס׳האָט זיך געמאַכט אַ נפטר, האָט מען אים

# גרשון ווענגראָווסקי

גערדאַרפט פירן צו דער גרויסער שטאָט, פינף און צוואַנציק קילאָמעטער פון שטעטל. איר פאַרשטייט ווי אַזוי דאָס האָט אויסגעזען ווינטער, אין אַ פראָסט, ווען ר״ל די אלמנה און די קליינע יתומים דאַרפן באַגלייטן דעם נפטר אויף אַזאַ לאַנגן וועג. על פי רוב האָט מען ניט געקענט זאָגן קדיש ביי דעם פרישן קבר, ווייל ס'איז ניט געווען קיין מנין. איז געקומען חיים קאשעמאַכער און געזאָגט: „גענוג!״ ער איז געווען פון די קויפערס פון דער קרקע. ער האָט מקדש געווען די קרקע פאַר אַ בית־החיים און געזעסן שמירה ביז ס'זיינען געווען צוויי בר־מינן'ס. ער האָט זיך שטענדיק געוואונטשן: ,איך זאָל אַזוי קומען צו קבר ישראל׳״.

אברהם ישמח פרעגט פייוולען: „פאַר וואָס אַזוי פיל שבחים? פייוול, גענוג ווען דו זאָגסט: ,ער איז אַ איד׳. איין איד דאַרף זיין ערב פאַר דעם צווייטן. ווער ווייס וואָס ס'קען געשען מאָרגן מיט אַ צווייטן איד. אונדזערע שכנים די פּאָלאַקן זענען געוואָרן זעלבשטענדיק. אין אַלע צרות באַשולדיקן זיי אידן. אידישע הרוגים געפינט מען אויף אַלע וועגן. דער איד איז היינט הפקר. זיכער, מיר אַלע, דאָס גאַנצע שטעטל, דאַרפן גיין זוכן, בלויז כדי צו ווייזן אַז אַ איד איז ניט הפקר״.

שבת, נאָך קריאת התורה. דער דלוגאָשאָדלער רב, הגאון ר׳ משה פרידמאַן זצ״ל, דער זקן, אַליין אַ שטיק תכלת איז אַצינד אינגאַנצן איינגעוויקלט אין טלית. אין זיינע אויגן און פנים האָט מען געקענט זען אַז עס ליגט דאָרט באַהאַלטן אַ גרויסע ציטערניש און אַז ער איז באַשווערט מיט גרויס טרויער. ער גייט מיט געמאָסטענע טריט אַרויף אויפן באלעמער און שרייט אויס מיט זיין גאַנצן כוח: „רבותי אידן! ניט נאָר פסח, ביים סדר, דאַרף מען זאָגן די ווערטער: ,אלא שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו׳. מ'דאַרף דאָס שטענדיק זאָגן און ניט פאַר־געסן אַז די וועגן און שטעגן פון דאָרף און שטאָט זענען פול מיט אידיש בלוט. מ'האָט אים פאַרשלעפּט. פאַרשוואונדן — ניטאָ מער חיים קאשעמאַכער! זעט אידן, דאָס איז דער אַרבע כנפות, וואָס שרייט צו אונדז: ,קול דמי אחיך צועקים אלי מן האדמה׳״.

מיט טרערן, וואָס רינען אַראָפּ אויפן אַרבע כנפות, שרייט ער: „הכר נא, פאַרגעסט ניט! דאָס איז חיים קאשעמאַכער, דאָס מיינט מען מיך, דעם איד, אונדז אַלעמען!״

און דער זקן קוקט אויפן אַרבע כנפות און רעדט מיט אַ געבעט: „אַז איר וועט זען בלוט אויף אַ אידישן בגד, הכר נא, געדענקט ווער האָט דאָס בלוט

# שטערן אין דער נאַכט

פאַרגאַסן!" און ער רופט אַלעמען צו קומען באַלד צוריק, נאָך דער שבת־סעודה, צו גיין מיט „מיר" זוכן חיים קאַשעמאַכער.

באַלד נאָכן טשאָלנט זאַמלען זיך אידן לעבן בית־המדרש. דער רב קומט אַרויס פון זיין בית־דין שטוב, אָנגעטאָן אין זיין שבתדיקן טראַכט, שטריימל און לאַנגן שוואַרצן מאַנטל, אַרומגענומען מיט אַ שווערן גאַרטל. אַלע באַגריסן אים: „גוט שבת, רבי!" ער ווערט אַרומגערינגלט מיט די חשובי עיר, צוויי שוחטים, מלמדים און גמרא־קינדער, און אברהם ישמח מיט דער חברה קדישא. דער רב זאָגט צום עולם: „קומט מיט מיר! מיר איז גוט באַקאַנט דער וואַלד. ס'איז אַמאָל געווען אַ צייט, ווען מ'האָט ניט מורא געהאַט צו גיין אין וואַלד. אַ סך שווערע סוגיות זיינען מיר קלאָר געוואָרן אין דעם וואַלד. הייבט אָן צו גיין!" און דער עולם פאָלגט נאָך.

אין וואַלד צעטיילט דער רב דעם עולם אין גרופעס. מ'קעמט דורך דעם וואַלד אין דער לענג און ברייט — און גאָרניט, מ'געפינט ניט קיין שפור. אויפן וועג צוריק זאָגט אָן דער רב אַז מ'זאָל ניט אויפגעבן, נאָר זוכן. אידן האָבן ניט אויפגעגעבן. אידן האָבן געזוכט. אַלע טאָג זענען געגאַנגען אידן זוכן אַ סימן פון חיים קאַשעמאַכערס געביין — און ניט געפונען.

במשך פון חדשים איז אָנגעגאַנגען דאָס זוכן, פאָרשן, פרעגן וואו, ווען און וואָס, אָן קיין רעזולטאַט, ביז די זון האָט אָנגעהויבן צו שיינען, וואַרעמען. דער שניי און אייז האָבן אָנגעהויבן צעגיין.

דאָס איז געווען אין אַ פרימאָרגן. דער רב זיצט און איז מעיין אין אַ דין. פלוצעם עפנט זיך די טיר און עס קומט אַריין אַ קריסטין און זאָגט: „ראַבין! מיר האָט זיך געחלומט פון חיים קאַשעמאַכער". דער רב האָט ניט פאַרשטאַנען, האָט זיך דערשראָקן פון די ווערטער. ער רופט אַריין די רביצין, זי זאָל רעדן מיט איר. צום ערשטן זאָגט די קריסטין איר יחוס, ווער זי איז: „איך בין אַ וועשן. איך וואַש ביי אידן וועש. אַלע קענען מיך. איך האָב געהערט אַז אידן זוכן חיים קאַשעמאַכער, און מ'קען אים ניט געפינען. די לעצטע נאַכט איז מיר געקומען צו חלום, אַז ער ליגט אין וואַלד. איך ווייס וואו, איך וויל ווייזן".

דער רב וויל ניט אַריינגיין מיט דער קריסטין אין אַ חקירה ודרישה. ער רופט גלייך דעם גבאי פון דער חברה קדישא, אברהם ישמח, און באַפעלט אים גלייך צו שאַפן אַ גרופע אידן צו גיין מיט דער קריסטין. „מ'דאַרף לייגן גרויס אַכט, איך מיין אַז דאָס איז דער אמת און ניט קיין חלום".

אין וואַלד. די גרופע טרעפט אָן דעם לעשניק מאַלינאָווסקי מיטן גרויסן

הונט. מ׳דערציילט אים פון אַלץ. ער איז דאָך דער היטער פון וואַלד. ער פאַר־אייניקט זיך מיט דער גרופּע, און זיי גייען נאָך דער קריסטין. זי זאָגט: „איך וועל דערקענען לויטן חלום וואו דאָס אָרט איז״. און פּלוצלינג הייבט אָן דער הונט צו בילן. און מאַלינאָווסקי זאָגט: „אהו! אהו! מיין הונט בילט ניט אומזיסט. עפּעס האָט ער דערשמעקט. פּאַמעלעך, געלאַסן, קוקט זיך אַרום״.

פּייוול שניידער דערזעט עפּעס וואָס איז ענלעך צו אַ שפּיץ פון אַ שוך, וואָס די זון האָט אָפּגעוואַשן פון שניי. ער טוט אַ ריר מיטן פינגער. דערקענט פּייוול אַז ס׳איז ניט בלויז אַ שוך נאָר אַ פוס. יעדער איינער טוט עפּעס. די ערד איז דאָך נאַס — בלאָטע. מ׳שאַרט אָפּ און מ׳זעט אַ פליישיקע מאַסע אין אַ צושטאַנד פון צעפוילונג. ס׳איז שווער צו דערקענען אַ סימן פון חיים קאַשעמאַכער.

דאָ הייבט זיך אָן דער „הכר נא״. מ׳רופט די אלמנה, די קינדער. די גע־וואַלדן גייען עד לב השמים. און צום סוף דערקענט מען אַ מלבוש. פּייוול זאָגט: „דאָ טאַקע האָט מען דאָך געפונען דעם אַרבע כנפות״.

ביי דער לויה. דאָס גאַנצע שטעטל באַגלייט חיים קאַשעמאַכער צו דער אייביקער רו. דער זקן, דער רב ר׳ משה, שטייט ביי דעם אָפענעם קבר און מיט האַרצרייסנדיקע ווערטער געזעגנט ער זיך מיטן קדוש. ער ווייזט אָן אַז מיט חיים קאַשעמאַכער איז פאַרגרעסערט געוואָרן די ריי פון זיינס גלייכן, וואָס אויף זייערע מצבות איז אויסגעקריצט: „פ.נ. איש תם וישר״. דערמאָרדעט, אומגע־בראַכט יונגערהייט. געדענקט! פאַרגעסט ניט! „הכר נא״!





הרב הגאון ר׳ משה זצוק״ל דער דלוגאשאדלער רב

## גרשון ווענגראָווסקי

# דער זיידע לאָזט ניט שיקן די אייניקלעך אין דער פוילישער שקאָלע

„איך קען ניט פאַרשטיין: טאַקע חתונה געהאַט אין אַ דאָרף, מוז מען בלייבן זיצן דאָס גאַנצע לעבן אין דאָרף? אַ איד ווי דו, מיט תורה, אַ יודע־ספר, אָן אַ חברותא, אָן אַ פריינד? מ׳זאָגט, ס׳איז כאָטש דאָ אַ מנין אידן. דער שבת קומט, דאַוונט מען מיט אַ מנין. אָבער שטענדיק ביחידות, אפילו אין יום־טוב, אַלץ אַליין? און גאַנץ באַזונדערש, היינטיקע צייטן, ווען דער גוי איז אַזוי אָנגערייצט אויפן איד, זיצן דריי אידישע משפחות צווישן אַזוי פיל וועלף?״

„טאַטע! יעדעס וואָרט איז אמת. אָבער וואָס טוט מען מיט פרנסה? דווקא אין דאָרף איז, ג־ט צו דאַנקען, דאָ פרנסה. ס׳איז דאָ אַ שטיקל ברויט און צום ברויט. וואָס וועל איך טאָן אין דלוגאָשאַדלע? אפשר זיצן און אויסקוקן פון איין חודש־יאָריד צום צווייטן? מיט וואָס וועל איך פאַרשטופן זיבן מיילער? אַוודאי איז גוט ווען מ׳קען נאָכזאָגן ברוך הוא, ברוך שמו, אמן. ס׳איז גוט צו האָבן אַ מנין. אָבער צום מנין דאַרף מען האָבן מזומן. אין דלוגאָשאַדלע וועל איך דאָס ניט האָבן. דאָס גאַנצע שטעטל אידן לעבט אויף ג־טס ניסים. ס׳איז ניט צו פאַר־שטיין מיטן שכל ווי אַזוי דער איד לעבט אַ גאַנצע וואָך. און זיכער קען איך ניט פאַרשטיין ווי אַזוי ער מאַכט דעם שבת. אין דאָרף, ווי אַזוי די מעשה זאָל ניט זיין, קומט אונטער אַ יאַלעווקע, אַ קעלבל, הינער, גענדז, אַ שאָק אייער. איך פאַרקויף דאָס באַלד. איך האָב נאָך קיין מאָל ניט דערלייגט צו מיין סחורה. איך פאַרדין אַ זלאָטע. ס׳איז דאָ אויף אַ שטיקל ברויט מיט פוטער. איך האָב פרנסה, און פון פרנסה גייט מען ניט אַוועק״.

„מיין זון! איך וויל מיט דיר רעדן וועגן עפּעס וואָס שטייט העכער פון פרנסה, און טאַקע שוין אַצינד״.

„טאַטע! איך מוז שוין גיין, ווייל ס׳ווערט שפּעט. איך וויל זיין אויף דער אַנדערער זייט וואַלד איידער ס׳ווערט פינצטער. איך טראָג מיט זיך פרעמד געלט״.

„קום, מאיר! איך וועל דיך באַגלייטן״.

דער טאַטע מיטן זון שטעלן שנעלע טריט אויף דער סטעטשקע, וואָס ציט זיך דורך דעם סאָסנע־וואַלד. שטיל איז דער אַרום. ביידע שווייגן. דוד האָט מורא אָנצופאַנגען פרעגן אַזאַ האַרבע שאלה. אפשר איז דאָס אַ ליגן. מאַלע וואָס

# שטערן אין דער נאַכט

מענטשן רעדן. ער האָט שוין חרטה וואָס ער איז חושד זיין זון אין שיקן די קינדער אין דער פוילישער שקאָלע. ניין! ניט זיין מאיר. ס׳איז אַ ליגן. ניט פרעגן, ניט רעדן וועגן דעם. ער וויל עס אַרויסשלאָגן פון געדאַנק. באַלד אָבער קומט אַן אַנדער געדאַנק: אפשר, ווער ווייס. מיר לעבן דאָך אין נייע צייטן: רעוואָלוציעס, קינדער גייען אין פרעמדע וועגן, מ׳הערט ניט טאַטע־מאַמע. אפשר איז מיין מאיר אויך אַוועק אויף אַן אַנדער וועג. ער וועט שיקן די קינדער אין שקאָלע, ניט אין אַ חדר. זיי וועלן וואַקסן גויים, אַן וויסן פון אַ ברעקל אידישקייט. וואָס קען איך טאָן? ס׳איז שרעקלעך צו טראַכטן.

ס׳שווינדלט אים פאַר די אויגן. עס מישט אים אין קאָפּ, אַזש צו חלש׳ן. מאיר כאַפּט אָן דעם טאַטן ביים אַקסל: „טאַטע! וואו גייסטו? דו זעסט ניט? ס׳איז דאָך אַ גרוב, וואָס ביסטו אַזוי פאַרטראַכט?״ און ער פירט אים אַרויף אויפן וועג. „מ׳דאַרף זען וואו מ׳גייט, ניט טראַכטן! יאָ, וואָס האָסטו מיט מיר געוואָלט רעדן?״ איז מאיר טשעקאַווע.

דודן האָבן די ווערטער „טאַטע, וואָס טראַכסטו? וואו גייסטו?״ אויפגעוועקט פונקט ווי פון אַ שריפה: ס׳ברענט, מ׳דאַרף לויפן לעשן, ראַטעווען פון דער שריפה!

דער טאַטע איז אַצינד פול מיט מוט. זיין קול קומט אַרויס ווי פון אַ לייב: „יאָ, מאיר! איך וויל דיך פרעגן, אָבער זאָג מיר דעם אמת. אַ טאַטן קען מען ניט נאַרן און מ׳טאָר ניט נאַרן. ס׳גייען אַרום שמועות אַז דו גייסט שיקן דיינע קינדער אין דער פוילישער שקאָלע. הא? טראַכסטו טאַקע אַזוי, מיין זון? דאָס גיט מיר ניט קיין רו״.

„יאָ, טאַטע״, ענטפערט מאיר הכנעהדיק, פאַרשעמט, ווי אַ חדר־אינגל, קומענדיק פון חדר; דער טאַטע פרעגט אים פון דער סדרה און ער ווייסט ניט. „איך האָב ניט קיין עצה. וואָס קען איך טאָן? ס׳איז פאַר מיר אוממעגלעך צו דינגען אַ מלמד, ער זאָל לערנען מיט די קינדער. ער דאַרף זיצן ביי מיר, ווי אַן איידעם אויף קעסט. מ׳דאַרף אים באַדינען מיט עסן און שלאָפן, און געבן אַ פּאָר זלאָטעס יעדע וואָך צו שיקן ווייב און קינדער. וואו וועל איך דאָס נעמען?״

„מיין עצה איז, פאַרקויף דעם גאַנצן פאָלווארק און צי זיך איבער אין שטאָט אַריין״.

„טאַטע! איך בין גרייט, אפילו שוין מאָרגן. ביי מיר האָסטו געפּועלט. אָבער מיין חוה וויל זיך ניט שיידן מיט איר געבוירן־אָרט. אַחוץ דעם האָט זי ניט ליב די שטאָט. ,מ׳דאַרף שטענדיק גיין שיין אָנגעטאָן׳, זאָגט זי. ,אין דאָרף, וואָס

מ׳טראָגט איז גוט. קיינער זאָגט דיר ניט קיין חסרון׳. פאַרשטייסט, טאַטע? זי איז אַ דאָרפישע, שטענדיק אין דאָרף, זי האָט מורא פאַר דער שטאָט — טאַטע! מ׳האָט זיך אַזוי פאַררעדט. ס׳איז שוין שפּעט. גיי, אַהיים גיי!״

„ניין, איך גיי ניט אַהיים! ס׳איז מיר ווינד און וויי״, זאָגט דער אַלטער דוד מיט אַ טיפן זיפץ. „צו הערן אַזעלכע ווערטער! הייסט דאָס אַז דו האָסט ניט קיין עצה, נאָר דו מוזט שיקן די קינדער אין דער טרפהנער שקאָלע! איך גיי מיט דיר און איך וועל איבערצייגן חוהן אַז ס׳איז דאָ אַן עצה. מיינע אייניקלעך וועלן גיין אין אַ חדר און ניט אין דער פּוילישער שקאָלע, וואו מ׳זיצט מיט בלויזע קעפּ, מיט שיקסעס און שקצים צוזאַמען. דאָס וועט ניט געשען אַזוי לאַנג ווי מיינע אויגן זענען אָפן״.

„טאַטע! גיי אַהיים, ס׳וועט ניט העלפן״, בעט זיך דער זון.

„מאיר! איך גיי מיט דיר. דו הערסט? איך מוז איר געבן צו פאַרשטיין ווי גרויס די געפאַר פון די שקאָלעס איז פאַרן אידישן קינד!״ שרייט דער טאַטע מיט צאָרן.

שפּאַנען טאַטע און זון דורכן וואַלד. דער אַלטער טאַטע איז אַצינד גרייט צו פאַרצוקן יעדן איינעם, וואָס וועט אים שטיין אין וועג צו זיין ציל: „מאיר!״ שרייט ער, „ס׳קען ניט זיין און ס׳וועט ניט זיין אַזוי! געדענק, זיי זהיר וזהיר אַזעלכעס ניט צו טאָן!״

חוה באַגעגנט דעם מאַן און שווער מיט אַ פריילעכן „גוט אָוונט״. די אייניקלעך רינגלען אַרום דעם זיידן. זיי ווילן וויסן צי דער זיידע האָט עפּעס געבראַכט פאַר זיי. ער פאַרענטפערט זיך: „איך האָב צופעליק פאַרבלאָנדזשעט אַהער. דאָס צווייטע מאָל וועל איך שוין ניט קומען מיט ליידיקע הענט״, זאָגט ער.

אָבער חוה האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל, אַז דער שווער איז ניט געקומען אַזוי אומזיסט אין אַ פּשוטן מיטוואָך. עפּעס מוז זיין. פרעגן האָט זי ניט געוואָלט. ס׳פּאַסט ניט. דאָס קען מיינען אַז אין אַ מיטוואָך טאָר דער שווער ניט קומען.

חוה האָט ניט געדאַרפט וואַרטן מיט דער פראַגע. דער שווער איז אַרויס מיט ווערטער באַלד ביים אָוועקזעצן זיך ביים טיש, צו דער גלאָז טיי, וואָס חוה האָט דערלאַנגט. ער נעמט דאָס שטיקל צוקער אין מויל אַריין און גיט אַ זיפּ פון טיי און זאָגט זיך אַזוי בנעימות: „לעבן זאָל מיין שנור. זי ווייס אַז ,טיי און תהילים שאַטן ניט׳״. „אָבי מ׳זאָגט אַז דאָרפישע ווייסן גאָרניט״, ענטפערט חוה מיט אַ שמייכל. „האַ?״. „ניין!״ איך זאָג דאָס ניט. פאַרקערט, איך זאָג אַז מיין

# שטערן אין דער נאַכט

שנור איז קליגער פון אַלעמען — חוה, וואָס איך זאָג יאָ איז, אַז איר מוזט אַוועק פון דאַנען, זיך איבערציען אין שטאָט אַריין". — „פאַר וואָס?" פרעגט חוה.

„הער מיך אויס, מיין קינד. די קינדער וואַקסן אונטער. מ'דאַרף פאַר זיי אַ חדר. ס'איז עפּעס שיין אַז אידישע קינדער זאָלן ניט גיין אין אַ חדר? אַ איד מוז קענען דאַוונען. דו זעסט, אין אַ שטעטל ווי ביי אונדז, אין דלוגאַשאַדלע, אפילו יאַלקע שניידער שיקט זיינע קינדער אין אַ חדר. איך דערמאָן יאַלקען, ווייל ער איז אַן אָרעמאַן, אַן אביון. איך בין זיכער אַז ער עסט ניט צו דער זעט. אָבער פאַר שכר־לימוד איז דאָ. ניט בלויז אינגלעך שיקט מען אין חדר, נאָר מיידלעך אויך. ס'איז דאָ אַ צדקת, יוטא־ריבע. זי איז אַ גרויסע מלומדתטע, האָט זי אויפגעעפנט אַ חדר פאַר מיידלעך. דו דאַרפסט הערן זייער דאַוונען. זיי זאָגן עברי בעסער ווי די אינגלעך".

דער אַלטער טאַטע ווענדט זיין בליק צו זיין זון: „מאיר, פאַרשטייסט? מ'איז צווישן אידן! צו מנחה מעריב גייט יעדער איד אין בית־המדרש אַריין. איין איד טרעפט זיך מיטן צווייטן. מ'הערט וואָס טוט זיך אויף דער גרויסער וועלט. מ'הערט אַ דרשה פון אַ מגיד. מאיר, האָסט פאַרשטאַנען דעם מגיד?"

„ער האָט גערעדט מיט אַ שיינעם ניגון. איך וויל דיך טאַקע פרעגן וואָס ער האָט געמיינט מיט דער ,פּאַפּירענער בריק'".

„הערט, ס'איז דאָ אַ אידישע פאָלקס־דערציילונג: ווען משיח וועט קומען, וועט ער פירן אַלעמען אויף אַ פּאַפּירענער בריק. די גויים וועלן אַרונטערפאַלן און די אידן וועלן דורכגיין. האָט דער מגיד זיך צעזונגען. אַז ביי אידן איז דאָ אַ פאָלקס־דערציילונג, איז דאָס ניט אַזוי פּשוט. מיט דער ,פּאַפּירענער בריק' מיינט מען די פּאַפּירענע זלאָטעס, מיט וועלכע מ'שטיצט ישיבות, תלמוד־תורהס. אָן דער בריק זענען מיר פאַרפאַלענע. געדענקט דאָס גוט און פאַרגעסט ניט!"

דער אַלטער דוד מאַכט זיך באַקוועם אויפן בענקל. ער גיט דעם לעצטן זיפּ פון דער גלאָז טיי. ער צינדט אָן זיין מאַכאָרקע־פּאַפּיראָס און פאַרציט דעם רויך. ער שפּייט אויס אין דעם עמער פון שמוץ, ביי דער טיר, בכדי דאָס וואָרט זאָל בעסער אַרויסקומען און פרעגט: „מאיר! דו קענסט דאָס דאַרף זאלאס?" — „זיכער", ענטפערט מאיר.

„לאָמיר אייך דערציילן. דאָרטן האָט געוואוינט, ביז ניט לאַנג צוריק, נאָר איין איד. זיין נאָמען איז געווען בערל. ער האָט געהאַט צוויי בנים. ווען ס'איז געקומען די צייט צו שיקן די בנים אין חדר אַריין, האָט ער פאַרקויפט אַלץ און זיך איבערגעצויגן קיין דלוגאַשאַדלע. ער האָט זיי געקויפט נייע שיך. אין שטאָט

## גרשון ווענגראָווסקי

גייט מען ניט באַרוועס. ער קומט אַריין מיט די צוויי בנים אין בית־המדרש. ווי זיי דערזעען דעם עולם אידן, דערשרעקן זיי זיך און שרייען אויס אין פויליש: „טאַטושו, אָלא באָגאו! אַזוי פיל זשידעס האָבן מיר נאָך ניט געזען!" און זיי לויפן זרויס פון בית־המדרש. דער טאַטע האָט געאַרבעט מעשים צו געבן זיי צו פאַר־שטיין, אַז ער איז אויך אַזאַ איד און זיי זענען אויך אידן, זיי זאָלן אַריינגיין צוריק אין בית־המדרש. אַ נעכטיקער טאָג, זיי האָבן מורא פאַר אידן. בערל האָט געמומען מיט כוח, האָט זיך דער גרויסער צעבריקעט ווי אַ יונגער לאָשיק, וואָס קומט צום ערשטן מאָל אין שטאָט אַריין. ער בריקעט. מ׳קען אים ניט איינ־נעמען. אָבער הערט! היינט לערנען די צוויי בנים אין אַ חדר, און דער אינגסטער גייט פאָרן אין אַ ישיבה.

„פאַרשטייסט, מיין זון, ווער ווייס? ס׳קען קומען אַזאַ צייט, ווען מיינע אייניקלעך וועלן אויך מורא האָבן פאַר אַ איד. אוי, רבש״ע, שטראָף מיר ניט!" הייבט אויף דער טאַטע די הענט צום הימל.

„זאָרג זיך ניט, טאַטע! מיר וועלן פון דאַנען אַוועק, און טאַקע גאָר אין קורצן", באַרואיקט אים זיין זון. „מיר וועלן אַלץ פאַרקויפן".

„אַזוי? אַלץ פאַרקויפן", מישט זיך אַריין חוה. „וואָס וועסטו קריגן? גאָרניט. ביי דיר איז גרינג צו זאָגן: אַלץ פאַרקויפן, ווייל דו האָסט ניט געאַרבעט אויף דעם. יעדער ווערטפולע זאַך, וואָס איר זעט דאָ, שווער, איז מיט בלוט און שוויס פון מיין טאַטע־מאַמע. דאָס געלט וועט באַלד ווערן צעטרענצלט, און מיר וועלן דאַרפן הונגערן".

„אָבער, חוה, מיר דאַרפן אַ חדר פאַר די קינדער", שרייט מאיר.

„וואָס הייסט פאַרקויפן?" שרייט חוה צוריק מיט כעס. „מאיר, געדענק! מיר וועלן הונגערן. דו ביסט ניט אַליין. מיר האָבן פינף קינדער. מ׳דאַרף זיי געבן עסן".

„נו, גיי טענה זיך אויס מיט אַ אידענע. מיך מאַטערן אַזעלכע הויכע ענינים ווי אַ חדר, אַ תלמוד־תורה, און ביי מיין ווייב איז דער עיקר דער מאָגן. זי האָט שוין ניט צו עסן", רעדט מאיר ווי אַ בעל־תשובה.

חוה פאַרברעכט די הענט און מיט אַ קוויטש און יאָמער פאַרלאָזט זי דאָס הויז. פון הינטער דער אַנדערער זייט טיר קומט אַ געשריי, באַגלייט מיט אַ ביטער געוויין: „מיין טאַטנס האַרעוואַניע וויל ער פאַרקויפן!"

מאיר לויפט אַרויס און בעט שטאַרק איבער זיין ווייב: „שאַ שטיל, וויין ניט, מיר וועלן ניט פאַרקויפן אָן דיין הסכמה".

# שטערן אין דער נאַכט

חוה האָט זיך איבערגעבעטן. די גאַנצע משפחה זיצטביים טיש, דער טאַטע גיט צו פאַרשטיין וואָס הייסט ביי אידן עברי און אַ סידור: „די גאַנצע אידישע גלות־געשיכטע קייטלט זיך מיטן סידור. אַ איד פון איין עק וועלט רעדט מיט אַ צווייטן איד פון דעם אַנדערן עק וועלט מיט דער שפראַך פון סידור, עברי. דער סידור האַלט אידן צוזאַמען! דעריבער וויל איך מיינע אייניקלעך זאָלן קענען דאַווענען!"

חוה איז מסכים צו פאַרקויפן דעם פאָלוואַרק. די גאַנצע משפחה האָט זיך איבערגעצויגן אין שטעטל אַריין. ס'איז אַוועק אַ שטיק צייט זינט מאיר האָט משנה־מקום געווען, און ס'איז אים געגאַנגען גאָרניט שלעכט. אָבער חוה האָט נאָך אַלץ טענות צו מאירן פאַר וואָס ער האָט פאַרקויפט איר טאַטנס פראַצע. איין מאָל, אין אַ שמועס מיטן טאַטן, דערציילט דער זון ווי חוה איז נאָך אַלץ אין כעס און האָט חרטה. דער אַלטער טאַטע באַרואיקט זיין זון: „אַזוי איז עס. די חיה בענקט צום וואַלד. זאָל זי זיין אין כעס און רעדן וואָס זי וויל, אַבי מ'הערט דעם קול התורה פון מיינע אייניקלעך! אין דעם דאָרפישן וואַלד וואָלטן זיי געוואַקסן חיות".



# משה־הערש דער שמש

„חיה שרה, דו האָסט עס געבראַכט אַזאַ גרויס בינטל האָלץ און שפענער פון וואַלד אויף דיינע פלייצעס? דערבאַרעם זיך, דו ביסט דאָך אַ מאַמע פון קליינע קינדער!" אָבער חיה שרה גייט אַריין אין אַ שמועס מיט משה הערשן און גיט אים צו פאַרשטיין: „אַז דער זומער קומט, פאַרגעסט מען ווי אַזוי דער ווינטער זעט אויס מיט זיינע קעלטן און פרעסט. האָסט שוין פאַרגעסן די ווינטערדיקע טעג און נעכט. די קינדער — פאַרקילט אין בעט, אַן אַ שטיקל האָלץ אָפּצוקאָכן אַ ביסל וואַרעמס. דער גרעסטער שונא פון מענטש איז דער טעמפּער זכרון, דאָס ניט געדענקען אַז עס קומט אַ ווינטער־צייט — און הײַיאָר איז אַן עיבור־יאָר. דאָס שטיקל האָלץ איז מער חשוב ווי עסן, משה הערש. פון אַלע דיינע פרנסות, בעדער און שמש און נאָך אַנדערע מלאכות, קען מען אפילו ניט באַ־

צאָלן שכר־לימוד פאַר אונדזער אברהמעלען. און ווער רעדט נאָך פון קויפן אַ לייטיש פורל האַלץ. איך וועל שוין ניט דערמאָנען וועגן קויפן אַ קלאָפּטער האַלץ, ווי אַנדערע טוען. אַז מען לייגט אַריין אין אויוון אַזאַ שטשאָפּע האַלץ, רעדט דאָס פייער ווערטער און דער אויוון האַלט וואַרעמקייט אַ גאַנצן טאָג. אָבער דאָס אַנדערע האַלץ איז פונקט ווי שטרוי. עס מאַכט אַ פלאַם און ניט מער. דעריבער, משה הערש, האָב איך באַשלאָסן ניט צו זיצן מיט פאַרלייגטע הענט. איך וועל דיר ווייזן וואָס איך קען אויפטאָן מיט מיינע פלייצעס. דער סאָסנע־וואַלד איז ניט ווייט פון אונדז, נאָר אַריבערצושפּאַנען דעם באַרג זאַמד. דו הערסט? נאָך אַ ווינטל פאַלן אַראָפּ אַ סך אויסגעטריקנטע שטיקלעך צווייגן און שפּענער זיינען דאָ אַ סך. מ׳קען אויפקלייבן און אָנזאַמלען אַ סך פון דעם. פאַר אונדז אין ווינטער איז עס ממש אַן אוצר. קיינער פון אונדזערע גויאישע שכנים קויפט קיין מאָל ניט אַ פורל האַלץ. דאָס גאַנצע באַהייצונג נעמען זיי פון וואַלד. אין די נעכט ווערן גאַנצע ביימער פאַרשוואונדן. מעגן מיר נעמען שטיקלעך האַלץ, שפּענער״.

„חיה שרה, דו ביסט גערעכט. זיכער טאָר מען ניט פאַרגעסן וואָס האַלץ מיינט פאַר אונדז. מילא, עסן עסט מען ניט קיין ברויט מיט פוטער. מ׳קען זיך באַגיין אָן פלייש אַ גאַנצע וואָך, אַחוץ שבת, און אַז מען דאַרף מאַכסטו אַ פאַלשע זופּ וואָס האָט טויזנט טעמים. אָבער האַלץ מוז זיין, אָן האַלץ אין ווינטער איז סכנת נפשות. ניט אומזיסט האָבן אונדזערע חכמים געלויבט נקדימון בן גוריון פאַר שטיצן מיט האַלץ בעת דער באַלאַגערונג פון ירושלים. חיה שרה, איך וועל דיר העלפן, מיר וועלן גיין צוזאַמען קלייבן שטיקלעך האַלץ, שפּענער, און מיט דער צייט וועט זיך אָנזאַמלען אַזוי פיל אַז אין ווינטער וועט עס זיין אַ גרויסע הילף״.

משה הערש און חיה שרה גייען אין וואַלד און קלייבן שפּענער, דערנער, שטיקלעך צווייגן און מאַכן צוויי בינטלעך און לאָזן זיך אויפן וועג אַהיים. משה הערש מאַכט דעם חשבון: „אַזעלכע צוויי־דריי בינטלעך אַלע וואָך, וועל איך שוין ניט דאַרפן קיין האַלץ קויפן, און פאַר דעם געלט וועל איך פאַרריכטן דעם דאַך, דורך וועלכן ס׳רעגנט אַריין, קויפן די קינדער מלבושים״. אַזוי גייט ער מיט זיינע חשבונות. פּלוצלינג, ווי פון דער טיפקייט פון וואַלד, קומט אַ געשריי: „שטיי! איך שיס!״ זיי דערזעען פאַר זיך דעם אויפזעער פון וואַלד מיט אַ גרויסן בלוט־הונט, וואָס בילט אָן אויפהער. משה הערש דערשרעקט זיך און פרעגט: „וואָס טו איך דאָ שלעכטס?״ אָבער דער וואַלד־אויפזעער שרייט: „פּשיאַ קרעוו,

## שטערן אין דער נאַכט

זשידי! קום אין דער פּאָליציי־סטאַנציע. וועט מען דיר געבן צו פאַרשטיין וואָס דו האָסט געטאָן". מיט די בינטלעך אויף די פּלייצעס פירט ער זיי איבערן שטעטל. און דאָרטן, אין דער פּאָליציי־סטאַנציע, הייסט מען משה הערשן אַראָפּ־נעמען דאָס היטל. מ׳זאָגט אים: „דאָ איז ניט קיין באָזשניצע". משה הערש זאָגט: „איך ווייס", און נעמט אַראָפּ דאָס היטל.

דער איד בלייבט שטיין מיטן נאַקעטן שאַרבן און צעפלאָשעטער באָרד. די גויים קאַטשען זיך פון געלעכטער פון זיין פוילישן רעדן. זיין פּויליש איז ניט גוט. אין דעם באַשולדיקונגס־אַקט ווערט ער באַשולדיקט אין פאַרניכטן גאַנצע שטיקער וואַלד. משה הערש בעט זיך: „איר זעט דאָך בלויז שפּענער און שטיקלעך האָלץ. ניט ביימער". דער וואַלד־אויפזעער שרייט: „דו, רויבער! אונדזער וואַלד האָסטו פאַרניכטעט און ראַבירט!" אידן שתדלנים זענען געלאָפן אַהין און צוריק. זיי האָבן אויפגעוויזן אַז אַ זעג אָדער אַ האַק וועט מען ניט געפינען ביי אים אין הויז. נאָך דעם ווי מ׳האָט געגעבן דעם הויפּט אין האַנט אַריין, האָט מען זיי באַפרייט. אויף צומאָרגנס זאָגט חיה שרה צו די שכנים אויפן אויער: „אַז מען שמירט די רעדער, סקריפּען זיי ניט".

אידן האָבן שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ ווינטער אין אַ עיבור־יאָר. אַן עיבור־יאָר־ווינטער איז לאַנג און די קעלט און פרעסט זיינען גרעסער ווי תמיד. אַזוי האָט מען געזאָגט. מ׳דאַרף אָנגרייטן אַ סך האָלץ, קאַרטאָפל. און אין דעם עיבור־יאָר־ווינטער איז ביי משה הערשן אין שטוב ניט געווען ניט קיין האָלץ און ניט קיין שפּענער. די קינדער שטענדיק קאַלט און געפרוירן. אַ סך מאָל טוט חיה שרה בעטן ביי משה הערשן ער זאָל אויסבאָרגן ביי דעם בית־המדרש אַ ביסל האָלץ.

„חיה שרה! דו פאַרגעסט וואָס עס מיינט פאַר אַ אידן דער אויוון אין בית־המדרש. אויפן אויוון קענסטו זען די חתימה פון די אידישע אויסגעהאָרעוועטע פּלייצעס. אין אַ ווינטערדיקן טאָג קומט אַ איד אַריין אין בית־המדרש, געפרוירן, און ער שטעלט זיך אַוועק ביי דעם אויוון מיטן תהילים, און ער זאָגט „אשרי משכיל אל דל". ווער קען דען פאַרשטיין די גרויסקייט פון אַזאַ תהילים זאָגן און וואָסערע שרעקלעכע גזירות עס שרייט אָפּ. חיה שרה, געדענק, אַז אידן געפינען זיך אין אַ מדבר, רעגנט פאַר זיי ברויט פון הימל. דער איד טאָר קיינ־מאָל ניט אַוועקנעמען די אויגן פון הימל. חיה שרה, דאָ האָסטו פאַר אַ פורל האָלץ, אָבער געדענק מ׳זאָל דיך ניט אָפּנאַרן. און זאָרג זיך ניט אַזוי שטאַרק, דאַנקען ג־ט, מיר האַלטן שוין ביי פורים. באַלד וועט זיין זומער. ס׳וועט אויפ־

שיינען די זון. מ׳וועט קענען אַראָפּוואַרפן די שווערע מלבושים. מאָרגן, אויף דער נאַכט, לייענט מען שוין די מגילה״.

„יאָ, משה הערש, דו דערמאָנסט מיר אין מגילה לייענען. אונדזער פייגעלע וויל גיין מיט די חברטעס צום מגילה לייענען, און זי האָט ניט קיין קליידל איבערצוטאָן. דאָס קליידל וואָס זי טראָגט איז ניט אַזוי ריין. משה הערש, דו דאַרפסט הערן ווי זי האָט זיך אויסגעלערנט אַ פּורים־ליד: „ס׳גייט אַ רעגן, ס׳גייט אַ שניי, ס׳קאַפּעט פון די דעכער...״ משה הערש איז פול מיט פרייד הערנדיק ווי זיין ווייב זאָגט נאָך דער טאָכטערס פּורים־ליד. אָבער די שמחה פאַרשווינדט ווען ער טוט אַ קוק צום סופיט און זעט ווי דער סופיט איז נאַס פון דעם שניי וואָס האָלט אין צעגיין. ער זאָגט: „באַלד וועט דאָ אַריינרעגענען״, און ער טראַכט: מ׳דאַרף פאַרריכטן. משה הערש רעדט שוין מיט אַ הויך קול: „טאָ וואָס ווילסטו, חיה שרה?״ „משה הערש, האָב געדולד, שריי ניט. דאָס קינד האָט ניט קיין קליידל. איין קליידל האָט זי!״

חיה שרה רעדט אָצינד און וויינט: „אַנדערע טאַטעס...״ אָבער משה הערש רייסט איר איבער. ער לויפט צו דער שאַנק און נעמט אַרויס נייע סחורה: „נאָ, חיה שרה, דו זעסט, אַנדערע טאַטעס! דאָס האָב איך געקויפט פאַר אונדזער פייגעלען פאַר אַ קליידל. דו זעסט דאָס בלויע בלומעלע? הא, ס׳איז שיין? אָבער דאָס איז אויף פּסח, חיה שרה. דו פאַרשטייסט, אויף פּסח. ווער מאַכט עס מלבושים אויף פּורים? און דאָס, זעסטו, איז גאַבאַרדין פאַר אונדזער אברהמעלען אויף אַ קאַפּאָטע. שיך וועל איך אויך קויפן. אָבער אַלץ אויף פּסח. חיה שרה, דו ווייסט דאָך ווי עס איז שווער היינט מיט פּרנסה. אויב איינעם גייט שלעכט מיט דעם מלמדות אָדער אַזוי מיט פּרנסה וויל ער ווערן אַ בעדער. לויפט ער צו דער קהילה און זאָגט אַז ער וועט צאָלן מער. אַזוי טרייבט מען אַריין אין געלט, חיה שרה. איך האָב ניט קיין צייט. איך מוז לויפן צום רב וועגן אַ שליחות״.

חיה שרה קלערט: וואָס טוט מען? דאָס קינד קען אַזוי ניט גיין מאָרגן. און זי פאַלט אויף אַ המצאה: „ווען פייגעלע וועט גיין שלאָפן, וועל איך אויסוואַשן דאָס קליידל און מאָרגן, אין דער פרי, וועל איך עס אויסטריקענען ביי דעם אויוון״.

צומאָרגנס זאָגט חיה שרה צו פייגעלען: „ליג נאָך אַ ביסל אין בעט, ווייל דאָס קליידל איז נאָך נאַס. איך האָב עס אויפגעהאַנגען אויפן אויוון, כדי ס׳זאָל זיך וואָס שנעלער אויסטריקענען. איך גיי אויף אַ מינוט און איך קום באַלד צוריק, וועל איך דאָס קליידל אויספּרעסן. ס׳וועט אויסזען ווי נײַ״.

# שטערן אין דער נאַכט

אין דער קיך ברענט. ס׳קאָכן זיך מאכלים. היינט ביי נאַכט איז דאָך פּורים. דער אויוון איז איינגעהייצט. פייגעלע נעמט דאָס קליידל נאָענט צום פייער, ס׳זאָל טריקענען וואָס שנעלער, און האַלט עס וואָס אַ מאָל נענטער. „אָט אָט וועל איך האָבן דאָס קליידל טרוקן און איך וועל זיך עס אָנטאָן, לויפן מיט מיינע חבר׳טעס...״ אַזוי פאַנטאַזירט דאָס קינד. פּלוצלינג פאַלט אַרויס אַ ברענענדיק האָלץ און דאָס קליידל צינדט זיך אָן צוזאַמען מיט דעם קינדס הערעלעך! דאָס קינד קען זיך קיין עצה ניט געבן.

ווען חיה שרה האָט דערפילט דאָס פייער און איז אַריין אין שטוב, איז שוין געווען צו שפּעט. די נייעס איז בליץ שנעל פאַרשפּרייט געוואָרן אין שטעטל. יונג און אַלט האָט אַרומגעכאַפּט אַ ציטער פון דער גרוילעכער בשורה. מענטשן זאַמלען זיך לעבן משה הערשס הויז. די אנגסטן זענען זייער גרויס. די נייעס דערגרייכט צו דער פּאָליציי (די כלומרש׳טע היטער פון געזעץ פאַר אַלעמען) און זיי קומען אָן. זיי ווילן וויסן  פאַר וואָס חיה שרה לויפט אַרום מיט שרעק־לעכע קולות: „איך, איך בין שולדיק!״ שרייט זי. „איך האָב עס געטאָן״. משה הערש ליגט אויפן דיל אָן אַ באַוועגונג. אין מיטן דעם שרעקלעכן קאָשמאַר באַווייזט זיך דער וואַלד־אויפזעער (לעשניק) מיטן גרויסן הונט. ער שרייט: „דאָס פורל האָלץ פון משה הערשן אויפן הויף איז געגנבעט פון וואַלד״, און ער וויל עס אַוועקנעמען. דער שכן לייבל ראַבודע, דער שטענדיקער בעל פּלוגתא פון משה הערשן איבער דער פּרנסה פון בעדער און שמש, האָט זיך אַצינד, אין די עת צרה, מיט אים איבערגעבעטן. ער וויינט און שרייט: „זי איז דאָך געווען מיין טאָכטערס חברטע״. און ער בעט די פּאָליציי אַז זיי זאָלן זיך ניט מישן, ווייל דאָ איז פאַרגעקומען אַ גרויס אומגליק. ער וויל אַ דערלויבעניש אַז די חברה קדישא זאָל אָנהייבן צו טאָן איר אַרבעט. אָבער ווען ער זעט אַז פון די רייד וועט גאָרניט אַרויסקומען, זאַמלט ער ביי אידן פאַר אַ מתן בסתר — און זיי פאַר־שווינדן. מיטן וואַלד־אויפזעער האָט ער דאָס ניט געקענט טאָן. ס׳איז ניט געווען גענוג פאַר אים, האָט ער צוגענומען דאָס פורל האָלץ און איז אַוועק מיט אַ „פּשיא קרעוו, זשידי״.

„אוי״, וויינט לייבל ווי אַ קליין קינד. „טוט אַ קוק, אידן, אין אַזאַ צייט, נו, איר זעט, איר וועט שוין גלייבן אַז ס׳איז ניטאָ קיין רחמנות ביי גויים!״ איינער זאָגט: „ניט אַלע״. לייבל שרייט: „גלייבט ניט, אַלע גויים זענען די זעלבע. דעריבער לייענט מען אין דער מגילה די עשרת בני המן בנשימה אחת. מיך האָט שטענדיק געוואונדערט. מ׳זאָגט אַז מיט טויזנט יאָרן צוריק, ווען אונדזערע אור־

## גרשון ווענגראָווסקי

עלטערן זענען געקומען אין דעם לאַנד, האָט מען זיי געזאָגט: „פּה־לין" (דערי־בער הייסט עס ,פּוילן'), דאָ וועט איר איבערנעכטיקן דעם פינצטערן גלות, האָב איך שטענדיק געפרעגט: „צי האָבן זיי זיך ניט געקענט אויסבעטן אַ ביסל בעסערע בעלי־אכסניא?" אַצינד איז די פראַגע געוואָרן פאַרענטפערט, אַז דער דין איז: מ'דאַרף זאָגן די ,עשרת בני המן בנשימה אחת'. ניטאָ קיין בעסערע אָדער ערגערע, אַלע זענען די זעלבע פאַרן איד. נאָר איין הילף, אידן, זאָל שוין קומען די גאולה. משיח דאַרף שוין קומען! ס'איז שוין צייט".

איך געדענק משה הערשן, דעם שמש פון רב און פון בית המדרש, בעדער און קברן, פון אונדזער שטעטל דלוגאָשאָדלע. שטענדיק פאַריאָגט, פאַרהאָרע־וועט, ער לויפט. אָט זע איך אים ערב שבת. ער לויפט איבער דעם שטעטל און שרייט: „שבת, שבת!" צו דערמאָנען אידן וועגן זמן ליכט־צינדן. ער לויפט שנעל צוריק אַליין אָנצוצינדן די ליכט אין בית־המדרש. און באַלד לויפט ער אַריין אין מקוה צו זען צי אַלץ איז אין אָרדענונג. ער לויפט אַריין צום רב — אפשר אַ שליחות. אָט זע איך אים שבת פאַרטאָגס. ער לויפט וועקן אידן צו תהילים, און ער דערזעט מיך, בעט ער מיך: „זיי אַזוי גוט, דאָ איז ניט געלייגט אַ ברעטל איבער דער בלאָטע, שפרייז דורך און גיב אַ קלאַפּ ביי מרדכין אין לאָדן". אָט זע איך אים אין די סליחות־טעג פאַרטאָגס, פינצטער, ער טוט לויפן און פאַלן, וועקן אידן צו סליחות. אָט זע איך אים פאַרטאָגס אין בית־המדרש. ער הייצט איין דעם אויוון. ער בלאָזט, דאָס פייער זאָל זיך אָנצינדן. מיר, דאַן גמרא־קינדער, ווילן אים העלפן אַריינברענגען האָלץ. ער וויל ניט. ער זאָגט: „גייט לערנען!"

ווען דער אויוון איז וואַרעם, זאָגט ער מיר, אַ צופרידענער: „דער רבש"ע וואַרעמט לויט די קליידער נאָך. יענע וואָך איז ניט געווען קיין האָלץ, איז געווען וואַרעם. היינט איז דאָ האָלץ, איז טאַקע קאַלט".

אַזוי געדענק איך משה הערשן אין דעם גרויסן אומגליק. ער ליגט אויפן דיל און שרייט: „אידן! וואָס איז דאָס, חבלי משיח?" ווען די חברה קדישא טראָגן אַרויס דאָס פאַרברענטע קערפּערל פון הויז, ליגט די נייע סחורה מיטן בלויען בלימעלע ביי דער טיר אויפן דיל. חיה שרה האָט עס אָוועקגעוואָרפן: „איך דאַרף דאָס שוין ניט מער..."



# שטערן אין דער נאַכט

## אלי און ר׳ מרדכי, די טריסקער חסידים

ר׳ מרדכי איז געווען אַ צוגערייזטער אין אונדזער שטעטל. ער האָט געזאָגט: „איך בין אַ טריסקער חסיד פון אבות אבותינו״. מ׳האָט אים גערופן „דער גרויסער מרדכי״. ער איז טאַקע געווען גרויס. מענטשן האָבן זיך געוויצלט: „מ׳דאַרף אים פרעגן צי אויבן איז וואַרעם אָדער קאַלט״. דאָס, פאַר־שטייט זיך, איז אַ וויץ. אַבער אין תורה איז ער געווען גרויס אין איכות, אַזוי ווי אין כמות. ער איז געווען פון די איינציקע גרויסע לומדים אין שטעטל. ר׳ מרדכי האָט געהאַט צוויי זין. איינער האָט געהייסן נחום, נאָך הרה״ק ר׳ נחומקע פון טריסק. נחום האָט געהאַט אַ שאַרפן גאונישן קאָפּ. דער צווייטער זון, דער יינגערער, אהרן, איז געווען אַ קאַליקע ל״ע, ווייט פון צו זיין אַ גאון אין גמרא. ער איז אָבער געווען אַ גאון אין מסחר. אָט דער קאַליקע, מיט אַ קאָפּ ווי אַן אומרו פון אַ וואַנט־זייגער, און פאַרקריפּלטע צוויי הענט, איז געווען דער וואָס האָט אַריינגעבראַכט די גאַנצע פרנסה אין שטוב. אין זייער הויז איז שטענדיק געווען אַ יאַריד. פּויערים און פּויערטעס פון די אַרומיקע דערפער, מיט אייער און הינער, האָבן געוואוסט איין וועג: צום גרויסן מרדכי...

אויף אַלע יאַרידים איז דער קאַליקע אהרן געווען דער הויפּט־אויפקויפער. קיינער האָט ניט געקענט מיט אים קאָנקורירן. אַזוי ווי דער מאַרק האָט זיך געשטעלט, איז ער דורכגעלאָפן דעם מאַרק, ווי אַ וויכער, און אין מינוטן האָט ער געוואוסט וואָס ס׳טוט זיך אויף יעדן וואָגן. ער האָט ניט געדאַרפט טאַפּן, קוקן, פרעגן. ער האָט זיך באַדונגען וועגן אַ פּרייז און געהייסן גיין מיט אים אַהיים. האָט מען אָפט געקענט זען אַ גרויסע דעפּילאַדע פון פּויערים און פּויערטעס, באַלאַדנט מיט זעק און פּעק אויף זייערע פּלייצעס. זיי פאַלגן נאָך אהרנען אַהיים. אהרן גיט זיי איבער צו זיין מאַמען און ער לויפט שנעל צוריק אויפן מאַרק...

אין דער היים ביי ר׳ מרדכין איז דער זון נחום געזעסן ביי איין זייט טיש, מיט אַ גמרא, און געלערנט. און דער גרויסער ר׳ מרדכי — ביי דער צווייטער זייט טיש מיט אַ גמרא און זיין ווייב ביילע איז געווען די אָפּנעמערן פון דער סחורה. זי האָט געצאָלט געגעבן אַ רעשט, אַלץ מיט אַ גוט אויג און מיט דער צושטימונג פון ר׳ מרדכין...

דער הויכער ר׳ מרדכי האָט ניט געקענט געפינען אַן אָרט וואו צו דאַוונען.

## גרשון ווענגראָווסקי

ער האָט געדאַוונט ביי די וואורקער, איז אים ניט געפעלן געוואָרן. ניטאָ דאָרטן זיינע מענטשן און מ׳הערט ניט אַ וואָרט פון טריסק, פון טשערנאָבל. ס׳איז ניט פאַר אים. איז ער אַוועק צו די גערער. ביי די גערער — ווייטער די זעלבע מעשה, ניט זיין נוסח. ער געפינט ניט דאָרטן אַ טריסקער חסיד, ער זאָל קענען לערנען אַ שטיקל תורה פון טריסק. ער באַשליסט אַז דאָ איז אויך ניט זיין אָרט. איז ער אַוועק אין בית־המדרש...

אין בית־המדרש איז געווען אַ חברה־תהלים. די חברה איז באַשטאַנען פון פשוטע אידן, בעלי־מלאכות, שוסטערס, שניידערס. זיי זיינען געווען „כצאן בלי רועה". קיינער האָט זיך ניט אומגעקוקט אויף זיי. יעדער חשובער בן־תורה איז זיך געגאַנגען אין זיין שטיבל, און וועגן בית־המדרש האָט מען פאַרגעסן. מיטן אַריינקומען פון אַזאַ חשובן אידן מיט זיינע צוויי זין אין בית־המדרש אריין האָבן זיך די חברה תהלים־לייט געפילט דערהויבן. מ׳האָט אים, ר׳ מרדכין, ממש אַרומגעטראָגן אויף די הענט. מיט דער צייט האָט מען געקענט הערן טאָקע פון די שוסטערס, שניידערס תורה ווערטער פון הרה״ק ר׳ אברהם דעם מגיד פון טריסק, און פון ר׳ מאָטעלע טשערנאָבלער. ר׳ מרדכי איז געוואָרן דער ניט אָפיציעלער מנהיג פון דער חברה תהלים. דער טריסקער רוח האָט געהערשט אין בית־המדרש...

אונטער זיין פירערשאַפט האָט די חברה תהלים געשאַפן אַ קאָסע. אַז אין דער קאָסע האָט זיך אָנגעהויבן צו באַווייזן אַ פּאָר זלאָטעס, האָט ר׳ מרדכי פאָרגעלייגט אלין, דעם גבאי פון דער חברה תהלים, אָנצוהייבן בויען אַ טריס־קער שטיבל. מיט פייער און ברען זיינען אַלע פון דער חברה תהלים צוגע־שטאַנען צו זאַמלען געלט פאַר דעם צוועק. אין אַ קורצער צייט האָט די חברה געשאַפן אַ שיינע מטבע און צוגעטראָטן בויען אַ טריסקער שטיבל.

צום חנוכת־הבית איז אַראָפּגעקומען דער טריסקער רבי פון וואַרשע, ר׳ נחומקע. די שמחה האָט אַרומגענומען כמעט דעם גאַנצן בעל־מלאכהשן קלאַס פון שטעטל. דאָס איז געווען אַ גרויסער זיג פאַר די „חסידי אנשי מעשה" (ווי די לומדים האָבן זיי גערופן). נאַט און זעט, מיר האָבן אויך אַ רבין! מיר זיינען מער ניט „כצאן בלי רועה". ביי דער טיר איז געשטאַנען אַ פעסל ביר מיט אַ צאַפּן. ניט ווייט פון ארון־קודש איז געזעסן ר׳ מרדכי און פאַרשריבן די, וואָס האָבן געוואָלט ווערן מיטגלידער פון טריסקער שטיבל. אלי איז אַרומגעגאַנגען און אַלעמען געטיילט בראָנפן און לעקעך און געזאָגט: „קינדערלעך, טרינקט, זייט זיך משמח!" און געוואונטשן אַלעמען „לחיים!"

# שטערן אין דער נאַכט

די שמחה הייבט זיך אָן מיטן אַריינקומען פון רבין, באַגלייט פון דעם גרויסן למדן אברהמל שוחט אויף דער רעכטער זייט, און פון שאַרפן קאָפּ, נחום ר׳ מרדכיס, אויף דער לינקער זייט. און אהרן גייט נאָך אין דער זייט. דער רבי פאַרנעמט אָן אָרט ביי די ווייסע געדעקטע טישן. מיט גרויס השתפכות הנפש זאָגט ער די ברכה שהחיינו, און אַלע ענטפערן „אמן״. דעמאָלט זינגט אברהמל שוחט טריסקער ניגונים, און דער עולם זינגט מיט. מ׳האָט געפּראַוועט אַ שמחה של מצוה ביז טאָג...

ס׳איז דאָס יאָר 1929, זייער אַ שלעכטע צייט פאַר דעם שטעטלדיקן בעל־מלאכה, ספּעציעל פאַר די שוסטערס. ניטאָ קיין פּרנסה. אלי שלעפּט דעם שווערן וואָגן אַ גאַנצע וואָך. דעם איינציקן פאַרגעניגן האָט ער שבת. באה שבת — באה מנוחה. שבת פאַרגעסט אלי די שווערע וואָך־אַרבעט, ווי שווער אים איז אָנגעקומען אַריינצוברענגען דעם שבת. שבת טרעפט ער זיך מיט די אנשי־שלומנו אין טריסקער שטיבל. שבת איז אויס מיטן עול פּרנסה. שבת שפּאַצירט אלי אין וואַלד, זאַפּט איין די שמעקעדיקע לופט, וואָס די יונגע סאָסנע־ביימער גיבן אַרויס. ער האָט ליב די לאַנקעס מיטן פרישן ניט־באַטראָטענעם גראָז. ער וויל זיין מיט דער נאַטור, הערן אין וואַלד דאָס פייגל־געזאַנג. אלי שפּאַצירט אין די אָפענע פעלדער, וועלדער, וואו ס׳איז פריי. שבת הייסט: מנוחה, רו! פריי!...

שבת, נאָכן טשאָלנט, זאָגט ער צו זיין שכן אברהמל דעם שמיד: „קום, לאָמיר שפּאַצירן! היינט איז שבת. קיינער וואַרט דאָך ניט מיטן פערד און וואָגן, פאַר אַ שפּריכע אָדער אַ פּאָטקעווע. די קוזניע איז פאַרמאַכט. לאָמיר כאַפּן אַ שפּאַציר אין אונדזער וואַלד. ס׳איז אַן אמתער עונג שבת. גלויב מיר, אברהמל, ס׳איז מעדנים געגעסן. די וואַרשעווער קומען אהער און ס׳קאָסט זיי שווערע געלטער. אונדז דאַרף דאָס פאַרגעניגן גאָרניט קאָסטן. דער גאַנצער וואַלד איז אונדזערס אָן אַ גראָשן. קום און האָב הנאהו!״

שפּאַצירן די צוויי שכנים אַרום די שיינע לאַנדשאַפטן, וואָס זיינען אַזוי רחבותדיק אויסגעשפּרייט אין דער לענג און ברייט איבער דלוגאָשאָדלע. יעדער בוים, יעדער שטיין רעדט צו זיי, דערציילט די געשיכטע פון שטעטל, אַלץ אַזוי היימיש באַקאַנט פון דור דורות, יעדער פלאַנץ דוכט זיך איז אייגן און ליב. יעדער בוים איז אַזוי וואונדערלעך שיין...

שבת איז דאָס גאַנצע שטעטל אין וואַלד. יעדער איינער וויל האָבן דעם עונג שבת. אָט דערזעען זיי זייער מנהיג ר׳ מרדכין. מיט גרויס דרך־ארץ שפּאַצירט מען צוזאַמען. אלי זעט אַלע מאָל אַנדערע וואונדער. „אָט, קוקט נאָר דאָ!״ ווייזט

ער אָן מיטן פינגער. „זעט ווי ס׳זאַמלען זיך פייגל אויפן בוים! זעט נאָר, אַלע פון איין קאָליר און פון זעלבן מין. זיי פאַרנעמען יעדעס צווייגל. דער גאַנצער בוים ווערט באַלאַגערט״, זאָגט אלי מיט התפעלות. „ווייזט אויס, זיי האָבן דאָ אַ פאַר־זאַמלונג״, זאָגט אברהמל. „אָבער וואונדער איבער וואונדער!״ זאָגט אלי. „אַזוי פיל און פון זעלבן מין!״

זיי זיינען לאַנג געשטאַנען און זיך געוואונדערט, געהערט דאָס טרילערן פון די פייגל אויפן בוים, באַטראַכט ג־טס באַשעפענישן. „מענטשן קענען זיך אַ סך לערנען פון די פייגל״, זאָגט ר׳ מרדכי. „זעט נאָר! מ׳קריגט זיך ניט, מ׳הרגעט זיך ניט. איך מיין, מענטשן אין זייער לאַגע, ביי אַזאַ פאַרזאַמלונג, וואָלטן זיך געשאַפן פאַרטייען און בלוט וואָלט זיך געגאָסן״. אָט ווייזט אָן אלי: „אַ פויגל־נעסט. קוקט דאָרטן! איר זעט, ווי קליין דאָס באַשעפעניש איז! אויסצואַרבעטן אַזאַ נעסט, מיט איינציקע שטרויען, וואָס זי ברענגט מיטן שנאָבל...״ „יאָ״, זאָגט ר׳ מרדכי, „דאָס איז קונסט, אפשר אַ גרעסערע קונסט, ווי פון שכן אברהם־ישמחס קאמעניצע...״

אַזוי וואָלטן זיי געשטאַנען און געקוקט אַ לאַנגע צייט אויף די פייגל. אָבער די זון האָט זיך, ווי אַ גרויסער פייער־באַל, אָנגעהויבן צו זעצן אויף די שפּיצן פון די סאָסנע־ביימער, אויף דער אַנדערער זייט וואַלד, צו מערב, און דערמאָנט אַז ס׳איז שוין צייט צו גיין דאַווענען מנחה...

ביי שלוש סעודות דערציילט ר׳ מרדכי די וואונדער פון די פייגל. אלי וויל וויסן צי פייגל פון איין מין מישן זיך ניט מיטן צווייטן מין. ר׳ מרדכי פאַר־טראַכט זיך אויף אַ מינוט און ענטפערט מיט אַ שטאַרקן זאָג: „ניין! ניט נאָר פייגל מישן זיך ניט, נאָר דער מין מענטש אויך ניט. ניט איך זאָג דאָס. ס׳איז אַ בפירושע גמרא״. ער נעמט אַרויס אַ גמרא „בבא קמא״ און מישט. ער געפינט אויפן דף צ״ב, און ער לייענט פאַר אַלעמען: „כל עוף למינו ישכון, ובן אדם לדומה לו״. „איר זעט?״ זאָגט ער מיט שטאָלץ, ווייזנדיק זיין בקיאות. „די עופות השמים מישן זיך ניט, און דער מענטש, דער בן אדם, זוכט זיינס גלייכן! מ׳מוז האָבן אַ שייכות... דרך אגב, וויל איך אייך עפּעס זאָגן וואָס איר ווייסט ניט. ווייסט איר וואָסער שייכות טריסקער חסידות האָט מיט דער חברה תהלים?״ רעדט ער געלאַסן, ציילט די ווערטער: „גאָר אַלע פון דער טריסקער גזע, אָנהייבנדיק פון הרה״ק ר׳ מאָטעלע טשערנאָבלער ביז אונדזער ר׳ נחומקע, האָבן קיין מאָל ניט אַרויסגעלאָזט דעם הייליקן תהלים פון זייערע הענט. יעדן שבת גאַנץ תהלים אויסגעזאָגט. מ׳דערציילט וועגן הרה״ק ר׳ אברהם דעם מגיד פון

# שטערן אין דער נאַכט

טריסק, זי״ע, אַז יונגערהייט פלעגט ער זאָגן גאַנץ תהלים אין פערציק מינוט. אָבער שפּעטער, אויף דער עלטער, האָט ער געזאָגט: „היינט קען איך ניט זאָגן אַזוי שנעל, מוז איך אָנהייבן מיטוואָך...״

„ר׳ מרדכי״, זאָגט אלי, „מיר זעען דאָך פאַרט גרים און, מ׳זאָל באַהיטן ווערן, משומדים. אידן זאָגן אַז אַ איד שמדט זיך ניט און אַ גוי איז זיך ניט מגייר״. ענטפערט ר׳ מרדכי: „ס׳איז דאָ אַ שייכות. ס׳זיינען דאָ פּעדעם וואָס בינדן. מיר זעען זיי ניט, אָבער זיי זיינען דאָ. טאַקע צוליב דעם האָבן אידן ניט אגיטירט, כדי אַריינצובאַקומען גרים. זיי דאַרפן קומען פון זייער אייגענעם ווילן. זיי דאַרפן זיין אמתע גרי־צדק, ניט קיין פאַלשע. ס׳מוז זיין „ובן אדם לדומה לו״. מ׳מוז זיין גלייך! ס׳מוז זיין די קייט, וואָס זאָל קייטלען צוזאַמען...״

אלי האָט געוואוסט איין וועג: פון שטוב צום שטיבל. ס׳זיינען אָבער געקומען גאָר שלעכטע צייטן. מיטן האַמער און דראַטווע האָט אלי גאָרניט געקענט אויפטאָן. ער קען ניט מפרנס זיין אַ ווייב און קינדער. זיין ווייב חוה שטייט צו און זאָגט: „אלי! שוסטערס פאָרן אַוועק קיין קובא און ווערן אויפגעריכט, שרייבן גוטע בריוו. און דו ביסט דאָך אַ גאָלדענער בעל־מלאכה. דיינס אַ שטיוול קען טראָגן אפילו דער קייסער אַליין. גיי, ווער געוואויר, אפשר איז אַ פּלאַן דו זאָלסט פאָרן קיין קובא״. אלי איז מסכים: „איך וועל גיין זיך דערוויסן...״ אלי איז ניט געוועזן פון די מענער, וואָס זיינען אַרויס פאַרמאַכן די לאָדן און פאַרשוואונדן. ניט אלי. ער האָט זיך געמוזט געזעגענען מיט יעדן איינעם. טרערן האָט ער פאַרגאָסן ווען ער האָט זיך געזעגנט מיט ר׳ מרדכין און זיינע פריינד פון טריסקער שטיבל. אַלע האָבן אים פאַרשטאַנען. „פּרנסה איז מלחמה״. מ׳דאַרף שפּאַלטן ימען...

אין אַ שיינעם פרימאָרגן גייט אלי צו דער באַן, אין דער באַגלייטונג פון זיין ווייב חוה. מיט אַ סך האָפענונג געזעגנט ער זיך, אַז לאַנג וועלן זיי ניט זיין צעשיידט. באַלד וועלן זיי זיין צוזאַמען אין קובאַ.

אלי איז אין קובאַ. נאָך אַ טאָג שווערע אַרבעט שפּאַצירט ער אויף די שטיינערנע גאַסן פון האַוואַנאַ. מיט אויפגעריסענע אויגן באַטראַכט ער יעדן איינעם. ער זוכט אין יעדן אַן אייגענעם, אַ איד, ער זאָל קענען עפּעס רעדן, דערציילן, פרעגן אַן עצה. ער גייט פון איין גאַס צו דער צווייטער און נישטערט מיט זיינע אויגן אין פּנימער פון דורכגייערס. טייל מאָל דוכט זיך אים, אַז אַלע זיינען אידן. אָט שטעלט ער אָפּ איינעם מיט אַ גרויסן ציגאַר אין מויל. ער קען שווערן אַז דאָס איז אַ איד. אלי גיט אים אַ ברייטן שלום־עליכם און זאָגט אַ פּאָר

ווערטער אין מאַמע לשון. אָבער יענער לאַכט אַריין אין זיין גרויסן ציגאַר און מיט שפּאַס און שפּאָט קערט ער זיך אָפּ פון אים. ער לאָזט אים שטיין אַ באַליי־דיקטער. וואָס ווייס דער שפּאַנאָל וועגן „ואהבת את הגר״, פון הכנסת אורחים. ער האָט קיין תורה ניט געלערנט. אַ מידער און אַנטוישטער האָט ער זיך שטענדיק צוריקגעקערט אַהיים. עפּעס האָט אלי אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַז די פרעמדקייט, וואָס ליגט צווישן אים און זיי, וועט קיין מאָל ניט פאַרשווינדן. זיי וועלן זיך קיין מאָל ניט פאַרשטיין. ס׳שטייט אַ גרויסע באַריערע צווישן לאָפּעז און אלין...

קאָשמאַרנע חלומות האָבן אים געמאַטערט אַלע נעכט. זיינע טעג זיינען ניט געווען קיין סך בעסער. ער קען זיך ניט שאַפן פריינד. ער קען זיך קיין אָרט ניט געפינען. איין מאָל, כדי צו פאַרטרייבן די איינזאַמקייט, שטייט ער ביים פענצטער און קוקט אַרויס צו דער ליכטיקער וועלט. ער זעט אַ בוים, באַזעצט מיט פייגל. זיי זיינען געקומען נעכטיקן אַזוי ווי ער. ער זעט, זיי זענען פון איין „מין״, פון איין קאָליר. ער דערמאָנט זיך ר׳ מרדכין און דאָס טריסקער שטיבל, מענטשן, פריינד. וואוהין איז ער פאַרוואָגלט געוואָרן? ער דערמאָנט זיך די ווערטער פון ר׳ מרדכין: „ס׳דאַרף זיין אַ פאָדעם וואָס זאָל בינדן...״ דער פאָדעם איז דאָ ניטאָ! און אלי באַשליסט צו פאָרן צוריק, צו זיין משפחה, צו זיינע פריינד אין שטעטל...

באַלד איז באַוואוסט געוואָרן אַז אלי איז דאָ צוריק פון קובאַ. אַלע שכנים זיינען דאָ ביי אים אין שטוב. זיי פרייען זיך מיט אים פּונקט ווי זיי וואָלטן פאַר־לוירן אַ דימענט און אים צוריק געפונען. אברהמל דער שמיד זאָגט: „איך האָב אים געזאָגט: ,ניט פאַר דיר איז קובאַ!׳״ און דער צווייטער שכן, הערש־וועלוול דער קאַמאַשן־שטעפּער, האָלט שוין אַ פּאָר כאַלעוועס. ער וואָלט שוין געוואָלט אַז אלי זאָל זיך אַוועקזעצן און אים מאַכן די שטיוול. „אַ גאָלדענער בעל־מלאכה פאַרט אַוועק און לאָזט אונדז איבער מיט לאַטוטניקעס״, זאָגט ער. חוה זאָגט: „האָ! ניין, הערש־וועלוול, היינט וועט ער ניט אַרבעטן. היינט וועט ער זיך אָפּ־רוען״. „נו, איך מיין ניט היינט״, אַנטשולדיקט זיך הערש־וועלוול. „אָבער מאָרגן איז פרייטיק. זאָל ער מאָרגן מאַכן פאַר מיר די שטיוול״. „יאָ״, זאָגט אלי, „מאָרגן וועל איך אַרבעטן. די שטיוול וועלן זיין פאַרטיק אויף שבת!...״

באַגינען, מיטן מאָרגן־שטערן, זיינען זיי אויפגעשטאַנען. אלי האָט געגעבן חוהן צוויי זלאָטעס: „נאַ, גיי קויף איין אויף שבת. אָבער פאַרגעס ניט אַז היינט איז פרייטיק״. חוה איז אַוועק איינקויפן. זי האָט געחשבונט עטלעכע מאָל ניט

## שטערן אין דער נאַכט

אויסצוגעבן אַן איבריקן גראָשן. זי איז געקומען צוריק באַלאָדנט מיט קאַר־טאָפּלעס און פּערל־קאַשע פּאַרן טשאָלנט, מייערן און שיינע ברוינע חלות.

באַלד האָט חוה צוגעבראַכט עפּעס אַ גוטע זאַך טועם צו זיין. אָבער אלי איז פאַרנומען איינגעצנדיק די פּאָדעשווע אין וואַסער און צוגרייטנדיק אַלע צודאטן פאַר דער אַרבעט און ער זאָגט: „חוה! אַביסל שפּעטער. איך דאַרף דאַוונען". „אָט דאָ איז דער טלית און תפילין, דאַוון", זאָגט חוה. „איך האָב אים נאָר־וואָס אויפ־געפּאַקט..."

אלי איז שטאַרק פאַרטאָן אין דער אַרבעט. ער ווייס אַז ער טאָר ניט מסיח־דעת זיין אַז היינט איז פרייטיק. נייט ער דעם שטיוול מיט גרויס שנעלקייט און פלייס, ציט שנעל די דראַטווע הין און צוריק און קלאַפּט צו מיטן האַמער. זיינע פינגער גייען פּונקט ווי די פינגער פון אַ מוזיקער איבער זיין פידל...

לאַנג פאַר ליכט־צינדן איז אלי פאַרטיק געוואָרן מיט די שטיוול, און באַלד גענומען אַ העמד אונטערן אָרעם און איז אַוועק אין מקוה אַריין. חוה האָט גע־ראַמט, געפּוצט, פאַרהאַנגען דעם שוסטער־וואַרשטאַט מיט אַ ליילעך ניט אויסצומישן דעם שבת מיט דער וואָכעדיקייט. דעם טיש האָט זי איבערגעדעקט מיט אַ ווייס טישטעך און אַוועקגעשטעלט די צוויי לייכטער אויף דעם טיש אין הויז, זיי זאָלן זיין גרייט צום בענטשן. און אין הויף, פאַר דעם הויז, האָט זי אויס־געשיט געלן זאַמד, געקויפט ביי דעם זאַמד־שייגעץ, אַ קעסטל פאַר פינף גראָשן. דאָס האָט צוגעגעבן אַ סך חן צו דער שיינקייט פון שבת...

אויף גיך, מיט אַ רויט, גליענדיק פּנים (ס׳איז נאָך געגאַנגען אַ פּאַרע פון דער הייסער מקווה), איז אלי אַריין אין שטוב און אַ זאָג געטאָן: „חוה! ס׳איז שוין צייט צו בענטשן ליכט!" ער האָט געכאַפּט דעם שבתדיקן מלבוש אויף זיך און איז אַרויס מיט שנעלע טריט צום טריסקער שטיבל מקבל־שבת זיין.

אַריינקומענדיק אין שטיבל, באַגעגנט אים, ביי דער טיר, ר׳ מרדכי מיטן פריילעכן „גוט שבת, אליו!" זיינע ערשטע ווערטער זיינען געווען: „איך האָב שטענדיק געטראַכט וועגן דיין פראַגע, צי פייגל מישן זיך אויס, איין מין מיטן צווייטן מין. דו אַליין האָסט געפונען דעם ענטפער פון דער גמרא: ,כל עוף למינו ישכון, ובן אדם לדומה לו׳. יעדער פויגל זוכט זיין מין און יעדער מענטש זוכט זיין שורש, זיין שטאַם, זיינע מענטשן! דיין אָרט איז מיט אונדז, טריסקער חסידים!..."





**אלי בודעשעוויטש מיט זיין משפחה**
די גאַנצע משפחה אומגעקומען אין רוסלאַנד הי"ד.
זיין זון יצחק פון לינקס, היינט אין ברוקלין, האָט מיר געגעבן דאָס בילד.

## שטערן אין דער נאַכט

## ווי איך האָב אַנטדעקט דעם קבר פון מיין זיידן

זינט חיים יצחק איז געקומען אין מדינת־ישראל פון דעם שרעקלעכן גיהנום און אָנגעהויבן אַרבעטן און פאַרדינען, טוט ער שפּאָרן פון יעדן ביסן אויף אַ רייזע קיין אַמעריקע. דער ציל פון דער רייזע איז ניט צו זען דאָס שיינע אַמעריקע. ניין! איין איינציקער שטיין פון ארץ־ישראל האָט מער ווערט ווי גאַנץ אַמעריקע. דער ציל איז אפילו ניט צו זען זיין איינציקע שוועסטער מיט איר משפחה. די שוועסטער קען קומען צו אים קיין ישראל. ער וויל פאָרן קיין אַמעריקע כדי צו זיין, צום ערשטן מאָל, אויפן טאַטנס קבר אין יאָרצייט, ניין טאָג אין אלול.

שטייט ער אַצינד ביי זיין שוועסטער אין ברוקלין און פרעגט: „ווי איז דאָס מעגלעך אַז קיינער זאָל ניט וויסן וואו דעם טאַטנס קבר געפינט זיך? אמת, דער פעטער שמחה און פעטער דוד זיינען שוין אויפן עולם־האמת. אָבער ס׳זיינען דאָך געבליבן קינדער און פון זיי קען מען זיך דאָך דערוויסן".

הינדע רחל, זיין שוועסטער, גיט אים צו פאַרשטיין: „באַלד נאָך מיין קומען אין אַמעריקע, אין 1949, האָב איך געפרעגט, געשריבן, גערעדט אויפן טעלעפאָן איבער די מרחקים, וואו נאָר אונדזער משפחה איז צעשפּרייט, און באַקומען איין ענטפער: ,מיר וייסן ניט׳. מיין טייערער ברודער! מ׳דאַרף וויסן כאָטש דעם נאָמען פון דער שטאָט, וואו דער טאַטע האָט געוואוינט. אַמעריקע איז גרויס. איך ווייס ניט. אפשר ווייסטו?"

חיים יצחק באַמיט זיך אָפּצופרישן זיין זכרון וועגן דעם וייטן אַמאָל. אָבער דעם נאָמען פון דער שטאָט געדענקט ער ניט. ער געדענקט ווי אַזוי די אידייע צו פאָרן קיין אַמעריקע האָט זיך אָנגעהויבן צו אַנטוויקלען. ער געדענקט, ווי אַצינד, דעם דורכרייד צווישן טאַטע־מאַמע אין זייער קליינעם שניט־געוועלב, וואו די מאַמע איז געווען די גאַנצע בעלביתטע. דער טאַטע נעמט טלית און תפילין צו גיין אין בית־המדרש אַריין. ער זאָגט הכנעהדיק: „מרים מאַטל, איך גיי דאַוונען". — „נו, וואָס ווילסטו?" פרעגט די מאַמע. — „דו ווייסט דאָך, מ׳דאַרף געבן אַ איד אַ נדבה. ס׳איז ניט שיין צו זאָגן ,איך האָב ניט׳". די מאַמע שטעלט זיך אויף און נעמט אַרויס פון דער פאַרטעך־קעשענע עטלעכע קאָפּעקעס און גיט אים. דער טאַטע קוקט אָן די פּאָר קאָפּעקעס און איז ניט צופרידן: „דו ווייסט, מרים מאַטל, היינט איז פרייטיק. מ׳דאַרף גיין אין מקווה אַריין, און דער בעדער

קוקט אין די הענט". די מאַמע גיט אים צו נאָך אַ קאָפּעקע און זאָגט דערביי: „גרשון! דו זעסט דעם גלאָק ביי דער טיר? ער האָט נאָך היינט ניט געקלונגען. מ׳זעט ניט קיין קונה, און דו — נאָר גיב, און גיב! פון וואַנען?" — „מרים מאַטל, אפשר וואָלט איך געדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע. מ׳זאָגט אַז אונדזערע שכנים, בערל און לייבל, זיינען דאָרט באַגליקט געוואָרן. זיי שיקן איבער צו זייערע משפחות פאַרמעגנס". — „אַלע מיינע בייזע חלומות צו די שונאי ישראל. אַמעריקע, וואָס וועסטו דאָרטן טאָן?" פרעגט די מאַמע — „זיי זיינען בעלי־מלאכות. אָבער דו?" — „מרים מאַטל! מ׳זאָגט אַז פון האַנדל פאַרדינט מען מער ווי די בעלי־מלאכות".

פון יענער צייט אָן האָט זיך דער טאַטע אינטערעסירט מיט אַלע ידיעות וועגן פאָרן קיין אַמעריקע. ער דערוויסט זיך פון אַ „מוליך", וואָס שמוגלט גרענעצן און שטעלט צו ביז אַמעריקע. ווען די פּרנסה איז געוואָרן ערגער, האָט דער טאַטע זיך איבערגעגעבן צו דעם „מוליך". „פאַרפאַלן", האָט ער געזאָגט, „קשים מזונותיו של אדם כקריעת ים סוף. מ׳דאַרף שפּאַלטן ימען פאַרן שטיקל ברויט" — און מיין טאַטע טוט זיך גרייטן צו פאָרן קיין אַמעריקע.

און חיים יצחק דערציילט: „ביי אונדז, אין ווישקאָווע, איז געווען אַ רבי, אַ צדיק יסוד עולם. נאָר יחידי־סגולה האָבן אים פֿאַרשטאַנען. מ׳האָט אים גערופן „דער סגי נהור". ער איז געווען אַ בקי בכל חדרי חדרים אין דער תורה. ער האָט טאַקע ניט געזען אונדזער זינדיקע וועלט. אָבער אַ סך גרויסע הייליקע וועלטן האָט ער געזען און פאַרשטאַנען. אָט צו אים האָט מיך מיין טאַטע מיטגענומען, און איך בין בייגעווען דאָס געזעגענונג מיטן צדיק.

דער רבי האַלט דעם טאַטנס האַנט און רעדט הויך: „גרשון, געדענק, וואו דו זאָלסט ניט זיין, זוך אַ אידישן ציבור! אַ איד טאָר קיין מאָל ניט זיין אַליין! ווען אַ איד טוט תפילה, שליסט ער זיך אָן אין ציבור און בעט פאַר אַלעמען, און זיך נעמט ער אַריין אין דעם כלל. ניט אומזיסט שטייען אויף אַ גאָר הויכער מדרגה דער מזומן און מנין. זיי שאַפן דעם ציבור. דער יחיד איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן כלל, און דער כלל איז פאַראַנטוואָרטלעך פאַרן יחיד.

איך הער זיינע ווערטער ווי אַצינד. ער זאָגט שאַרף און הויך: „היינט גייט די פרשה אמר. די תורה רעדט פון אַ מת מצווה. דאָס מיינט: קבר ישראל. זאָגט די תורה אַז אַ כהן גדול דאַרף זיך מטמא זיין צו אַ מת מצווה. פאַרשטייסט, ווי הייליק דער כהן גדול איז, וואָס ער טאָר זיך ניט מטמא זיין צו זיינע אייגענע עלטערן. „לא יטמא" שטייט. אָבער לאָמיר זאָגן, צו אַ פשוטן איד, וואָס קען

## שטערן אין דער נאַכט

אפילו ניט דאַוונען, דאַרף ער זיך מטמא זיין. דאָס לערנט אונדז די גרויסקייט פון ביידע". דער רבי באַגלייט אונדז צו דער טיר און חזרט איבער נאָך אַ מאָל: „געדענק, וואו דו זאָלסט ניט זיין, זוך אַ אידישן ציבור!"

חיים יצחק קלערט אַצינד וועגן דעם וואָס דער רבי האָט געזאָגט, וועגן קבר ישראל. אפשר איז ער גאָרניט געקומען צו קבר ישראל?

ער דערמאָנט זיך דעם ערשטן בריוו פון ניו־יאָרק. ער שילדערט דעם שטור־רעמדיקן ים, וואָס ער האָט געזען צום ערשטן מאָל, און די שיף מיט די הויכע קוימענס. זיי קוקן אַרויף צום הימל און שיסן מיט רויך. כוואַליעס האָבן געיאָגט. כוואַליעס האָבן זיך געהויבן. זיי האָבן געוואָרפן די שיף אין אַלע זייטן. דער ים איז געווען פרעמד. די נייע וועלט, וואו ער שטעלט אַצינד די ערשטע טריט, איז אים נאָך מער פרעמד. ער האָט מורא געהאַט.

אין דעם צווייטן בריוו באַשרייבט ער די ריזיקע שטאָט פון שטאָל און אייזן, ניו־יאָרק, וואו ער פילט די פיינדשאַפט צו אַ איד מיט אַ באָרד. מעצהט אים צו פאָרן אין די דרום־שטעט פון לאַנד. ער שרייבט: „ס'איז דאָ אַ ,חברה תהלים אנשי ווישקאָווע', וואו יעדער ווישקאָווער באַלאַנגט". ער גיט צו פאַרשטיין אַז יעדער איד, וואָס האָט נאָך אַ פונק פון אידישקייט, וויל לאחר מאה ועשרים אַ „קבר ישראל", ניט ח"ו פאַרקערט.

אפילו די גרויסע רעוואָלוציאָנערן, וואָס האָבן געשטורעמט ווישקאָווע אין יאָר 1905, באַלאַנגען דאָ צו דער ,חברה תהלים אנשי ווישקאָווע'. די ,חברה תהלים' טוט אַ גרויסע און הייליקע אַרבעט, פונקט ווי די ,חברה קדישא', האָט ער געשריבן.

אין יעדן בריוו האָט מען געלייענט: „האַרציקע קינדער, זייט אָפּגעהיטן פון קנאה־שנאה. זאָל ניט זיין קיין פירוד־לבבות צווישן אייך. איר זענט מיר ליב און טייער. איך האָף אַלעמען צו זען אין גיכן".

אָבער גיך קומט אָן די שרעקליכע בשורה אַז מיר זיינען יתומים, מ'דאַרף זאָגן קדיש. חיים יצחק דערציילט מיט שטאָלץ, אַז אין אַלע ביטערע צייטן האָבן מיר אָפּגעהיטן דעם קדיש. אָבער צו פאָרן אויף קבר־אבות — ווער האָט געקענט וועגן דעם טראַכטן? אַזוי ווייט, איבער ימען, קיין אַמעריקע? דער גורל האָט אָבער געוואָלט מיר זאָלן זיין איבער ימען און אין אַמעריקע. נו, וואו איז דער קבר?

די טאָכטער אויפן קראַנקן־בעט רעדט מיט פאַרדרוס ביז די לעצטע מינוטן און פרעגט: „פאַר וואָס קען מען ניט געפינען דעם טאַטנס קבר?" זי ווענדט זיך

צו איר זון: „זוך דעם זיידנס קבר, ווער ניט מידי!" קוים קוים וואָס מ׳קען הערן, זאָגט זי: „ווען איך וואָלט געווען אויפן טאַטנס קבר, וואָלט איך צו אַזאַ לאַגע ניט געקומען!"

ביידע, חיים יצחק און ישראל און די טאָכטער אין ברוקלין, זיינען אַוועק פון דער וועלט מיטן חלום צו זיין אַ מאָל אויפן טאַטנס קבר.

דאָס אייניקל געדענקט דער מאַמעס ווערטער: „ווער ניט מיד, זוך דעם זיידנס קבר!" און ער שטעלט זיך די אויפגאַבע צו געפינען דעם קבר. ער געדענקט גוט וואָס דער פעטער חיים יצחק האָט דערציילט אין זיין בריוו: „מ׳עצהט מיר צו פאָרן אין די דרום־שטעט פון לאַנד. איך קויף אַ בילעט קיין מעמפיס, טענעסי. מיין ציל איז מעמפיס, נאַשוויל, מאָביל, אַלאַבאַמאַ, אַטלאַנטאַ — אַרומפאָרן זוכן, פון איין שטאָט צו דער צווייטער".

און אָט שטיי איך אויפן אעראָפּאָרט אין מעמפיס. איך זע, מ׳פּאָרט, מ׳לויפט, און איך ווייס ניט דעם ערשטן טראָט צו שטעלן. אַוואו זאָל איך גיין? ס׳קומען מיר ספיקות אין קאָפּ אַריין. אפשר ווייסן מענטשן וואָס זיי רעדן: אַ קבר איבער 60 יאָר אַלט, די מצבה איז שוין ניטאָ, אָדער מ׳האָט קיין מאָל ניט געשטעלט אַ מצבה. ס׳איז אומזיסט, ס׳האָט ניט קיין זין צו זוכן.

מיט אַזעלכע געדאַנקען בלעטער איך אַ טעלעפאָן־בוך אויסצוגעפינען אַן אַדרעס פון אַ בית־החיים. איך שטויס זיך אָן אויף מיין זיידנס פאַמיליע־נאָמען: מארכעווקע. דאָס פירט אַוועק מיינע געדאַנקען אויף אַנדערע וועגן: אפשר אַ קרוב? און אויב ניט, איז דאָס זיכער אַ איד. איך וועל עפּעס זיך דערוויסן.

דערוואוסט האָב איך זיך אַז ער איז שמחהס אַ זון. דאָס הייסט: מיינס אַ צווייטער קוזין. אָבער ער דערשרעקט זיך פאַר מיר. ווען ער הערט אַז איך בין געקומען זוכן אַ קבר, גיט ער שנעל איבער דעם טעלעפאָן צו דער ווייב. פונדעסטוועגן, נאָכן שמועס מיט זיין ווייב, וויל ער מיך זען. ער שיקט אַרויס אַן אויטאָמאָביל נאָך מיר. איך זאָג אים וואו איך שטיי. ער שרייט אַריין אין טעלעפאָן: „שטיי דאָרטן און וואַרט! איך שיק אַרויס אַ גרינעם אויטאָמאָביל". איך מיין אַז מ׳וועט מיך ניט דערקענען. איך זע פּלוצלינג אַ סך גרינע אויטאָמאָבילן. אָבער ווי איבעראַשט בין איך געוואָרן: אַ גרינער אויטאָמאָביל שטעלט זיך אָפּ לעבן מיר. איך הער ווי מ׳שרייט: „אָט דאָ איז ער!" ער זעט אויס גענוי ווי מיין באַלעבאָס דזשעק. איך בין פול מיט האָפענונג.

מיין האָפענונג רינט אויס זייער שנעל, ווען מיר טרעפן זיך. איך קוק אויף אים, ער קוקט אויף מיר. איך זאָג אים מיין באַגער. זאָגט ער: „איך ווייס גאָרניט

וועגן דיין זיידן". אָבער ער גיט מיר אַן אויטאָמאָביל צו מיין רשות מיט אַ וועג־ווייזער.

אין אַ ברענענדיקער היץ גיי איך פון איין מצבה צו דער צווייטער און זוך מיין זיידנס נאָמען. מ'זאָגט מיר: „דאָס איז דער גרעסטער און עלטסטער בית־החיים פון מעמפיס, „באַראָן הירש". אַזוי גיי איך אַרום אַ גאַנצן טאָג און לייען דעם אידישן שטיינערנעם פנקס. איך זע מצבות פון 1860, אָבער מיין זיידנס מצבה זע איך ניט.

מיין וועג־ווייזער האָט רחמנות אויף מיר. ער מאַכט מיר אַ הוט פון פּאַפּיר צו פאַרשטעלן פון דער זון און גיט מיר אַ טעלעפאָן־נומער צו דערסעקרע־טאַרין פון בית־החיים. איך גיב איר דעם נאָמען פון נפטר. נאָך אַ צייט זוכן, זאָגט זי: „ניטאָ אַזאַ קבר. אָבער זי בעט ביי מיר מיין טעלעפאָן־נומער. „איך וועל זוכן", זאָגט זי, „אין אַ צווייטן בית־החיים, ,אנשי ספרד'. אפשר דאָרטן..."

שפּעט, פאַרן זון־פאַרגאַנג, ווען איך האָב שוין געהאַט בדעה צו פאָרן אַהיים, קלינגט דער טעלעפאָן. די סעקרעטאַרין זאָגט מיר: „מיר האָבן געפונען אַזאַ קבר אויפן בית־החיים ,אנשי ספרד'".

באַלד אין דער פרי בין איך שוין דאָ אויפן זיידנס קבר. איך לייען דעם אויפ־שריפט אויף דער מצבה, וואָס לערנט מיך אידישע געשיכטע, ניט בלויז וועגן „קבר ישראל", נאָר אַז „דער זיידע איז ניט געווען אַליין".



**ביי דער מצבה פון מיין זיידען**

פון רעכטס צו לינקס: **דער מחבר – גרשון ווענגראָווסקי; דזשעק גאָלד; יהושע העשל מענעס און שאול שטיינמאַרק.** זיי זענען מיטגלידער פון דער אנשי ספרד שוהל אין מעמפיס, טענעסי, וואָס זענען געקומען מיט אַ מנין צו דעם אַנטדעקטן קבר.

## גרשון ווענגראָווסקי

# די ראשי־פּרקים פון מיין לעבנס־געשיכטע

ביי יעדער געלעגנהייט פלעגט מרדכי דערציילן זיינע פריינד וועגן זיין ביטערער פאַרגאַנגענהייט, די מעשים תעתועים פון די בלוט־דאָרשטיקע דייטשן און זייערע העלפערס. דערציילט האָט ער, איין געשיכטע גרוילעכער פון דער צווייטער, מיט אַ צעפלאַמט פנים און פייכטע אויגן. אַזוי האָט ער דערציילט וועגן זיין ווייב און קינד, צוויי יאָר אַלט: „פאַר זיי האָט דער דייטש אָנגעוויזן: לינקס! און פאַר מיר — רעכטס. איך בין געלאָפן צו מיין ווייב און קינד, געוואָלט גיין מיט זיי צוזאַמען. אַ זעץ מיט אַ קאָלבע פון אַ ביקס האָט מיך אַוועקגעשליידערט. בלוט איז גערונען. דאָס איז געווען אונדזער צעשיידונג אויף אייביק".

אויך דאָ, אין אַמעריקע, קען ער ניט פאַרגעסן. מיט ווייטיק אין האַרץ דער־מאָנט ער שטענדיק זיין פרוי און קינד.

„וואָס וואָלט מיך געפעלט דאָ, אין אַמעריקע, ווען איך האָב מיין פרוי און קינד?" פרעגט ער. „איך פאַרדין גענוג". און ער באַרעכנט, ווי אַלט וואָלט שוין געווען זיין טאָכטער. ער האָט ניט קיין בילד. שילדערט ער זייער אויסזען, ווי שיין און קלוג. די דערינערונגען לעבן אויף און זיין שילדערונג איז ווי אַן אמת בילד. ער זאָגט: „שטענדיק וועל איך זיי געדענקען, אפילו ווען מ׳וועט מיר לייגן שערבלעך אויף די אויגן! איך וועל געדענקען ווי מיין קינד האָט געשריגן: ,טאַטע! טאַטע!'"

מרדכי הייבט זיך אָן צו פילן איינזאַם אין דער גרויסער אַמעריקע. „לא טוב היות האדם לבדו", ס׳איז ניט גוט צו זיין אַליין. מרדכי באַשליסט חתונה האָבן מיטן אַמעריקאַנער מיידל, מיט וועלכער אַ שדכן האָט אים באַקענט.

אויך נאָך דער חתונה דערציילט מרדכי וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט, זיין פרוי און קינד. קינדער קומען אויף דער וועלט, מרדכי פאַרגעסט ניט זיינע איבער־לעבענישן אונטער די נאַציס. ער דערציילט אַלעמען. עס קומט צו אַ שאַרפן איבעררייד.

„איך פאַרשטיי דיך ניט!" טענהט זיין ווייב שרה. „מיר בויען אַ ניי לעבן צוזאַמען. מיר האָבן צוויי געראָטענע קינדער, און דו רעדסט שטענדיק פון דיין געוועזענער פרוי און קינד, פונקט ווי קיינער וואָלט ניט עקזיסטירט פאַר דיר. דו פאַרגעסט אַז דו האָסט צוויי קינדער מיט אַ פרוי!"

# שטערן אין דער נאַכט

מרדכי וויל זיך פאַרענטפערן: „האָב ניט קיין מורא, שרה! זי לעבט ניט מער, זיי ניט אייפערזיכטיק. היטלער האָט איר פאַרטיליקט. ניטאָ מער קיין געוועזענע פרוי נאָר דו". „איך וויל ניט הערן", טענהט שרה. „פאַרגעס דיין פאַרגאַנגענ־הייט. קוק צו אונדזער צוקונפט! ס'איז אַ נייע וועלט, אַ ניי לעבן און אַ נייע משפחה!"

נאָך דעם שמועס, בכדי ניט צו פאַרשאַפן קיין הייס בלוט, רעדט מרדכי ניט מער וועגן זיין פאַרגאַנגענהייט. ער דערציילט ניט זיינע קינדער וועגן דעם גרויסן אידישן חורבן. צו זאָגן אַ וואָרט וועגן חורבן איז געוועזן טאַבו.

„האו! ער הייבט שוין אָן!" שרייט באַלד שרה. „זיינע קינדער זענען געוואַקסן אַמעריקאַנער; גאָרניט געוואוסט פון אידישן חורבן".

די צייט לויפט. מרדכי מאַכט אָן אויפרוף פאַר זיין זון אין שול. דער עלטערער זון גייט חתונה האָבן, דער רב פון דער שול באַגריסט די משפחה מיט אַ גרויסער רעדע. ער רופט אויס: „דאָ זעט מען אַז ‚נצח ישראל לא ישקר'. מיר איז גוט באַקאַנט די ביאָגראַפיע פון אונדזער בעל שמחה", גייט ער איבער צו אַ הויכן טאָן. „מרדכי האָט דורכגעמאַכט דעם היטלער־גיהנום, געווען אין קאַלכ־אויוון און ניט פאַרברענט געוואָרן. רבותי! ס'איז אָנגעגאַנגען אַ שקלא וטריא: אַריינצולאָזן די שארית־הפליטה קיין אַמעריקע צי ניט. אַ סך פון אונדזערע גרויסע פירערס האָבן געהאַלטן אַז מ'וועט זיי דאַרפן געבן גרויסע טאָרבעס, ווייל מער ווי בעטלען קענען זיי ניט. אָבער וואָס ווייזט זיך אַרויס? די שארית־הפליטה, די נעכטיקע גרעאַטעוועטע פון די קאַלכאויוונס בויען היינט אַמעריקע, בויען אונדזער אידיש לעבן. אונדזער בעל שמחה איז געקומען בעירום וחוסר כל, פאַרלוירן דאָרטן אַלעמען, פאַרלוירן דאָס טייערסטע, אַ פרוי מיט אַ קינד, דאָ אָנגעהויבן בויען אַ ניי לעבן. ער גיט צדקה מיט אַ ברייטער האַנט. ווייזט אויס אַז אָן אמונה קען מען ניט פאַרשטיין דאָס אידישע פאָלק. נצח ישראל לא ישקר".

אין הויז זעצט זיך דער זון צו צום טאַטן, וויל זיין מיטן טאַטן אַצינד אינטים און רעדט שטיל, וועגט יעדעס וואָרט: „איך בין איבערראַשט, איך בין געווען דערשטוינט, כ'האָב געוואָלט רופן דעם רב אַ ליגנער. איז דאָס אמת אַז דו האָסט געהאַט אַ פרוי מיט אַ קינד? ווילסטו דאָס האַלטן פאַר אונדז אַ סוד?"

„ניין, מיין זון! דער רב איז ניט קיין ליגנער, און איך וויל ניט האַלטן קיין סוד. פאַרשטיי, איך האָב זיך געגעבן די מי ניט צו שטערן דעם שלום בית. קיין פרוי האָט ניט ליב צו הערן פון איר מאַן וועגן זיין געוועזענער פרוי, און דיין

## גרשון ווענגראָווסקי

מאַמע איז ניט קיין אויסנאַם. דעריבער האָב איך ניט דערציילט מיין לעבנס־געשיכטע, און אויך ניט וועגן דעם אידישן חורבן, וואָס גייען צוזאַמען — איין גרויסער חורבן״.

„טאַטע, דערצייל מיר! דאָס איז דאָך אידישע געשיכטע. איך דאַרף דאָס וויסן״, בעט זיך דער זון.

מרדכי, אַזוי נאָענט מיטן זון, האָט אין האַנט געשלאָסן, קוקט אים אין די אויגן אַריין. „יאָ, שמעון״, ענטפערט מרדכי, „איך וועל דיר דערציילן די געשיכטע, וואָס דיין טאַטע האָט געשריבן מיט זיין אייגן בלוט״.

„איך וויל דיר אַצינד דערציילן בלויז די ראשי־פרקים. וועסטו פאַרשטיין וואָס דער רב האָט געמיינט מיטן וואָרט ,קאַלכאויוונס׳״.

און מרדכי דערציילט:

„דער גיהנום האָט זיך אָנגעהויבן. מ׳האָט אַריינגעטריבן דאָס גאַנצע שטעטל אין אַ מחיצה, מיט ביקסן און הינט באַוואַכט, פאַרקלאַפּט, פאַרנאַגלט, הער־מעטיש פאַרמאַכט. דאָס האָט מען גערופן ,געטאָ׳. דער ציל איז געווען אַלעמען צו פאַרניכטן, אָבער פריער אויסניצן ביז צום ביין. דאָרטן האָט מען מיך מערדערלעך אָפּגעשיידט פון מיין ווייב און קינד אויף אייביק; זיי געשיקט קיין טרעבלינקע, דאָרטן, אין דעם קאַלכאויוון, פאַרלאָשן זייערע לעבנס, און מיך געשיקט שקלאַפן אין אַן אמוניציע־לאַגער.

„דער אמוניציע־לאַגער איז געווען אַ בית־הקברות. מענטשן זענען געפאַלן פאַרסמטע פון פולווער, פון קלעפּ און פון הונגער. מיר געלינגט צו אַנטלויפן פון דאָרטן. איך לויף צוריק צו מיין שטעטל. אפשר וועט אַ גוטער קריסט האָבן רחמנות. אָבער קיינער האָט אפילו די טיר ניט געוואָלט עפענען. איך בלאָנקע זיך אַרום אין וואַלד. לויפנדיק אין וואַלד באַגעגן איך מיין קוזין הערצקע. ער ווייזט מיר זיין היים אין וואַלד, אַ גרוב, אויסגעבעט מיט בלעטער, שטרוי, פאַר־דעקט מיט צווייגן פון נאָדל־ביימער. נאָך דעם גיהנום־לאַגער איז דער בונקער געווען פאַר מיר ווי אַ פּלאַסטער צו מיינע וואונדן, אַ מקום־מנוחה. מיר האָבן מורא אַרויסצושטעקן דעם קאָפּ ביי טאָג. מ׳האָט מורא פאַר דער ליכטיקער שיין פון טאָג. איך האָס ליכטיקייט, איך האָס די לבנה־שיין. אין דער פינצטערניש איז געווען אונדזער לעבן. אין פינצטערע נעכט געזוכט שפּייז און ביי טאָג זיך אויס־באַהאַלטן.

„און אין איינער אַזאַ נאַכט פון שטאָק פינצטערניש, אין אַ גאָס רעגן, אויסגעווייקטע, גייען מיר אויף די וועגן. מיר זוכן. אפשר האָט אימעצער עפּעס

# שטערן אין דער נאַכט

פאַרגעסן. אונדזערע אויגן און אויערן זענען וואַך. עס רעגנט טאַקע פון הימל. אָבער די ערד אונטער אונדזערע פיס ברענט. איין פאַלשער טריט ברענגט דיך צוריק צום קאַלכאויוון. מיר באַמערקן ווי אַ שאָטן פון אַ מענטש אָדער חיה באַהאַלט זיך אונטער אַ בוים. אַ שרעק באַפאַלט אונדז. מיר פאַלן צו דער ערד. אָבער מיר זעען אַז דער שאָטן פאַלט אויך, באַהאַלט זיך. דאַן זאָגט הערצקע: ‚דאָס איז ‚עמך׳. מיר דערנענטערן זיך מיטן שטילן רוף ‚עמך?׳ מ׳ענטפערט: ‚עמך׳׳.

„מיר קוקן אים אַריין אין די אויגן. ס׳שטייט פאַר אונדז אַ היימישער איד. ‚וואָס הערט מען, אידן! דער פראָנט איז נאָך ווייט?׳ פרעגט ער. הערצקע זאָגט: ‚מיר ווייסן גאָרניט. מיר לעבן דאָ, אין וואַלד, ווי חיות מיט אַ מענטשלעכער הויט. אוי, רבש״ע, פאַר וואָס האָסטו אונדז ניט באַשאַפן אַ חיה, אַ בהמה, אַ הונט?׳ פרעגט הערצקע מיט אַ שטילן געשריי. ‚מיר וועלן דאָס איבערהאַלטן, ר׳ איד?׳ ‚אפשר׳ איז זיין ענטפער, ‚אויב איר האָט אַ סך גאָלד. נאָר גאָלד ווילן זיי פאַר אויסבאַהאַלטן אַ איד׳. ‚זיינען דאָ אַזעלכע, וואָס פאַר גאָלד נעמען זיי אַריין אַ איד?׳ וויל הערצקע וויסן. ‚יאָ׳, זאָגט ער, ‚נאָר זייער ווינציק באַנוגענען זיך מיטן גאָלד אַליין. זיי נעמען צו די נשמה אויך. אָט דאָ ניט ווייט׳, ווייזט ער מיטן פינגער, ‚איז דאָ אַ קבר פון צוויי אידן. דער קריסט האָט ביי זיי צוגענומען געלט, גאָלד, זיי אויסגעהונגערט אַרויסגעפירט זיי ביינאַכט דאָ, אויפן פעלד, געגעבן איינעם אַ שטופּ, איז ער געפאַלן, אַרויפגעשטעלט דעם שטיוול אויפן האַלדז. דער צווייטער האָט געוואָלט אַנטלויפן. האָט ער אים געכאַפּט און געטאָן מיט אים דאָס זעלבע. זענען זיי אַזוי געלעגן אַ פּאָר טעג, ביז אימעצער האָט זיי מקבר געווען׳. ביי זיין אוועקגיין זאָגט ער: ‚איך וואוין דאָ, ניט ווייט, פאַר גאָלד. מיר זאָלן זיך זען אויף דער פריי׳ זאָגן מיר נאָך שטיל: ‚הלוואי, רבש״ע!׳

„אויפן וועג צוריק צום בונקער זאָגט מיר הערצקע, אַז ער האָט אַ גאָלדענעם זייגער און אַ גרויסע גאָלדענע קייט, און פרעגט: ‚ווער וועט הנאה האָבן פון דעם, ווען מיר וועלן ליגן דאָ געפרוירן טויט? אַלץ וואַקסט אויף דיר מיטן שמוץ, און דער פראָסט ווערט שטאַרקער. ווייסטו וואָס, מרדכי? לאָמיר זיך צעטיילן מיטן גאָלד און גיין באַזונדער זוכן מזל. אפשר טאַקע פאַר גאָלד וועט אַ קריסט אַריינלאָזן אין אַ שטאַל אָדער אין אַ שייער. ‚יאָ׳, בין איך מסכים, ‚און לאָמיר שוין גיין, כל־זמן ס׳איז נאָך פינצטער, און אַלץ איבערלאָזן אין בונקער, אפילו די באַגנעטן, וואָס מיר טראָגן שטענדיק מיט זיך׳. עס ווערט אָפּגעמאַכט, ווי אַזוי עס זאָל ניט זיין, טרעפן מיר זיך אין בונקער מאָרגן ביי נאַכט.

## גרשון ווענגראָווסקי

„נאָך אַ סך מורא און דורכפאַלן קום איך ביי נאַכט אין בונקער און טרעף דאָרט הערצקען. ער זאָגט מיר אָן אַ בשורה טובה, אַז ער האָט צוויי וואוינונגען, גוט פאַרשטעלט, הינטער אַ שייער, ביי באַזונדערע קריסטן. ,געדענק!' זאָגט ער, ,איינער טאָר ניט וויסן פון צווייטן. נאָר אַ חודש צייט קענען מיר וואוינען פאַר דעם גאָלד. — אַ קוזין וועט באַצאָלן פאַר מיר, — האָב איך געזאָגט. אַזוי, דו באַצאָל פאַר מיר; און איך וועל באַצאָלן פאַר דיר'.

„דער גאָלדענער חודש איז אַדורך. ביים סוף פון חודש טרעפן מיר זיך אין בונקער. איך פרעג: ,הערצקע! מאָרגן דאַרפן מיר באַצאָלן. מער קיין זייגערס האָסטו ניט. וואָס וועט זיין?' הערצקע קוקט אויף די באַגנעטן און זאָגט: ,הער, מרדכי! דו וועסט קומען בעטן — איך וויל לעבן, האָט רחמנות! — ניין, דאָס איז ניט קיין וועג. רחמנות איז ניטאָ ביי זיי. נעם דעם באַגנעט אונטער דיין קורטקע, גיי צו מיין באַלעבאָס און זאָג אים: — קאָוואַלטשוק! אַזוי איז עס: קיין גאָלד האָב איך ניט מער. דו מוזט אים האַלטן אַן באַצאָלט, אויב דו ווילסט לעבן! — און גיב אַ פאָכע מיטן באַגנעט. זאָל ער מיינען אַז ער האָט צו טאָן מיט אַ פאַרטיזאַנער, אָדער מי־יודע ווער. דאָס זעלבע וועל איך טאָן מיט דיין באַלעבאָס'.

„אין אַ פינצטערער נאַכט טרעפן מיר זיך אין בונקער. הערצקע דערציילט ווי גוט דער באַלעבאָס איז געוואָרן נאָך דער מעשה: ,ער גיט מיר צוויי זופן, אַנשטאָט איינער. ער זאָגט מיר — איך האָב מורא פאַר מענטשן, זיי קענען מסרן, פשיא קרעוו, שלעכטע מענטשן היינט! שטיי אין שייער אַ גאַנצן טאָג. — איך דערצייל אים ווי אַזוי מיין באַלעבאָס האָט זיך צערעדט: — פאַניע קאָכאַני! איך טרייב דיך ניט אַרויס, שטיי! נאָר קיינער זאָל ניט וויסן...—

„דאָס איז, מיין זון, איינע פון די געשיכטעס. ס'איז דאָ אַ סך מער צו דערציילן. ווי כ'האָב דיר שוין געזאָגט, איך דערצייל דיר נאָר די ראשי־פּרקים. מיר האָבן ניט געקענט אויסמיידן דעם יאַגד אויף דעם איד. הערצקע האָט ניט דערלעבט די פרייהייט. ער איז אומגעקומען אין דעם קאָלכאָיוון פון אוישוויץ. דורך טויזנטער צופאַלן האָב איך זיך געראַטעוועט פון דעם קאָלכאָיוון".

— מאַמע! מיר האָבן אַ טאַטן אַ העלד. איך האָב עס קיינמאָל ניט געוואוסט. מ'דאַרף זיינע געשיכטעס פאַרשרייבן אויף פאַרמעט און זיי שטענדיק לייענען און ניט פאַרגעסן.



# שטערן אין דער נאַכט

## ביים טאַטנס קבר

„דער ווינטער קומט! דער היינטיקער זומער איז געווען אַן אָפּגענאַרטער. ער איז פאַרביי אַן אַ וואַרעמען טאָג. ער איז אַוועק אומבאַמערקט. מ׳האָט זיך רעכט ניט געקענט אָנוואַרעמען. און שוין איז דער ווינטער צוריק מיט זיינע ווינטן און קעלט. און באַלד וועלן קומען די אמתע שנייען און פרעסט. מ׳טאָר ניט פאַרגעסן, דער ווינטער קומט!"

אַזוי האָט מיין מאַמע אָנגעהויבן צו רעדן נאָך גייענדיק צו די ערשטע סליחות, שבת־צונאַכטס, און די „סליחה" נאָס געמאַכט מיט טרערן: „ס׳איז ניטאָ קיין שטיקל האָלץ, קיין קאַרטאָפל, און דער ווינטער איז שוין דאָ ביי דער טיר", זי האָט אָנגעהויבן צו זאָגן פון אַן אייגענער תחינה: „רבש״ע, העלף מיר, איך זאָל קענען זיין אַ מאַמע צו מיינע דריי פיצלעך קינדער!"

און אַ צווייטער געבעט, פול מיט טייכן טרערן, איז געווען אויפן טאַטנס קבר אין די עשרת ימי תשובה.

גאַנץ פרי איז די באָבע געקומען, זיך דורכגערעדט מיט דער מאַמען, געקוקט אויפן הימל צי ס׳זיינען ניטאָ קיין גרויע טונקעלע וואָלקנס, וואָס דאָס קען מיינען רעגן, און בעט די מאַמע זי זאָל עפּעס טועם זיין. אָבער די מאַמע זאָגט: „איך עס קיינמאָל ניט, איידער איך גיי אויפן בית־חיים. מילא, די קינדער מוז מען געבן צו עסן, אָבער איך וועל זיך באַגיין אָן עסן".

די מאַמע נעמט מיין יינגערן ברודער ברוך־מרדכי ביי דער האַנט. מיין שוועסטער האַלט זיך מיט דער באָבען. איך, וואָס מען זאָגט מיר, אַז איך בין שוין געוואָרן פינף יאָר אַלט, און באַלד וועל איך אָנהייבן צו גיין אין חדר, גיי פאָרויס. מיר איז דער וועג גוט באַקאַנט, שוין צוויי מאָל געגאַנגען.

דער וועג ציט זיך דורך לאַנקעס, פרישע אָפּגעשניטענע סטויגן היי, קאַרטאָפל־פעלדער, גערטנער. מיר גייען דורך דאָס טייכל, וואו דאָס גאַנצע שטעטל איז שטענדיק געגאַנגען צו תשליך. מיין יינגערער ברודער ווערט מיד, און מיין מאַמע נעמט אים אויף זיך, טראָגט אים.

„דער וועג קען זיין אַ סך קורצער, ווען דער גוי לאָזט אונדז דורכגיין דורך זיין לאַנקע", זאָגט די באָבע, זי לויפט צו און בעט אים, ווייזט אים אָן אויף די קליינע קינדער, אָבער זי קומט באַלד צוריק מיט אַ זויער פּנים: „אדום לאָזט ניט!"

# גרשון ווענגראָווסקי

די באָבע דערציילט: „איך האָב אים געבעטן לאָזן אונדז דורכגיין אויף דער סטעזשקע ביי דער זייט״, און צו מיר בייגט זי זיך אַראָפּ און דערציילט פון חומש ווי משה רבנו האָט אדומען געבעטן: „,דרך המלך נלך׳, און אדום האָט געזאָגט: ,לא תעבור׳״.

דער וועג איז פול מיט בלאָטעס און וואַסערן. די מאַמע שרייט אויף מיר איך זאָל אויסמיידן די בלאָטעס און ניט מאַכן אַ תל פון די שיך. זי גיט מיר אַ לעקציע, אַז דער ווינטער קומט, און צו גיין אין חדר דאַרף מען האָבן גוטע שיך: „אַן שיך וועןטו זיצן אין שטוב. אויף אַנדערע שיך האָב איך ניט קיין געלט״.

די באָבע נעמט מיך צו זיך און ווייזט מיר וויאַזוי איך זאָל אויסמיידן די בלאָטעס: ניט צו שלעפּן די פיס, נאָר אַריבערשפּרינגען.

מיין שוועסטער טוט מיך פאַרמסרן פאַר דער באָבען, אַז איך גיי שטענדיק אין די בלאָטעס און ברענג אַריין אַ סך בלאָטע אין שטוב. זי דאַרף ראַמען. די מאַמע שרייט אויף מיר. די באָבע זאָגט: „ער וועט אָנהייבן צו גיין אין חדר, וועט ער ווערן אַ מענטש און וועט וויסן צו שאַנעווען שיך״.

די באָבע קען ניט פאַרגעסן וואָס דער גוי האָט אונדז ניט געלאָזט דורכגיין די לאָנקע. זי פרעגט: „וואָס וואָלט דער עשו פאַרלוירן? נאָר אַזוי איז עס, מיינע טייערע קינדער. אין אַלע צייטן אין גלות דאַרפן די אידן גיין מיט שטרויכל־דיקע אומוועגן, אין וואַסערן, בלאָטעס, ווייל עשו, אדום, לאָזט ניט גיין מיטן גלייכן וועג. ס׳וועט אָבער קומען אַ צייט, און די צייט איז ניט ווייט, ווען מ׳וועט משפּטן אדומען, עשון. ער וועט קריגן זיין פּסק״.

איך לויף שוין ניט. די באָבע האַלט מיך ביי דער האַנט. מיר הערן אַ געביל פון הינט. איך פרעג, פאַר וואָס ביי די גויים זיינען דאָ אַ סך הינט און ביי אידן ניט. ביי אונדז אין דלוגאָשאַדלע איז ניטאָ אַ איד מיט אַ הונט. די באָבע גיט מיר צו פאַרשטיין: „עשו אַליין איז אַ רוצח און אַ פּחדן. ער האָט מורא אימעצער זאָל באַטרעטן זיין ערד. ער האָט מורא, האַלט ער הינט זיי זאָלן אים היטן. אָבער דער איד פאַרלאָזט זיך ניט אויף הינט, זיי זאָלן אים היטן, נאָר אויפן רבש״ע״.

„אהו! דאָרטן איז דער בית־חיים, שוין ניט ווייט״, ווייזט מיר די באָבע ביים ווילדן באַרג־לאַנד. זי קוקט אויף מיר און זאָגט שטילערהייט: „מ׳דאַרף הערן אַ שוועסטער, אַ מאַמען!״

נאָך קנאַפּע צוויי שעה גיין, קומען מיר צום בית־חיים. צופּוסנס דעם ווילדן באַרג־לאַנד האָט זיך אויסגעשפּרייט דער שטעטלדיקער בית־חיים, אַרומ־גענומען מיט אַ הילצערנעם פּאַרקאַן. ביי דעם אַריינגאַנג איז דאָ אַן אוהל,

# שטערן אין דער נאַכט

צונויפגעקלאַפּט פון ברעטער. די ווענט זיינען באַהאָנגען מיט דינים און תפילות.

ווי מיד מיין מאַמע איז געווען, און נאָך מיט מיין יינגערן ברודער אויף זיך, רוט זי ניט. זי גייט שנעל דורך דעם אוהל, גלייך צום קבר. מיין שוועסטער האַלט זיך אַצינד מיט דער מאַמען. איך גיי נאָך. ווייל ס׳איז ניטאָ קיין מצבה, מאַכט די באָבע זיכער אַז דאָס איז דער קבר.־דער סימן איז די מצבה פון קדוש חיים קאָשעמאַכער פון דער רעכטער זייט און די מצבה פון קדוש חיים בלום פון דער לינקער זייט. זי קלאַפּט אָן אין קבר און שרייט אויס מיט אַ ביטערן געוויין: „דאָס איז מיין יינגסטער זון!״

אָט שטייט מיין מאַמע מיט איר שווער האַרץ, מיט אַלע אירע ווייטאָגן און זאָגט אַריין אין דעם „מענה־לשון״, דערציילט דעם ווייגעשריי, די מורא פאַר דעם מאָרגנדיקן טאָג, פאַר דעם שווערן ווינטער וואָס רוקט זיך אָן. זי מישט איבער, דערציילט אין אַ תפילה פון איר עלנט און חרפה, פון איר אלמנהשאַפט.

משה־הערש דער שמש גייט דורך. ער מאַכט אַ „מלא רחמים״. די מאַמע נעמט אַרויס אַ מטבע און וויל אים געבן. אָבער משה־הערש נעמט ניט. ער זאָגט: „האַלט פאַר חדר־געלט״.

משה־הערש שאָקלט מיטן קאָפּ און זאָגט: „אוי, ווי די צייט לויפט. עס ווערט שוין צוויי יאָר, דעם קומענדיקן טבת, 23 טעג אין חודש״.

די מאַמע וואונדערט זיך אַז ער געדענקט אַזוי גוט. „ווי אַזוי קען מען אַזאַ אומגליק פאַרגעסן?״ פרעגט משה־הערש. „אין יענעם טאָג האָט יעדער איינער פאַרגעסן זיינע אייגענע צרות און זיך פאַראייניקט מיט אייך. איך וועל אייך זאָגן גענוי: דאָס איז געווען אין אַ מיטוואָך, באַלד אינדערפרי נאָכן דאַווענען. אָט דאַוונט פּרץ מיט מיר אין בית־המדרש, און אָט זאָגט מען מיר וועגן דעם אומגליק. ער איז אַרויפגעטרעטן אויף אַ סנאַריאַד. ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס איז״. און דאָ ווענדט ער זיך צו דער באָבען: „ביי ברוך מרדכין אין הויז זיינען קיין סנאַריאַדן ניט געווען! און דאָס קומט פאַר אין זייער האַניק־צייט: די פּאָלאַקן נעמען איבער די מאַכט. די באָלשעוויקעס זיינען אַוועק. יעדער איד איז ביי זיי אַ שפּיאָן, אַ פאַררעטער, און פלוצעם הערן זיי אַ שאָס פון אַ סנאַריאַד. ,אַ איד האָט געשאָסן, אידן האָבן געוואָרפן, זאָגן זיי. מ׳אַרעסטירט אידן, מ׳זוכט געווער ביי אידן. ס׳איז אַ חורבן אין שטעטל. און אָט שטייט מיר פאַר די אויגן ווי די נייע פוילישע פּאָליציי פירט, אַרעסטירט, דיך, הינדע רחל, מיטן קינד אויף זיך, און דער גרעסערער לויפט נאָך און האַלט דיך ביי דיין קלייד און וויינט און שרייט: ,מאַמע, מאַמע, גיי ניט מיט זיי!׳ זיי רייסן אַוועק די קינדער און וואַרפן זיי אַריין

צו שמואלן אין דער בעקעריי. און איר וואונדערט זיך וואָס איך געדענק? מ׳טאָר ניט פאַרגעסן! צו שרייבן אויף מצבות איז ניט געווען גענוג. אָט לייענט מען אויף דער מצבה פון קדוש חיים קאַשעמאַכער: ,דערהרגעט פון רויבערס׳, אָבער די מצבה דערציילט ניט אַז ס׳איז אַוועק אַ שטיק צייט ביז מ׳האָט אים געפונען און וויאַזוי מ׳האָט אים געפונען און געברענגט צו קבר ישראל, אָט ווייטער זיינען די אַנדערע מצבות, פון חיים בלום און שטערן. אוי איז דאָס געווען: טייערע אידן, למדנים, פאַרנאַרט, דערהרגעט. די תורה זאָגט אָן: ,זכור את אשר עשה לך עמלק׳, און ,לא תשכח׳. מ׳דאַרף גוט געדענקען״.

משה־הערש געזעגנט זיך. ער זאָגט: „איר זאָלט האָבן געפועלט אַלדאָס גוטס. געדענקט דעם ,טאָפּל געשריי׳, דאָס וואָס זיי זיינען יתומים, וואָס האָבן ניט ווער עס זאָל זיך אָננעמען פאַר זיי, און דאָס וואָס מיר געפינען זיך אין אַזאַ ביטערן גלות. הערט, דער רבש״ע, די תורה, זאָגט: ,אם צעק יצעק אלי, שמע אשמע צעקתו׳״.

משה־הערש איז שוין לאַנג פאַרשוואונדן צווישן די אַנדערע מצבות. מ׳הערט שוין ניט זיין קול פון „מלא רחמים״. אָבער די מאַמע האָט נאָך ניט אויס־געגאָסן גענוג אירע באַהאַלטענע טרערן, ביז די באָבע בעט זיך: „קום, הינדע רחל, קום!״

אויפן וועג צוריק פרעג איך: „פאַר וואָס איז ניטאָ קיין מצבה, אַזוי ווי ביי די אַנדערע קברים?״ די מאַמע ענטפערט מיר: „איך האָב ניט קיין געלט. מ׳דאַרף עסן. אויף עסן מוז זיין, און אויף אַ מלבוש מוז זיין. דו וועסט אַצינד אָנהייבן צו גיין אין חדר. דאַרפסטו האָבן אַ ווינטער־פּאַלטן. דער ווינטער קומט מיט זיינע קעלטן און פרעסט. דו וועסט דאַרפן גיין באַלד אין דער פרי מיט אַלע קינדער־לעך צוגלייך אין חדר אַריין, לערנען דאַוונען, שפּעטער חומש און רש״י, ביז דו וועסט ווערן אַ גרויסער תלמיד חכם! אָט דאָס קומט פריער, אפילו פריער ווי אַ מצבה״.

די באָבע מיט דער מאַמען גייען אַצינד צוזאַמען, און זיי רעדן זייער שטיל און ברמיזה, דער ילד זאָל ניט זיין מבין. זאָגט די באָבע און טוט פאַרלייגן דער מאַמען: „אַזוי ווי ס׳איז דאָ אַ מאַנטל נאָך אים עליו השלום, וואָס דאַרפסטו דעם מאַנטל ער זאָל הענגען אין שאַנק? איך וועל אים נעמען אַהיים און וועל אים אָפּ־פאַרבן, און מ׳וועט גיין צו כאַשקע דער שניידערין, ווּעסטו זען אַז דו קענסט האָבן צוויי מענטעלעך, איינס פאַר דער טאָכטער און איינס פאַרן זון צו שיקן אין חדר אַריין. הינדע־רחל, זאָרג זיך ניט!״

# שטערן אין דער נאַכט

די מאַמע כאַפּט אַ בליק אויף מיר, און מיט אַ שמייכל זאָגט זי צו דער באָבען: „ער האָט אַלץ געהערט און פאַרשטאַנען".

די באָבע איז דאָ מיטן מאַנטל. אַלץ איז פאַרטיק, אָפּגעפּאַרבט. עס זעט אויס ווי ניי. אַזוי זאָגט די באָבע און וויל אַז מיין שוועסטער און איך זאָלן מיטגיין צו כאַשקע דער שניידערין. איך זאָג: „אַ אינגל טאָר ניט גיין צו אַ שניידערין!"

די באָבע וויל מיר געבן צו פאַרשטיין: „טראָגן טאָר ניט אַ אינגל דעם מלבוש פון אַ מיידל, אָבער אויפנייען אַ מאַנטל — ווער האָט דיר דאָס געזאָגט?"

איך טענה: „איך האָב געהערט, און איך וויל ניט, און שוין..." די מאַמע זאָרגט זיך: „מי יודע, וואָס אַזאַ הערש־לייב שניידער וועט וועלן? כאַשקע וואָלט עס געמאַכט פאַר אַ צוויי זלאָטעס". מיין שוועסטער איז שוין אין כעס אויף מיר. זי זאָגט: „אַזאַ אויסברענגער!"

מיר גייען צו הערש־לייב שניידער. די מאַמע ווייזט אים די סחורה. זי רעדט זיך דורך וועגן אַ פּרייז. זי איז צופרידן. זי זאָגט: „הערש לייב, איך האָב ניט ליב זיך צו דינגען. מאַכט מיין זון אַ שיינעם ווינטער־פּאַלטן, און וועגן דער רעשט סחורה וועלן מיר שפּעטער זען".

מיין טאַטן געדענק איך ווי דורך אַ נעפּל. ער קומט אַריין פון בית־המדרש, ער לייגט אַוועק דעם טלית און תפילין. איך לויף צו אים, מיינע יונגע הענטלעך ציען זיך צו אים. איך שריי: „טאַטע, טאַטע!".

„אָט באַלד, מיין זון", שרייט ער צוריק. „איך וועל באַלד אַריינקומען", דער „באַלד" איז אָבער קיינמאָל ניט געוועזן...

שפּעטער, אָן טאַטן, פלעג איך אַלע מאָל, ווען קיינער איז ניט געווען אין שטוב, אָנמעסטן דעם טאַטנס מאַנטל פון שאַנק. איך האָב זיך ליב געהאַט צו זען אין שפּיגל, ווי דער טאַטע, ווי אַ גרויסער איד.

דעריבער אַצינד, ווען די באָבע מיט דער מאַמען באַגלייטן מיך צום חדר, מיטן טאַטנס איבערגעמאַכטן פּאַלטן, און מיטן סידור אונטערן אָרעם, בין איך זייער שטאָלץ ווען די באָבע זאָגט שטיל צו דער מאַמען: „דער גאַנצער טאַטע... קיין עין הרע זאָל אים ניט שאַטן". דאָס אַלץ זעט זיך ווי דורך אַ נעפּל, אָבער דאָס געבעט פון דער מאַמען גייט מיר נאָך ווי מיין אייגענער שאָטן.



**מיין ברודער ברוך מרדכי הי״ד** (פון לינקס)
לעבן אים, הערשל שטערן שליט״א, היינט אין ניו יאָרק – און אברהם בערענהאָלץ הי״ד.

# שטערן אין דער נאַכט

## גמילות־חסד־געלט מוז זיין כשר

דער ווינטער האָט זיך הײַיאָר געשטעלט פרי, און האַלט אַן אַזוי כסדר און לאָזט ניט אָפּ. די ערד ליגט אַ געפרוירענע הינטערן האַרטן שניי. די ביימער אין וואַלד שטייען שטיל, אַן באַוועג, אַן אַ פלאַטער. פון צייט צו צייט צעבייזערט זיך אַ בוים, און וואַרפט אַראָפּ פון זיך אַ ביסל שניי. מען הערט ניט קיין פּישטשען, קיין פויגל־טרעל, גאַרניט! דער וואַלד שלאָפט זיין ווינטערדיקן שלאָף. די לבנה, די שטערן — די לאָמפּן פון דער נאַכט לייכטן ניט אַצינד. ס'איז אָנהויב חודש טבת. ס'איז אַן אימהדיקע נאַכט, און דער פראָסט ברענט אָן רחמנות...

אָט גייט יעקב דער קצב קויפן די בהמה, וואָס ער האָט געדונגען נאָך פאַר שבת פון באַרטאָקן. ער איז באַלד נאָך הבדלה אַריין צו שכנים און פריינד בעטן אַ גמילת־חסד פאַר דעם מיסחר.

צונויפגעזאַמלט די פולע סומע געלט, האָט ער זיך אָנגעטאָן וואַרעם און גע־לאָזט זיך אין וועג אַריין. אַרויסקומענדיק אויפן וועג, איינער אַליין אין דעם גרויסן פינצטערן וואַלד, אין דער שטילקייט פון דער נאַכט, הערט ער זיינע אייגענע טריט, זיין אָטעמען. ס'וועבן זיך ביי אים געדאַנקען. ער גייט אַצינד דורך נאָכאַמאָל זיין שבתדיקן טאָג. זיינע געדאַנקען גייען צוריק צום שטיבל, צו זיין זעליגל, ווען ער האָט אים פאַרהערט אין חומש און דאָס יינגל האָט זיך אַזוי שטאַרק צעוויינט...

אָט טראַכט ער פון דער באָבע פריידע, וועלכע קומט שטענדיק הינטערן פענצטער פון וואָרקער שטיבל און שעפּט נחת פון זיין זאָגן דעם חומש. ווען זי האָט געהערט ווי זעליגל וויינט, איז זי אַריין אין שטיבל מיט אַ רוגזה, און אַוועק־גענומען זעליגלען מיטן חומש. סענדער, דער גרויסער למדן, איז אַרויס מיט שאַרפע ווערטער אַנטקעגן יעקבן, אַז אַ קצב פאַרגעסט אַמאָל פון „בין דם לדם".

די באָבע פלעגט שטענדיק נאָכן פאַרהערן זעליגלען דעם חומש שרייען: „זעליגל קען ניט! ער קען ניט דעם חומש (זי האָט מורא געהאַט פאַר אַן עין־הרע)".

אַצינד האָט זי אָפּגעווישט מיטן פאַרטעך די טרערן, וואָס האָבן זיך גע־קייקלט איבער זעליגלס פּנימל, און געשריגן: „זעליגל קען! ער קען דעם חומש! און דעם צווייטן שבת וועט ער קענען בעסער".

אָבער זעליגל זאָגט צו דער באָבען, נאָך אַלץ כליפּענדיק מיט טרערן, אַז

## גרשון ווענגראָווסקי

ס׳איז געווען קאַלט אין חדר! דער רבי האָט ניט קיין האָלץ! ער האָט אַהיים געשיקט די קינדער נאָך האַלבן טאָג...

„איך ווייס, מיין קינד״, זאָגט די באָבע, „דער רבי וועט שוין האָבן האָלץ די צווייטע וואָך. איך האָב געקויפט פאַרן חדר האָלץ, און זעליגל וועט שוין קענען דעם חומש בעסער!״

„אַוודאי!״ זאָגט זעליגל...

מוראדיקע געדאַנקען קומען אים אין קאָפּ אַריין, ווען ער גייט דורך דעם אָרט וואו ניט לאַנג צוריק האָט דער קריסט „קאכעל״ דערמאָרדעט צוויי אידן, גייענדיק פון דאָרף מיט סחורה. זיי האָבן דעם מערדער אָנגערופן ביים נאָמען (לויט זיין מודה זיין), האָט ער זיי געמוזט הרגענען... אין דלוגאָשאָדלע איז אַרומגעגאַנגען אַ וואָרט: „זאָג ניט דעם רויבער אַז דו קענסט אים״.

ער דערמאָנט זיך דעם הספד פון רב ר׳ פרידמאַן זצ״ל, ווי ער האָט באַוויינט די צוויי אידן. ער טראַכט אַז זיין ווייב פערל איז גערעכט, מ׳דאַרף ניט מיטנעמען דאָס גאַנצע געלט, גענוג האָנט־געלט...

אַ שטאַרקן בילן פון הינט רייסט אים איבער זיינע געדאַנקען. ווען ער קוקט זיך אַרום, זעט ער אַז דאָ איז באַרטאָקס הויז...

„מ׳קען ניט הערן קיין וואָרט!״ זאָגט באַרטאָק. ער קען ניט שטיל מאַכן די הינט, און ער בעט אַריין יעקבן אין הויז...

אַריינקומענדיק אין הויז, דערפילט ער אַ ריח פון געקאָכטע קרויט און קאַרטאָפל־שאָלעכץ. דאָס טוישן די קאַלטע ריינע לופט אויף דעם וואַרעמען געשטאַנק מאַכט אים פילן ניט מיט אַלעמען, און ער נעמט אַ טרונק וואַסער מיטן גרויסן שעפּלעפּל פון דעם טונקלען הילצערנעם עמער ביי דער טיר...

„איך דאַרף האָבן שטיוול, נאַפט און זאַלץ״, זאָגט באַרטאַק, „דעריבער פאַרקויף איך די בהמה. פון פרייז וועל איך ניט אַרונטערגיין...״

דאָך שפּעטער לאָזט ער אַרונטער אַ פּאָר זלאָטעס, און דער מיסחר ווערט געשלאָסן. באַרטאָק שפּאַנט איין דאָס פערד אין שליטן און וויל צובינדן די בהמה צום שליטן. יעקב דאַנקט אים. ער וויל בעסער גיין צו פוס, אַזוי איז וואַרעמער... ער וויל אים ניט דערציילן דעם דין פון „כלאים״, ווייל דער גוי וועט ניט פאַרשטיין. גייט יעקב צופוס מיט דער בהמה דערלעבן...

פערל זיצט ביים פענצטער און קוקט אויס יעקבן. לויט איר חשבון דאַרף שוין יעקב זיין דאָ. זי קלערט איבער. אָט שרייט זעליגל: „דער טאַטע גייט! דער טאַטע איז דאָ!״

# שטערן אין דער נאַכט

פערל האָט אויסגעצאָלט בארטאַקן דאָס געלט, און אים נאָך צוגעגעבן אַ האַלבע חלה פון שבת, וואָס בארטאַק וויקלט איין אין זיין ווייבס קאַפּטיכל.

יעקב פאַרלירט ניט קיין צייט און לויפט גלייך צום שוחט. פינחס איז נאָך געזעסן ביי דער גמרא, ווען יעקב האָט אַנגעקלאַפּט אין לאָדן; ער איז בודק דעם חלף און גייט מיט יעקבן.

יעקב אַליין האָט צוגעגרייט די בהמה צו דער שחיטה, אָבער ווען דער שוחט קומט צו דער בדיקה פון דער ריאה, זאָגט ער: „מען דאַרף דעם רבי!״ יעקב, ווי געליימט, פרעגט איבער: „וואָס?״ די טונקל בלויע אויגן פון פינחסן, וואָס האָבן שטענדיק געשפּראָצט מיט קלוגשאַפט און פריילעכקייט, האָבן אַצינד אויסגעדריקט פאַרצווייפלונג און אויפרעגונג, ווען ער האָט נאָכאַמאָל געזאָגט: „איך קען ניט שטעלן אויף זיך! מען דאַרף דעם רבי!״...

דער רב, ר׳ מנחם בנימין פּאָמעראַנץ הי״ד, שטענדיק אַרומגערינגלט מיט גערער חסידים, האָט געהאַלטן אין מיטן אַ מלווה מלכה, ווען די צוויי אידן זענען אַריינגעקומען.

יעקב שרייט: „פינחס קען ניט שטעלן אויף זיך, רבי!״ און פינחס זאָגט שטיל: „ס׳איז דאָ אַ שאלה אויף דער ריאה, רבי!״ דער רב בעט איבער אַלעמען, נעמט אַ יורה־דעה און זאָגט צו משה־הערש דעם שמש: „קום!״

ווען דער רב איז געקומען אין שעכטהויז, האָט שוין דאָרט געוואַרט פערל מיט דער שוויגער, האַלטנדיק זעליגלען ביי דער האַנט. זייערע פּנימער האָבן אויסגעדריקט זאָרג און מורא.

די שוויגער רעדט צו זיך: „אַזוי פיל געלט געבאָרגט ביי מענטשן! וואָס וועט אַצינד זיין? אויב, ח״ו, די בהמה ווערט טריפה, פון וואַנען וועט זיין אָפּצוגעבן דאָס געלט?״

דער רב, ר׳ מנחם בנימין פּאָמעראַנץ, אַ גרויסער מומחה אין שחיטה־בדיקה, דער שוחט פינחס, אַ גרויסער קענער אין אַראָפּנעמען אַ סירכה, שטייען איבער־געבויגן איבער דער ריאה. יעקב בלאָזט, דער רב מיט פינחסן קלערן אַריין פאַר אַ שטיקל צייט, און קומען צו דער מסקנא: „ס׳איז ניט קיין סירכה! עס איז כשר!״

די באָבע לויפט אַהיים מיט זעליגלען און שרייט: „כשר, זעליגל, כשר! ניט טריפה!״ פערל לאָזט באַלד אינדערפרי וויסן אַלעמען אַז ס׳איז דאָ פלייש פון אַ פרישער שחיטה. ווען יעקב איז געזעסןביים אָונט־מאָלצייט זונטיק ביי נאַכט, האָט ער געמאַכט דעם חשבון פאַר פערלען, וועמען מ׳דאַרף שוין אָפּגעבן דאָס געלט. דאָס געלט איז געבאָרגט, מ׳טאָר עס ניט האַלטן ביי זיך.

## גרשון ווענגראָווסקי

„זעסטו!‟ זאָגט ער צו פערלען, „ווען אידן טוען אַ גמילות־חסד — פון אַזאַ געלט קען ניט אַרויסקומען טריפה, עס מוז זיין כשר!‟...



**הרב הצדיק**
**מנחם בנימין פאמעראנץ הי״ד**
דער דלוגאַשאַדלער רב,
אין זיינע יונגע יאָרן



**ר׳ פינחס זעליקאָוויטש**
אַ שוחט אין דלוגאַשאַדלע, ער איז געווען
אַ מומחה אין אַראָפנעמען אַ סירכה,
אומגעקומען אין רוסלאַנד, הי״ד.



# שטערן אין דער נאַכט

## מאָשקע לעבט און ער וועט לעבן!

ס'איז נאָכן גרויסן חורבן, די קאַלך־אויוונס זיינען פאַרלאָשן, די גאַנצע גויאישע וועלט, וואָס האָט אויף אונדז אַרויסגעטראָגן אַ משפט צום אומקום, זאָגט אַצינד מיט אַ שמייכל: „ניטאָ מער קיין זשידעס״.

משה מאיר, דער אוד מוצל מאש, די האַלעוועשקע, הויט אוןביינער, וואָס האָט נאָר־וואָס אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די געשטרייפטע מלבושים פון מאָרד־לאַגער, האָט אַצינד געענוג ברויט. די אַמעריקאַנער אַרמיי שפּייזט אים. ער איז אַצינד פריי. ער קען פאָרן קיין ארץ־ישראל (אומלעגאַל), קיין קאַנאַדע אָדער אַמעריקע. אָבער איידער ער פאָרט צו די ווייטע מקומות, באַשליסט ער פאָרן זען זיין קליין שטעטל, וואָס מיט פינף יאָר צוריק האָט מען אים אַוועקגענומען פון דאָרטן, פון טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער. ער וויל זען זייער הויז, וואו ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן ביז זיין צוואַנציקסטן יאָר.

עס העלפט ניט וואָס מ'זאָגט אים: „פוילן איז אידן־ריין, גאַנץ פוילן איז אַ בית הקברות. דו וועסט ניט טרעפן קיין אידן אין שטעטל״.

משה מאיר לאָזט ניט צו דעם געדאַנק. ער זאָגט: „דאָס הויז, די ווענט, די שטיינער וועלן מיר אַלץ דערציילן. איך מוז זיין אין שטעטל״. און ער פילט אָן זיין רוקזאַק מיט אַ סך ברויט, צידה לדרך, און לאָזט זיך אין וועג אַריין.

אין שטעטל איז משה מאיר אָנגעקומען אין אַ רעגנדיקן באַגינען. ער האָט זיך ניט געקענט איינהאַלטן און איבערוואַרטן דעם רעגן, נאָר באַלד פון דער באַן־סטאַנציע געשטעלט לאַנגע, שנעלע טריט. מ'טאָר ניט מפסיק זיין די הייליקע שליחות! דער גערויש פון רעגן האָט אים פאַרוויגט מיט אַ זיסן חלום, ווי ער קומט אַריין אין שטוב, נאַס פון רעגן. דאָס איז געווען נאָכן אָפּזיין דעם ערשטן זמן אין ישיבה. געלאָפן שנעל אַהיים פון דער סטאַנציע אין גאָס רעגן. די מאַמע שטייט מיטן האַנטעך און ווישט אים דאָס פנים און שטערן. ווען זי רירט אָן די מלבושים, שרייט זי אויס: „אוי! אינגאַנצן נאַס. שנעל טויש אַלע מלבושים! דו קענסט זיך נאָך פאַרקילן, ח״ו״.

דער גלאָקן־קלאַנג פון קאָשטשאָל וועקט אים אויף פון חלום. ער זעט דעם זייגער פון טורעמדיקן צלם. ער וועט באַלד אויסקלאַפּן 7. אַלץ איז גאַנץ, ניט באַשעדיקט, פונקט ווי פאַר דער פינצטערער מלחמה. דער גלאָקן־קלאַנג שרעקט אים. ער רוקט אַראָפּ דאָס היטל איבערן פנים, ער וויל זיין אַ רואה ואינו

נראה, און גייט װײַטער אין דער ריכטונג צו זײַער הויז. ער דערקענט יעדעס בערגל, יעדן שטיין. ער זעט ניט די אַלע אידישע הייליקע ערטער; אַלץ אויס־געגליכן מיט דער ערד. אפשר איז בעסער אַזוי, לויפט אים דורך אַ געדאַנק. וואָס וואָלטן די גויים געטאָן צו אַ בית־המדרש אָן אידן?... און אָט דערזעט ער זײַן הויז, גאַנץ, ניט באַרירט. עס גייט אַ רויך פון קוימען. מענטשן וואוינען דאָרט.

משה מאיר שטייט לעבן זײַן הויז. ער טוט זיך באַמיען אַרײַנצוקוקן, צו זען דורך די פענצטער אַ פּנים. ער דערקענט דאָס מעבל פון זײַן טאַטע־מאַמעס שלאָף־צימער. ער וויל עפענען די טיר, אָבער עפּעס אַ שלעכט געפיל לאָזט אים ניט עפענען די טיר. ער גייט אַוועק. ער דרייט זיך אַרום לעבן הויז. ער דערזעט דעם בוים, וואָס זײַן טאַטע האָט געפלאַנצט. ס'איז האַרבסט. די בלעטער פאַלן אַראָפּ. זיי ליגן אויף דער ערד פאַרוועלקטע. ער פילט אַ קעלט אין די ביינער. ער האָט חרטה פאַר וואָס ער האָט זיך געלאָזט אין אַזאַ צייט אין וועג אַרײַן. ער טראַכט: „איך האָב געדאַרפט הערן וואָס מענטשן האָבן מיר געזאָגט. די מענטש־לעכע פאַנטאַזיע קען אָפּנאַרן. אָט שטיי איך פאַר מײַן הויז און איך האָב אפילו מורא צו עפענען די טיר. און איך וועל מוזן אַוועקגיין מיט גאָרניט".

אַזוי שטייט ער לעבן בוים. ער קען ניט באַשליסן וואָס צו טאָן. ער וויל גיין פון דאַנען. עס איז בעסער גאָרניט צו זען. אָבער דער געדאַנק פּייניקט אים: „געקומען פון אַזוי ווײַט און דו שטייסט לעבן דײַן הויז, און דו ווילסט גיין צוריק?" ער נעמט זיך אָן מיט כּוח און גייט נאָך אַ מאָל צו דער טיר. אָט האַלט ער די קליאַמקע, ווי די טיר עפנט זיך און עס קומט אַרויס סטאַך. זיי דערקענען זיך. משה מאיר שרייט אויס: „פּאַניע סטאַך! וואָס מאַכסטו?" און ער שטרעקט אויס זײַן האַנט. אָבער סטאַך לאָזט די האַנט הענגען אין דער לופט און מיט גזלנישע אויגן שרייט ער אויס פאַרוואונדערט: „מאָשקע, דו לעבסט נאָך?"

סטאַך מאַכט צו די טיר הינטער זיך. ער פירט אַרויס זײַן גאַסט צום בוים אויפן הויף און פרעגט נאָך אַ מאָל: „מאָשקע, דו לעבסט נאָך?" משה מאיר דער־פילט, די ערד ברענט הינטער זײַנע פיס, אָבער ער ענטפערט אים געלאַסן: „ס'זענען געבליבן אײַנצעלנע". „אַזוי? אײַנצעלנע זשידעס זײַנען יאָ געבליבן? אַבי איך האָב געמיינט, שוין ניטאָ קיין זשידעס. נאָך וואָס ביסטו געקומען?" פרעגט סטאַך מיט רוגזה. „אַזוי, באַקוקן דאָס שטעטל", ענטפערט משה מאיר. משה מאיר פילט אַז ער טאָר דאָ ניט זײַן. ער געדענקט אים, סטאַכן, ווי אַ שיכור אַ גזלן. ער מיינט זיכער אַז ער איז געקומען צונעמען דאָס אָנגערויבטע אידישע

# שטערן אין דער נאַכט

פאַרמעגן. ער פילט אַז ער איז אין אַ סכנה. עס קומט אים אַ בליץ־געדאַנק אין קאָפּ. „סטאַק!״ זאָגט משה מאיר, „איך האָב איבערגעלאָזט אַ פּעקל ביי סטעפּאַנען. איך גיי עס ברענגען. איך לאָז דאָ איבער מיין רוקזאַק. איך קום באַלד צוריק...״

משה מאיר לויפט אין איין אָטעם צוריק צו דער באַן־סטאַנציע, פונקט ווי אַ שטורעם־ווינט וואָלט אים געטראָגן אין דער לופט...

ווען משה מאיר איז שוין געזעסן אין דער באַן אויפן וועג קיין לאָדזש, האָט ער געדאַנקט דעם רבש״ע פאַר דעם שנעלן געדאַנק.

אין לאָדזש אַגיטירט משה מאיר אידן צו פאַרלאָזן פּוילן: „אַנטלויפט!״ שרייט ער, „מיט אַלע וועגן! דאָ איז אַ איד אין גרויס סכנה״. ער באַגעגנט זיינס אַ פריינד פון שטעטל, זאָגט ער צו אים: „אייל זיך ניט אַזוי! מ׳קען נאָך דאָ עפּעס פאַרדינען, בפרט ווען ניט אַלע גויים זיינען אַזוי ווי דער שיכור סטאַך. אָט דאָ גייט אַ גוי און פייפט זיך אונטער דעם אינטערנאַציאָנאַל. דו הערסט? דער גוי איז זיכער ניט קיין מערדער. מ׳דאַרף אַזוי ניט מורא האָבן! הער, משה מאיר, ער זינגט: ,שטייט אויף, איר אַלע ווער ווי שקלאַפן!׳ משה מאיר, איך מיין, דער לאַגער ליגט דיר אַזוי אין קאָפּ, ער גייט דיר נאָך... האָב ניט קיין מורא!״ „איך בין דיר מוחל אַלע גליקן״, זאָגט משה מאיר. „יאָ, יאָ, טראָג זיך אַרום מיט בענקענישן, חלומות, מיין טייערער פריינד. ער זינגט, ער פייפט. אָבער אין דער ווירקלעכקייט לאַכט דער גוי פון אונדז. מיר ווערן פון זיי אויסגעלאַכט״. משה מאיר געזעגנט זיך מיטן פריינד.

משה מאיר קומט אויף דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד. זיין צייט־ווייליקע היים איז דער „דיפּי״־לאַגער אין וועטצלאַר, ביי פראַנקפורט אם מאַין. ער שטייט אויף בראַנפעלץ שטראַסע, דערציילט אַ גרופּע אידן וואָס זיינען אַדורכגעגאַנגען אַלע גהינומס, וועגן זיין לעצטער רייזע קיין פּוילן, וועגן זיין דראַנג צו זיין אין זיין שטעטל. און אָט שטייט ער לעבן זיין הויז, אָבער אַריינגיין קען ער ניט. ער האָט נאָר אויסגעפונען אַז דער שיכור סטאַך שלאָפט אין זיין טאַטנס בעט. „ג־ט צו דאַנקען״, זאָגט משה מאיר, „וואָס איך בין שוין צוריק דאָ מיט אייך, אידן. אַנטלאָפן קוים מיטן לעבן פון סטאַכן״. איינער רייסט אים איבער: „דו האָסט מזל! דו האָסט געקענט אַנטלויפן, אָבער די 42 אידן אין קעלץ האָבן ניט געקענט אַנטלויפן. אָט איז די נייעס אין צייטונג: 42 אידן געהרגעט מיט מיתות משונות״. אַזוי דערציילן אידן זייערע איבערלעבענישן פון די פאַר־שידענע גהינומס. איינער דערציילט מער גרוילעכע זאַכן ווי דער צווייטער.

## גרשון ווענגראָווסקי

פלוצלינג קומט אָן אַן אויטאָמאָביל. ער לויפט מיט אַ גרויסער שנעלקייט. משה מאיר רייסט זיך אַרויס פון דער גרופּע אידן. ער לויפט מיטן גאַנצן כוח אין דער ריכטונג צו אַ קליין קינד, וואָס גייט זיך געלאַסן אויפן וועג און ער ראַטע־וועט דאָס קינד כמעט שוין פון אונטער די רעדער פון אויטאָמאָביל...

דער אויטאָמאָביל איז אַדורך, און דאָס קינד איז שוין ביי דער דייטשישער מוטער. לויפט צו אַ איד צו משה מאירן און זידלט אים: „דו, אַזעלכער און אַזעלכער, אַט קומסטו אַליין פון אַ טויטן־לאַגער, וואו דו ביסט געווען טויזנט מאָל אַ טאָג אויסגעשטעלט צום טויט, ראַטעוועסטו זייערס אַ ממזר? דו האָסט שוין פאַרגעסן?!" ער צעוויינט זיך ביז היסטעריע און שרייט: „דו האָסט ניט געזען ווי מען האָט דערשאָסן מיין ווייב און פינף קינדער? אַצינד בין איך אַליין ווי אַ שטיין". אַ צווייטער וואַרפט זיך אויף אים מיט געוואַלדן: „ניט אומזיסט וויל ער ניט פאָרן קיין ארץ־ישראל נאָר קיין אַמעריקע". איינער לייענט אַ מעשה אין צייטונג, אַז אַ איד מיט אַזאַ קלינגענדיקן אידישן נאָמען ווי יהודה מנוחין פאָרט אַרום איבער דייטשלאַנד און שפּילט פאַר די ממזרים פידל. „איר זעט", זאָגט ער, „אידן האָבן רחמנות אויף די רוצחים!"

משה מאיר פאַרענטפערט זיך: „מיינע טייערע, הערט מיך אויס! אין דעם מאָמענט האָב איך ניט געזען מיינע טאַטע־מאַמע, שוועסטער און ברידער, איך האָב ניט געזען אייערע קינדער, נאָר איך האָב געזען אַ קינד ווערט דערהרגעט. טאָ וואָס זאָל איך טאָן? איך האָב ניט געקענט זען, אַ קינד ווערט דערהרגעט! פאַרגלייכט מיך ניט צו דעם פידלער. ער האָט פיינט אידן און האָט ליב אַראַבער און דייטשן. יאָ, קיין אַמעריקע פאָר איך. איך האָב קיינעם ניט אויף דער וועלט, נאָר איין קוזין אין אַמעריקע. ער האָט מיר געשיקט אַ וויזע. „משה מאיר געדענקט!" שרייט אַ פריינד. „מען מוז ברענגען קרבנות, אַדער ווערן קרבנות". משה מאיר זאָגט: „איך בין פּעאיק צו קעמפן מיט די אַראַבער? דער לאַגער האָט אַרויסגענומען פון מיר דאָס גאַנצע לחלוחית, סיי אין פיזישן זין, סיי אין גייסטיקן זין. ס'איז עצמות יבשות. איך פיל אַצינד, אַט גיי איך און אַט פאַל איך אום, און ס'איז נאָך משה מאירן".

ס'איז געווען ערב שבת, משה מאיר קומט קיין אַמעריקע. זיין קוזין וואַרט אויף אים. ער קומט אַריין אין אַ אידישע היים. נאָכן זיין אָפּגעפּרעמדט פון אַ אידישן שבת במשך פון יאָרן, איז די היים פאַר אים ווי אַ פלאַסטער צו זיינע וואונדן. זיין נשמה און גוף ווערן אַצינד געטובלט אין דער שיין פון שבת־ליכט און שבת־לאָמפּן. ער ווייס, ס'איז שבת אויף דער וועלט.

# שטערן אין דער נאַכט

משה מאיר גייט דורך די ערשטע צייטן פאַרשידנס. אָבער ס׳קומט אַ צייט, ווען ס׳הייבט אים אָן צו גיין בעסער, און ער גייט מחיל אל חיל, פון הצלחה צו הצלחה, העכער און העכער. משה מאיר האָט נאָך ניט דערגרייכט דעם עלטער פון פופציק און ער איז באַלאָדנט, פונקט ווי דער פרוכט־בוים, סוף זומער, מיט פירות. די צווייגן הענגען שווער אַראָפּ. משה מאיר טראָגט מיט שטאָלץ זיין משא. אַ גרויסע משפחה רינגלט אים אַרום, מיט הייזער, אויטאָמאָבילן, ווי ס׳שטייט אין פסוק: הולך וגדול מאוד.

משה מאיר באַגלייט זיין טאָכטער, איידעם און אייניקלעך קיין ארץ־ישראל להשתקע (צו באַזעצן זיך). ער נעמט זיי מיטן גרויסן קאַדעלאַק צום לופט־פּאַרט. אויפן וועג צוריק באַגעגנט זיין בליק מענטשן, וואָס זיצן לעבן זייערע פּעקלעך. זייערע פּנימער דריקן אויס מורא, אנגסט, עפּעס אַזוי ווי פאַרלוירענע. ער קוקט גוט און דערקענט זיי. זיי זענען אים גוט באַקאַנט. זיין געדאַנק וואַנדערט צו זיין קליין שטעטל גאַנץ פרי אויף אַ יאַריד. דער פויער און די פויערטע קומען מיטן וואָגן סחורה. דער הונט לויפט הינטערן וואָגן. דעם עק האַלט ער הינטער זיך, און דו קענסט ניט הערן פון אים אַ שאָרך. ער האָט מורא צו עפענען זיין מויל. אָבער קום נאָר צו אים, לעבן זיין שטאַל מיט די חזירים, וועט ער ווייזן וואָס ער קען... משה מאיר קוקט אַזוי אויף די אָרעמע פּעקלעך. ער דערמאָנט זיך זיין נע ונד. דאָס האַרץ טוט אים אַ טיאָכקע. ער גייט צו און פרעגט אין פויליש: „פון וואַנען, פּאַנאָוויע (הערן)?" זייערע פּנימער לייכטן אויף. מ׳רעדט זייער שפּראַך... ער ווערט געוואויר אַז זיי קומען פון דעם זעלבן שטעטל. „און סטאַכן קענט איר?" איז זיין פראַגע. „יאָ", איז זייער ענטפער. משה מאיר גיט זיי עצות וואָס צו טאָן. ער גיט זיי זיינס אַ וויזיט־קאַרטע. אפשר אין אַ נויט — זיך צו ווענדן צו אים. ביי זיין אַוועקגיין זאָגט ער: „אויב איר שרייבט אַ בריוו, שרייבט אַ גרוס צו סטאַכן און זאָגט אים אָן, אַז מאשקע לעבט נאָך און ער וועט לעבן..."



## גרשון ווענגראָווסקי

# דעם טאַטנס לייכטערס

אַ שטיק צייט פאַר עלות־השחר קומט מאיר אין בית־המדרש צו זיין קביעותדיקן שיעור גמרא. דער גמרא־ניגון הילכט אָפּ לעבעדיק, פול מיט פאַטאָס. ער שווימט אין די עולמות פון ים־התלמוד. דאָס חלב־ליכטל, וואָס לייכט אים אַצינד, לעשט זיך אויס פון ווינט, וואָס בלאָזט אַריין דורך די צעבראָכענע פענצטער.

דאָס בית־המדרש איז נאָך אין אַזאַ פריער שעה נישט באַהייצט, אָבער דאָס שטערט ניט מאירן אין זיינע רעיונות. דער קול התורה טראָגט זיך העכער און העכער, שרייענדיק „אמר אביי" און „אמר רבא", נאָכאַמאָל און ווידעראַמאָל, ביז די סוגיא ווערט קלאָר, און דאַן גייט ער אַריבער צו אַ צווייטער סוגיא מיט נאָך אַ גרעסערן ברען און התמדה. ווער מיר דאגות פּרנסה, וואָס מיר זאָרגן פאַר קאַר־טאָפל, האָלץ און ברויט?...

אין זיין קביעותדיקן שיעור עקזיסטירט גאָרנישט אַ חוץ דעם „אמר אביי" און „אמר רבא". אַזוי איז געווען אַלע אינדערפרי.

אָבער היינט איז מאיר נישט מיט אַלעמען. ער זינגט נישט, ער שרייט נישט און ער קלאַפּט נישט מיט די הענט. זיין פּנים איז פול מיט זאָרג. ס'לערנט זיך נישט. ער טראַכט וועגן דעם, וואָס זיין ווייב חנה האָט אים דערציילט: זיין גע־ראָטענע טאָכטער רחל וויל חתונה האָבן מיט אריה־לייב דעם בעקער און פאָרן קיין ארץ־ישראל. ער שפּאַנט הין און צוריק, אַ נערוועזער, אין בית־המדרש, און באַשליסט ניט מסכים צו זיין צום שידוך...

עס האָט נישט געהאָלפן וואָס גוטע מענטשן האָבן זיך אַריינגעלייגט אין דער זאַך עס זאָל זיין אַ שידוך. דער פעטער ברוך איז ספּעציעל געקומען פון וואַרשע וועגן דעם ענין און איינגעטענהט מיט מאירן אַז אריה לייב איז אַ פרומער בחור. ער פאָרט בויען ארץ־ישראל על פּי תורה ומסורה, און נישט, ח״ו, דעם רויטן סאָציאַליזם. ער גיט אים צו פאַרשטיין, ער זאָל קוקן דורך אַ גלאָז און זען די וועלט; זען אונדזער „אָוושעם" פּאָליטיק (דאָס וואָרט איז גענוצט געוואָרן אין פּוילישן סיים, אַז באַאיקאָט קעגן אידן איז דערלויבט).

„קוק נישט דורך אַ שפּיגל, וואָס דיר זעט זיך ,שלום עלי נפשי'. זיי גליקלעך וואָס דיין קינד פאָרט קיין ארץ־ישראל!" — זאָגט ברוך. אָבער מאיר לאָזט צו זיך נישט רעדן; ער איז נישט מסכים.

# שטערן אין דער נאַכט

באין ברירה, אַז ס'האָט זיך צוגערוקט די צייט פאַר אריה־לייבן צו פאָרן קיין ארץ־ישראל, האָט מען באַשלאָסן צו מאַכן אַ שטילע חתונה. מען פאָרט כלומרשט צום פעטער קיין ווארשע, צום פעטער ברוך, און מ'האָט דאָרט חתונה כדת וכדין...

דערווייל קומט פאַר די חתונה פון דער עלטסטער שוועסטער שרה (וואָס איז געווען באַשטימט נאָך מיט אַ צייט צוריק) מיט אַ בחור אַ בן־תורה, און די חתונה ווערט געפּראַוועט מיט גרויס טאַראַראַם; מען פאַרבעט די פּני פון שטאָט, און מאיר איז זייער גליקלעך.

„מיין טרוים, מיין באַגער, צו האָבן אַן איידעם אַ בן־תורה איז מקויים גע־וואָרן" — זאָגט מאיר. מען ווינטשט זיך מזל טוב, און מ'גיט צו: „אי"ה ביי רחלען..."

שפּעט ביינאַכט, ווען די געסט זיינען שוין געווען אַוועק, האָט זיך שרה באַ־וויזן מיט די מתנות אין קרייז פון די נאָענטע משפּחה־מיטגלידער.

„דאָס איז פון דעם, דאָס איז פון יענעם", זאָגט זי. זי נעמט אַרויס אַ פּאָר שיינע זילבערנע לייכטערס און זאָגט: „דאָס איז פון טאַטן!"

רחל פאַרגייט אין חלשות און פאַלט אַוועק אויפן דיל. דער ערשטער, וואָס לויפט איר ראַטעווען, איז דער טאַטע. ווען רחל קומט צו זיך, שרייט זי מיט אַ גרויס געוויין: „איך בין אויך אַ אידיש קינד! איך האָב אויך חתונה געהאַט (און זי ווייזט די כתובה) מיר קומט אויך לייכטערס!"

דער שטאָלצער טאַטע מאיר שטייט אַצינד איבער רחלן און ער בעט זי זאָל אים מוחל זיין פאַר דעם פאַלשן וועג, וואָס ער האָט גענומען קעגן איר, ווען ער האָט אַזוי ליב, און גלייכצייטיק פרעגט ער: „וואו איז אריה־לייב?"

ער לויפט אַליין זוכן אַריה־לייבן. אריה־לייב קומט! מען טרינקט „לחיים", מען ווינשט זיך מזל־טוב מיט אַלעמען.

דער פעטער ברוך טרינקט לחיים און האַלט אַ רעדע, אַז ס'איז שוין משיחס צייטן. מאיר באַשטייט שוין אַז דער לייב זאָל וואוינען מיטן שפּעלע (דאָס מיינט ער רחלען און אריה־לייבן). מען טאַנצט און מ'זינגט. ס'הערשט אַ פרייד אין אַלע ווינקלען פון הויז.

מיט צוויי וואָכן שפּעטער, ווען מאיר האָט באַגלייט זיין טאָכטער און איידעם צו דער קאָלייקע, אויפן וועג קיין ארץ־ישראל, האָט מאיר צו זיי גע־רעדט און געגעבן צו פאַרשטיין די קדושה פון ארץ־ישראל:

„די קדושה פון ארץ־ישראל איז זייער גרויס. דעריבער שטאַרקט זיך די

טומאה אַריינצוקומען, און וויל צונויפמישן רוים מיט ירושלים, ח״ו. צווישן די אַלע זאַכן, וואָס די מאַמע האָט מיטגעגעבן, זיינען דאָ פיר לייכטערס, איר זאָלט געדענקען טאַטע מאַמע...״

ער גיט זיי צו פאַרשטיין אַז אַמאָל געפינט מען זיך אויף אַ שייד־וועג, מען בלאָנדזשעט, איז אַז מען ווייסט פון וואַנען מען איז געקומען, קאָן מען נישט פאַרלוירן גיין.

„געדענקט שטענדיק פון וואַנען איר קומט!״

„אפשר זיך מאַכן אַ פּאַטאַ?״ פרעגט רחל.

„אַז דו וועסט בענטשן ליכט, וועסטו האָבן די בעסטע פּאַטאַ״ — זאָגט מאיר.

רחל און אריה־לייב זיינען געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו מאירן און זיך צוגעהערט צו יעדן וואָרט וואָס ער האָט צו זיי געזאָגט.

ווען די קאַלייקע איז שוין געווען ווייט פון שטאָט און ס׳האָט זיך שטאַרק געהערט דאָס פייפן און זשומען, האָט אריה־לייב געזאָגט צו רחלן: „דו הערסט דאָס זשומען, סאָפּען און פייפן פון דער קאַלייקע? דאָס איז די מוזיק פון אַ גרויס ליד, וועגן וועלכן איך האָב געטרוימט אַ לאַנגע צייט, אָבער די ווערטער צום ליד האָט אַצינד פאַרפאַסט דיין טאַטע. דאָס ליד הייבט זיך אָן: קדושה פון ארץ־ישראל, צו געדענקען נישט צו פאַרגעסן...״

*　　*　　*

עס רוקן זיך אָן שוואַרצע, פינצטערע וואָלקנס אויפן אידישן פאָלק. ס׳איז דאָס יאָר 1939. מאיר און זיין משפחה ווערן פאַרשיקט קיין סיביר. עס איז פרייטיק, ערב שבת. דורך אַ צופאַל געפינט מאיר אַ שטיקל ליכט, און מאַמע־טאַטער טיילן זיך מיטן שטיקל ליכט צו בענטשן לכבוד שבת. חנה דערמאָנט זיך אין די שיינע זילבערנע לייכטערס און ווייכט. מאיר טייטשט אויס די משנה אין „שבת״ מיט דעם גמרא־ניגון — „מי שהחשיך לו בדרך נותן כיסו לנכרי״ — דער איד קען גאָרניט האָבן פון גלות, מען דאַרף אַלץ איבערלאָזן, אוועקגעבן, דאַנקט ג־ט דערפאַר!...

ס׳איז 1946. רוסלאַנד לאָזט אַרויס פוילישע אידן. דורך אומוועגן קומט שרה מיטן מאַן קיין ארץ־ישראל. די צוויי שוועסטער טרעפן זיך מיט הארץ־רייסנדע געוויינען. די ערשטע פראַגע, וואָס רחל פרעגט, איז: „וואָס איז געשען מיט טאַטע מאַמע?״

שרה דערציילט פון די שרעקלעכע יאָרן אין סיביר: „דעם טאַטן גע־

## שטערן אין דער נאַכט

דענקסטו דאָך, אַלץ וואָס ער האָט געהאַט איז געווען אַ קאַרטאָפל מיט אַ שטיקל ברויט, האָט ער עס אַוועקגעגעבן אַנדערע, און ער אַליין איז געשטאָרבן פון הונגער. און אונדזער מאַמע איז געווען אַ שוואַכע. זי האָט נישט אויסגע־האַלטן... אפשר האָסטו אַ בילד פון טאַטע מאַמע?"

רחל דערמאָנט זיך די קאַלייקע, וואו זי בעט דעם טאַטן מען זאָל מאַכן אַ בילד, און דער טאַטע זאָגט: „די בעסטע פאָטאָ זיינען די לייכטערס; אַז דו וועסט בענטשן ליכט אין די לייכטערס, וועסטו אונדז נישט פאַרגעסן". אָט דאָס איז גע־ווען דער ענטפער פון טאַטן!

„מיר האָט דער טאַטע געגעבן פיר לייכטערס, נעם צוויי", זאָגט רחל.

שרה נעמט די לייכטערס און זאָגט: „דו ביסט גערעכט, מיין שוועסטער, דאָס איז די בעסטע פאָטאָ פון אונדזער טאַטן, וואָס מיר וועלן קיינמאָל נישט פאַרגעסן..."



## „עם ישראל חי!"
## הרב הקדוש ר' דב מנחם רֶגֶנשבֶּרג הי"ד

געבוירן אין ליטע, אין אַ רבנים־פאַמיליע, אין יאָר תרי"ב (1852).
חתונה געהאַט מיטן זעמבראַווער רב'ס טאָכטער, אין יאָר 1872.
איז געוואָרן רב אין שטעטל אין יאָר תרמ"ב (1882), נאָך דער פטירה פון זיין שווער, ר' ליפא חיים ז"ל.
איז אומגעקומען, מיתּ אַ מאַרטירער־טויט, דורך די נאַציס, ג' אלול, תש"א — 26/8/1941.

אויף יעדן פנים איז אויסגעגאָסן אַ שפע פון פרייד און הנאה. די שמחה איז אַן אַלגעמיינע אידישע שמחה! זאָגט צו מיר אַ איד: „איין קליינקייט, ווען מ'קוקט צוריק! די מאַמע טרעמבלינקע... און דער טאַטע מיידאַנעק..."

די מוזיק שפּילט „עם ישראל חי!" אַ גרופּע ישיבה־בחורים לאָזט זיך אין אַ התלהבותדיקן טאַנץ. אַלע טאַנצן: „עם ישראל, עם ישראל חי!"

ביי מיין טישל באַקען איך זיך מיטן איד. זאָגט ער מיר, אַז ער איז פון פוילן,

זעמבראַווע. בלויז דאָס וואָרט „זעמבראַווע" האָט געמאַכט אַ שטורעם אין די טיפעניש פון מיין האַרץ. מיין געדאַנק איז אַוועקגענומען געוואָרן ווייט פון דער שמחה. איך זע אַצינד אַ שטיק פון מיין יונג שיין לעבן אין דער זעמבראַווער ישיבה. איך דערמאַן אים דעם ראש־הישיבה, דעם קדוש וטהור ר׳ יודל, דעם זעמבראַווער רב, דעם גאון און צדיק, ר׳ דב מנחם רעגענשבערג, וואָס פון אַלע ישיבות זיינען בחורים געקומען צו אים נעמען סמיכה אויף רבנות. ס׳איז געווען אַ גרויסער כבוד צו האָבן סמיכה פון דעם זקן הרבנים, דעם זעמבראַווער רב.

איך פרעג אים: „געקענט יאַנקל דודן, וואָס האָט באַזאָרגט די ישיבה־בחורים מיט עסן און וואו צו שלאָפן?" „יאַנקל דודי!" שרייט ער אויס. „דאָס איז דאָך געווען מיין ברודער". איך קוק, וויל זעון אַן ענלעכקייט, אָבער איך זע ניט. מיינע אויגן גראָבן זיך איין אין זיין פנים. איך זע ניט. איך קען ניט געפינען עפּעס אַן ענלעכקייט צו דעם גרויסן איד, יאַנקל דוד. איך דערמאָן זיך אַ וואָרט פון חפץ חיים זצ״ל. ווען מ׳האָט אים געזאָגט אַז דאָס עפּעלע פאַלט ניט ווייט פון ביימעלע, האָט ער געגעבן אַ זאָג: „אוי! אַז דער ווינט יאָגט עס ווייט ניט אַוועק". איך טראַכט: „ניו־יאָרק איז ווייט פון זעמבראַווע. אפשר צו ווייט געפאַלן, אַביסל מגושם געוואָרן".

איך דערצייל די אַרומיקע ווער יאַנקל דוד איז געווען, ווי איך געדענק אים. אָט דאָס בילד קען ניט קיינמאָל אַוועקגיין פון מיינע אויגן: ס׳איז אַ קאַלטער גרויסער פרימאָרגן. דער פראָסט האָט געהאַט אויסגעמאָלן אויף די פענצטער פון דער ישיבה פאַרשיידענע מאָלערייען, פון ביימער און פייגל. יאַנקל דוד קומט אַריין אין דער ישיבה. פון זיין גרויסער רויטער געקרייזלטער באָרד הענגען אַראָפּ אייז־ליכטלעך. זיין פנים איז רויט, געפרוירן. ער קלאַפּט איין האַנט אין דער צווייטער. „אוי!" זיפצט יאַנקל דוד, „איז דאָס אַ קעלט אין דרויסן! ס׳איז אַן עבירה אַ הונט אַרויסצוטרייבן".

ער ווערט באַלד אַרומגערינגלט פון ישיבה בחורים. איינער פרעגט: „וואו וועל איך היינט עסן?" אַ צווייטער פרעגט: „אַוואו וועל איך שלאָפן?" „יאַנקל דוד, יאַנקל דודי!" וויל יעדער איינער עפּעס אַנדערש וויסן. יאַנקל דוד, וואָס טוט די הייליקע אַרבעט פון פאַרזאָרגן די ישיבה־בחורים מיט טעג צום עסן און געלעגערס צום שלאָפן שוין במשך פון אַ סך יאָרן, זאָגט מיט אַ שטראַלנדיק, פריילעך פנים: „קינדערלעך! איך האָב פאַר יעדן איינעם. קיינער וועט ח״ו ניט הונגערן". ער נעמט אַרויס דאָס ביכל פון קעשענע און טיילט אַלעמען אויס טעג וואו צו עסן און געלעגערס צום שלאָפן, און ער לאָזט זיך צו דער טיר, ווידער

# שטערן אין דער נאַכט

צו גיין איבער די הייזער, בעטן פאַר די ישיבה־בחורים אַ טאָג צום עסן. „אַ טאָג, אַ טאָג!" פלעגט ער אַרומגיין בעטן. געדענקט! „אם אין קמח, אין תורה". מיטן טאָג עסן ווערט איר שותפים צו דער תורה, צום בלאַט גמרא!"

יאַנקל דוד איז שוין אויף דער אַנדערער זייט טיר, ווען אַ ישיבה־בחורל, פאַרטיפט אין אַ שווערער סוגיא, כאַפּט זיך אויף און לויפט נאָך און שרייט: „יאַנקל דוד, יאַנקל דוד!" און יאַנקל דוד, מיט אַ שטאַרקער ערנסטקייט, הערט אים אויס ווי ער דערציילט: „איך קען ניט שלאָפן אויף מיין אכסניא. עס בלאָזט אַ ווינט פון די פענצטער. ס'איז אַזוי קאַלט אַז דאָס נעגל־וואַסער אונטער דער סאַפּקע איז פאַרפרוירן געוואָרן". יאַנקל דוד קלערט אַ מינוט און זאָגט: „איך וועל היינט באַזאָרגן דיין אכסניא מיט אַ האַלבן מעטער טאָרף פאַר באַהייצונג. עס וועט שוין זיין וואַרעם. זאָרג זיך ניט! גיי לערנען, גיי! יאָ, דער עיקר, שלמהן!" וויל יאַנקל דוד וויסן, „האָסט היינט אַ גוטן טאָג?" „יאָ, זייער גוט. אָבער, יאַנקל דוד, פאַרגעס ניט, עס פעלט מיר נאָך איין טאָג, מיטוואָך". „האָ! ביז מיט־וואָך, מיין טייער קינד, קען נאָך קומען אַ גרויסע ישועה. היינט איז זונטיק".

יאַנקל דוד גייט ניט נאָר לויפט. אַלץ אין אים באַוועגט זיך מיט אַ גרויסן אימפּעט. זיין קאָפּ און הענט שטרעקט ער פאָרויס, און דער קערפּער מיט די פיס לויפן נאָך. אַלץ אין אים צאַפּלט ווי אַ פיש אין וואַסער. אַזוי טוט ער לויפן אַ גאַנצן טאָג איבער דער שטאָט: „אַ טאָג, אַ טאָג פאַר אַ ישיבה־בחור!"

„אָט איז ער שוין ווידער דאָ!" בייזערט זיך אַ איד אויף יאַנקל דודן. „איך ווייס ניט וואָס צו געבן עסן אַ ישיבה בחור!" „האָ! געזונט זאָלט איר זיין! וואָס איר וועט עסן זאָלט איר אים געבן, דאָס זעלבע, ניט מער, אַ שטיקל ברויט מיט הערינג און אַ גלאָז טיי. דער עיקר: ער זאָל ניט אַוועקגיין הונגעריק. נו, וועלכן טאָג? זונטיק, מאָנטיק אָדער שבת?" „יאַנקל דוד, זאָל שוין זיין שבת". יאַנקל דוד, אַ פריילעכער, שרייבט איין אין ביכל: „שבת", און לויפט ווייטער.

אַזוי שפּרייזט ער אַרום איבער דער שטאָט מיט לאַנגע שווערע טריט, אין דעם גרויסן פראָסט, מיט די זאָרגן פון אַ טאַטן פאַר זיינע קינדער: עסן, עסן, אַ געלעגער. זיין ווייב דוואָשע לויפט אים נאָך. זי דערמאָנט אים: „יאַנקל דוד! דו האָסט נאָך היינט גאָרניט טועם געווען". „גיי געזונטערהייט אַהיים, דוואָשע, איך וועל שוין עסן. זיי, די קינדער אין דער ישיבה, וועלן מאָרגן ניט עסן, אויב איך וועל גיין אַצינד עסן".

יאַנקל דוד האָט נאָר וואָס פאַרמאַכט אַ טיר הינטער זיך, און שרייבנדיק אַריין אין ביכל נאָך אַ טאָג פאַר אַ ישיבה־בחור באַגעגנט ער שלמהן: „האָ,

דלוגאָשאַדלער, וואָס מאַכסטו? דו גייסט איצט פון דיין טאָג?״ פרעגט יאַנקל דוד. „זיי זיינען גוטע מענטשן, האָ?״ „יאָ, זיי זיינען טייערע מענטשן״, ענטפערט שלמה. יאַנקל דוד וויל שוין ווייטער לויפן. אָבער שלמה פאַרהאַלט אים און שטיל שעמעדיק פרעגט ער: „צי וועט די וועש זיין טרוקן פאַר דעם קומענדיקן פרייטיק אין מקווה צו גיין? דעם לעצטן פרייטיק האָב איך ניט געהאַט קיין העמד צו גיין אין מקווה״.

יאַנקל דודס פנים ווערט פאַרצויגן ווי מיט אַ וואָלקן. זיינע בלויע אויגן זיינען פייכט געוואָרן. ער בייגט זיך אַראָפּ און מיט געציילטע ווערטער, לאַנג־זאַם, זאָגט ער אַצינד: „יאָ, מיין קינד, דיין וועש איז גאַנץ, פאַרראַכטן, פאַר־לאַטעט. דו האָסט וועש, ג־ט צו דאַנקען, דו וועסט האָבן די וועש פאַר דעם פרייטיק. אָבער אַ סך בחורים האָבן ממש גאָרניט וואָס איבערצוטאָן, אפילו העמדער. פאַרשטייסט, אין וואָשן איז די וועש צעפאַלן. געוועזן אַלט, צעריסן. איך האָב זיי ניט וואָס צו געבן דעם פרייטיק. וואָס טוט מען? איך מוז שוין לויפן וועגן דעם ענין צום רב. זאָל ער מיר געבן אַן עצה״. און יאַנקל דוד לויפט.

אין דעו׳ בית־דין שטוב פון זעמבראָווער רב, ר׳ דב מנחם רעגענשבערג, קומט אַצינד פאַר אַ פאַרזאַמלונג פון די חשובי העיר וועגן אַ זייער וויכטיקן ענין. מ׳דאַרף שאַפן אַ כשרע קיך פאַר די אידישע זעלנער פון 71־סטן פאַלק וואָס שטייט איין אין שטאָט. מיט גרויס יראת הכבוד הערן אויס די פאַרזאַמלטע פון זייער רב, צדיק און גאון, דער גרויסער שטראַלנדיקער פערזענלעכקייט, די דרשה וועגן כשרות.

און אָט עפנט זיך די טיר. דער רב דערזעט יאַנקל דודן, שרייט ער אויס: „ר׳ יאַנקל דוד, וואָס הערט זיך ביי אונדז אין דער ישיבה?״ יאַנקל דוד שטאַמלט. ער קען ניט רעדן. דער רב פאַרשטייט אַז דאָס אַרויפקומען איז ניט פשוט. בעט ער איבער אַלעמען. אין אַ ווינקל גיסט יאַנקל דוד אויס זיין ביטער האַרץ: „זיי האָבן ניט קיין וועש, קיין העמד! וואָס טוט מען רבי? גיט אַן עצה!״

נאָך אַ קורצן ישוב הדעת קומט דער רב צום טיש און לייגט פאַר די פאַר־זאַמלטע אידן צו שאַפן אַ „מלביש ערומים״־קאָמיטעט, און מניה וביה ווערט געשאַפן געלט. דער רב גיט פון זיין געלט אַ געוויסע סומע, יאַנקל דוד זאָל שוין גיין קויפן ווייסע לייוונט און גיין צום שניידער. יאַנקל דוד שטראַלט פון שמחה. די ישיבה־בחורים וועלן האָבן אַ העמד אויפן לייב, און פרייטיק קענען גיין אין מקווה אַריין. „איר זעט, אידן!״ זאָגט ער מיט גרויס ענטוזיאַזם, „וואו ס׳איז דאָ תורה דאָרט איז דאָ חכמה״.

# שטערן אין דער נאַכט

די בשורה טובה, אַז ס׳איז געשאַפן געוואָרן אַ „מלביש ערומים״־קאָמיטעט, האָט יאַנקל דוד דאַנערשטיק, נאָך האַלבער נאַכט, אָנגעזאָגט די משמר־לערנער. יאַנקל דוד קומט אַריין אין דער ישיבה, דער גאַז־לאָמפּ שיינט. ס׳איז וואַרעם. יעדער איינער איז פאַרטיפט אין זיין גמרא־סוגיא. דאָס אַריינקומען פון יאַנקל דודן רופט אַרויס ביי יעדן פרייד, פונקט ווי אַ טאַטע, אָדער אַ נאָענטער קרוב, וואָלט זיך באַוויזן. יאַנקל דודס אַריינקומען איז ניט געווען בלויז צו וויסן מי ומי ההולכים, ווער זיינען די מתמידים. יאַנקל דודס אַריינקומען האָט געהאַט אַ ספּעציעלן הייליקן צוועק: צו ברענגען עפּעס פאַר יעדן איינעם צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. דאָס מאָל איז ער אַריינגעקומען באַלאַדנט. ער האָט יעדן איינעם געגעבן אַ שטיק קוכן מיט זיסן טיי און געזאָגט: „עסט, עסט! איך האָב נאָך קוכן. עסט! מ׳זאָגט: אין אַ געזונטן גוף איז דאָ אַ געזונטע נשמה. עסט!״

יאַנקל דוד האָט געקענט יעדן בחור אין דער ישיבה, אויסנווייניק און אינע־ווייניק. ער האָט געוויטיקט איבער זייער אָרעמען מצב. גייט ער אַצינד אַרום אַ פריילעכער און זאָגט אָן די בשורה טובה: „דער רב שטייט בראש פון אַ ,מלביש ערומים׳־קאָמיטעט. ס׳וועלן שוין זיין שיך און וועש פאַר אַלעמען״. נאָך דער בשורה האָט דער קול תורה אָפּגעהילכט העכער ווי שטענדיק. צומאָרגנס, פרייטיק, האָבן אַלע געהאַט נייע וועש צו גיין אין מקווה אַריין.

דער זעמבראָווער איד ברענגט עפּעס גוטס צום טיש און זאָגט: „דלוגאָש־אָדלער, עסט, עסט! ס׳איז אַ גרויסע אידישע שמחה״. הא! דאָס איז יאַנקל דודס ברודער. דאָס זיינען די ווערטער פון יאַנקל דודן. איך דערקען אים! דאָס עפּעלע האָט דער ווינט ווייט ניט פאַרויאָגט. איך זיץ שוין לעבן אים. איך וויל ער זאָל מיר דערציילן וועגן זיין ברודער, און וועגן דער קליינער שטאָט מיט דעם גרויסן רב, וועגן דער הסתר־פּנימדיקער צייט.

ער דערציילט: אין 1940 קומט אַ תלמיד זיך געזעגענען מיטן רב. דער רב בעט אים צו העלפן אויפשטעלן די מקווה. „אין אַזאַ צייט, רבי?״ „פאַרגעסט ניט״, זאָגט דער צדיק, „די שטוב ברענט, אָבער דער זייגער גייט״.

ס׳איז געווען אין 1941, אין אַ באַגינען. דאָס גאַנצע שטעטל אידן ווערט מיט נאַגאַיקעס און הינט געזאַמלט אויפן מאַרק־גאַס. אַלע האָט מען געפירט אַראָפּ פון בערגל אין דער ריכטונג צו די סימאָוועק וועלדער. אַזוי איז דאָס גאַנצע שטעטל אידן, הייליקע נשמות, מיט זייער ספר תורה, דעם ניינציקיעריקן צדיק, אויסגעגאַנגען מיטן שמע ישראל!

איך זאָג, מ׳האָט זיכער געפרעגט אין הימל: זו תורה וזו שכרה? „יאָ, דאָס

איז זיכער״, ווייל ער מיר געבן צו פאַרשטיין, „נאָר מיר ווייסן ניט קיין ענטפער. נאָר אַזוי ווי מיר זעען דאָ דעם גרויסן נס, די טייערע ישיבה־בחורים, זיינען מיר אַצינד עדות פון עם ישראל חי! מיר זעען, דער זייגער גייט! אַזוי וועט זיכער זיין די אמתע גאולה, ווייל „נצח ישראל לא ישקר״ און אויף צו להכעיס אַלע אונד־זערע שונאים. זאָלן זיך הענט שליסן שטאַרקער און די מוזיק זאָל זיין העכער: עם ישראל, עם ישראל חי!!!״



הרב הקדוש ר׳ דב מנחם רגנשברג הי״ד

# שטערן אין דער נאַכט

## דער דאָרפס־גייער

מיט לאַנגזאַמע טריט שפּאַנט ער איבערן דאָרף מיטן זעקל אויף די פּלייצעס. זיינע אויגן זוכן אַ קונה. אָט שטעלט ער זיך אָפּ ביי אַ הויז, אַרומגעצוימט מיט אַ פּאַרקן. דאָס בילן פון די הינט רופט אַרויס די באַלעבאָסטע. אפרים טוט זיך פאַרנייגן און ציט דאָס היטל. מיט אַ שמייכל זאָגט ער „גוט מאָרגן", און ער פרעגט: „אפשר עפּעס קויפן אָדער פאַרקויפן?" די גויע דערקענט אים פון אַ פריערדיקן מאָל און הייסט אים אַריינקומען. אין הויז וואַרפט ער אַראָפּ דאָס זעקל אויפן דיל און ווייזט זיין סחורה: טעוועלער, נאָדלען, שטיקלעך זייף, שפּילקעס, פאָדעם, שיך־בענדלעך, סטענגעס, שטיקלעך געוואַנט. ביי יעדן אַרטיקל זאָגט ער דעם פּרייז. זי דינגט זיך לאַנג, אָבער זי קויפט. זי באַצאָלט אים מיט קאַרטאָפל, ציבעלעס, אייער. אפרים לייגט עס אַריין אין אַ צווייטן זעקל און גייט ווייטער איבערן דאָרף.

אָט זאָגט אים איינער אַז ער האָט עופות צו פאַרקויפן. ער קויפט די עופות, טוישט, צאָלט צו אַ פּאָר זלאָטעס. ביי אַנדערע קויפט ער אַ גאַנדז פאַר מזומן. ביי אַ גוטן באַקאַנטן קויפט ער אַ פעלכל. נאָענט צו זונפאַרגאַנג איז ער שוין פול מיט בינטלעך, זעקלעך, פּעקלעך, באַלאָדן ווי אַ קעמל. אַז ג־ט העלפט און עס פאָרט אַ פּירל אויף זיין וועג, אַ מאָל פאַר אַ גוט וואָרט, אַן אַנדער מאָל פאַר אַ קלייניקייט, וואַרפט ער אַרויף די פּעקלעך און זיינע פיס טוען זיך אָפּרוען פון אַ גאַנצן טאָג. און אויב ניט, גיט ער זיך אַן עצה. ער נעמט אַ שטעקן און מאַכט אַ קאָראָמיסלע און הענגט אָן פוןביידע זייטן זיין פאַרמעגן. מיט שווערע טריט פון דער משא שפּאַנט ער אַהיים. ווען עס ווערט אים שווער אויף איין אַקסל, וואַרפט ער די משא אַריבער צום צווייטן.

פּלוצלינג שיינט זיין פּנים פון פרייד. ער דערזעט זיין שכן, הערשל דעם קצב. „הערשל! דו ביסט אַנגעקומען ווי אַ גוטער מלאך", שרייט אפרים. „איך האָב נאָר־וואָס געקויפט די יאַלעווקע, טרייב איך איר אַהיים", זאָגט הערשל. „צו גרויסע פּעקלעך, לאָמיר דיר העלפן!" בעט זיך הערשל. „האַ, די פּעקלעך? דאָס איז גאָרניט לגבי די אַנדערע פּעקלעך, וואָס אַ איד דאַרף טראָגן. נאָר דער רבש"ע אַליין קען העלפן זיי דורכטראָגן. אָבער די פּעקלעך האָב איך, ג־ט צו דאַנקען, כוח אַליין צו טראָגן. ס'איז גענוג אַז מ'טרעפט אַ איד אויפן וועג", זאָגט אפרים.

# גרשון ווענגראַווסקי

הערשל דערציילט וועגן זיין קויפן די יאַלעווקע, ווי שווער ס׳איז אים אָנגעקומען. ס׳איז ניט ווי אַ מאָל. דער פויער ווערט וואָס אַ מאָל מער חוצפּהדיק. ס׳איז שוין באַלד אוממעגלעך עפּעס צו קויפן אויפן דאָרף. אפרים דערציילט וועגן זיינע מיסחרים אויפן דאָרף.

„די גרעסטע רוצחים און שיכּורים זענען מיינע קונים. איך פּאַרדין ביי זיי. איך גיי שוין אַ סך יאָרן אין דאָרף. הער, מיין פריינד, וואָס איך האָב געלערנט. מ׳דאַרף שטענדיק געדענקען אַז מיר זענען אין גלות. גיב זיי כּבוד ווען מ׳דאַרף, בייג זיך, זאָג פריער דעם ,גוט מאָרגן׳, זיי אַ מאָל דער תּם און אַ מאָל דער חכם, נאָר שטענדיק ניט גרעסער פון זיי. דו פאַרשטייסט, הערשל! אין שטיבל קענסטו פאַרלאַנגען אַז עליה שישי און זיין דער בן מלך, אָבער אין דאָרף דאַרפסטו וויסן אַז דו ביסט מיט גויים, עשׂוס אייניקלעך, מערדערס, וואָס ווילן דיך שטענדיק באַרויבן, און ניט פאַרגעסן אַז דו האָסט אַ משפּחה צו שפּייזן, הערשל! אַז אַ שיכּור אָדער אַזוי אַ רוצח באַליידיקט דיך, שווייג. מ׳מוז שווייגן. היינט איז זייער וועלט. מיר זענען ביי זיי אין גלות.

„אונדזערע חז״ל זאָגן, אַז דער רבש״ע האָט געקוקט אין דער תּורה און באַשאַפן די וועלט. פאַסט זיכער פאַר אונדז אַריינצוקוקן אין דער תּורה און וויסן ווי אַזוי מיר דאַרפן זיך פירן אין אונדזער וועלטל, דאָ, אין גלות. אין איין אָרט זאָגן אונדזערע חכמים: ,לעולם יהא אדם רך כּקנה׳, וואָס לאָזט זיך בייגן פון אַלע ווינטן. און ווען דער שטורעם איז אַריבער, בלייבט ער אויף זיין פּלאַץ. און אין אַן אַנדער אָרט דערציילט ר׳ עקיבא ווי אַזוי ער האָט זיך געראַטעוועט אויפן ים מיט אַ ברעט פון דער צעבראָכענער שיף:

,איך האָב אַראָפּגעבויגן מיין קאָפּ פאַר יעדער כוואַליע, וואָס איז געקומען מיר אַנטקעגן׳. פון דער דערציילונג פון דעם גרויסן ר׳ עקיבא לערנען אונדזערע חכמים: ,אם יבואו רשעים על אדם ינענע להם ראשו׳. שטעל זיך פאָר אונדזער שטעטל דלוגאָשאַדלע. ווען דו קומסט אַריין אין שטעטל, וואָס זעסטו? די גרויסע ציגלנע טומאה מיט די צוויי טורעמדיקע צלמים. און אַרום — אידישע קראָמען, אידישע פּרנסות. אָבער די גויים? די גויים וואוינען אין די דערפער אַרום. נאָר אין אַ זונטיק קען מען זען די גרויסע מאַסע, וואָס לאָזט זיך אַרויס פון דער טומאה, אָדער אויף אַ יאַריד. מיר זענען דאָך כּמעט גאָרניט אין צאָל לגבי זיי. דאָס אידישע שטעטל איז דאָך אַרומגערינגלט מיט ריזיקע, ניט אידישע ישובים, ווי אַ קליין אינדזעלע אין אַ גרויסן ים. טאָ גיי האַנדל מיט זיי אַזוי ווי זיי האַנדלען, צאָל זיי מיט דער זעלבער מטבע, אַז ביי אונדז מיינט עס פּרנסה,

## שטערן אין דער נאַכט

שפּייזן אַ משפּחה, שכר־לימוד, און אין אַ סך פאַלן — פּיקוח נפש. זעסטו, הערשל? דאָס פּעקל דאַרף אונדז דער רבש״ע העלפן טראָגן..."

הערשל רייסט איבער דעם שמועס: „אפרים! מיר דוכט זיך, דיינע צוויי זין זע איך אָנקומען".

„הא, יאָ?" וואונדערט זיך אפרים, „דאָס זענען מיין שעפּסל און זרח. ווען איך גיי אויפן דאָרף, פאַרמאַכט מיין גישע דאָס געוועלב. זי גייט אַוועק אין שטיבל און נעמט זיי אַוועק פון דער גמרא צו העלפן דעם טאַטן. איך הייס דאָס ניט טאָן, אָבער דו קענסט דאָך מיין גישען. זי קען ניט רוען ביז זי זעט מיך צוריק פון דאָרף.

„דער האַנדל אויפן דאָרף ראַטעוועט מיך. דער גאַנצער פאַרדינסט אין געוועלב איז נאָר פון די ‚פּאַשלאַטקעס', וואָס מיין ווייב האָט אויסגעקלערט. דאָס זיינען די פּלעצלעך פון פּאַשלאַט־מעל, באַשיט אויבן מיט מאָנטשקע אָדער מיט ציבעלעס. קיין שונא זאָל ניט וויסן דעם טעם. דאָס איז די פּרנסה אין געוועלב, און פרייטיק באַקן מיר חלות פון דעם. ביי אונדז איז אַ שטוב, וואו צען מענטשן, זאָלן געזונט זיין, זעצן זיך צום טיש צום עסן. הערשל, דו פאַר־שטייסט? מ'דאַרף, מ'דאַרף...

שעפּסל און זרח באַפרייען דעם טאַטן פון די פּעקלעך און זעקלעך. ער קען אַצינד לויפן גיך צום מעריב־מנין און נאָך אַריינכאַפּן אַ פּרק משניות. און נאָכן אונט־מאָלצייט באַקט ער די „פּאַשלאַטקעס" פאַרן געוועלב, וואו זיין ווייב גישע איז די פאַרקויפערן.

אונטער דער שווערער משא, אין דרייען געבויגן, גייט ער אין דאָרף און קומט פון דאָרף, און שטענדיק אָן טענות. זאָל נאָר ג־ט געבן געזונט. מיט איין מאָל באַמערקט גישע אַז זיין פּנים איז שטאַרק פאַרכמורעט. ער רעדט ניט צו קיינעם. די קינדער פרעגן פאַר וואָס ער האָט גאָרניט פאַרקויפט. ער האָט צוריקגעבראַכט אַ פול זעקל. אפרים, שטאַרק פאַרביטערט, זאָגט שטיל, כמעט אָן לשון: „מיין ברודער לייזער קומט אין דאָרף און גייט אַרום ביי מיינע קונים". גישע איז באַלד אַריין צו לייזערן אין געוועלב און זי שרייט: „דו ווילסט צונעמען ביי דיין ברודער דאָס שטיקל ברויט?" „דו האָסט, ג־ט צו דאַנקען, פּרנסה פון געוועלב. צו וואָס דאַרפסטו אפרימס קונים?"

ס'גייט אַוועק אַ שטיקל צייט. לייזער הערט ניט קיינעם און גייט אויפן דאָרף. אפרים האָט ניט קיין פּרנסה. גישע שרייט צו אפרימען: „גיי, שריי אין

שטיבל! זאָלן אַלע וויסן! לאָז ניט לייענען די תורה! מיר וועלן באַלד ניט האָבן צו צאָלן דירה־געלט״.

אפרימס קינדער, שעפּסל, זרח און דער יינגסטער, צדוק, זענען געווען גרויסע זינגער־טאַלאַנטן. אַלע שבת האָבן זיי אַרויסגעוויזן זייערע קענטענישן. אָבער דעם שבת זינגט ניט קיינער פון זיי. מ׳הערט ניט זיי זאָלן העלפן דעם חזן. ס׳איז שטיל אין דער משפּחה. אפילו דער יינגסטער, צדוק, זיצט און שווייגט. מ׳דערקענט אין דעם טאַטן מיט די קינדער אַ מוראַדיקע פיינלעכקייט. ס׳איז שבת, נאָך שחרית. מ׳גייט אַרויסנעמען די ספר תורה. אפרים און ביידע עלטערע זין גייען צו צום ארון־קודש, און אפרים זאָגט מיט אַ יאָמער־געשריי: „רבותי, אידן! מיין ברודער לייזער איז אַ מסיג גבול. ער נעמט מיר צו מיין שטיקל ברויט! ער האָט מיך געמאַכט פאַר אַן אָרעמאַן. מיר זענען מעכב קריאת התורה ביז מיין ברודער לייזער וועט צוזאָגן ניט צו גיין צו מיינע קונים אויפן דאָרף״.

לייזער שטעלט זיך אויף, בלייך ווי די וואַנט, דערשראָקן. אים פאַרפעלט אָטעם. ער רעדט הייזעריק: „מיינע קונים, זיינע קונים! דאָס איז אַ ירושה פון טאַטן. אונדזער פאָטער איז נאָך געגאַנגען אויפן דאָרף״.

ישראל דוד, דער גבאי פון גערער שטיבל, רעדט, בעט זיך ביי אים: „רחמנות, אַ גרויסע משפּחה״. ער וויל ניט הערן. פּלוצלינג עפנט זיך די טיר און עס באַווייזט זיך גישע מיט אַ געשריי: „שייגעץ! אַזאַ אַרצע־מחוצף! ער נעמט צו ביי אונדז דעם ביסן פון מויל!״ ישראל דוד, אַלץ פאַרנומען רעדנדיק צו אים, גיט אַ צייכן מיט דער האַנט ס׳זאָל זיין שטיל. מיט פרייד שרייט ער אויס: „לייזער איז מסכים ניט מער צו גיין אויפן דאָרף צו אפרימס קונים״.

עס ווערט לעבעדיק אין שטיבל. די זאָרג, וואָס איז געווען אויסגעגאָסן אויף יעדן פּנים, פאַרשווינדט. מ׳לייענט, אפרים קריגט חמישי, לייזער שישי. אפרים דאַוונט מוסף. נאָכן דאַוונען, ביי דעם שבתדיקן טיש, האָבן זיך שעפּסל, זרח און צדוק אַזוי שטאַרק צעזונגען, אַז ס׳האָט פאַרהילכט דעם אַרום. שכנים זאַמלען זיך ביי די פענצטער צו הערן זייערע זמירות. גישע, שוין אַצינד אַ פריילעכע, בעט אַריין אַלעמען און איז זיי מכבד מיט זיסן טיי. זי האָט אויך אַליין שטאַרק הנאה פון זייער זינגען. זי זאָגט אַז דער יינגסטער, צדוקל, וועט אַלעמען איבער־שטייגן מיט זיין טאַלאַנט.

אפרים איז געווען אַ גאַנצע וואָך באַלאַדן מיטן פּעקל און זעקל. אָבער אין די שבתים און יום־טובים איז די פינצטערניש פאַרשוואונדן. ס׳האָט זיך ניט

# שטערן אין דער נאַכט

אויסגעמישט מיט דער ליכטיקייט פון שבת און יום־טוב, און אין גערער שטיבל האָט מען ניט דערקענט אַז דאָס איז דער דאָרפס־גייער.

אַזוי שפּאַנט ער אונטערן שווערן יאָך זיינעם, געדולדיק, אַלע מאָל דער זעלבער, אין גרויסע פרעסט און אין ברענענדיקע זומער־טעג. ער איז צופרידן אַז ער קען שלעפּן דעם שווערן וואָגן פון זיין לעבן.

מיט איין מאָל זאָגט מען אים: „דיין פוס זאָל מער ניט באַטרעטן דאָס דאָרף, אויב דו ווילסט זיין אַ לעבעדיקער!‟ דאָס האָבן אים געזאָגט דריי יונגע קריסטן, באַלד ווען ער איז אַריין אין דאָרף, און ניט געלאָזט אים גיין ווייטער. בכדי ער זאָל וויסן אַז זיי מיינען ניט קיין שפּאַס, האָבן זיי אים גוט אָנגעשאָקלט די ביינער און צעריסן, צעוואָרפן זיין זעקל סחורה.

אפרים טרעפט זיך מיט הערשלען ביי מינחה און מעריב אין בית־המדרש. ער דערציילט אים וואָס ער האָט היינט איבערגעלעבט. הערשל זאָגט: „איך גיי שוין לאַנג ניט אויפן דאָרף. דו ווייסט דאָך אַז אין פּוילישן סיים אַגיטירט מען ניט צו קויפן ביי אידן, און די פּוילישע מלוכה האָט אָנגענומען אַ געזעץ, לויטן פאַר־שלאָג פון דער מאַדאַם פּריסטאַוואַ, צו פאַרבאָטן די אידישע שחיטה! ס'איז אויס שוחט, און אויס קצב, און אויס אידישער האַנדל!‟ אפרים איז שטאַרק נידער־געשלאָגן און זאָגט: „אוי, מי יודע, וואָס זיי גרייטן נאָך פאַר אונדז...‟

זייער שמועס ווערט איבערגעריסן פון אַ הויך שרייענדיק קול פון אַ מגיד. ער שטייט איינגעהילט אין אַ טלית, ביים ארון קודש, און שרייט: „כלו כל הקיצין! פינצטערע, שוואַרצע וואָלקנס רוקן זיך אָן אויפן אידישן פאָלק!‟ ער דערציילט וועגן הרה״ק ר׳ אברהם פון טריסק, אַז ער האָט מיט אַ סך יאָרן צוריק געזאָגט רמזים, פּסוקים, אויף ביאת המשיח. פרעגט מען אים: „רבי! מ'קען ח״ו אָפּלייקענען דאָס? וואָס איז די כוונה?‟ האָט ער געענטפערט, אַז ס'איז דאָ אַ גמרא אין קידושין ל״ב ע״א: אויב דו זעסט, דיין פאָטער האָט עובר געווען אויף אַ דבר תורה, זאָלסטו ניט זאָגן: ‚טאַטע! דו האָסט עובר געווען אויף אַ דבר תורה׳, נאָר דו זאָלסט זאָגן: ‚טאַטע, ס'איז דאָ אַ פּסוק, אַזוי איז געשריבן אין דער תורה׳. אַזוי זאָגן מיר צום רבש״ע כביכול: טאַטע, פאָטער אין הימל, מיר געפינען אַ פּסוק אין דער תורה, אַ רמז אויף ביאת משיח צדקנו, און ס'איז שוין צייט, זאָל ער שוין קומען!



# גרשון ווענגראָווסקי



**דער דאָרפס-גייער**

# שטערן אין דער נאַכט

## מיין רבי פון עברי, ר׳ יאַנקל ישלח

מיין ערשטער רבי, וואָס האָט מיך געלערנט דעם סוד און עיקר פון אידיש־קייט, דעם אלף־בית, ר׳ יאַנקל ישלח, איז פונקט ווי אַלע אַנדערע מלמדים געווען אַ ביטערער אָרעמאַן, אַ טאַטע פון זעקס קינדער. דער שכר־לימוד פון זיין חדר איז קיינמאָל ניט געווען גענוג צו שפייזן די גרויסע משפחה. ער האָט געמוזט האָבן זייטיקע פרנסות. אַזוי איז ער געווען אַ מצבה־קריצער, אַ בלעכער, אַ טעפּל־פאַרלייטער, אַ פעלדשער. ער פלעגט שטעלן באַנקעס, געבן אַ פּראָשעק פאַר אַ הוסט און פאַרקילונג. דאָס זענען געווען זיינע זייטיקע פרנסות. דער עיקר איז ער געווען אַ דרדקי־מלמד, געבענטשט מיט אַ גרויסער קענטעניש אויסצולערנען אַ קינד עברי.

דער חדר איז געווען אַ לאַנגער און שמאָלער. אַ גרויסער טיש איז געשטאַנען ביי צוויי פענצטער, וואָס זענען אַרויסגעגאַנגען צו אַ גאָרטן פון גרינוואַרג און האָבן געגעבן ליכט פאַרן חדר.

די תלמידים האָט ער איינגעטיילט לויט דער מדרגה פון קענטענישן. דריי גרופּעס האָט ער געהאַט: מתחילים, פון קמץ־אַלף; די צווייטע גרופּע האָט שוין געקענט אַ ביסל עברי; און די דריטע גרופּע האָט געזאָגט אַ גוטע עברי.

ווען דער רבי זיצט מיט דער ערשטער גרופּע און לערנט דעם אלף־בית און שרייט הויך: „קמץ־אַלף, קמץ־בית״ (די נקודה מוז און ווערט אויסגעשריגן הויך און שאַרף), זיצן אויף דער אַנדערער זייט פון טיש די אַנדערע גרופּעס און דאַווענען שוין פאַר זיך. דער רבי, אַ מאַן, עפּעס העכער פון מיטל־וואוקס, אַ גרויסער טייטל איז אַריינגעשטעקט אין זיין גאַרטל, וואָס איז אַרומגענומען אויף זיינע לענדן, שפּאַנט פון צייט צו צייט הין און צוריק, כדי צו הערן די עברי פון די דאַווענער.

אָט הערט ער, אַ גרופּע לייענט קריאת־שמע. אים געפעלט ניט. „ניין, ניט גוט, נאָכאַמאָל״, הייסט ער איבערזאָגן. ער זעצט זיך אַוועק מיט דער גרופּע און זאָגט „שמע־ישראל!״ „הויך, אויפן קול, דאַרף מען זאָגן שמע־ישראל״, גיט ער צו פאַרשטיין. און ער שפּאַנט ווייטער. „וואָס זאָגט איר?״ גייט ער אַריבער צו דער צווייטער גרופּע, „האָ! שיר השירים״. ער ווייזט מיטן טייטל: „לאָמיר הערן! זאָג, שמחה, האָ! אַ גרייז, זאָג נאָך אַ מאָל!״ דעם הייסט ער דאַווענען מנחה, אַ צווייטן ווייזט ער מיטן טייטל „אשרי״. אַלע שאַקלען זיך איבער די אָפענע

סידורים. די יונגע קולות הערט מען ווייט אויסערן חדר — אַזוי אַ גאַנצן טאָג, ביז דער רבי גייט דאַווענען מנחה מעריב.

אַ גרויסע הילף איז געווען זיין ווייב ביילע. וועגן יעדן שאַרך פון אַ קינד, אָדער געשריי, האָט ביילע באַלד דערציילט דעם רבין. זי האָט געהאַלטן אַן אויג אויף יעדן איינעם.

„יאַנקלי!״ — „וואָס איז, ביילע?״ — „דוד ברענגט זיין יינגערן זון. איך וואָלט דיך געזאָגט דו זאָלסט אים ניט צונעמען. ער איז אַ גרויסער לאָבעס. ער וועט מאַכן אַ תל פון חדר. זיין ברודער איז אויך געווען אַ לאָבעס״.

„ביילע, יעדער אידיש קינד מוז מען צונעמען צו לערנען עברי״, גיט איר ר׳ יאַנקל צו פאַרשטיין. — „איך זאָג דיר נאָך אַ מאָל, ער איז אַ געפערלעכער מזיק!״ לאָזט ניט ביילע אָפּ. — „איך וועל זען, רעדן מיטן טאַטן״, באַרואיקט איר דער רבי.

ר׳ יאַנקל, אויף זיין שטייגער, שטיל, אָן טומל, טענהט זיך אויס מיט דודן: „איר פאַרשטייט, ר׳ דוד, איך בין אַ דרדקי־מלמד. דורך צוויי זמנים לערן איך אויס אַ גוטע עברי. דאָס אַלץ איז געזאָגט געוואָרן, אַז דער יינגל איז ניט קיין לאָבעס, ער האָט ניט קיין טעמפּן קאָפּ. אָבער אַז ער האָט די צוויי מעלות, זיינען דאָ אַ סך אַנדערע מלמדים אין דלוגאָשאָדלע, ניט בלויז יאַנקל ישלח״. — „איך קען ניט קיין אַנדערן, נאָר ר׳ יאַנקלען״, ענטפערט דוד מיט אַ שמייכל. — „האָ! ס׳זענען דאָ אַ סך אַנדערע מלמדים״, טענהט ר׳ יאַנקל. „היינט, ווען ס׳גייט שלעכט אין מיסחר, ווערט ער אַ מלמד. ס׳איז שוין דאָ אַ בעל־עגלה, וועמענס ברויט־געבער, דאָס פערד, איז געפאַלן, איז ער געוואָרן אַ מלמד. איר פאַר־שטייט, ר׳ דוד? עברי קאָן ער, דאָס איז גענוג פאַר אים. און וועלכער איד קען ניט קיין עברי? איך מיין אַז ס׳איז ניטאָ אַזאַ איד אין דלוגאָשאָדלע״.

זאָגט דוד: „נו, יאָ, דאָס איז עס. זיי מיינען אַז קענען זיין אַ דרדקי־מלמד איז גאָרניט! זיי ווייסן ניט אַז אַ דרדקי־מלמד איז שווערער צו זיין ווי אַ גמרא־מיט־תוספות־מלמד. עברי קען אַ יידענע אויך. אַלע קענען. כולם חכמים. די באָבע פאַרהערט אים באַלד די ערשטע וואָך פון זמן. די מאַמע פאַרהערט אים. אַז ער קען ניט ח״ו, לויפט מען גלייך צום רבין מיט אַ געוואַלד. מ׳האָט טענות צום רבין פאַר וואָס ער קען ניט. אָבער די גמרא און תוספות קען ניט די מאַמע פאַרהערן, אפילו אין פינף זמנים אַרום, צי דער תכשיט קען אָדער ניט. ר׳ יאַנקל, נעמט צו מיין קינד! איך וועל קיין טענות ניט האָבן צו אייך. איך פאַרלאָז זיך אויף אייך״.

„ווי הייסט ער?״ — „שמחה״. — „שמחה, קום צום טיש!״ זאָגט באַלד ר׳

# שטערן אין דער נאַכט

יאַנקל. „איך האָב פאַר אים אַ גרופּע, וואָס הייבט היינט אָן. ס׳איז דער ערשטער טאָג״. — „אָבער, ר׳ יאַנקל, איך בעט אייך, ניט שלאָגן. ער איז אַ ביסל אַנדערש פון גרעסערן. ער איז זייער אַ שטילער״. — „האָ! דאָס האָב איך באַלד געזען. איר קענט זיך פאַרלאָזן אויף מיר. איך האָב אַ געניט אויג. איך דערקען מיין סחורה. איך בין אַ מלמד בן מלמד. מיר מוזן שטאַמען פון מלמדים־יחוס, פון שבט שמעון״. — „שמחהלע, הער דעם רבין!״ — „ר׳ דוד, לויפט ניט, הערט! טאַקע שלמה המלך האָט געזאָגט: ,חוסך שבטו שונא בנו׳. איך שלאָג ניט. פאַר מיר האָט מען מורא״.

ר׳ יאַנקל האָט טאַקע ניט געשלאָגן, ער האָט אַ סך געערעדט מיט די קינדער. אָט זיצט ער מיט אַ גרופּע און הייסט זאָגן פּסוק ביי פּסוק. איינער זאָגט אַ גרייז. דער רבי הייסט איבערזאָגן, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז דער גרייז ווערט אויסגעגלייכט. אַ קינד באַפאַלט אַ מורא ווען דער רבי שרייט אויף אים. וויינט ער. ביילע שרייט: „יאַנקל!״ — ר׳ יאַנקל באַרואיקט איר: „האָב ניט מורא, ביילע. איך וועל אים ניט שלאָגן. אָבער זאָל ער מורא האָבן״.

ר׳ יאַנקל פלעגט זיך טיילן מיט די קינדער מיט אַן עפּעלע. ער האָט דאָס עפּעלע צעטיילט צווישן די קינדער, יעדן איינעם אַ שטיקל, און זיי געלערנט מאַכן אַ ברכה. ביילע האָט טענות פאַר וואָס ער טוט דאָס.

„ביילע! אויב דו ווילסט אַז איך זאָל ניט געבן די קינדער, טאָ ברענג מיר ניט אין חדר קיין עפּעלע. ווען אַ קינד זעט, מוז מען געבן״. — „אוי, יאַנקל, יאַנקל!״ זאָגט ביילע מיט ביטול. ס׳איז ניט קיין וואונדער וואָס מיר האָבן גאָרניט״. — „וואָס הייסט גאָרניט, ביילע? מיר זענען רייך. אונדז דאַרף גאָרניט פעלן. דאָס שטיקל ברויט איז דאָ, איז אָן אַ עפּעלע. דאַרפן מיר זיין גליקלעך. לאָמיך דיר זאָגן אַ גוט וואָרט פון אַ חכם. ער פרעגט: ,וואָס איז דער אונטערשייד צווישן גליק און חכמה?׳ ער ענטפערט: ,דער וואָס האַלט זיך פאַר גליקלעך איז באמת גליקלעך. אָבער דער וואָס האַלט זיך פאַר אַ חכם איז דער גרעסטער נאַר צווישן די נאַראָנים׳. דער עיקר איז, אַז דער מענטש איז צופרידן. איך בין צופרידן, ביילע. וואָס איז אַז מ׳צעטיילט אַן עפּעלע צווישן די קינדער? יעדער קינד עסט אַ שטיקל עפּל און האָט הנאה. און פאַר מיר מיינט דאָס אַ סך״.

„אָבער דו עסט דאָך שפּעטער דאָס טרוקן שטיקל ברויט. אַ שטיקל ברויט מיט אַן עפּעלע האָט דאָך טעם גן־עדן״, זאָגט ביילע. — „איך בין גליקלעך און צופרידן צו עסן אַ שטיקל טרוקן ברויט, און די קינדער זאָלן עסן דאָס עפּעלע און איך זאָל זיי לערנען מאַכן אַ ברכה״.

## גרשון ווענגראָווסקי

ביילע פלעגט זאָגן: „יאַנקל! פאַרגעס ניט, מיר האָבן פיר טעכטער צו פירן צו דער חופה. מ׳דאַרף אַ הילף! טו עפּעס!״ האָט זיך ר׳ יאַנקל איינגעשפּאַנט אין זייטיקע פּרנסות. ער איז געווען אַ דרדקי־מלמד ביז מנחה־מעריב. פון מנחה מעריב אָן און בין־הזמנים האָט מען אים געזען האַלטן אַ דלאַט, קריצן מצבות, האַלטן אַ לייט־אייזן, פאַרלייטן אַ טעפּל.

„ר׳ יאַנקל, איך בעט אייך, טוט נאָר אַ קוק אויפן טעפּל. איר זעט? פון דעם טעפּל וועט נאָך זיין אַ לייט? מ׳וועט נאָך קענען אָפּקאָכן אַ לעפל געקעכץ?״ ר׳ יאַנקל באַקוקט, באַטאַפּט, באַטראַכט פון אַלע זייטן, ווי אַ דאָקטער אַ קראַנקן, און כאַפּט אַ בליק צו דער וואַנט, צו זיינע פלעשלעך מיט זאַלץ־זויער און לייט־וואַסער, וואָס האָבן געהאַנגען ביי די העלדזער, צוזאַמען מיטן לייט־אייזן און אַנדערע מכשירים. און ער זאָגט: „נעכעשי, יאָ! איך וועל דאָס פאַרלייטן. ס׳מוז שטאַרק רינען, האָ? אָבער איך וועל מאַכן פון דעם אַ לייט. איר וועט נאָך אַ סך גוטע פּאַטראָוועס קאָכן. ס׳וועט קאָסטן 25 גראָשן״. — „ר׳ יאַנקל, ס׳איז ניט אַ ביסל צופיל? אפשר 20 גראָשן?״ — „זאָל זיין 20 גראָשן״, ענטפערט ר׳ יאַנקל. „דאָס איז נאָר פאַר אייך, נעכעשי״.

„ר׳ יאַנקל, איר מוזט דאָס הערן! בעט זיך נעכע. „איך זע אַז איר זענט אַצינד שטאַרק פאַרנומען. אָבער איר ווייסט דאָך וואָס מען זאָגט. אַז מ׳רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן, פילט מען זיך בעסער״. — „יאָ, איך הער!״ אַ ביסל שוין אין כעס וואָס די אַלטע נעכע נעמט אים אַוועק די צייט פון זיין אַרבעט צו ענדיקן אַ מצבה פאַר אַ כהן. און נעכע דערציילט:

„נעכטן, גאַנץ פרי, איך קוק זיך אַרום און זע, אַז איך בין געבליבן אָן אַ שטיקל האָלץ. אוי, געוואַלד, וואָס טוט מען? נו, איר ווייסט דאָך, ג־ט שטראָפט ניט מיטביידע הענט. דלוגאָשאַדלע איז דאָך געבענטשט מיט אַ וואַלד. איר פאַר־שטייט? בין איך אַוועק אין וואַלד, אָנגעקליבן האָלץ, שפּענער, זיך שטאַרק געהיט דער לעשניק זאָל ניט זען. און מיט אַ שווער בינטל, טויט פאַרמאַטערט, קוים זיך דערשלעפּט צוריק אַהיים. איר פאַרשטייט? אַזאַ ווייג און אין מיינע יאָרן. איך לייג אונטער האָלץ און מאַך פייער, שייל אָפּ אַ פּאָר קאַרטאָפל, וואַרף אַריין עטלעכע גרויפּן מיט די קאַרטאָפל אין טעפּל אַריין. דאָס פייער ברענט. ס׳איז אַ פאַרגעניגן צו קוקן. דאָס האָלץ איז געווען טרוקן ווי ביין. איך שטעל אַרויף דאָס טעפּל. איך טראַכט, אָט אָט וועט עס זיין פאַרטיק. אָט קאָכט עס. איך וועל זיך מחיה זיין מיטן ביסל וואַרעמס. און פּלוצלינג דערזע איך, עס ווערט ווינציקער און ווינציקער. ס׳איז ניט גוט! איך כאַפּ אַראָפּ דאָס טעפּל. נו, קענט

# שטערן אין דער נאַכט

איר פאַרשטייט מיינע צרות? שוין דער צווייטער טאָג ווי איך האָב ניט געהאַט אַ לעפל געקעכץ אין מויל. איר זעט, ר׳ יאַנקל, וואָס מיינט יסורים? אַזוי פאַרגינט מען זיך ניט מיט עפּעס וואָס די נשמה צו דערהאַלטן, אָבער פאַרן טייוול איז שטענדיק דאָ. איך בעט אייך, ר׳ יאַנקל, פאַרריכט באַלד!״

„דאָס ניט, ניט היינט, נעכע. איך האָב אַ גאַנצן טאָג געהאָרעוועט שווער. גלייבט מיר, ס׳איז אַ שווער שטיקל ברויט צו זיין אַ דרדקי־מלמד. איך האַלט ביים ענדיקן די מצבה. די מצבה איז פאַר אַ כהן. איר זעט די צוויי הענט צום דוכנען? די מצבה דאַרף זיין אויף מאָרגן. מ׳דאַרף אַ פּאָר זלאָטעס. און איך דאַרף אַ ביסל אָפּרוען מיינע ביינער. פאָלגט מיך, באָרגט אַ טעפּל ביי אַ שכנה. מאָרגן, גאַנץ פרי, איידער די קינדער קומען, וועל איך דאָס טעפּל פאַרריכטן״. — „ר׳ יאַנקל, מאָרגן?״ — „יאָ, מאָרגן״.

צו מאָרגנס גאַנץ פרי נעכע איז דאָ. — „ר׳ יאַנקל, דאָס טעפּל איז פאַר־ראַכטן?״ — „איר זעט? איך האָב אַרויפגעלייגט אַ לאַטע מיט אַ מעשענער קאָפּעקע. דאָס וועט האַלטן אייזן שטאַרק״. — „ר׳ יאַנקל, איך גיב אייך 10 גראָשן, און פאַר 10 גראָשן גיב איך אייך קאַרשן פון מיין בוים, נייע קאַרשן. איר וועט קענען מאַכן אַ שהחיינו״. — „נייע קאַרשן?״ פרעגט ר׳ יאַנקל, ניט גלייבנ־דיק זיינע אויגן. „גוט, נעמט דאָס טעפּל און גייט געזונט און קאָכט גוטע פּאָטראַווועס״.

ר׳ יאַנקל האָט שוין אַ פּלאַן צו געבן יעדן קינד אַ קאַרש און זיי לערנען צו מאַכן אַ ברכה און אַ „שהחיינו״. אָבער מ׳דאַרף זיך היטן פאַר ביילען. שנעל גיט ער יעדן קינד אַ קאַרש. אַלע זאָגן נאָך „בורא פרי העץ״, און שפּעטער „שהחיינו״. ר׳ יאַנקל איז צופרידן.ביילע האָט ניט געזען, ווי ער האָט צעטיילט די קאַרשן.

ר׳ יאַנקל, שוין פאַרגעסן וועגן די קאַרשן, גייט הין און צוריק מיטן טייטל, גיט אַכטונג מ׳זאָל ניט זאָגן קיין גרייזן. פּלוצלינג — אַ שלאַקס־רעגן קומט אַראָפּ, באַגלייט מיט דונערן און בליצן. מ׳מיינט אַז די וועלט גייט אונטער. ס׳רעגנט אַריין דורך די פענצטער. די קינדער דערשרעקן זיך פאַר די דונערן און בליצן. ר׳ יאַנקל באַרואיקט זיי: „ס׳איז גאָרניט. ס׳וועט באַלד אַריבערגיין״. דער גאַנצער חדר קינדער זיצן ווייט פון די פענצטער. מ׳זעט אַ בליץ. לערנט דער רבי צו זאָגן „עושה מעשה בראשית״. מ׳הערט אַ דונער, לערנט ער: „שכוחו וגבורתו מלא עולם״. קינדער פאַרמסרן צום רבין אַז שמחה דוד שטייט הינטער

דער טיר, אין גאַס־רעגן. דער רבי טרעפט אים מיטן סידור אין האַנט, אַ באַגאַ־סענעם מיט טרערן. אַלץ איז אויף אים נאַס, אויסצודרייען.

„שמחה! קום אַריין!" זאָגט דער רבי מיט געבעט. „שמחה קום אַריין! מ׳לערנט זאָגן אַ ברכה איבער אַ בליץ און דונער. — פאַר וואָס שטייסטו אין דרויסן?". — שמחה שטאַמלט אַרויס צום רבין: „דער רבי האָט מיך ניט געלערנט מאַכן אַ ברכה איבער די קאַרשן, וויל איך ניט לערנען די ברכה איבער אַ דונער".

ר׳ יאַנקל זעט זיין טעות, זיך געאיילט, מורא געהאַט פאַר ביילען, שלעכט פאַרטיילט. „יאָ, דו ביסט גערעכט מיין קינד, פאַרזען. ניט מער, קום אַריין אין חדר, קום! דאָס צווייטע מאָל וועל איך שוין טיילן אַלעמען גלייך".



**איטה ריווע, די גרויסע מלומדת**

זי האָט אָנגעפירט במשך פון אַ סך יאָרן אַ חדר פאַר מיידלעך. און דאָ זענען די תלמידות.



**א גרופע קינדער וואס זיינען געגאנגען אין חדר צו דער מלומדת׳טע איטה ריווע**

פון רעכטס צו לינקס: אין דער ערשטער שורה, מרים מאטל ווענגראָווסקי, היינט פריזאַנט; צירל קאַץ; רבקה ראזענבערג, היינט וויינשטיין; רבקה ארזשיצער, אין ישראל; נעשע קאץ, אין ארגענטינע. די צווייטע שורה – שטייענדיק, כאַמע וויערניק, הי״ד; גיטל סענדלער, הי״ד; פריידע באַרק, היינט אין אַרגענטינע, און חיה ראזענטאל, היינט ארליק, אין ישראל.

## גרשון ווענגראָווסקי

# אין חכם כבעל הניסיון!

„וואו איז דאָס געהערט געוואָרן, אַ מענטש זאָל זיך אַוועקזעצן אַ גאַנצן טאָג איבער אַ גמרא און גאָרניט ווערן וויסן פון פרנסה, בעריש?" שרייט ביילע. „די וואָך פאַלט אויס דער חודש־יאריד. מ׳דאַרף אַ פּאָר זעקלעך מעל, אַ זעקל צוקער, און דאָס פעסל הערינג גייט שוין אויס. דאָס געוועלב שטייט אָן סחורה. קען מען זיין אַ סוחר אָן סחורה? — פרעג איך דיך. גיי אַרויס אין גאַס, שאַף עפּעס, באָרג אַ גמילת־חסד! מיין פּנים ווערט פאַרפלאַמט פון בושה, ווען אַ קונה פרעגט אויף אַ פונט צוקער, און איך דאַרף אים זאָגן: ,מאָרגן וועט זיין צוקער׳. ס׳איז קיינמאָל אַזוי ניט געווען ביי אונדז אין געוועלב. שטענדיק זיינען די פּאָליצעס פון געוועלב געווען פול מיט סחורה. פאַר וואָס האָסטו אַזוי אַראָפּ־גענומען דעם עול פרנסה?"

„ביילע, וואָס טויג מיר דאָס יאָגן, לויפן פון דער פרי ביז שפּעט אויף דער נאַכט פאַר נאָך אַ זלאָטע און נאָך אַ זלאָטע? פאַר וועמען? טו אַ קוק וואָס איז געוואָרן פון אונדזער זון לייביש מיט דעם עילויאישן קאָפּ און גרויס התמדה. מיר האָבן שטענדיק געהאָפט אַז פון אים וועט אַרויסוואַקסן אַ גרויסער תלמיד חכם. ער האָט אָבער אַראָפּגעוואָרפן פון זיך דעם אידישן לבוש. ער זעט אויס מיטן גרויסן קאַשקעט און לאַנגן דאשעק ווי וואַצעק, פראַנעק, אַ ריכטיקער עשוקע. און די חברים זיינע, מיט וועמען ער גייט אַרום גאַנצע נעכט און טעג! זיי וויסן גאָרניט וועגן אידישקייט און לערנען. נו, צי האָסטו זיך געריכט אויף אַזאַ תכלית פון אונדזערן טייערן לייביש?

„מיט אַ צייט צוריק האָב איך באַמערקט, אַז לייביש האָט אָפּגעשוירן די פּאות. בין איך געקומען און דיר געזאָגט. נו, וואָס האָסטו מיר דעמאָלט גע־זאָגט? — בעריש, ס׳איז גאָרניט. מאַך ניט קיין טומל. אַ סך ישיבה־בחורים טראָגן ניט קיין פּאות. — אָבער איך האָב פאַרשטאַנען אַז דאָס איז שוין דווקא עפּעס, ניט גאָרניט".

ביילע רייסט אים איבער: „בעריש, איך זע ניט קיין שלעכטס אין ניט טראָגן פּאות. אָט דאָ זע איך ישיבה־בחורים, וואָס טראָגן ניט קיין פּאות און הלוואי אויף אַלע אידישע קינדער געזאָגט געוואָרן זייער אידישקייט!"

„יאָ, ביילע, די ישיבה־בחורים טראָגן ניט קיין פּאות מבטן ומלידה. ביי אונדזער לייביש, וואָס טראָגט פּאות מבטן ומלידה, איז דאָס אָפּשערן די פּאות

# שטערן אין דער נאַכט

געוועזן אַ גרויסע ירידה. עפּעס קומט פאַר אין זיין מוח. ער איז ניט מסכים מיטן דרך, ער גייט אַראָפּ. און דו ווייסט דאָך — ,מעלין בקודש ולא מורידין׳״.

„בעריש, שווייג שטיל, לייביש קומט! מאַך ניט קיין מחלוקת אַצינד!״

„אוי״, זיפצט בעריש, „די מאַמעס, די מאַמעס. זיי פירן איבער די קינדער״.

לייביש קומט אַריין מיט אַ בוך אונטערן אָרעם. ער זעט דעם טאַטן ביי דער גמרא, אָן דעם געוויינלעכן קול התורה, שטיל. די מאַמע רעדט אויך גאָרניט. מ׳קוקט ניט אין זיין זייט. ער פאַרשטייט, דאָס איז די שטילקייט פאַר אַ שטורעם. ווערט ער חוצפּהדיק און פרעגט: „פאַר וואָס איז דאָ אַזוי שטיל?״

ביילע קוקט זיך דורך מיט בערישן. זי פאַרשטייט אַז בעריש הייסט איר אָנ־הייבן צו רעדן. ביילע קומט אַרויס מיט אַ שטילן רחמנותדיקן טאָן: „לייביש, דיינע נייע חברים פּאַסן ניט פאַר דיר, אַ בחור אַ בן־תורה. און דער לבוש מאַכט דיך אַזוי מגושמדיק אַז עס פאַלט מיך אָן אַ שרעק דיך אָנצוקוקן. אָפּטמאָל גלייב איך ניט מיינע אויגן אַז דאָס איז מיין קינד״.

בעריש ברעכט די שטילקייט: „לייביש! שוין אויס מיט אַלעמען. אויס מיטן שטיבל, אויס מיטן לערנען. מ׳זעט דיך ניט מער עפענען אַ ספר. אויסגעטוישט די חברים, אַראָפּגעוואָרפן דעם עול פון אידישקייט צוזאַמען מיטן לבוש. דו זעסט איצטער אויס ווי סטאַשעק, ניט ווי לייביש. דו לויפסט אַוועק פון טאַטע־מאַמע. דו לויפסט אַוועק פון זיך אַליין, פון לייביש דעם עילוי, דעם מתמיד. דו ווילסט אויסזען ווי אנטעק, וואַצעק, אָן עשו. אַזוי צאָלסטו אָפּ טאַטע־מאַמע פאַר לויפן זוכן פּרנסה פון דעם פריען באַגינען ביז שפּעט אויף דער נאַכט״.

„טאַטעו!״ קומט לייביש אַרויס מיט לשון. „היינט איז אַן אַנדער וועלט. ס׳איז ניט דיין וועלט פון אַמאָל. היינט איז אַ וועלט פון ראַדיאָ און טעלעפאָן. היינט איז דאָ אַן אַפּטייק. מ׳ניצט ניט מער אַלטע באַבסקע רפואות. היינט מוזן אַלע טראָגן איין לבוש. עס טאָר ניט זיין אַז מ׳זאָל קענען אָנווייזן: ,אהו! דאָ גייט אַ איד׳. מ׳מוז זיין אויסערלעך און אינערלעך גלייך. איין אידעאַל זאָל אַלע מענטשן פאַרבינדן, בכדי אידן זאָלן ניט מורא האָבן פאַר פּאָגראָמען, און אָרעמקייט זאָל פאַר־שווינדן. ניטאָ קיין וואַצעק, פראַנעק, עשוקע. אַלע מיט איין לבוש און מיט איין אידעאַל פון פרייהייט און גלייכהייט. האָט זיך ניט יעקב פאַרשטעלט ווי עשו, בכדי צו קריגן די ברכות פון טאַטן יצחק ,מטל השמים ומשמני הארץ׳?״

„אפשר מיט אַזאַ קאַשקעט און מיט אַזאַ קורטקע?״ פרעגט בעריש.

„אפשר, קען זיין״, ענטפערט לייביש. „ער האָט דאָך געדאַרפט אויסזען ווי עשו״.

„אָבער יעקב האָט זיך בלויז פאַרשטעלט?‟ לאָזט ניט אָפּ בעריש. „און דו זאָגסט דאָך: — אינערלעך, אַזוי ווי אויסערלעך, מיט איין אידעאַל. — ביי דיר איז שוין גאָרניט פאַרשטעלט!‟

„יאָ, ניט פאַרשטעלט. דאָס איז מיין וועג און מיין ציל. פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט מיט אַלעמען!‟ זאָגט לייביש מיט אַ הויכן טאָן.

בעריש פאַרמאַכט די גמרא בבא מציעא. שטיל קומען אַרויס זיינע ווערטער: „מיין קינד, דו ביסט פאַרפירט. דו בלאָנדזשעסט. עשו וועט קיין מאָל ניט זיין אַ פריינד פון יעקבן. עשו וועט זיין עשו, און יעקב וועט זיין יעקב. עשוס האַנט איז ניט גוט ווען ער הייבט זי אויף אין שינאה. און גאָר שלעכט איז ווען עשו הייבט אויף די האַנט פאַר פריינדשאַפט, ווייל אין דעם פאַל ווערן פאַרפירט אַזעלכע יונגע מענטשן ווי דו, מיין קינד. פאָלג מיך, דיין טאַטן, וואַרף אַוועק די פאַלשע געדאַנקען! זיי פירן ביז צום שאול תחתיה...‟

מיט שטאָלץ רעדט לייביש צום טאַטן: „דאָס איז ניט דער עשו פון חומש. דאָ קומט פאַר אַ קאַמף פון קלאַסן, רייך און אָרעם. מ׳דאַרף אויסראָטן די קלאַסן. די ערשטע וועלן אידן געהאָלפן ווערן. מ׳דאַרף אַלץ צעטיילן צווישן אַלעמען גלייך. ס׳זענען ניטאָ קיין גויים און אידן. ס׳זענען דאָ קלאַסן, און די קלאַסן דאַרף מען פאַרניכטן‟.

לייביש כאַפּט אַ בליק אויף דער גמרא בבא מציעא און ער צעזינגט זיך מיטן גמרא־ניגון: „שנים אוחזין בטלית, זה אומר כולה שלי וזה אומר כולה שלי, יחלוקו, פסקנען די חכמים: מ׳דאַרף צעטיילן, אַלעמען גלייך. ניטאָ קיין אָרעם און רייך, אַלעמען גלייך!‟

לייביש לאָזט איבער דעם טאַטן מיט אַן אָפן מויל. ער וויל אים עפּעס זאָגן, נאָר לייביש איז שוין ניטאָ אין שטוב. בעריש און ביילע בלייבן מיט זיך אַליין. זיי מאַכן אַ חשבון־הנפש, ווער איז שולדיק אין דעם אומגליק.

בעריש גייט הין און צוריק איבער דער שטוב. ער רעדט הויך אויפן קול: „ביי מיר אין שטוב האַלט נאָך אַלץ דער תוהו ובוהו ווי פאַרן מבול, אור וחושך משתמשים בערבוביה, ליכט און פינצטערניש אין איין גרויסן מישמאַש. איך האַלט אַ גמרא, און מיין זון האַלט אַ דבר פּסול און ער חזרט איבער אַ סך מאָל. אַזוי זעט אויס מיין שטוב, אַ תוהו ובוהו, פאַרן מבול, ביילע! דאָס אומגליק האָט זיך אָנגעהויבן ווען ער האָט זיך אָפּגעשוירן די פּאות, און דו האָסט געזאָגט: ס׳איז גאָרניט!‟

ביילע קומט אַרויס מיט ווערטער: „דו ביסט שולדיק וואָס לייביש איז אַוועק

# שטערן אין דער נאַכט

פון אידישקייט. דו האָסט קיין מאָל ניט גערעדט צו אים ווי אַ טאַטע צו אַ זון. שטענדיק פאַרטאָן אין ספרים, שטענדיק טוסטו שוועבן אין די עולמות העליונים, פאַרחלומט וועגן דעם וואָס טוט זיך אין די הימלען. דו האָסט קיין מאָל ניט געטראַכט וועגן דעם וואָס טוט זיך ביי דיר אין שטוב, וואָס דיין זון לערנט, וואָס דיין זון לייענט. דו האָסט זיך אויפגעכאַפּט ווען דו האָסט געזען אַז ער האָט זיך אָפּגעשוירן די פאות. דעמאָלט איז שוין אפשר געווען צו שפּעט. דאָס איז געווען זיין באַרג אַראָפּ״.

לייביש איז שוין ווייט פון אַ שטיבל, פון אַ גמרא, ווייט פון טאַטע־מאַמע. ער גייט אַרום און אַגיטירט אַז אין איין זייט וועלט גייט אויף די זון, און די צווייטע זייט איז פול מיט שקלאַפן. און מיר, אידן, טאָרן ניט זיין די אָפּגעשטאַנענע אין דעם קאַמף. מיר דאַרפן שטיין אין די פאָדערשטע רייען.

בעריש, דער שטענדיקער בעל־מחשבות, און גלייכצייטיק אַ פריילעכער, האָט זינט דעמאָלט אויסגעזען ווי אַ שאָטן, אויפגעהערט צו ווייזן אַ שמייכל. ביילע, וואָס האָט זיך שטענדיק באַרימט מיט איר לייבישל, דעם עילוי, האָט מער ניט גערעדט מיט די שכנים וועגן איר לייבישל. געווען שטענדיק שטיל און פאַר זיך.

לייביש איז דורכגעגאַנגען דעם פינצטערן מבול אין סטאַלינס תבה, אַ מאָל אויף די אויבערשטע שטאָקן און אַ מאָל גאָר נידעריק, מיט אַלע בעלי־חיים. ער איז געקומען געלייטערט. ער זאָגט צו אַ חבר אין ארץ־ישראל: „אין חכם כבעל הניסיון, ניטאָ אַ חכם אָן פּראַקטיק״. ער וויל דווקא וואוינען אין ירושלים, און ער וואוינט טאַקע אין ירושלים עיר־הקודש און טראָגט צוריק דעם חסידישן לבוש, מיט אַ באָרד און פאות.

יאָרן לויפן. זיינע קינדער מאַכט ער חתונה מיט גאָר חסידישע מענטשן. מיט יאָרן שפּעטער, ווען זיין שטעטלדיקער חבר מרדכי קומט אויף אַ וויזיט קיין ישראל, באַקאַנט ער אים מיט זיינע אייניקלעך. „זעסט!״ זאָגט לייביש. „דאָס איז ביינע, דו געדענקסט דאָך מיין שוועסטער, די בית־יעקב־לערערן. און דאָ איז מיין אייניקל בעריש. ער קען שוין משניות נזיקין אויף אויסנווייניק. ער וואַקסט אַן עילוי. אַזוי איז עס, מרדכי״, שרייט אויס לייביש מיט שטאָלץ, „תורה מחזרת על אכסניה שלה!״

אין אַן ערשטן מאַי נעמט לייביש זיין חבר מרדכי אויף אַ שפּאַציר. זיי דער־זעען אַ דעמאָנסטראַציע מיט אַ רויטער פאָן. „אַ רויטע פאָן!״ ווערט לייביש ממש ווילד, „אַ רויטע פאָן אין אונדזער הייליק לאַנד? אַ רויטע פאָן וואָס סימבאָ־

ליזירט בלוט. פון בלוט איז זי רויט. דאָס איז פאַר פוילן, רוסלאַנד, דער טעם פון הונגער און נויט. דאָס זיינען די זאַכן וואָס די רויטע פאָן ברענגט מיט זיך. איז דאָס רעכט צו פאַרהייליקן די רויטע פאָן? מיר דאַרפן פאַרהייליקן אונדזער תורה. אין וואַסער, פייער און בלוט איז די תורה געהייליקט". מיט געביילטע פויסטן שרייט לייביש אויס: „מיר דאַרפן דאָ ניט האָבן די רויטע פאָן!"

מרדכי זאָגט אים געלאַסן: „לייביש, דו ווייסט פאַר וואָס זיי טראָגן די רויטע פאָן? ווייל אין חכם כבעל הניסיון. פּראַקטיק, זיי פעלט פּראַקטיק!"



## פּסח קומט!

נאָכן גרויסן עיבור־יאָר־ווינטער. די זון שיינט אויף. יעדער איינער באַפרייט זיך פון ווינטערדיקן חושך. די זון־שטראַלן רופן אַרויס וואָס מער און מער גרינע געוויקסן פון דער ערד. די ביימער טוען זיך ווידער באַנייען. זיי בליען און וואַקסן. געשמאַקע ריחות טראָגן זיך אין דער לופט. אַלץ פינקלט אין דעם געטלעכן באַשאַף. יונג און אַלט, מיד פון זיצן אַ גאַנצן ווינטער אין די הייזער, טרעפן זיך אין דרויסן, אונטערן קלאָרן בלויען הימל. מ׳אָטעמט איין אַ ניי לעבן. און מ׳האָפט אַז באַלד באַלד וועט וואַקסן אַ מייערל, אַן אוגערקע, אַ ציבעלע, אַ פּעטרישקע, אַ ראש־חודש־רעטעכל און אַ נייע קאַרטאָפליע. ס׳וועט זיין מיט וואָס זיך צו דערכאַפּן דאָס האַרץ. דער יקרות וועט ווערן קלענער.

אָט אָט זאָגט אַ וואַרעם ווינטעלע אָן: „דער זומער קומט!" אַ געמיטלעכע פריילעכקייט ליגט אויסגעגאָסן אויף יעדן פּנים.

אָבער ניט פאַר יחזקאל רימער. פאַר אים שיינט ניט די זון. ער פילט ניט די געשמאַקע ריחות פון דער ניסן־תקופה. דאָס האַרץ איז ביי אים פאַרשטאָפּט, פאַרטעמפּט. ער פילט ניט קיין חיות מיט דער התחדשות פון דעם באַשאַף. ער זעט ניט דעם לויטערן הימל. זיין גאַנץ געפיל און געדאַנק זענען: „וואו נעמט מען אַריינצוברענגען דעם פּסח אין שטוב אַריין?"

פאַר אַ יאָרן אין דער צייט, צוויי וואָכן פאַר פּסח, האָט מען שוין געהאַט מצות. „די מצות, אַריינגעלייגט אין אַ קויש, זענען שוין געהאַנגען אויפן סופיט",

# שטערן אין דער נאַכט

טענהט יחזקאל צו זיין ווייב נחמה. „אָבער דאָס יאָר איז שלעכט, ערגער פון אַלע יאָרן, אין דער צייט. די פּרנסה האָט זיך אָפּגעשטעלט. קיינער ווייס ניט מער וועגן יחזקאל רימער. מ׳דאַרף ניט מער דעם אידישן בעל־מלאכה. אויפן יאַריד זע איך שוין גויאישע רימאַזשעס. איך האָב דאָס קיין מאָל ניט געזען. פון מיינע היינטיקע פאַרדינסטן איז שווער דורכצושטופּן אַ טאָג אפילו מיט אַ שטיקל ברויט, נחמה! אָן דיין בריהשאַפט פון קאָכן פאַלשע זופּן, דיינע פאַלשע פיש אויף שבת, ווער ווייס ווי אַזוי מיר וואָלטן אויסגעזען. און אַצינד, עס גייט צו פּסח. מ׳דאַרף מצות, וויין. מ׳דאַרף שיך. מנחם, יצחק, משה און דבורהלע דאַרפן שיך. און מ׳דאַרף אַ מלבוש אויך. ס׳איז ניט שיין פאַר מענטשן. ס׳איז דאָך פּסח, נחמה! איך וועל ניט קענען אויסהאַלטן דעם צער און חרפּה פון די קינדער, אָן צו באַנייען אויף פּסח אַ מלבוש. זיי וועלן ניט קענען אַרויסגיין פון שטוב אַ גאַנצן יום־טוב. אוי, די חרפּה, די חרפּה, רבש״ע, וואָס טוט מען! רבש״ע, פאַרשעם אונדז ניט!״

נחמה באַרואיקט אים:

„איך דאַרף ניט קיין ניי קלייד. איך וועל טראָגן דאָס קלייד פון אונדזער חתונה, אַ ביסל אַ פּוץ און שוין. און דיין קאַפּאָטע, יחזקאל, וועט אויך זיין גוט. איך וועל פאַרריכטן, צונייען קנעפּלעך, אויספּוצן. און מיט די קינדערס מלבושים אויך אַזוי: אויספאַרריכטן און אויספּוצן. פאַרפאַלן, דער יום־טוב וועט אַדורכלויפן.

„לאָמיך דיר עפּעס דערציילן, יחזקאל, וועסטו ניט זיין אַזוי פאַרצווייפלט. אַנומלט קומט אַהיים דיין זיבניעריקער זון מנחם און ווייזט זיין יינגערן ברודער יצחק צען גראָשן. ,איך האָב פאַרדינט׳, זאָגט ער, ,ביי מצות. איך האָב געהאָלפן טראָגן אַ קוישל מצות׳. ,אַזוי!׳ וואונדערט זיך יצחק, ,מ׳קען פאַרדינען געלט? טאָ צו וואָס באַלאַמוטשען? זאָל מען שוין גיין ביידע פאַרדינען געלט, העלפן דעם טאַטן. ס׳גייט דאָך צו פּסח. מ׳דאַרף שיך און היטלען׳. זיי זענען אַוועק צו דער מצות־בעקעריי. אָבער מ׳האָט זיי געהייסן קומען איבער אַ יאָר, היינט איז שוין שפּעט״.

„אַזוי!״ וואונדערט זיך יחזקאל. „איך האָב געמיינט אַז יצחק פאַרשטייט גאָר־ניט. ער פאַרשטייט שוין גאָר אַ סך״.

„זיי ווייסן די לאַגע אין שטוב. דאָס וואָס איך מיין. זיי ניט אַזוי פאַרצווייפלט, מיין מאַן! דו וועסט באַלד האָבן העלפער. זיי וועלן זיך אַליין קויפן שיך״.

„לאָמיר האָפן אַז באַלד, אָבער מיר דאַרפן שוין שיך, שוין מצות, מיין ווייב. דו ביסט טאַקע אַ בריה. דו קענסט קאָכן פאַלשע פיש, אַ פאַלשע זופּ אויך. אָבער פאַלשע שיך — דאָס ניט. שיך מוז מען קויפן. און מצות מוז מען אויך קויפן. און זיי מוזן זיין כשרע, ניט פאַלשע״.

„יחזקאל״, רעדט נחמה שטיל, „אין אונדזער לאַגע אַצינד, פאַר פסח, אָן פּרנסה און אָן אַ גראָשן ביי דער נשמה, איז אפשר וועסטו גיין צום רב און בעטן מעות חטים, ווי אַנדערע אידן אין אַ נויט. דער רב גיט ניט זיינס. איך האָב געהערט אַז ס׳איז געקומען געלט פון אַמעריקע. די אַמעריקאַנער אידן רוען ניט. זיי העלפן זייערע אָרעמע ברידער פון דער אַנדערער זייט ים״.

„נחמה! איך — בעטן?! איך האָב אַלע יאָרן געגעבן פאַר מעות חטים. זאָל איך דאָס יאָר ווערן אָפּנעמען? איך קען דאָס ניט״.

„אָבער, יחזקאל! מ׳מוז דאָך האָבן מצות און ווין אויף פסח! מיר וועלן דאָך ניט עסן חמץ, ח״ו. אָט אָט, נאָך אַ טאָג און נאָך אַ טאָג, ס׳איז שוין באַלד פסח. מ׳קען ניט וואַרטן, יחזקאל!״

„נחמה, איך קען ניט בעטן! איך קען ניט!״

בלית ברירה, איז יחזקאל געגאַנגען צום רב. נחמה האָט אים באַגלייט, אַריינגערעדט אין אים, ער זאָל האָבן מוט, ער זאָל געדענקען זיינע פיר קינדער. פאַרפאַלן, וואָס זאָל מען טאָן? אַזוי איז אונדזער מזל, אַנדערע האַנדלען מיט גאָרנישט, ממש מיט גאָרנישט: נאָדיר גאָרנישט און גיב מיר געלט. מ׳האַנדלט מיט רויך, שטויב, נעפּל און שפּינוועבס — און זיי האָבן פון אַלץ. אָבער ביי אונדז איז אַנדערש. מיר מוזן אַרבעטן שווער פאַרן שטיקל ברויט. אויב מיר אַרבעטן ניט, האָבן מיר ניט. שוין נאָענט צום בית־דין שטוב, רופט אויס נחמה: „יחזקאל! זיי ניט פאַרצווייפלט! מיר וועלן נאָך, מיט ג־טס הילף, ווידער געבן מעות חטים! גיי גיי, זיי מצליח!״

ביי דער טיר דערמאָנט זיך יחזקאל: פאַר אַ יאָרן, פאַר פסח, האָט מיך דער רב אויפגענומען מיט אַ גרויסן שלום עליכם, און איך האָב אים טאַקע געגעבן אַ גרויסע נדבה פאַר מעות חטים. אַצינד וועט ער זיכער מיינען אַז איך טראָג אַ שיינע נדבה.

זיין האַרץ ווערט פול מיט בושה. די פיס גייען ניט. ער קען ניט עפענען די טיר. ער דערמאָנט זיך די גמרא: „פשוט נבילה בשוק ואל תצטרך לבריות״. ער טראַכט: איך וואָלט אַצינד אָפּגעשניטן אַ פעל פון אַ געפאַלענער בהמה אין מאַרק, אַבי ניט אָנצוקומען צו קיין מענטשן. דאָס רעדט די גמרא צו מיר,

# שטערן אין דער נאַכט

יחזקאל: גיי זוך אָפּצושניידן אַ פּעל פון אַ בהמה, אַרבעט אויס פון דער פּעל כאָמאָנטן, געשפּאַנען, ציימלען, לייצעס! דו ביסט דאָך אַ גוטער בעל־מלאכה, אַ גוטער רימער.

מיט אָט די געדאַנקען גייט ער שנעל אַוועק פון רבס הויז און בלאָנדזשעט אַרום אין גאַס. ער באַגעגנט הערשל קצב: „נו, הערשל, דו האָסט שוין דעם פּסח אין שטוב?" פרעגט יחזקאל. „אַ האַלבן פּסח האָב איך שוין", ענטפערט הערשל. „מצות, ווייַן, קאַרטאָפל און פלייש זענען שוין דאָ ביי מיר אין הויז. די אַנדערע העלפט, איך מיין: שייערן, סקראָבן, כשרן, ראַמען, פּוצן — דאָס באַלאַנגט צו מיין ווייב. אַז מיין כיינע וועט דאָס ענדיקן, וועלן מיר האָבן דעם גאַנצן פּסח אין שטוב. דערוויייל איז ביטער — דאָ שטיי ניט! דאָ זיץ ניט! — מ'יאָגט מיך מיטן שטיקל חמץ פון איין אָרט צום צווייטן. יחזקאל, איך וועל דיר זאָגן דעם אמת. קיין מלחמה וועל איך ניט פירן צוליב דעם. זי ווייס אַ סך מער פון מיר. איך האָב געוואָלט עפּעס זאָגן, נו, האָט מיינע געגעבן אַ געשריי: ,צוליב דיר וועט מען נאָך, ח"ו, עסן חמץ אין פּסח!'. אין די טעג פאַר פּסח איז בעסער צו שפּאַצירן אין גאַס. און וואָס הערט זיך ביי דיר? דו האָסט שוין דעם פּסח אין שטוב?" פרעגט הערשל.

„מיין טייערער הערשל! ס'איז דאָ אַ סך צו רעדן. נאָר געני איז מיין לאַגע באַשריבן אין אַ פּאָר הייליקע ווערטער פון תהלים ס"ט: „הושיעני, אלוקים, כי באו מים עד נפש, טבעתי ביון מצולה". דאָס איז די לאַגע. דאָס וואַסער האָט מיך דערגרייכט ביז, ביז, איך בין אַריין אין אַ זומפּ. איך האָב נאָך אַזאַ ערב פּסח ניט געהאַט. די גאַנצע פּרנסה האָט זיך אָפּגעשטעלט, און דאָ גייט פּסח, מ'דאַרף דעם ים".

„וואָס הייסט די פּרנסה האָט זיך אָפּגעשטעלט? אַזאַ בעל־מלאכה ווי דו!" פרעגט הערשל מיט באַוואונדערונג. „הער מיך אויס, יחזקאל! אָט האָב איך ביי מיר צוויי גרויסע אויסגעאַרבעטע פּעלן. קום און נעם זיי. אַרבעט אויס פון זיי פאַרשיידענע פערד־פּאַרפּוצונגען און שטעל זיך מיט דער סחורה מיטוואָך אויפן יאַריד און לייז געלט! אויב דער קונה קומט ניט צו דיר, גיי דו צום קונה".

„אוי, הערשל, געזונט אין דיינע ביינער, דו האָסט דאָך געטראָפן מיין געדאַנק. איך האָב נאָר וואָס געוואָלט פרעגן צי איך קען קויפן ביי דיר אַ פּעל. וויפל דאַרף קאָסטן די פּעל?" פרעגט יחזקאל.

„אָה! מיר וועלן דורכקומען. מיר וועלן ניט גיין צום רב. קום נעם, שטעל זיך צו דער אַרבעט און פאַרדין געלט!"

מיט גרויס פלייס שטעלט זיך יחזקאל צו דער אַרבעט. ער אַרבעט טאָג און נאַכט. צום יאַריד האָט ער געהאַט אַ שטעל, פול מיט פאַרשיידענע פערד־הלבשה. ער איז געקומען אויפן יאַריד מיט דער גאַנצער משפחה. אַלע זענען געווען פאַרנומען מיט שיינען און פוצן די סחורה. נחמה האָט געזאָגט: „אַזאַ געשפּאַנצייג האָט נאָך דער יאַריד ניט געזען. ס'איז מיט גאָלד צו גלייך".

יחזקאל, פאַרנומען מיט צופאַרבן, צונייען, אַרויסענדיקן, באַמערקט ניט ווי אַ פּריצל שטעלט זיך אָפּ מיטן פערד ביי זיין שטעל. ער קוקט אויף דער סחורה און וויל וויסן פּרייזן. נחמה שרייט: „יחזקאל, אַ קונה!" מנחם טוט אַ צי דעם טאַטן ביי דער פּאָלע: „אַ קונה, טאַטע!" יחזקאל, ווי אַ פּאַכמאַן, ווייזט אים די סחורה און זאָגט אים פּרייזן. דער קונה, אַליין אַ מבין, דינגט זיך ניט לאַנג און קויפט אַ גרויסע קניה. ער באַצאָלט אים מיטן הונדערט־זלאָטיקן באַנקנאָט און וויל אַ רעשט. יחזקאל, אַ ביסל צעטומלט פון דעם ערשטן קונה און אַזאַ אַנהויב, מיט אַ הונדערטער, טראַכט: אפשר איז ער אַ פאַלשער? ער לויפט אַריין אין גאַלאַנטעריע־געוועלב: „ריווטשע מלכה! זייט אַזוי גוט, זאָגט מיר, וואָסער געלט איז דאָס?" „הונדערט זלאָטעס", ענטפערט ריווטשע מלכה. „ס'איז ניט קיין פאַל־שער?" „ניין! אַ גוטער, מיר זאָלן האָבן אַ סך אַזעלכע".

יחזקאל אָטעמט אָפּ פרייער: „איר הערט? איך האָב מורא געהאַט, אפשר איז דאָס אַ פאַלשער. איך וועל אייך זאָגן, אַ צוואַנציקער האָב איך שוין געזען, אַ פופציקער אויך, אָבער אַ הונדערטער, וואָלט איך געשוואוירן, אַז ס'איז ניטאָ אַזאַ זאַך".

ריווטשע מלכה טוישט אים אויס דעם הונדערטער. ער גיט דעם פּריץ די רעשט. מיט אַ שטאַרקן האַנט־אין־האַנט־קלאַפּ געזעגנט ער זיך און רייט אַוועק מיט דער סחורה.

באַלד זאָגט יחזקאל צו נחמהן: „גיי שוין קויפן מצות און וויין! דאָ איז געלט".

די זון איז נאָך געווען הויך, אין מיטן הימל, און יחזקאל האָט שוין ניט געהאַט קיין סחורה. אַלץ פאַרקויפט.

קודם כל איז ער געלאָפן צו הערשלען באַצאָלן פאַר די פעלן. הערשל וויל ניט נעמען קיין געלט. „נאָך יום־טוב וועסטו מיר באַצאָלן", זאָגט הערשל. „איך דאַרף ניט. דו דאַרפסט. גיי קויפן שיך פאַר די קינדער. באַניי זיי מיט מלבושים. ס'גייט דאָך דער יום־טוב פון זמן חרותנו".

דער ערשטער טאָג פסח. די זון־שטראַלן רייסן זיך דורך די פענצטער.

## שטערן אין דער נאַכט

יחזקאל בעט נחמהן: „קום אַ ביסל שפּאַצירן. לאָמיר הנאה האָבן פון דער ליכטי־קער זון. זי באַקט שוין ווי אין מיטן זומער. קום!"

אויפן שפּאַציר באַגעגענען זיך ביידע שכנים מיט אַ הויכן „גוט יום־טוב".

„דו ווייסט, הערשל", זאָגט יחזקאל, „איך האָב געמיינט אַז אָט אָט באו מים עד נפש. איך וועל ניט קענען דורכגיין מיט אַלע אידן דעם ים־סוף, ניט קענען זיצן מיט אַלע אידן און זינגען שירה. ווייזט אויס אַז דער רבש"ע שיקט גוטס מיט גוטע מענטשן".



## שלא עשני גוי

אין די 18 יאָר פון זיין לעבן ביז די היטלעריסטישע מאָרד־חילות זיינען אַריין אין שטעטל, האָט נאָך אברהמעלע קיין מאָל ניט געהאַט קיין שום מגע ומשא מיט אַ גוי.

אַברהמעלע איז געוואַקסן אין דעם קליינעם שטעטל ביי עלטערן, וואָס אַלץ איז ביי זיי געווען לשם שמים. פון זיינע פריעסטע יאָרן איז זיין וועג געווען פון הויז צום בית־המדרש און פון בית־המדרש צום הויז. און ווען ער איז שוין געוואָרן אַ יודע ספר, איז זיין התמדה געווען זייער גרויס. אַ מאָל, אין אַ שמועס וועגן תורה, שרייט ער אויס צו זיין חבר שלמה: „איך פאַרשטיי ניט ווי אַזוי אַ מענטש קען לעבן אָן תורה!"

ער לויפט אַצינד דורך די גאַס שנעל, בכדי ניט איבערצושלאָגן די געדאַנ־קען. איין מאָל, אַריינקומענדיק אין בית־המדרש, דערציילט אברהמעלע מיט איין אָטעם וועגן אַ בילד וואָס ער האָט געזען לעבן זיין הויז. זיין שכן, דער חזירניק, האָט געשלאָגן ביז בלוט אַ צווייטן גוי. ער שרייט: „אוי, געוואַלד! אַזאַ שרעק־לעכע רציחה, וואָס זיי באַזיצן! שלמה, ס'איז דאָך גרויסע נסים אַז מיר אידן לעבן דורך מיט אַזעלכע רוצחים איין טאָג. ניט אומזיסט זאָגן אידן אַלע אינדערפרי די ברכה ,שלא עשני גוי'".

און אַצינד לויפן אידן פון דער היטלעריסטישער חיה. דאָ באַגראָבט מען

אידן לעבעדיקערהייט, און דאָרטן טרייבט מען אידן אַריין אין בית־המדרש און מען צינדט אים אונטער. אידן לויפן אַוואו די אויגן טראָגן.

און פּלוצעם הערט מען אַ גוטע בשורה, אַז די רויטע אַרמיי גייט און פאַר־נעמט די אַנדערע זייט פון טייך בוג.

ביידע חברים טרעפן זיך אויף דער אַנדערער זייט, ביי דער רויטער אַרמיי. אַברהמעלע דערציילט שלמהן: „אַט האָב איך געהערט פון אַ אידישן רויט־אַרמייער אין אידיש: ‚ביי אונדז איז אַלץ פריי, פריי צו לערנען אַן אַ גראָשן געלט, מ׳קען זיך אפילו לערנען פאַר דאָקטאָר מעדיצין. שלמהו אויב מיר קענען פאַרשטיין אַ שטיקל גמרא אין חולין, וועט מעדיצין זיכער זיין פאַר אונדז פאַר־שטענדלעך׳. — ער זאָגט עס מיט גרויס ענטוזיאַזם. ער לייגט פאַר שלמהן צו גיין באַלד זיך פאַרשרייבן, צו פאָרן זיך לערנען און אַרבעטן פאַר דעם ראַטן־פאַרבאַנד.

שלמה זאָגט: „קאָך זיך ניט! דו ביסט דאָך דאָ מיט זיי נאָר אַ פּאָר טעג. איך פאַרשטיי וואָס ס׳מיינט אַז אַ אידישער זעלנער רעדט אידיש. ס׳איז דאָ פון וואָס צו זיין באַגייסטערט. אָבער גיב מיר צו פאַרשטיין די אידישע ווערטער פון אַ ליד, וואָס איך האָב געלייענט אין ‚מינסקער שטערן׳: ‚וואָס מיר ברכות, וואָס מיר בענטשן, אַז מיר זיינען פרייע מענטשן׳. נו, קענסטו דאָס מיר אויפקלערן?״

אברהמעלע זאָגט: „האו דאָס מיינט גאָרניט. ווער הערט אים, דעם שריי־בער אין מאָסקווע? ס׳איז פריי צו דאַוונען וויפל דיין האַרץ גלוסט״. — און ער זעצט פאָר צו דערציילן וועגן דעם אידישן רויטאַרמייער וואָס האָט געזאָגט: „ביי אונדז אין ראַטן־פאַרבאַנד זיינען ניטאָ קיין באַזונדערע בענק פאַר אידישע סטו־דענטן, ווי אין וואַרשע״. און שלמה פרעגט: „מיינסטו אַז דער גוי איז אַנדערש? ער וועט ניט שענדן, רויבן און מאָרדן קיין אידן?״ — „יאָ!״ זאָגט אַברהמעלע. און איצט רעדט ער שוין מיט אַ הויך קול: „אין ראַטן־פאַרבאַנד האָסטו ניט צו טאָן מיט די פּוילישע רוצחים! דאָס זענען מענטשן מיט גרויסע אידעאַלן. אין ראַטן־פאַרבאַנד זאָגט מער ניט אַ איד: ‚שלא עשני גוי׳״.

און אַברהמעלע גייט אַוועק, פאַרשרייבט זיך צו פאָרן לערנען און העלפן אויפבויען דעם ראַטן־פאַרבאַנד. ער זאָגט צו זיין חבר שלמה צו שרייבן אַזוי גיך ווי ער וועט קומען אויף אָן אָרט.

שלמה וואַרט אויף אַ בריוו. ס׳קומט אָבער ניט קיין שום ידיעה פון אַברהמעלען. פּונקט ווי אין וואַסער אַריין...

אַ מהומה, אַ בהלה אויפן סמאָלענסקער וואָקזאַל. מענטשן לויפן צו די צוגן,

# שטערן אין דער נאַכט

וואָס גייען אָפּ אויף די ליניעס: אוראַל, סיביר און טאַשקענט, מיט אַנטלאָפענע פון די געביטן, וואָס זיינען פאַרנומען געוואָרן פון דער היטלעריסטישער חיה. די מערהייט זיינען אידן. זיי האָבן די ערשטע דערהערט דאָס רעוועו פון דער חיה. אָבער ס׳איז דאָ אַ קליינע צאָל רוסן. אַ סך פון זיי זיינען פונקציאָנאַרן, פאַרטיי־מיטגלידער. מ׳פאָרט מיט די נאָרמאַלע צוגן, מ׳פאָרט מיט לאַסט־וואַגאָנען, מיט קוילן־וואַגאָנען, מיט אָפענע פלאַטפאָרמעס. מען פאָדערט היינט ניט קיין בילעטן. ס׳איז פריי. פאָר וואו דו ווילסט.

אויף איינער פון די אָפענע פלאַטפאַרמעס זיצט שלמה. ער זיצט פאַרזונקען אין מוראדיקע געדאַנקען. ער דערציילט זיין מיטרייזנדן, אַ איד פון אַרשע (ווייסרוסאַלנד), אַז ער לויפט שוין צום צווייטן מאָל. דאָס ערשטע מאָל — פון פוילן, אַצינד — פון פאָלאָצק. „איך בין נעכטן אַוועק זיך מעלדן אין דער אַרמיי. זאָגן זיי מיר: ,דו קענסט פאָרן. ווען מיר וועלן דיך דאַרפן, וועט מען דיך געפינען׳. און איך זע אַז זיי פּאַקן זיך אויך אין וועג אַריין״.

אידן ווערן היימיש. אַ פרוי פון אַ שטעטל ביי דער ליטווישער גרענעץ וויינט, דערציילט: „איך האָב איבערגעלאָזט אַ ברודער אַ קאַליקע״. — ווייל זי ויסן פון שלמהן צי די דייטשן זיינען אַזוי שלעכט. זי טרייסט זיך מיט דעם, וואָס זי האָט אים איבערגעלאָזט אַ סך עסן.

דער הימל איז גרוי און פאַרנעפּלט. מ׳האָט מורא פאַר אַ רעגן. שלמה באַרואיקט די מענטשן: „רעגן איז בעסער ווי באָמבעס. גלייבט מיר. איך האָב עס שוין פאַרזוכט״.

און טאַקע באַלד באַווייזן זיך אויפן הימל די בלייענע דייטשישע פייגל. מ׳קומט אָפּ מיט שרעק, ווייל זיי פאַרקערעווען זיך אין אַן אַנדער ריכטונג.

מ׳האָט מורא פאַר באָמבאַרדירן און מ׳הייסט דעם עשעלאָן פאַרלאָזן דעם סמאָלענסקער וואָקזאַל.

דער עשעלאָן יאָגט זיך איבער די וויסטע סטעפּעס פון אוראַל. שלמה באַמערקט ווי דער אַרשער איד שעפּטשעט עפּעס. נאָר שלמה האָט געקענט פאַרשטיין אַז דאָס איז אַ תפילה. קלייבט ער זיך איבער לעבן אים און ווערט גאָר נאָענט באַפריינדעט מיט אים.

שלמה, הונגעריק, מיט אַ פּאָר רובל אין קעשענע, דערציילט: „געלאָפן, גאָרניט מיטגענומען, ניט קיין תפילין, ניט קיין סידור. אַלץ אַזוי אין איילעניש, און אַצינד — אַן אַ שטיקל ברויט״.

שלמה ווערט געהאָלפן, סיי מיט אַ סידור און סיי מיט ברויט.

# גרשון ווענגראַווסקי

ווען ״דער עשעלאָן שטעלט זיך אָפּ אין סאַראַטאָוו, לויפן אַלע נאָך געקאָכטע וואַסער. דער אַרשער איד גיט שלמהן אַן אַלומיניום־טעפּל און זאָגט אים: „גיי, ברענג געקאָכטע וואַסער. איך וועל דיר געבן ברויט״.

שלמה ווייס ניט ווי אַזוי אָפּצודאַנקען פאַרן ברויט. וויל אים געבן דאָס טעפּל צוריק, ווען ער טרינקט אויס דאָס געקאָכטע וואַסער. דער אַרשער זאָגט אים: „האַלט דאָס טעפּל, דאָ, ביי אונדז, גייט מען ניט מיט ליידיקע הענט. מ׳מוז עפּעס שטענדיק האָבן אין דער האַנט, אָדער אַ זעקל, אָדער אַ טעפּל. מ׳קען אַמאָל עפּעס געבן, האָסטו אין וואָס אַריינצולייגן.

און שפּעטער, ווען דער עשעלאָן קומט נאָענט צו טשעלאַבינסק, גיט ער שלמהן אַ סידור, דערביי זאָגט ער אים אָן, אַז דאָס איז ניט פון די כשרע זאַכן דאָ, ביי די חברים. אָבער אַז אַ איד וויל, דאַוונט ער און זאָגט אַ קאַפּיטל תהילים. ער ווייזט אים אויף דעם שער־בלאַט אַז דער סידור איז געוואָרן געדרוקט אין מינסק, אין תרפ״ג, ביי די חברים.

שלמה הערט, מ׳רעדט אין דער שטיל: די רויטע אַרמיי קען ניט האַלטן אַ ליניע. זיי גייען צוריק און צוריק. די לאַגע אויפן פראָנט גייט פון שלעכט צו ערגער. דער שונא גייט און גייט אָן אַ אָפּהאַלט. גאַנצע דיוויזיעס מיט דער אַמוניציע גייען אַריבער צום שונא. אין אַ סך ערטער, אויף די באַזאַרן, נעמט מען שוין ניט דעם רובל. די 5־ און 10־ רובלדיקע גאָלדשטיקלעך זענען זייער גאַנגבאַר (ווייל דאָס בילד פון ניקאָליי געפינט זיך אויף דער מטבע, רופן דאָס אידן חזירלעך). שלמה הערט אַז מ׳נעמט אַראָפּ פּוילישע אידן פון פראָנט און מ׳שיקט זיי אין די קאָלכאָזן. דאָס איז אַ פּריקאַז. שלמה הערט אַז דער שונא גייט שוין אויף מאָסקווע. ער זעט, מאַסן עשעלאָנען גייען דורך, מיט פאַרוואונדעטע, פון די פראָנט ליניעס. שרעקלעך! דער שונא יאָגט.

אַ בחור, מיט מעדאַלן אויף זיין ברוסט, זיפּט די געקאָכטע וואַסער און זינגט דאָס לידל: „אויב מאָרגן איז אַ מלחמה, זיי שוין היינט גרייט״ (יעסלי זאווטרא וואַינא, בוד סעוואָדניאַ גאָטאָוו). דער אַרשער זאָגט: „אַזוי ווי אַלץ איז אמת, אַזוי איז דאָס אמת. מ׳האָט זיי איינגעוויגט מיט אַ לידל״.

שלמה קומט מיטן עשעלאָן קיין טשעלאַבינסק. מיט אַ גרופּע פּוילישע אידן גייט ער צו דער קאָמיסיע פון דער שיקאָרסקי־אַרמיי. ער וויל דווקא ווערן אַ זעלנער און גיין אין דער מלחמה. אָבער די פּוילישע קאָמיסיע זאָגט זיי: „מיר זוכן נאָר ריינע פּאָלאַקן״.

שלמה איז שטאַרק צופרידן ווען מען מאָביליזירט אים אין אַ מלחמה־

# שטערן אין דער נאַכט

זאַוואָד. מיט גרויס טאַלאַנט אַרבעט ער אויס אַ טייל צו אַ מאַשין. דאָס אַלו־מיניום־טעפּל קומט אים אַצינד שטאַרק צו ניץ, ווייל צו די 800 גראַם ברויט קאָכט ער צו אַלע מאָל (ווען ער האָט) אַ פּאָר קאַרטאָפל.

אין אַן אָפּרו־טאָג גייט שלמה איבער די גאַסן פון טעשלאַבינסק. פּלוצלינג דערזעט ער קאָלומנעס מיט אַרעסטאַנטן, געפירט פון אַ קאָנוואָי פון דער „ען־קאַ־ווע־דע״. ער זעט ניט פאַר זיך קיין מענטשן, נאָר געשטאַלטן פון מענטשן, סטראַשידלעס, פיר אין אַ ריי. איינער האַלט זיך אָן ביים צווייטן. אַ לייכט ווינטל קען זיי אומוואַרפן. מ׳פירט זיי מיט די באַגענטן, פּונקט ווי אין אַ שלאַכט, און גרויסע הינט באַגלייטן זיי.

ער נעמט אַוועק זיינע אויגן. ער קען ניט קוקן. ער גייט אָפּ אַ שטיקל וועג, טראַכט ער: אפשר איז דאָ זיינס אַ ברודער אָדער אַ גוטער באַקאַנטער אין די קאָלומנעס. ער לויפט צוריק און כאַפּט ווידער אַ קוק. אָבער דאָס האַרץ האַלט ניט אויס. ער קען ניט קוקן און גייט ווידער צוריק אַ שטיקל וועג. רעדט צו אים דאָס געוויסן: „שלמה! אפשר פירט מען דאָרט דיין ברודער, וואָס דו ווייסט ניט וואו ער איז דיר פאַרלוירן געוואָרן״. ער גייט צוריק, און ער זעט אַ מענטש, וואָס ס׳דוכט זיך אים אַז דאָס איז אַברהמעלע, אָבער אָן אַ טראָפּן בלוט אין פּנים, און אַזוי אַלט! ער קוקט בעסער. יאָ, דאָס איז ער, אברהמעלע. ער האָט זיך פאַר־שריבן צו פאָרן לערנען אין אַן אוניווערסיטעט. דער תמימותדיקער אברהמעלע שטייט אים פאַר די אויגן. ער וויל שרייען, אָבער די ווערטער קומען ניט אַרויס פון מויל.

די צוויי חברים טרעפן זיך אין דער אַמעריקאַנער זאָנע אין דייטשלאַנד, אויפן וועג קיין ישראל. אַברהמעלע לייענט פאַר שלמהן זיין טראַגישע מגילה „איכה ישבה״:

„זייער ווינציק פרייע טעג האָב איך געהאַט אין רוסלאַנד. כמעט אַלע זיינען געווען אַזעלכע ווי דו האָסט מיך געזען, אונטער אַ ביקס און באַגנעט. איך האָב זיך שוין צוגעוואוינט. צו אַלץ קען מען זיך צוגעוואוינען. די צייט מאַכט פאַר־געסן. איך האָב שוין אַ סך פאַרגעסן. אָבער די ערשטע טעג פון טורמע קען איך ניט פאַרגעסן. מ׳ברענגט מיך אין די טורמע־באַראַקן. פינצטער, קאַלט. שוין די ערשטע נאַכט זע איך, מיינע שטיוול און מיין ווינטער־מאַנטל זיינען ניטאָ. איך שריי. קיינער הערט ניט. איך וויין. קיינער העלפט ניט. פאַר טאָג זע איך אַלטע צעריסענע שיך ביי מיין בעטל.

„דעם צווייטן טאָג פיל איך אויף מיר פאַרשענדע בליקן. איך מייד זיי

שטאַרק אויס. גיי ווייס אַז אונטער דעם קאַצאַפּסקע ווינטער־היטל געפינט זיך אַזאַ גרויסער מוח מיט אַ סך תורה־וויסן, און אונטער די קופּייקע איז דאָ אַ אידיש גוט האַרץ. לאַנג אויסמיידן זיינע אויגן האָט ער ניט געלאָזט. ער קומט צו און פרעגט: ,אַ פּוילישער איד?׳ די צוויי אידישע ווערטער צעברעכן אַלע מוראס, אַלע באַריערעס. מיר בייטן זיך מיט אונדזערע לעבנס־געשיכטעס. איך דערצייל אים וועגן דער גנבה. ער זינגט מיר אויס דאָס קאַפּיטל תהילים כ״ב ,קלי קלי למה עזבתני׳. ווען ער קומט צו דעם פּסוק ,יחלקו בגדי להם ועל לבושי יפּילו גורל׳, פאַרטייטשט ער אין אידיש: ,זיי צעטיילן זיך מיט דיינע קליידער און שפּילן קאָרטן אויף דיינע שטיוול. דאָ זיינען אַלע גלייך, די היטערס פון געזעץ און די געזעץ־ברעכערס׳. דער איד איז געווען פאַר מיר ווי אַ ליכט אין אַ פינצטערן מדבר״.

שלמה דערמאָנט אַברהמעלען וואָס ער האָט געזאָגט פון דאַוונען. אברהמעלע זאָגט הויך אויפן קול: „איך קען זיך ניט באַרימען מיט תרי״ג מצוות. אָבער איך האָב אַלע טאָג געזאָגט די ברכה ,שלא עשני גוי׳״.



## נתן מייכעמער און דאָס קליינע משהלע

באַלאָדן, באַהאָנגען מיט גרויסע פּעק און קליינע פּעקלעך פון קאָפּ ביז די פיס, זעט מען ניט אַרויס דאָס קליינע משהלע מיטן קמץ־בערדעלע. נאָר ביים דאשעק פון דעם קליינעם רונדיקן פּויליש־אידישן היטעלע איז אָפן אַ פענצטערל פאַר איין אויג צו זען דעם וועג. מ׳זעט ניט משהלע דעם שפּיליטער, נאָר פּעקלעך באַוועגן זיך. ער אָטעמט שווער אונטער דער משא, וואָס שלעפּט אים אַרונטער ביז צו דער ערד. ער איילט זיך אַצינד מיט לאַנגע שנעלע טריט אויף די וואַרשעווער גאַסן צום ווילנער וואָקזאַל, ניט צו פאַרשפּעטיקן די באַן, וואָס גייט אָפּ צו זיין שטעטל.

צו דער באַן איז משהלע אָנגעקומען שפּעט. אַלע פּלעצער זענען געווען פאַרנומען. מיטן גאַנצן כוח שטופּט ער זיך אַריין. זיינע אויגן וואַנדערן. ער וויל געפינען אַ היימישן איד, אַפּצושטעקן עטלעכע פּעקלעך, ערשטנס, כדי ס׳זאָל

# שטערן אין דער נאַכט

אים ווערן אַ ביסל גרינגער, און צווייטנס, ער האָט מורא פאַר דעם קאָנדוקטאָר. צופיל פּעקלעך אויף איין בילעט — דאָס טאָר מען ניט. ס׳שמעקט מיט שטראָף צו באַצאָלן אַ סך מער ווי דער בילעט קאָסט. ער געפינט ניט קיין איד, ניט בלויז אַ היימישן, נאָר ס׳איז ניטאָ קיין איד אין וואַגאָן.

די פיס ברעכן זיך אים פון אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן איבער וואַרשע איינ־קויפן סחורה. ער טראַכט: „אוי, ווי גליקלעך וואָלט איך געווען, ווען איך קריג אַ פּלאַץ צום זיצן. איך וואָלט זיך באַפרייט פון דער משא. מיינע פיס וואָלטן אַ ביסל גערוט, זיי ברענען ווי פייער". אָבער דער גאַנצער וואַגאָן איז פול מיט גויים. זיי וועלן ניט אָפּטרעטן אַ פּלאַץ פאַר אַ איד. מיט אַלע כוחות האַלט ער זיך אויף די פיס, מיט זיינע פּעקלעך.

און אָט, ביי דער ערשטער סטאַנציע, ווערט ליידיק אַ פּלאַץ צום זיצן. דאָס קליינע משהלע פאַרנעמט געשווינד דעם פּלאַץ. ער גלייכט אויס זיינע ביינער, אָטעמט אָפּ פרייער. די פּעקלעך צעלייגט ער אויבן, אונטן און אַרום. ער מאַכט זיכער אַז דער קאָנדוקטאָר זאָל ניט באַמערקן אַז דאָס זיינען אַלע זיינע פּעקלעך. עס ווערט אים וואַרעם אין זיינע גלידער. ער כאַפּט אַ דרימל.

„מתוקה שנת העובד". דאָס קליינע משהלע האָט אַ גרויסע הנאה פון דעם זיסן שלאָף. ער כראָפּעט, פייפט אויס אַ געזאַנג מיט זיינע נאָזלעכער. ער וואָלט אַזוי אָפּגעשלאָפן ביז צו זיין סטאַנציע, ווי אַ מזמור. אָבער פּלוצלינג עפנט זיך די טיר פון וואַגאָן און ס׳קומט אַריין אַ קאָנדוקטאָר מיט אַ פעטן רויטן קארק. דער קארק לייגט זיך איבער אין פאלדן און פון אונטער זיינע געדרייטע וואָנצעס קומט אַרויס אַ הייזעריק־בייזער געשריי: „בילעטי! בילעטי!" משה שלאָפט. ער וועקט אים אויף מיט אַ קאָפּיע מיטן פוס: „היי, זשידזשיע, שלאָף ניט! וואו איז דיין בילעט?" משהלע כאַפּט זיך אויף מיט אַ ציטער. ער דערקענט אין אים דעם אכזר. ער ווייזט אים דעם בילעט. דער קאָנדוקטאָר האַלט דעם בילעט און וויל וויסן, וויפל פּעקלעך ער האָט אַרום זיך. ער וואַרפט זיך און שרייט הויך אויפן הייזעריקן קול: „באַצאָל פאַר די פּעקלעך אָדער..."

משהלע מאַכט אַ חשבון: „ס׳וואָלט זיך אָפּגעשטעלט אַ פּאָר זלאָטעס. אָבער אַצינד איז מיין האָרעוואַניע אומזיסט. דער קאָנדוקטאָר מאַכט ניט קיין חשבונות. ער האַלט שוין זיין בילעט. דאָס מיינט אַז ביי דער נאָענטסטער סטאַנציע קען ער געבן אַ פייף. ס׳וועט קומען פּאָליציי. דעמאָלט וועט שוין זיכער ניט לוינען".

משהלע רעדט, בעט, פאַרלאָזט זיין מקום־מנוחה, לויפט אים נאָך מיט די פּעקלעך אויף זיך, פאַלט. טייל גויים לאַכן, האָבן הנאה. אַנדערע רעדן מיט האַס:

„ס'איז אוממעגלעך צו פאָרן מיט אידן אין איין וואַגאָן". — „שטענדיק האָבן זיי טענות, מאַכן אַ גרויסן טומל", גיט צו אַ גויע, וואָס פאַרנעמט צוויי זיץ־פּלעצער מיט עטלעכע קוישן אויבס. — „אומעטום זיינען זיי דאָ, די זשידעס, ווי עס וואָלט געווען זייער פּוילן", שרייט אַ הינקעדיקער גוי. „איך האָב זיך געשלאָגן פאַר נאשא פּאָלסקאַ, און קויף אויך אַ בילעט! און זיי, די זשידעס, האָבן טענות".

„פּראָשע פּאַנאַ", זאָגט משהלע הכנעהדיק, שטיל און שאַרף, „איך האָב דאָך אַ בילעט. נאָר דער פּאַן קאָנדוקטאָר וויל פון מיר אַז איך זאָל צאָלן פאַר יעדן פּעקל, גרויס אָדער קליין. דאָס קען איך ניט!" אָבער דער לאָמער גוי הערט ניט וואָס משהלע זאָגט. ער דראָט אים מיטן שטעקן, שרייט: „גיי צום טייוול, זשיד! באַצאָל!"

משהלע רייניקט אויס אַלע קעשענעס, באַצאָלט. דער קאָנדוקטאָר גיט אים צוריק דעם בילעט. ער לויפט צוריק צו זיין פּלאַץ. אָט, מיינט ער, וועט ער זיך אַוועקזעצן. ער געפינט אָבער זיין פּלאַץ פאַרנומען פון דעם הינקעדיקן גוי מיטן שטעקן. ער רעדט נאָך אַלץ מיט שוים וועגן די אידן: „פּוילן וואָלט געווען גליקלעך אָן די זשידעס". „זשידשי, קיין פּאַלעסטינע!" העלפן אונטער אַלע גויים אין איין כאָר.

משהלע פאַלט פון מידקייט, ער טוט זיך אָנלענען וואו ער קען, צו האַלטן זיך אויף די פיס. ער האָפט, אויף דער קומענדיקער סטאַנציע וועט אימעצער באַפרייען אַ פּלאַץ.

אויף דער קומענדיקער סטאַנציע קומט אַרויף אַ גרויסע מאַסע גויים מיט זעק, פּעק און גרויסע קויבערס. זיי פאַרנעמען יעדן ווינקל פון וואַגאָן. צווישן דער מחנה דערזעט ער זיינעם אָן אח לצרה, דעם שפּיליטער נתן מייכעמער. ביי דעם הויכן נתן איז די גרויסע באָרד ווילד צעפּלאָשעט. אויף דער פּלייצע אַ גרויסער פּאַק. ער פאַרגעסט אַצינד צו זוכן אַ פּלאַץ פאַר זיינע שוואַכע פיס. ער מוז זיין אַצינד לעבן נתנען, אים דערציילן וועגן דעם אכזר קאָנדוקטאָר. אפשר וועט נתן דער חכם געפינען אָן עצה קעגן אים. שטיל, פּאַמעלעך, מיט אַלע כוחות, ניט ח"ו צו טשעפּן די פּאַנעס, מאַכט ער זיך אַ וועג צו נתנען.

משהלע דערציילט אים וועגן דעם נייעם קאָנדוקטאָר, ווי ער באַרויבט אידן. „איר ווייסט דאָך ווי שווער עס קומט אָן היינט דעם גראָשן צו פאַרדינען", רעדט זיך משהלע אַראָפּ פון האַרצן. „איך לויף פאַר פופציק גראָשן פון דער פּאַנסקע גאַס צו די נאַלעווקעס, פון איין עק וואַרשע צום צווייטן. און אין וואַרשע, אויף די שטיינער, איז אַ סך שווערער צו לויפן ווי אין דלוגאָשאָדלע אויף די זאַמדן,

# שטערן אין דער נאַכט

אי די שיך ווערן שנעל צעריסן, אי די פיס טוען וויי, און דאָ — גיב זלאָטעס! איך זאָג אייך, ער נעמט צו דאָס גאַנצע פאַרדינסט״. — „האָסט זיך באַמיט אים צו געבן עפּעס אין יד אַריין?״ וויל נתן וויסן. — „ער איז פון די גויים וואָס נעמען ניט״, ענטפערט משהלע. — „דאָס איז ניט גוט, זאָגט נתן. אַז דער גוי נעמט ניט, איז ביטער״. — „איר זעט, נתן? אָט די אַלע גויים מיט די גרויסע קויבערס וועט ער ניט זאָגן אַ וואָרט, ער אַנטשולדיקט זיך נאָך ביים דורכגיין. אָבער אַז ער זעט אַ איד מיט אַ פּעקל — זשיד, באַצאָלו!״

„מ׳לאָזט אונדז ניט פאַרגעסן אַז מיר זיינען אין גלות. דער גלות־פּוילן איז דער ערגסטער, ממש, מ׳לאָזט ניט כאַפּן דעם אָטעם״, זאָגט דער הויכער נתן, קוקט אַראָפּ צום קליינעם משהלע און וויל אים טרייסטן. „דער קאָנדוקטאָר, וועט ניט אייביק זיין. ער וועט זיך אָנשיכורן, אָדער מאַכן אַ גנבהלע, וועלן זיי אים משלח זיין. און ס׳וועט קומען אַן אַנדער גוי אויף זיין אָרט, וועמען מ׳וועט קענען געבן אין יד אַריין. זאָרג זיך ניט!״ — „דערווייל איז ער דאָ, און ער האָט אויסגערייניקט מיינע קעשענעס, און מאָרגן איז פרייטיק״, קרעכצט משהלע. „איך האָב אפילו ניט קיין זלאָטע צו געבן מיין כאַנטשען אויף שבת״.

„ס׳איז ניט גוט, מ׳דאַרף עפּעס טאָן. אָבער, זאָגט נתן, „לא בחייל ולא בכוח, כי אם ברוח. וואָס קענען מיר טאָן אין דעם פינצטערן גלות־פּוילן? זיי זיינען שטאַרקער. לאָמיר אָבער האָפן אַז ס׳וועט אַריינקומען אַ גוטער געדאַנק אין קאָפּ אַריין און דער רבש״ע וועט העלפן. געדענק משהלע, כי אם ברוח! ס׳איז אַרויס אַ ניי געזעץ: מ׳קען שוין קויפן אַ חודש־ביכל, נאָר מ׳מוז האָבן אַ פאָטאָגראַפיע. דאָס איז גוט פאַר אונדז. ס׳איז בעסער ווי צו שטיין אַלע טאָג צו קויפן אַ בילעט. מ׳קען זיך איינברענגען אַ פּאָר זלאָטעס אַלע חודש. קויף!״

מאָנטיק פרי טרעפט נתן משהלען אויף דער באַן. „נו, געקויפט?״ פרעגט נתן. דאָס קליינע משהלע ווייזט נתנען דאָס ביכל. נתן באַטראַכט זיין אייגן ביכל און משהלעס. דער קאָנטראַסט פון איין פאָטאָגראַפיע צו דער צווייטער איז ווי שבת הגדול צום קורצן פרייטיק. משהלע מיטן בן־ננס־פּנימל, אַ קמץ־בערדעלע, קעגן נתנען מיט דער לאַנגער באָרד, מיטן גרויסן שטערן. — „אונדז קען מען ניט פאַרטוישן איינעם מיטן צווייטן״, זאָגט נתן מיט אַ שמייכל. און משהלע גיט צו: „און ניט צוגנבענען. קיינער קען ניט פאָרן אויף אונדזערע ביכלעך נאָר מיר אַליין״. „ווייסטו וואָס משהלע״, איז נתן גאַנץ ערנסט, „איך האָב אַן איינפאַל, נאָר מ׳דאַרף האַנדלען שנעל, איידער דער קאָנדוקטאָר קומט אַרויף. דו, משהלע, נעם מיין ביכל, זעץ זיך ביים עק פון וואַגאָן. איך וועל האַלטן דיין ביכל און זיצן

אין דעם אַנדערן עק". — משהלע האָט מורא און וויל ניט. אָבער נתן זאָגט: „נעם, גיי!" טוט משהלע. נתן מיט משהלען האָבן זיך פאַרטוישט מיט די ביכלעך, און זיי זיצן אַצינד ווייט איינער פון צווייטן.

דער קאָנדוקטאָר, ווי שטענדיק, קומט אַרויף מיטן טומל: „בילעטי! בילעטי!" משהלע איז אויפן ערשטן פייער. ער גיט אים דאָס ביכל. דער קאָנדוקטאָר קוקט אויף דער פאָטאָגראַפיע און כאַפּט אַ בליק אויף משהלען. ער שרייט אויס: „דאָס ביכל איז געגנבעט! ניט דיינס!" און ער נעמט עס אַוועק. ס'נעמט אַ שטיקל צייט ביז ער קומט צום אַנדערן עק וואו נתן זיצט. ער שרייט: „בילעטי!" נתן גיט אים דאָס חודש־ביכל. ער גיט איין קוק און צעשרייט זיך: „געגנבעט!" און ער נעמט דאָס ביכל אַוועק פון אים. ביי דער קומענדיקער סטאַנציע גיט ער אַ פייף. ס'קומען אַרויף אַ פּאָליציאַנט מיט אַן אויבער־קאָנדוקטאָר. ער גיט אים אַוועק די צוויי ביכלעך און ווייזט אָן אויף די גנבים. מ'אַרעסטירט זיי. מ'פירט זיי אַראָפּ אויפן וואָקזאַל. דער אויבער־קאָנדוקטאָר האַלט די ביכלעך אין האַנט. נתן שרייט: „איך בין ניט קיין גנב! דאָס איז מיין ביכל, קוק! זע!" ער טוט אַ קוק אויף דער פאָטאָגראַפיע און פרעגט דעם נאָמען. נתן שטעלט זיך אַוועק ווי אַ זעל־נער, שטייף, שרייט אויס: „נתן מייכעמער!" דער אויבער־קאָנדוקטאָר גיט אים גלייך אַוועק דאָס ביכל. באַלד נעמט ער דאָס צווייטע ביכל און רופט אויס: „משה מישלער!" משהלע לויפט צו מיט אַ געשריי: „דאָס בין איך!"

דער אויבער־קאָנדוקטאָר ווערט בייז, שעלט, שרייט: „פּשא קרעוו, צום טייוול, ער מוז זיין שיכור". ער זאָגט איבער אַ טויזנט מאָל „פּשא קרעוו". דער פּאָליציאַנט ברענגט אים פון וואַגאָן. דער אויבער־קאָנדוקטאָר זידלט אים: „גיי, פּאַשע חזירים!" דער קאָנדוקטאָר שרייט: „אָלאַ באָגאַ!" ער צלמט זיך. ער גלייבט ניט זיינע אייגענע אויגן, ווען מ'ווייזט אים די ביכלעך. ער קלאַפּט זיך אין קאָפּ אַריין. דער אויבער־קאָנדוקטאָר לאָזט ניט אָפּ. ער זידלט: „פּשא קרעוו, דו שיכור, אויסוואורף!" ער בעט זיך ביי אים רחמים. „מער וועט אַזעלכעס ניט פּאַ־סירן", זאָגט ער צו.

זיין אורטייל איז: „שוין גייט אַלע צום וואַגאָן, ווייל די באַן גייט באַלד אָפּ". און דעם קאָנדוקטאָר זאָגט ער אָן: „געדענק! מער זאָלסטו זיי ניט באַליידיקן! זיי זיינען ערלעכע מענטשן! ניט קיין גנבים!"

זינט דעמאָלט האָבן משהלע און נתן געפירט אַ סך פּעקלעך אָן מורא, אָן שטערונג. משהלע דערציילט נתנען: „אַ גויע האָט געמסרט אַז מיר האָבן אַ סך פּעקלעך, האָט ער איר געזאָגט אַז מיר זיינען פּריווילעגירטע מענטשן".

## שטערן אין דער נאַכט

„זעסט״, זאָגט נתן מיט אַ שמייכל, „מ׳האָט אים אויסגעלערנט, ווייס ער אַז מיר זיינען פון די אתה בחרתנודיקע. געדענק! לא בחייל ולא בכוח כי אם ברוח. דער רבש״ע דאַרף נאָר געבן אַ גוטן געדאַנק. דאָס איז אונדזער בעסטער וואָפן״.

**דער שפּיליטער נתן מייכעמער ז״ל**

דאָס בילד איז גענומען אין זיינע לעצטע יאָרן אין קאַנאַדע



# גרשון ווענגראָווסקי

## צוריק פון יאַריד

ער באַגיסט זיך מיט אַ קאַלטן שווייס. עס וועקן אים די ווייטיקן פון דער נעכטיקער אָפּעראַציע. ער פילט ניט איין גליד אין זיין צעשניטענעם גוף. די שמערצן זיינען גרויסע.

ווי אויף צו להכעיס, שטראַלט די תמוזדיקע זון אַריין מיט אַ גרויסער שפע דורכן פענצטער, ווי זי וואָלט זיך רייצן מיט אים: „נו, סעם, די זעסט? פון דיינע אַלע פאַנטאַזיעס איז געבליבן גאָרניט. געוואָלט פאָרן, אַרומרייזן איבער דער וועלט, געוואָלט פאָרן זען ארץ־ישראל, און אפשר פאַרברענגען די לעצטע יאָרן אין אונדזער הייליקן לאַנד. אַצינד צוגעבונדן צו אַ בעט, אין אַ שפּיטאָל, מי־יודע אויף ווי לאַנג. פון אַלע געדאַנקען איז געבליבן בלויז אַ בענקעניש צו אַ גרויסן חלום...״

„הילף! הילף!״ שרייט סעם, „קראַנקן־שוועסטער!״ אַ קראַנקן־שוועסטער גיט אים אַן איינשפּריצונג. די שמערצן גייען אַוועק. ער הייבט אָן פילן בעסער. ער וויל פאַרמאַכן זיינע אויגן, שלאָפן. אָבער געדאַנקען פון חשבון־הנפש מאַטערן אים, לאָזן אים ניט רוען. זיינע אידישע רחמנותדיקע אויגן און זיין שמערצלעך פּנים זענען אַצינד געווענדט צו זיין שכן מיט דער יאַרמלקע פון שכנותדיקן בעט. מיט אַ שטילן ביטערן קרעכץ זאָגט ער: „אַלץ איז פאַרביי, דאָס גאַנצע לעבן מיינס איז אַוועק ווי אַ שלעכטער חלום. אַלץ איז פאַרפלויגן, פאַר־וויאַנעט״.

דאָ גייט ער אַריבער צו אַ הויכן טאָן. ער וויל דער שכן זאָל הערן. אַ גאַנץ לעבן געלעבט מיט פרעמדע! עס קלעמט דאָס האַרץ. עס ווילט זיך זען אַ נאָענטן ביי דעם קראַנקן־בעט, אַן אמתן נאָענטן, ניט אַ פאַלשן. געדאַנקען מאַטערן אָן אַ שיעור. ער פרעגט זיך: „ווי קומט עס צו מיר? אַ גאַנצן לעבן געהאַנדלט־גע־וואַנדלט מיט אַ וועלט. קיינער האָט מיך ניט געקענט אָפּנאַרן. און אַצינד, אין דעם בין־השמשות פון מיין לעבן, בין איך געוואויר געוואָרן ווי איך האָב זיך אַליין מיאוס אָפּגענאַרט. ווי קומט עס?״ ער זוכט די סיבה צו זיין טראַגעדיע.

סעמס געדאַנקען וואַנדערן אַצינד. זיי אַנטלויפן ווייט פון שפּיטאָל און דאָק־טוירים. זיי וואַנדערן אַוועק צו זיין יוגנט, צו זיין שורש, צו זיין בראשית. ער דערמאָנט זיך זיין ווייטע פאַרגאַנגענהייט, מיט 65 יאָר צוריק. זעקס יאָר איז ער דאַן אַלט געווען. ער שפּילט זיך מיט קינדערלעך פון זיין עלטער אין אַ הויף אין

# שטערן אין דער נאַכט

וואַרשע. ער געדענקט אפילו דעם נאָמען פון דער גאַס — נאַלעווקעס: „מיר יאָגן זיך, לויפן. איינער וויל איבעריאָגן דעם צווייטן. מיר פאַלן מידע און לויפן ווידער. יונגע הערצלעך קלאַפּן, דעכען, סאָפּען. ס׳איז געווען אַזוי שיין אין דרויסן. פלוצלינג קומט מיין עלטערער ברודער צולויפן מיט אַ געשריי: ,שמחה, קום אַהיים! מיר פאָרן קיין אַמעריקע. קום, מ׳דאַרף זיך איבערטאָן!״

כאָטש אַלץ איז אַזוי פאַרנעפּלט, ס׳איז דאָך געווען אַזוי לאַנג צוריק, דערציילט ער פאַר זיין שכן: „עס זעט אויס ווי אַ חלום. גראָד דער חלומדיקער נעפּל ווערט פאַר מיר אַ ליכט, וואָס ווייזט מיר דעם וועג אין מיין פינצטער לעבן. אַצינד ווייס איך שוין וואו איך באַלאַנג. ניט מער זיין מיט פרעמדע״.

דער שכן וויל וויסן די גאַנצע געשיכטע, ניט אָפּגעהאַקטע זאַצן. און סעם דערציילט: „פאַרשטייסט, מ׳איז אַ מאָל יונג געווען. איך האָב ניט געקליבן מיינע פריינד, אַ איד, אַ גוי, פאַרבראַכט מיינע טעג און נעכט אין די טאַנץ־זאַלן, באַקאַנט זיך מיט אַ קריסטלעך מיידל און חתונה געהאַט. ס׳זענען געקומען אויף דער וועלט קינדער און ס׳זענען שוין דאָ אייניקלעך. מיין ווייב האָט געפירט ניט בלויז די ווירטשאַפט אין הויז נאָר אַלץ. איך בין שטענדיק געווען פאַרנומען אויפן יאַריד. איך בין געווען גלייכגילטיק צו אַלץ וואָס קומט פאָר אין מיין הויז. געלעבט ווי אַ פרעמדער, וואָס צאָלט דירה־געלט. איך בין געווען גלייכגילטיק צו זען אַז מיין ווייב פאַרפעלט ניט קיין מאָל צו גיין זונטיק מיט די קינדער אין קירך. קיין אמתע אידן וועלן קינדער פון אַ קריסטלעכער מאַמע קיין מאָל ניט זיין — איז געווען מיין געדאַנק — טאָ זאָל זיין אַזוי, פאַרפאַלן, גוטע גויים״.

סעם דערפילט אַ שטאַרקע שטעכעניש. זיין שכן וויל אים העלפן. עס גייט פאַרביי און סעם דערציילט ווייטער: „דעם אמת זאָגנדיק, איך בין קיין מאָל ניט געגאַנגען מיט מיין ווייב אין קירך, נאָר איך האָב געוואַרט אויף דער גאַס. אַזוי איז געווען יעדן זונטיק. מיין ווייב און די קינדער זיינען אַריינגעגאַנגען אין דער קירך און איך האָב געזאָגט אַ תירוץ. די קינדער, ווען זיי זיינען געווען קליין, האָבן ניט געוואוסט און ניט פאַרשטאַנען. און מיין ווייב האָט געהאַלטן פאַר איר קריסטלעכן חוב ניט צו דערציילן פאַר וואָס איך שטיי אין דרויסן און גיי ניט אַריין. די קינדער האָבן ניט געוואוסט וועגן זייער גרויסן אומגליק. אָבער, ס׳איז געקומען אַ צייט, ווען זיי זיינען געוואויר געוואָרן אַז דער טאַטע איז אַ איד. וואָס פון די זעלבע קינדער איז געוואָרן! חיות — איז איידל גערעדט. דער טאַטע איז פאַר זיי אַ פאַרזעעניש, אַן אַנשיקעניש, אַ צרעת. אַזוי שרעקט זיי מיין אידישקייט״.

סעם באַטראַכט זיין שכן. ער זעט ביי אים אַ חומש, אַ סידור, און וויל וויסן צי ער דאַווענט יעדן טאָג. „נו, לאָמיר זען צי איך געדענק נאָך עפּעס עברי, וואָס מיין טאַטע האָט מיך געלערנט". ער נעמט דעם סידור אין האַנט אַריין און באַטראַכט אים פון אַלע זייטן. און ער זאָגט מיט אַ זיפץ: „אַלץ אַזוי פאַרוואַלקנט. שוין אַזוי לאַנג ניט געזען עפּעס פון אונדזערע הייליקע זאַכן. אונדזער גאַנצע משפחה איז אַנגעקומען קיין ניו־יאָרק. דאָ האָט מיין טאַטע ניט געקענט מאַכן אַ לעבן, האָט ער גענומען די משפחה און איז אַוועק אין אַ שטעטל, ווייט פון ניו־יאָרק. פּרנסה איז געווען, אָבער אידן און אידישקייט זיינען ניט געווען. מיר, די קינדער, זיינען אַוועק מיטן שטראָם, אָבער ניט דער טאַטע מיט דער מאַמען. זיי האָבן קיין טריפה ניט געגעסן. מיין טאַטע איז געווען דער, וואָס האָט געשאַפן אַ מנין אידן. מ'האָט געדאַווענט ביי אונדז אין שטוב שבת און יום־טוב. מיינע זינד דערצייל איך אַצינד. איך בין געווען אין אונדזער משפחה דער, וואָס איז דורכגעשפּרונגען דער ערשטער די באַריערע. איך האָב געהאַסט אַלץ וואָס קומט פון אידישקייט. איך האָב געגלייבט אין דער נייער סביבה. מ'דאַרף ניט אַלטע מנהגים. איך האָב זיך פאַרמאָסטן אויסצורייסן דעם בוים מיטן שטאָם, און אַ סוף.

„איך וואָלט וועגן אַלץ פאַרגעסן. אָבער פאַרבאַהאַלטענע כוחות האָבן מיך ניט געלאָזט פאַרגעסן. זיי האָבן מיר שטענדיק דערמאָנט וועגן בוים און שטאָם. איך פאַרגעס ניט טאַטע־מאַמע. איך היט אָפּ די יאָרצייטן, פאַסט יום־כיפּור. איך וויל אַצינד מאַכן אַ דראַסטישן שריט אויף צוריק. טאַקע שפּעט. ס'איז שוין נאָכן יאָריד. אָבער כל־זמן איך בין נאָך „דאָ", ניט אַוועקגעפאָרן פון מארק, זאָגט מען ביי אונדז אידן, קען נאָך קומען אַ גוטער קונה און אויסגלייכן דעם חשבון. איך וויל ווערן אַן אמתער איד, גיין אין מיין פאָטערס וועג".

„פון וואַנען זענט איר?" וויל סעם וויסן. „איך בין ניט קיין געבוירענער אַמעריקאַנער". „יאָ, דאָס פאַרשטיי איך. אָבער וואו געבוירן?" „אין פּוילן". „וואו אין פּוילן?" שטייט ער ניט אָפּ. „לעבן וואַרשע". „אַזוי? זענט איר דאָך עפּעס אַן אייגענער, אַ לאַנדסמאַן". „ווי רופט מען אייך?" „יאָסל". „איך בעט אייך, יאָסל! הערט, טאָמער מאַך איך צו די אויגן אויף אייביק, זאָלט איר זיין אַן עדות פון מיינע לעצטע ווערטער. איך בין אַ איד! איך וויל ליגן אויפן זעלבן בית־עולם, וואו ס'ליגט מיין טאַטע, אויפן בית־דוד, אין ברוקלין. געדענקט, טייערער לאַנדסמאַן! איך פאַרשטיי אַז איר ווייסט וואָס דאָס מיינט. ס'איז דאָך אַ גרויסע מצוה".

מיט אַלע כוחות זעצט ער זיך אויף און שטרעקט אויס די האַנט. יאָסל נעמט

## שטערן אין דער נאַכט

אַן זיין ביינערדיקע האַנט און זאָגט אים צו: „יאָ, איך וועל זאָגן, איך וועל זיין אַן עדות. ס׳איז אַ גרויסע מצווה, מ׳רופט עס ביי אידן ,חסד של אמת׳. אָבער זייט דערווייל געזונט, דערלעבט משיחן״.

יאָסל, פאַרנומען מיט זיינע אייגענע צרות, נעמט ניט אַראָפּ די אויגן פון דעם אַלטן. ער טראַכט: אָט דאָס איז אַ איד! — אפילו ווען ער פאַלט אַריין אין שאול תחתיה, וועט ער אָנווענדן ציין און נעגל אַרויסצוראַטעווען זיך פון דאָרטן. ער זעט אין אים אַ גרויסן בעל־תשובה. ער וויל שטאַרבן ווי אַ איד, זיין טויטער קערפּער זאָל זיין הייליק.

זינט יענעם טאָג זיינען סעם און יאָסל זייער נאָענט געוואָרן. סעם טוט אים פאַרטרויען זיין פאַרצווייפלונג, וואָס איז אַ פּועל יוצא פון דער פאַרגאַנגענהייט און דער מורא פאַר דער קעגנוואַרט. „די צוקונפט״, זאָגט ער מיט אַ זיפץ, „זעט אויס צו זיין זייער ניט קיין גוטע. מאַלע, וואָס מיין גויע קען אָפּטאָן! זי האָט דאָך מורא פאַר אַ איד און אידישקייט, פּונקט ווי פאַרן מלאך־המוות. בכדי צו פאַר־דעקן מיין אידישקייט פאַר די קינדער און אייניקלעך, וועט זי אָפּמעקן מיין אידישע פאַרגאַנגענהייט. די אייניקלעך זאָלן זיך ניט דאַרפן שעמען, אַז זיי האָבן געהאַט אַ ,גרענד־פאַ׳ אַ איד, וועט זי מיך לייגן אונטער אַ צלם״.

„אַזוי?״ וואונדערט זיך יאָסל. „יאָ, יאָסל, אַלץ קען געשען אין דער מדינה. ווער וועט זיך גיין שלאָגן פאַר מיר? איך האָב ניט קיין קרוב און גואל. כ׳בין אַליין, אַלע זיינען שוין אויסגעשטאָרבן, איז אַ צלם — און פּטור. יאָסל, מילא, וואָס ס׳איז געווען קען איך ניט כאַפּן צוריק. אָבער אַזעלכעס וויל איך אויס־מיידן. איך בין אַ איד! און אויף מיין מצבה, וויל איך, זאָל שטיין מיין נאָמען, וואָס מיין טאַטע האָט מיר געגעבן: שמחה, ניט סעם, שמחה בן שלמה״.

איין מאָל, אין אַ פרימאָרגן, ווען די קראַנקן־שוועסטער האָבן שוין געהאַט אָפּגעטאָן זייער אַרבעט, וואַשן, ראַמען, איבערציען דאָס בעטגעוואַנט, איז סעם געלעגן אין בעט אַן איבערגעטאָנער, אַן אָפּגעוואַשענער. ער האָט שוין ווינצי־קער געקרעכצט. ער האָט היינט געפילט בעסער. אָבער דער בלוט־בייטל איז נאָך אַלץ געהאַנגען אויפן אייזערנעם שטאַנג, געפּאָמפּעט בלוט אין זיינע אָדערן. פלוצעם האָט זיך אין דער אָפענער טיר באַוויזן זיין ווייב אין דער באַגלייטונג פון אַ גלח מיט אַ גרויסן צלם און אַ ווייסן שטייפן קראַגן. מיט אַ שעלמישן שמייכל זאָגט זי: „סעם! דו זעסט אויס אַ סך בעסער ווי דאָס לעצטע מאָל ווען איך האָב דיר געזען״. סעם שווייגט, ער רעדט ניט. די יסורים זיינען אַצינד

גרויס, גרעסער ווי בעת דער אָפּעראַציע. די צונג ווערט ביי אים אָפּגענומען. אַזוי געדויערט עס עטלעכע מינוט.

ווען ער קומט צו זיך, פרעגט ער מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם, שטיל (דער גלח זאָל ניט הערן): „פּאַטרישע! ווער איז דער מאַן?" „דאָס איז דער פּריסטער פון אונדזער קירך". „אַזוי? זינט ווען איז דאָס אונדזער קירך? אונדזער פּריסטער?" פרעגט סעם מיט טרערן אין די אויגן.

אין דער צייט ווען סעם פרעגט די האַרבע פראַגעס און פּאַטרישע שטאַמלט, ווייס ניט ווי אַזוי זיך צו פאַרענטפערן, שטייט שוין דער פּריסטער און פּרעפּלט, צלמט זיך. סעם שטאַרקט זיך און שרייט: „גיי אַוועק פון דאַנען!" דער פּריסטער, אַ צעטומלטער, פרעגט: „פאַר וואָס?" „שוין זאָלסטו אַרויס פון מיין צימער!" דער פּריסטער פרעגט ווידער: „פאַר וואָס?" פּאַטרישע וויל אים איינשטילן, זי שעמט זיך: „דער פּריסטער איז געקומען דיך באַזוכן און ווינטשן דו זאָלסט געשווינד געזונט ווערן. שריי ניט!" בעט זי זיך ביי אים. אָבער סעם שרייט: „אַרויס!" און ער כאַפּט דעם אייזערנעם שטאַנג. אַלץ רייסט זיך איבער. בלוט גיסט זיך אויפ'ן דיל. ער וויל אים שלאָגן מיטן אייזערנעם שטאַנג. יאָסל קומט דעם פּריסטער צו הילף. ער פאַרשטעלט אים און בעט אים ער זאָל גיין, ווייל סעם איז ניט קיין קריסט נאָר אַ איד.

דער פּריסטער פאַרלאָזט דאָס צימער מיט אַ טענה צו פּאַטרישן, פאַר וואָס זי האָט פאַרבאַהאַלטן זיין אידישקייט. דער טומל ווערט איינגעשטילט. די קראַנקן־שוועסטער אַרבעטן צוריקצושטעלן אַלץ ווי געווען, דאָס בלוט זאָל ווייטער פּאָמפּען. סעם קען זיך ניט באַרואיקן. ער שרייט צו יאָסלען: „דו האָסט אים געדאַרפט זאָגן, אַז מיין וויגעלע איז געשטאַנען אין וואַרשע. איך בין ניט קיין קירך־מענטש נאָר אַ איד פון אַ שול, אַ סינאַגאָגע. איך דאַרף אַ רב, ניט אַ פּריסטער".

אָבער אַ גאַנץ אַנדערער מענטש איז סעם געווען ווען ער האָט דערזען, אַ רב איז אַריינגעקומען אין זיין צימער. ער בעט יאָסלען צו שטעלן אַ בענקל לעבן זיין בעט, דער רב זאָל זיך זעצן. דער רב בעט אים ער זאָל זיך ניט אויפרעגן, רעדן געלאָסן, ער קען פאַראורזאַכן אַ בלוטשטורץ. „רבי! דאָס בלוט איז גאָר־ניט לגבי דעם בלוט וואָס רינט פון דאַנען! (און ער ווייזט אויפ'ן האַרץ) רבי, איך בין אַ זינדיקער מענטש! איך האָב זיך דערמאָנט אין אַלץ שוין גייענדיק צוריק פון יאַריד. איך האָב איינגעקויפט ניט די ריכטיקע סחורה. איך בין אַצינד אַן אָפּגעטריקנטער צווייג פון מיין בוים און פון מיין שטאַם. וואָס טוט מען, רבי?"

## שטערן אין דער נאַכט

דער רב גיט אים צו פאַרשטיין: „ווען אַ איד איז זיך מודה אין זיין זינד און ער געפינט דעם וועג אויף צוריק, איז ער ניט אַן אָפּגעטריקנטער צווייג. אַזאַ צווייג קען נאָך בליען..."



## בערל ציין אָדער יצחק נפּחא

איך האָב אַנומלט באַזוכט מיינעם אַ בן־עיר. באַלד, ביי דער טיר, שרייט ער אויס: „זע! קוק אויף דעם בילד! ער זעט ניט אויס ווי מיין פעטער יצחק פון די זאמדן, הינטער דער שטאָט?"

איך וויש אויס מיינע אויגן און קוק אויפן בילד. דאָס בילד וועקט ביי מיר אויף זייער אַ סך גוטע זכרונות. מיט אַ טיפן נשמה־ציטער זאָג איך: „יאָ, דאָס איז ער, יצחק דער שמיד אין זיין קוזניע, מיטן האַמער אויף דער קאָוואַדלע. איך געדענק אים זייער גוט".

„אַזוי? קוק אויף דער צווייטער זייט!" איך בין אַנטוישט. די צווייטע זייט דערציילט גאָר אַז ער הייסט בערל ציין פון ניישטאָט, לעבן וואַרשע. ער איז ניט אונדזער יצחק.

מיין פריינד דערציילט מיר: „ווען איך האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען דאָס בילד, האָב איך שעהן לאַנג געקוקט אויף אים. איך האָב אַלץ און אַלעמען פאַר־געסן. מיין פרייד איז געווען אין לשער. פאַרשטיי, פון מיין טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער, פעטערס, מומעס, קוזינען, פון דער גאַנצער גרויסער משפחה אין פוילן און פון אונדזער שטעטל האָב איך ניט קיין זכר, ווי אַנדערע האָבן. איך בין געבליבן ווי אַן אָפּגעהאַקטער בוים אין וואַלד, אַן אַ שטאַם. היטלער ימש"ו האָט אַלץ אָפּגעמעקט און אָפּגעווישט, אָן אַ סימן. איך האָב זיך אַרומגעטראָגן מיט ספקות וועגן שאַפן דורות און פלוצעם האָב איך באַקומען אַ בילד פון מיינס אַ פעטער, וואָס איך האָב אַזוי שטאַרק ליב געהאַט און געשעצט.

„מיין טאַטע, זאָל רוען אין גן־עדן, איז געווען אַ באַנק־זיצער, שטענדיק איבער אַ ספר. ער האָט געהאַנדלט אויפן מאַרק מיט עופות, אייער. אָבער געווען אַן אָרעמאַן אין זיבן פּאָלעס. שטענדיק אין חובות. דאָ געבאָרגט, דאָרטן

באַצאָלט. יצחק האָט אַלע מאָל געשטיצט זיין ברודער. אים איז געגאַנגען די פרנסה דורך טיר און טויער. פאַרשטייסט, אַ גוטער בעל־מלאכה, אי אַ שמיד און אי אַ סטעלמאַך. דיביידע מלאכות האָט ער גוט געקענט. ער האָט אויסגע־פּאַרטיקט אַ גאַנצן וואָגן. ביי זיין קוזניע האָבן שטענדיק געוואַרט וועגענער און פערד. דער מיט אַ צעבראָכענער ספּריכע, דער מיט אַן אַקס, דער מיט אַ פערד צו קאָוועז מיט פּאָטקעוועס. מיין פעטער יצחק האָט אַליין געקאָוועט די פערד. מורא געהאַט צו געטרויען זיין זון נפתלי. אַ פערד קען אַ מאָל ווערן ווילד.

„ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט אַ פערד האָט ער געלערנט נאָך אין די צייטן ווען ער האָט געדינט ביי פּאַניעז. ער איז געווען אַ גוטער רייטער. מיין פאָטער האָט זיך געמאַכט פאַר אַ בעל מום, בכדי ניט צו גיין דינען ביי פּאַניעז. אָבער יצחק איז געווען אַ סאָלדאַט, געקומען אַהיים, ניט געדאַרפט פאָרן קיין אַמעריקע, זוכן פּרנסה. געעפנט אַ קוזניע און פּרנסה איז געווען לרוב. אונטער־געשטיצט אַנדערע. ,מלאכה איז מלוכה׳, האָט מען געזאָגט. און אַזוי איז געווען זיין הויז — ממש אַ מלוכה, פון אַלעם גוטן. אונטערגעשטיצט אַ סך אידן בני־תורה.

„ער האָט אַ סך געשטיצט ר׳ דודלען, דעם רבין פון דער חברה ,עין יעקב׳. מנחה־צייט געלאָזט אַלץ שטיין, פאַרמאַכט די קוזניע, געלאָפן מיט זיין זון נפתלי צו מנחה אין בית־המדרש אַריין. ער איז געווען פון די ערשטע בעלי־תפילות אויסצושרייען מיט זיין ריינער, שטאַרקער שטימע ,אשרי יושבי ביתך׳.

„נאָך מנחה זעצן זיך אידן ביי דעם חלבן טיש לערנען ,עין יעקב׳. יצחק און נפתלי פאַרנעמען די ערשטע ערטער לעבן ר׳ דודלען און הערן יעדעס וואָרט, וואָס ר׳ דודל לערנט. ר׳ דודל פלעגט שטענדיק בעטן אידן: ,הערט, הערט! די אויערן זיינען די טויערן פון שכל׳. און דער עולם האָט טאַקע געהערט זיין לערנען. דער כבוד און דרך־ארץ פאַר ר׳ דודלען זיינען געווען זייער גרויס.

„אַ גאַנצן טאָג מיטן האַמער און קאָוואַדלע, פאַרקאָפּטשעט, פאַרסמאַליעט, לעבן בלאַזזאַק, פלעגט ער איבערחזרן מיט נפתלין די שיינע אגדות פון ,עין־יעקב׳, וואָס זיי האָבן געהערט פון זייער רבין ר׳ דודל. און יצחק האָט געהאַט טענות צו זיך אַליין, פאַר וואָס ער האָט יונגערהייט ניט געוואָלט לערנען, און ער האָט געעצהט זיין זון נפתלי ניט צו פאַרפעלן דאָס לערנען פון ר׳ דודלען.

„נפתלי איז ניט געווען פאַרזיכטיק ביים אָננעמען מיט דער צוואַנג אַ ברענענדיק שטיק אייזן, און דאָס אייזן פאַלט אים אַראָפּ אויפן פוס. יצחק שטייט איבער אים און העלפט אים מיט פאַרשיידענע מיטלען צו לינדערן זיינע ווייטיקן.

# שטערן אין דער נאַכט

„אוי, מיין טייערער זון!״ קרעכצט יצחק. „ווען דו וואָלסט נעכטן געווען ביים לערנען, וואָלסטו צו דעם ניט געקומען. איך זאָג דיר, ר׳ דודל איז אַ שטיק גאָלד. אַזאַ דראָבנע מענטשעלע, הויט און ביינער, אָבער זיין קאָפּ איז אַ שאַנק מיט ספרים, אָנגעשטאָפּט מיט תורה און חכמה. פונקט ווי ער וואָלט יאָרן לאַנג געשטאַנען אין אַ קוזניע, אַזוי ווייס ער אַלץ וואָס דאָ טוט זיך. ער האָט פאַר־טייטשט אַ פּסוק אין ירמיהו כ״ג: ,הלוא כה דברי כאש נאם ה׳, ופטיש יפצץ סלע. אידן און די תורה פאַרגלייכט מען אָפּטמאָל צו פייער׳. נו, ווענדט ער זיך צו מיר און זאָגט: ,מיר האָבן דאָך דאָ אַ ר׳ יצחק נפחא! אדרבה, זאָל ער זאָגן וואָס פייער קען אויפטאָן און וואָס פייער קען צעשטערן, פאַרניכטן. אויב מ׳איז ניט פאַר־זיכטיק, ח״ו. מיט פייער באַקט מען און מ׳קאָכט, און ווינטער וואַרעמט מען זיך ביים פייער. קען מען זיך פאָרשטעלן די וועלט אָן פייער? אַזוי קען ניט די וועלט זיין אָן תורה, און אַז מען פאַרטשעפּעט זיך מיט דער תורה, קען פון אַ פונק ווערן אַ גרויס פייער׳ און ער טייטשט אויס אַ צווייטן פּסוק: ,והיה בית יעקב אש. ר׳ יצחק זאָגט דעם עולם אַז ס׳איז ניטאָ קיין פונק, קען מען בלאָזן און בלאָזן מיטן בלאָזזאַק און ס׳וועט גאָרניט אַרויסקומען פון בלאָזן. דאָס זעלבע איז: אויב ביי אַ אידן געפינט זיך אַ פונק, קען פון דעם פונק ווערן אַ גרויס פייער, און מ׳דאַרף גאָרניט מורא האָבן פאַר עשון — ,ובית עשו לקש׳; עשו ווערט שטרוי׳. נו, נפתלי ווען דו הערסט נעכטן אַזאַ תורה, וואָלסטו היינט געווען פאַר־זיכטיקער . . .

„אוי טאַטעו!׳ קרעצט נפתלי. ,אַזאַ אומגליק אין אַזאַ צייט ווען מ׳דאַרף זיך צוגרייטן צו אַ סיום־הספר. מ׳האָלט שוין ביי אַ סיום־הספר, און דער סיום וועט זיין גאָר אין קורצן. איך בין דאָך גבאי פון דער חברה „עין יעקב״. איך האָב פאַר־שפּעטיקט דאָס לערנען, ווייל איך בין געווען ביי דעם סופר און אַרומגערעדט די פאַרשיידענע אַנגעלעגנהייטן פון סיום־הספר. מ׳האָט באַשטימט די צייט פון סיום אויף דעם קומענדיקן ראש־חודש. דאָס טאָר ניט זיין אַזוי פּשוט. מ׳דאַרף אַ פּאַראַד מיט מוזיק אַריינצוברענגען די ספר־תורה אין שול אַריין. איך האָב שוין באַשטעלט אַ באַרימטע קאַפּעליע מיט פּויקן, טאַצן און פידלערס צו באַשיינען די שמחה. מ׳וועט טראָגן די ספר־תורה פון אונדזער הויז דורך דער מאַרק־גאַס צו דער שול׳.

„יצחק איז פול מיט התפעלות פון נפתליס גרייטקייט צום סיום. ,אָבער דער פוס, דער פוס!׳ שרייט אַצינד נפתלי.

„יצחק טרייסט אים: ,ביז ראש־חודש, מיין זון, איז נאָך אַ קימא לן פון דריי

וואָכן. דער רבש״ע וועט העלפן, און דו, מיין זון, וועסט נאָך טראָגן די ספר־תורה און טאַנצן׳.

„יצחק ווייזט אים שטיל געלאָסן זיין אַרבעט. ,זע, מיין זון, וואָס דיין טאַטע קען׳. ער ווייזט אים צוויי עץ־חיימס אויסגעשניצטע און אויף די עץ חיימס זענען אויסגראַווירט די נעמען פון נפתלים ביידע זיידעס. ,יאָ, מיין זון! זאָל מען וויסן אַז דיין טאַטע איז ניט בלויז אַ שמיד נאָר ער קען אויך אויסשניצן און אויס־גראַווירן עץ חיימס צו אַ ספר תורה!׳ — נפתלי פאַרגעסט די ווייטיקן און שרייט אויס: ,טאַטע! איך בין שטאָלץ מיט דיר!׳ער קושט פון שמחה די עץ חיימס״.

מיין בן־עיר דערציילט: „איך בין דאָך געווען ביי מיין פעטער אַ גאַנצער בן־בית. פאַרשטייסט, אַרעמקייט, שלעכטע אומשטענדן פון דער צייט. איך האָב דאָן געוואָלט ווערן אַ שמיד. געדענק איך דעם ראש־חודש פון דעם סיום־הספר. באַלד אין דער פרי האָט מיין מומע זעלדע שוין געהאַט אָפּגעקאָכט פיש און אָפּ־געבאַקן קוכן פאַר אַ פאָלק סאָלדאַטן. די קאַפּעליע איז שוין געשטאַנען אין דרויסן, לעבן דער קוזניע. נפתלי האָט שוין געפילט אַ סך בעסער. ער איז שוין געגאַנגען אַן דער הילף פון אַ שטעקן. די זון האָט געשיינט. געווען אַ זומער־טאָג. דער שמש ברענגט די חופה. אַלע וואַרטן. די קאַפּעליע האָט שוין געהאַט גענומען איין כוסע און נאָך אַ כוסע. און מיין פעטער איז ניטאָ. מ׳וואַרט אויפן פעטער. איך לויף אים זוכן.

„איך געפין מיין פעטער ביי זיין חבר שיע דער בעל־עגלה. זיי טוען זיך איבער אין גענעראַלסקע מונדירן. מ׳זאָגט מיר: ,גיי שנעל, זאָג אַז מיר קומען שוין׳. זיי זענען געקומען צו רייטן אויף צוויי יונגע קאַוואַלעריע־פערד, ממש ווי לייבן, זיך געשטעלט אין פראָנט פון דער קאַפּעליע, און אויפגעהויבן די גאָלע שווערדן אין דער לופט. דאָס איז געווען אַ סימן אַז דער פאַראַד הייבט זיך אָן. דער צימבל פון די פויקן, באַגלייט מיט די טאַצן, האָט אויפגעוועקט דאָס גאַנצע שטעטל, אַלע געשטעלט אויף די פיס. יונג און אַלט האָבן זיך אָנגעשלאָסן אין דעם פאַראַד. מיין פעטער יצחק און זיין חבר שיע האָבן אַרויסגעוויזן גרויס טאַלאַנט ווי אמתע גענעראַלן. די גויים זיינען געשטאַנען ווי געפלעפט פון זייער פאַכמענערישקייט אין רייטן. די מומע זעלדע ווישט די אויגן פון טרערן. אָט זעט זי אַזאַ נחת: איר זון נפתלי, אָנגעטאָן אין שבתדיקן לבוש, טראָגט די ספר־תורה אונטער דער חופה צווישן ר׳ דודלען און דעם רב פון דער שטאָט. מיין יונג האַרץ האָט געקוואָלן פון פרייד צו קוקן אויף מיין פעטער דעם שמיד, דעם סטעלמאַך, דעם שניצער פון די עץ־חיימס, און דעם — גענעראַל.

# שטערן אין דער נאַכט

„האַלטנדיק דאָס בילד, זע איך אַלץ אַזוי קלאָר: מיין פעטער, טאַטע־מאַמע, שוועסטער, ברידער. איך דריק דאָס בילד צו מיין האַרץ און איך שלאָף איין מיט אַ זיסן חלום: איך בין אין מיין שטעטל. אַלע פרייען זיך מיטן אַמעריקאַנער. מיין פעטער פירט דורך אַ שידוך מיט מיר. ס׳ווערט מקויים מיין אייביקער טרוים: ,איך וועל פאָרן חתונה האָבן...׳ די חתונה קומט פאָר מיט גרויס פּאָמפּע און פּראַכט. איך בין גליקלעך. איך פאָר צוריק קיין אַמעריקע מיטן ציל צו בויען אַ היים און שאַפן דורות. מיין מאַמע האַלט מיך אַזוי שטאַרק און קושט מיך, זי וויינט און שרייט הויך: ,מיין זון, פאַרגעס ניט אין אונדז!׳ איר געוויין שפּאַלט הימלען. איך וויש אָפּ די טרערן פון דער מאַמען און איך שריי הויך אויפן קול: ,איך וועל ניט פאַרגעסן!׳ און דאָס געשריי וועקט מיך אויף.

„און אָט קוק איך אויף דער צווייטער זייט. איך בין אַנטוישט. ניט מיין פעטער איז דאָס נאָר בערל ציון. איך בין ניט אין מיין שטעטל נאָר דאָ, אויפן וואָקזאַל, אין ניו־יאָרק, וואו מען פאָרט היין און צוריק, אָן פריינט, אַליין, אָן אַלע־מען..."

„אַזוי האָבן זיי אַלע אויסגעזען, מיינע פעטערס, דיינע פעטערס, אַזוי ווי בערל ציון", קלער איך אים אויף. „זייערע וועגן צו פּרנסה האָבן זיך פונאַנדער־געשיידט: איינער אַ שוסטער, אַ צווייטער אַ שניידער, אַ דריטער אַ שמיד, אָבער איין וועג האָט זיי אַלעמען פאַראייניקט: איד און אידישקייט. אַזוי האָט געמוזט אויסזען דער ריכטיקער ר׳ יצחק נפחא, אַזוי ווי דער בערל ציון".

„אָבער זאָג מיר, וואָס איז דער זיסער חלום וואָס דו האָסט געהאַט?"

„פאַרשטייסט, איך האָב געזען מיין מאַמע וויינען. דער מאַמעס טרערן וואַשן די נשמה און היילן דעם גוף. שלעכט איז אַז מ׳קען ניט זען דער מאַמעס טרערן".



# שטערן אין דער נאַכט

## חיימקע מאַכט אַ טעות מיט דער סטאַנציע

אַ הויכער, אַ שטאַרקער, פול מיט פלייס און ברען, טוט אַ פּאַל אַוועק פּונקט ווי אַ בוים אין אַ שטורעם, שוין געגנוג געלעבט, און לאָזט איבער אַ זון חיים, 13 יאָר אַלט, אַליין, אָן אַ מאַמען, אָן אַ משפּחה, אָן אַ גואל, אַליין אין דער גרויסער רוסלאַנד.

די מאַמע האָט חיימקע געהאַט פאַרלוירן נאָך אין וואַרשע, אין די טרויעריקע ערשטע פיר וואָכן פון דער מלחמה, ווען וואַרשע איז געווען אַרומגערינגלט און איז געוואָרן באָמבאַדירט טאָג און נאַכט. זייער שטוב האָט זיך געהאַט אויסגעליידיקט פון עפּעס וואָס קען דערהאַלטן די נשמה. איז זי געגאַנגען זוכן. אפשר וועט זי קענען קויפן אַ שטיקל ברויט. ס'האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט. זי איז ניט געקומען צוריק. די נאַכט פאַלט צו. זי איז אַלץ ניט געקומען. לויפט נאָטע איר זוכן און געפינט זיין ווייב בלומע, ניט ווייט פון זייער הויז, ליגן אויפן טראָטואַר טויט. לעבן איר איז געלעגן אַ פּושקע מיט אוגערקעס, וואָס זי האָט איינגעהאַנדלט פון מענטשן, וואָס האָבן פאַרקויפט דאָס איבערגעבליבענע פון אַ פייער.

באַלד נאָך דעם ווי דער שטאָט־פּרעזידענט פון וואַרשע סטאַזשינסקי גיט איבער וואַרשע צו די דייטשן און די שטאָט ווערט אָפּן, נעמט נאָטע זיין איינציקן זון חיים און לויפט מיט אים פון וואַרשע. ער קומט קיין ביאַליסטאָק, צו די רוסן.

אין ביאַליסטאָק פאַרשרייבט מען מענטשן אויף אַרבעט, צו שיקן קיין טיף רוסלאַנד. נאָטע פאַרשרייבט זיך. ער זאָגט: „איך וויל זיין וואָס ווייטער פון די דייטשן״.

ער קומט קיין טשעלאַבינסק. ס'איז שוין דאָרטן גוט קאַלט. ער באַזאָרגט חיימקען מיט וואַלינקעס און וואַרעמע מלבושים. ער איז אָבער ניט צופרידן מיט דעם וואָס ער טוט פאַר זיין זון. ס'איז ניט גוט, דוכט זיך אים: „ווען מיין בלומע איז דאָ מיט אונדז, וואָלט געווען גאָר אַנדערש״. חיימקע דערהערט זיין מאַמעס נאָמען און זיין פּנימל ווערט בלייך. זיינע שוואַרצע אויגן פאַרלויפן מיט טרערן. ער דערציילט אַלעמען וואָס ס'האָט פּאַסירט מיט זיין מאַמעשי, ווי אַזוי זי איז אומגעקומען.

חיימקע בלייבט אָן אַ טאַטן. גוטע שכנים האָבן אויף אים רחמנות און נעמען

אים אַריין צו זיך. דאָס האַרץ טוט וויי צו קוקן אויף דעם יתום. זיין רעדן און וויינען שניידן הימלען. עס נעמט אַ שטיק צייט ביז חיימל באַרואיקט זיך.

זיין היים איז ניט ווייט פון אַ באַזאַר. מיט דער צייט טוט ער אָנהייבן צו קומען אויפן באַזאַר. דער באַזאַר איז פאַר אים אַ נייע וועלט. ער זעט: מ׳קויפט און מ׳פאַרקויפט שיך, הויזן. ער ווערט דאָרט אַן אָפטער באַזוכער. ער ווייס שוין אַצינד די פרייזן פון אַ פּאָר שטיוול ביז אַ העמד אויפן לייב. עס לויפט אים דורך אַ מוראדיקער געדאַנק: אפשר זאָל ער פאַרקויפן דעם טאַטנס שטיוול, ווייל אַנטאָן זיי — זענען זיי צו גרויס. פאַראַן אויך אַ חשש אַז מ׳קען זיי צו גנבענען. ער איז דאָך ביי פרעמדע מענטשן. ווער ווייס? ער וויל אָבער גלייך פאַרגעסן פון דעם געדאַנק. ניין, ער וועט ניט פאַרקויפן.

אָבער וואָס וועט פאַרט זיין? „די שטיוול וועלן פאַרטריקנט ווערן״, טענהן די מענטשן וואָס חיימל וואוינט ביי זיי. מיט אַ שווער האַרץ נעמט חיימל די שטיוול צום באַזאַר. דער ערשטער קונה מיט אַ געניטן בליק זעט אַלץ. ער זעט לעדערנע זוילן, גוטע לעדער, ניט רוסישע, פּוילישע שטיוול. ער פרעגט אים אַ פּרייז. גלייכצייטיק טוט ער אַ טאַפּ די קורטקע, וואָס ער טראָגט פון טאַטן, מיט די לאַנגע אַרבל. ער וויל וויסן צי ער וויל דאָס פאַרקויפן. מיט עקל טוט ער אַ קוק אויפן פאַרשוין, וואָס וויל אים אויסטאָן נאַקעט פאַר די פּאָר רובל. ער זאָגט אים דעם פרייז פון די שטיוול. אין מינוטן זענען די שטיוול פאַרקויפט. מיטן קאָפּ געבויגן, פול מיט ווייטיק אין זיין האַרץ, גייט חיימל אַוועק פון באַזאַר.

מיט דער צייט לערנט חיימל אַז קויפן קויפט מען אויפן באַזאַר און מ׳פאַר־קויפט אויפן באַזאַר. אין לאַראַק (געוועלב) גיט מען. דאָס געלט האָט ניט קיין חשיבות. און אַזוי ווייס ער טאָקע אַוואו מ׳גיט היינט צוקער און וואו מ׳גיט לאָקשן. גאַנץ פרי שטעלט ער זיך אין דער ריי צום לאַראַק. און ווען ער באַקומט עפּעס, לויפט ער און פאַרקויפט עס אויפן באַזאַר.

ער לעבט שוין אַצינד אינגאַנצן מיטן באַזאַר. אָבער ער געדענקט גאַנץ גוט וואָס זיין טאַטע האָט אים געזאָגט און געלערנט: „חיימל, געדענק!״ זאָגט ער איין מאָל צו אים. „מיר זיצן נאָך אויף דער באַן. צו אונדזער סטאַנציע זענען מיר נאָך ניט געקומען. אין דעם לאַנד ווערט אַ סך געזען און אַ סך געהערט, אָבער גאָרניט געגרעדט! דו זעסט די ווערטער, וואָס שרייען אַראָפּ פון די ווענט: ,דער וואָס אַרבעט עסט׳. דאָס איז פּונקט פאַרקערט. דער וואָס אַרבעט הונגערט און גייט אָנגעטאָן אין שמאַטעס. דו זעסט דעם האַמער און סערפּ, דעם סימבאָל פון ראַטן־פאַרבאַנד? דאָס דאַרף באַדייטן: דער אַרבעטער מיטן פּויער זענען

שותּפים. זעסטו, דאָס איז אמת.ביידע פאַרדינען ניט אויפן שטיקל ברויט. ביידע שטייען אין די רייען פאַר ברויט. שותּפים — ביידע טראָגן טראַנטעס. ניטאָ קיין לייטישער מלבוש. דאָ, אין דעם לאַנד, קען מען אַצינד פאַרשטיין דעם תּנא אין פּרקי אבות, אַז דער וואָס זאָגט ,שלי שלך, שלך שלי — איז אַן עם הארץ׳. ביי די שותּפים וועט שטענדיק זיין די פראַגע: מיין ברויט, מיינע קאַרטאָפל, און ס׳וועט קיין מאָל ניט זיין. אָבער, מיין קינד, מ׳דאַרף איבערהאַלטן דאָ די פינצטערע מלחמה. טאָ געדענק צו האַלטן דאָס מויל פאַרשלאָסן. טורמע דאָ מיינט טויט״.

ער רעדט טאַקע ניט. ער לייענט אַראָפּ פון יעדן פּנים זיין שטומע שפּראַך. ער שאָפּט זיך איין זיין לעבנס־מיטל פּונקט ווי די חיה מיט אירע אינסטינקטן. ער מיידט אויס אַ געפאַר אַ שטיק צייט פריער איידער זי קומט. אויפן באַזאַר קען ער שוין אַלעמען, אַלע עלטסטע מיט די קנעפּלעך לויטן ראַנג. אַזוי ווייס ער ווער עס נעמט אַ פּלעשל, און ווער סתּם אַ מתּן בסתר. ער איז שנעל און שאַרף. ער זעט אַרבעטער שלעפּן, טראָגן ציגל און צעמענט. „זעסטו!״ זאָגט מען אים, „אַזוי בויט מען אַ זאַוואָד (פאַבריק) און אַזוי בויט מען דעם סאָציאַליזם פאַר די מענטשן פון ראַטן־פאַרבאַנד״. ער וויל זאָגן פאַרקערט: מ׳בויט די מענטשן פאַר דעם סאָציאַליזם. דער סאָציאַליזם וועט דאָ קיין מאָל ניט זיין. דער זאַוואָד דינט ניט דאָס פאָלק, נעמט ניט אין אַכט דאָס לעבן פון דער מאַסע נאָר פון דער פּאַרטיי. אָבער וויכטיק איז דער געדאַנק אַז מ׳טאָר ניט רעדן, מ׳דאַרף דורכ־פאָרן מיט דער באַן די סטאַנציע וואָס הייסט סאָציאַליזם, אָדער, ווי זיי רופן עס, קאָמוניזם. און אַזוי האָפט ער און וואַרט די מלחמה זאָל זיך ענדיקן און ער וועט קענען פאָרן מיט דער באַן ווייטער.

אין 1946, ווען רוסלאַנד לאָזט אַרויס די פּוילישע אידן, קומט חיימקע קיין וואַרשע, און דאָ, אין וואַרשע, זיין געבוירן־שטאָט, דערזעט ער דאָס מוראדיקע בילד: אַלץ פאַרברענט. ניטאָ זיין גאַס נאַלעווקעס. פּוסט און וויסט, צעשטערט. ער האָט ניט מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן. ער נעכטיקט אין דער פאַרשטאָט פּראַגע, מיט אידן, איבערגעלעבטע אין די וועלדער, וואָס זיצן אַצינד אויף די פּעקלעך, כּדי צו פאָרן ווייטער. זיי דערציילן וועגן חורבן פּוילן. יעדער איינער דערציילט זיינע שרעקלעכע איבערלעבענישן ביי די פאַלאַקן. דער אַלגעמיינער געדאַנק איז, אַז די דייטשן האָבן געפונען אין די פאַלאַקן די אויספירער פון זייער געזעץ. דעריבער איז דער חורבן דאָ אַזוי גרויס. מ׳טאָר ניט זיין דאָ, אויף דער פּוילישער ערד. מ׳דאַרף פאָרן ווייטער. חיימקע פאַראייניקט זיך מיט די

אידן. מ׳גנבעט גרעניצן. די באַן פאָרט ווייטער און חיימקע קומט אָן קיין דייטש־לאַנד, אין די „די. פּי. קעמפּס״.

אין דעם טומל פון די פאַרשידענע לשונות און דיאַלעקטן, וואָס אידן האָבן גערעדט אין די „די. פּי. קעמפּס״, וואו ס׳האָט געהערשט אַן אמתדיקע פרייהייט פון וואָרט, הערט מען אַן אויסגעשריי: „יאָסעלע!״ דאָס האָט חיימל געפונען אַ חבר פון וואַרשע. שכנים געווען, געגאַנגען אין חדר צואַמען. און אַצינד גייט אַוועק אַ שמועס אין אַ וואַרשעווער געשמאַקן אידיש. חיימל דערציילט וועגן זיין מאַמעשי און טאַטעשי, ווי אַזוי זיי זענען אומגעקומען. און יאָסעלע זאָגט: „הלוואי וואָלט איך עפּעס געוואוסט. איך ווייס גאָרניט״. און ער דערציילט אים זיינע איבערלעבענישן אין די היטלעריסטישע קאָנצענטראַציע־לאַגערן.

חיימקען איז דאָס געווען כמעט ניט באַקאַנט. קודם כל, מען האָט ניט דער־מאָנט אין רוסלאַנד אידן, נאָר מ׳האָט דאָס אומגליק פאַראַלגעמיינערט. מ׳האָט געשריבן „סאָוועטישע בירגער״. אַזוי קלערט אים אויף חיימקע די סיבה פון זיין ניט וויסן. און אַחוץ דעם איז מען געווען פאַרנומען פון אינדערפרי ביז נאַכט מיטן עסן. שטענדיק איז געווען די פראַגע: וואָס וועל איך עסן? די גאַנצע זאָרג פון דעם מענטש דאָרט איז נאָר עסן, און עפּעס אָנצוטאָן אויפן לייב. און איינער האָט מורא צו רעדן פאַר דעם צווייטן אַ פריי וואָרט, צו פרעגן עפּעס, וואָס האָט ניט קיין שייכות צום עסן.

אַזוי האָבן געלעבט די צוויי חברים, געטאָן זיך שטענדיק דערמאָנען אין דער גרויזאַמער פאַרגאַנגענהייט און געהאָפט צו פאָרן בויען אַ ניי לעבן אין ישראל.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען געלאָזט חיימקען וויסן אַז אַ טאַנטע פון אַמעריקע זוכט אים. די טאַנטע שיקט אים אַרויס פּאַפּירן צו קומען קיין אַמעריקע. יאָסעלע בעט זיך ביי חיימקען: „פאָר ניט קיין אַמעריקע! אַמעריקע איז ניט פאַר דיר. לאָמיר פאָרן צוזאַמען קיין ישראל. דאָרטן וועלן מיר זען אַ אידישן קאָמאַנדיר, אַ אידישן זעלנער. לאָמיר פאָרן אין אונדזער לאַנד! שוין געווען גענוג אין גלות״. אָבער חיימל קען ניט ביישטיין דעם רייץ פון דעם גרויסן אַמעריקע. און די צוויי חברים צעשיידן זיך. יאָסעלע פאָרט קיין ישראל און חיימל קיין אַמעריקע, צו זיין טאַנטע אין לאָנג איילענד (ניו־יאָרק).

ביי זיין טאַנטע אין לאָנג איילענד הייבט ער אָן צו ליידן פון אַ שרעקלעכן אומעט. אָן אַ פריינד, אָן אַ שפּראַך, ער איז שטאַרק איינזאַם. די איינזאַמקייט

# שטערן אין דער נאַכט

עסט אים אויף לעבעדיקערהייט. אין דער מעטאַל־פאַבריק, וואו ער אַרבעט, דוכט זיך אים אַז יעדער איינער רעדט וועגן אים. ער גייט אויס נאָך אַ פריינד.

זוכנדיק אַ פריינד, באַקאַנט ער זיך מיט אַ משפחה, וואָס רעדט אידיש און פויליש. אין דער משפחה איז דאָ אַ טאָכטער אסתר אין זיין עלטער. ער ווערט זייער נאָענט צו אסתרן און זיין אומעט פאַרשווינדט. ער פילט זיך גליקלעך אין איר געזעלשאַפט. ער טרוימט אַ סך וועגן איר.

איינמאָל, אין אַן ערנסטן געשפּרעך מיט אסתרן, לייגט ער איר פאָר חתונה האָבן און פאָרן זיך באַזעצן אין ישראל. אסתר הערט „ישראל", שרייט זי: „וואָס? ישראל? אַ לאַנד וואו מען פייניקט די אָרעמע אַראַבער? מ'האָט זיי אַרויס־געטריבן פון זייערע היימען. איך וועל קיין מאָל ניט מסכים זיין צו לעבן אין אַזאַ לאַנד פון טעראָר!"

חיימקע הערט אַזעלכע ווערטער: פאַשיזם, ראַסיזם, שאָוויניזם — אויף ישראל, וואָס אפילו אין רוסלאַנד האָט ער אַזעלכע ניט געהערט. דאָ, אין אַמעריקע, זאָל אַ אידיש קינד אין אידיש אַרויסקומען מיט אַזעלכע נעמען אויף זיין טייער און הייליק ישראל! ער טוט אָנהייבן צו פאַרשטיין אַז איר טאַטע מאַקס מוז אויך אַזוי רעדן. אין זיינע געדאַנקען בליצן אויף רוסלאַנד, קאָמוניזם. אוי! וואו איז ער אַריין? ער האָט באַקומען אַ געפיל ווי איינער, וואָס חלומט אַ שיינעם חלום, און אָט גיט מען אים איבערן קאָפּ מיט אַ שאַרפער זאַך. מ'וועקט אים אויף און דער חלום ווערט צעשטערט. מיט אַ שטילן „גוטע נאַכט" גייט ער אַ היים צו דער טאַנטע. ער דערפילט אַ מידקייט אין די גלידער. ער באַגערט שטילקייט און רו. ער וויל זיין מיט זיך אַליין. ער עפנט דאָס פענצטער. עס אַנטפּלעקט זיך פאַר אים אַ שיינער, בלויער הימל, אָן אַ וואָלקן. אַ קיל ווינטל גלעט זיין פנים. אָט קוקט ער אויפן בוים, וואָס שטייט לעבן הויז, ווי שיין ער טוט בליען. אַלץ אַרום האָט זיך צעגרינט. אויף דער וועלט איז היינט פרילינג. ער טראַכט: די נאַטור איז אומעטום די זעלבע. נאָר די מענטשן מיט זייערע חיהשע אינסטינקטן פאַר־מיאוסן די וועלט. האָט ניט די לבנה געלויכטן איבער מיין מאַמעס פנים, וואו מ'האָט געקענט זען דאָס ריטשקעלע בלוט פון מויל, און דער הימל לויטער קלאָר אַזוי ווי אַצינד?

שפּעט ביינאַכט, פאַרן איינשלאָפן, שווימט אים פאַרביי זיין פאַרגאַנגענ־הייט. ער רירט אָן מיטן דמיון אַלע סצענעס פון זיין יונג לעבן. ער זעט זיין טאַטעשי און מאַמעשי. ער זעט זיין חבר יאָסעלע. ער הערט אים ווי ער שרייט: „פאָר ניט קיין אַמעריקע! אַמעריקע איז ניט פאַר דיר!"

אַ געדאַנק לויפט אים דורך: ער וועט פאַרלאָזן די טאַנטע, און אַלעמען, און פאָרן קיין ישראל. אָבער ס'איז אים שווער באַלד אַנצונעמען אַזאַ באַשלוס. ס'איז דאָך פאָרט דאָס פאַרכישופטע אַמעריקע. אויפצומאָרגנס, ביי אַ וויכוח מיט מאַקסן און זיינע פריינד וועגן ישראל, סאָציאַליזם, קאַפּיטאַליזם, ווייזט חיימקע זיין שטאַרקע קעגנערשאַפט צו זייערע געדאַנקען און זאָגט: „אין רוסלאַנד וועט איר ניט געפינען אַ איד, וואָס זאָל מסכים זיין מיט אייך". ער פרעגט: „פאַר וואָס האָט אַמעריקע פון כל טוב, אַזאַ שפע, און אין רוסלאַנד איז פאַרקערט?" ער וואַרט ניט אויף אַן ענטפער און זאָגט: „ווייל דער מענטש דאָ איז פריי! וואָס טויזנט קנעכט קענען ניט דערגרייכן מיט שווערער אַרבעט וועלן צען פרייע מענטשן טאָן אַן שווערקייטן".

אָט דאָ האָט ער אַנגערירט אַ הינער־אויג. „וואָס הייסטו!" שרייט מאַקס. וואָסער שפע זעסטו אין אַמעריקע? איך וועל דיר ווייזן אין אַמעריקע אָרעמ־קייט, גרויסע אָרעמקייט, וואו מ'שטייט אין דער ריי נאָך אַ שטיקל ברויט".

חיימקע פרעגט גאַנץ דרייסט: „אַוואו? איך וויל זען!" „יאָ", זאָגט מאַקס מיט שטאָלץ, „קום מיט מיר!"

זיי פאָרן מיט דער סאָבוויי צו דער איסט סײַד. זיי שפּאַצירן אויף דער באַוערי. מענטשן אָפּגעריסענע פאַרחושכטע שטרעקן אויס די הענט פאַר אַ ניקל, אַ דײַם. „נו, זעסטו?" שרייט מאַקס מיט נצחון. „אָבער דאָס איז נאָך ניט אַלץ", זאָגט ער, און פירט אים צו אַ קירך. ער ווייזט אים ווי אַ גלח שטייט און טיילט סענדוויטשעס. דאָ איז שוין מאַקס פול מיט ענטוזיאַזם און שרייט: „נו, דו זעסט אַמעריקע?" אָבער דאָס שאַרפע אויג פון חיימקען באַמערקט ווי איינער און אַ צווייטער וואַרפן אַוועק דאָס ברויט, נאָר דאָס פלייש באַהאַלטן זיי, און זיי שטעלן זיך נאָך אַ מאָל אין דער ריי. „האו!" זאָגט ער. „זיי זענען ניט הונגעריק. זיי זענען דורשטיק! דאָס זענען שכורים, פאַרטויבטע. זיי דאַרפן דאָס פלעשל, ניט ברויט. די מענטשן אַרבעטן ניט, האָבן זיי ניט". מאַקס פילט זיך פאַרלוירן, ווייל ער קען ניט פאַרקויפן חיימקען די קאָמוניסטישע פּראָפּאַגאַנדע.

לאַנג האָט חיימקע ניט געקענט זיין אין אַמעריקע. ער באַשליסט צו פאָרן זיך באַזעצן אין ישראל. דער טאַנטע גיט ער צו פאַרשטיין: „לא על הלחם לבדו יחיה האדם. די נשמה דאַרף אויך עסן. איך פאָר קיין ישראל, ווייל נאָר דאָרטן, אין ישראל, קען אַ איד זיך אויסלעבן מיט זיינע אידישע געפילן..."

אין ישראל טרעפט זיך חיימקע מיט זיין חבר יאָסעלע. די צוויי חברים געפינען זיך ווידער. „דאָס מאָל מער ניט צו פאַרלירן!" שרייט חיימקע. אין אַ

## שטערן אין דער נאַכט

שטיקל צייט אַרום באַקומט די טאַנטע אַ בריוו פון חיימקען. ער פאַרבעט איר אויף אַ חתונה און ער פאַרענטפערט זיך: „מיין באַן האָט געמאַכט אַ טעות און זיך אָפּגעשטעלט ניט אויף דער ריכטיקער סטאַנציע, אַמעריקע. מיין סטאַנציע איז ישראל״.



## ביי נאַכט אויפן נייעם מאַרק

אויפן ערשטן גאָרן, אין דעם ווינקל־הויז, וועמענס פענצטער גייען אַרויס צום מאַרק, וואוינט די עלטערע אידישע פרוי דבורה. זי איז די איינציקע אידישע פרוי אין דער גאַס. אירע אידישע שכנים זיינען שוין לאַנג אַוועק פון דאָרטן.

אַ קליינע, דער חותם פון דער הויכער עלטער איז קענטיק אין איר טיף צעאַקערט פנים, אָבער אירע אויגן, טאָן און באַוועגונגען דריקן אויס עקשנות און מוט.

„איך וועל ניט גיין פון דאַנען!״ זאָגט דבורה צו דזשעקן, דעם באַלעבאָס פון דער זיסוואַרג־קראָם. „וואו זאָל איך גיין? אָט קום איך פון מיין טאָכטער. געווען צוויי וואָכן אין דער ,גאָלדענער שטייג׳. דאָס איז אַ פאַרשטעטל, ניט ווייט פון ניו־יאָרק. אַלע גייען אַוועק צו דער אַרבעט, און איך בלייב אַליין אין די פּאַלאַצן. איך זע שיינע בילדער, איך טרעט אויף ,טיפּע׳ דיוואַנען. איך באַקוק שיין מעבל, אַלץ איז גרויסאַרטיק שיין. איך באַקוק איין מאָל, צוויי מאָל, דריי מאָל, הונדערט מאָל, טויזנט מאָל — אַ גאַנצן טאָג. ביי נאַכט קומט מיין טאָכטער מיטן איידעם. זיי זיינען שטאַרק פאַרנומען מיט פאַרשידענע חשבונות. מ׳טאָר זיי ניט שטערן״.

„און די קינדער?״ פרעגט דזשעק.

„אה, ג־ט באהיט, מ׳טאָר זיי אפילו ניט אָנרירן. זיי זיינען מער פאַרנומען ווי די עלטערן. צו מאָרגנס גיי איך אַרום פון איין צימער צום צווייטן און באַקוק ווייטער. איך עפן אַ טיר. איך וויל זען אַדער רעדן צו אַ מענטש. ניטאָ קיין מענטש פאַר די אויגן. אַזוי — גאַנצע צוויי וואָכן. דזשעק, איר פאַרשטייט, אַ שטייג, קען זי זיין פון גאָלד, איז דאָך אַ שטייג״.

דזשעק דערציילט: „ביים פאַרשליסן נעכטן די קראָם זע איך, אַלע האָבן

שוין פֿאַרשלאָסן און אַוועק. איך באַטראַכט דעם מאַרק. ס׳איז שוין פֿינצטער, נאָר דער גאַסן־לאָמפּ ברענט. זיין ליכט שימערירט אויף דעם אָרום. ס׳איז אַזוי מנוחהדיק שטיל. איר טראַכט: דער מאַרק רוט אַצינד נאָך אַ גאַנצטאָגיקן טומל. אָבער פּלוצלינג זע איך: אונדזער שכן כאַזע גייט מיט אַ פֿריינד, ביידע שיכּור. זיי טיילן זיך מיט אַ זיפּ פֿון אַ פֿלעשל און פֿאַרנעמען אַן אָרט ביי דעם סלופּ פֿון דעם לאָמפּ. און באַלד קומען אַן נאָך און נאָך אַזעלכע נאַכט־פֿייגל. מ׳טרינקט, מ׳שרייט, מ׳קריגט זיך. איך זוך זע מעסערס. איך זוך שוין אַצינד אַ וועג וואָס שנעלער צו אַנטלויפֿן פֿון דאַנען. מיין לעצטער בליק פֿאַלט צו דבֿורהס פֿענצ־טער. איך האָב מורא פֿאַר איר לעבן״.

„דבֿורה, אפֿשר אַ מושבֿ־זקנים?״ פֿרעגט דזשעק.

„הערט, דזשעק! די גאַנצע באַדינערשאַפֿט אין מושבֿ־זקנים באַשטייט פֿון אַזעלכע ווי מיינע שכנים. זיי אַלע לעבן פֿון דער שטאַט. נאָר פֿון צייט צו צייט, אַז עס פֿעלט אויפֿן פֿלעשל, אַרבעט מען אין אַ מושבֿ־זקנים. איז צו וואָס טוישן פֿון דאַנען אויף דאָרטן? דאָ לאָזן זיי מיך ניט שלאָפֿן, און דאָרטן וועל איך ניט קענען רוען״.

„אָט דער כאַזע״, דערציילט דבֿורה, „דער וואָס איז שטענדיק מיטן פֿלעשל, זע איך, ער טראָגט אַ אידישן ,חי׳ אויפֿן האַלדז. בין איך דרייסט און פֿרעג אים: ,דו ווייסט וואָס דאָס מיינט?׳ ,לעבן׳, ענטפֿערט ער. פֿרעג איך אַ צווייטע פֿראַגע: ,וואו האָסטו דאָס געפֿונען?׳ ,אהה! ניט געפֿונען׳, זאָגט ער שוין מיט אַ הויכן טאָן, ,אַזעלכע זאַכן געפֿינט מען ניט. דאָס קייטעלע איז 18 קאַראַט גאָלד. איך האָב געאַרבעט אין אַ מושבֿ־זקנים, בין איך געווען גוט צו אַ אידישער פֿרוי, האָט זי מיר דאָס געגעבן׳ און ער ווייזט מיר, ער טראָגט דאָס צוזאַמען מיטן צלם״.

„נו, דזשעק, איר גלויבט אַז אַ אידישע פֿרוי וועט אויסטאָן פֿון האַלדז אַ שטיקל צירונג און אַוועקגעבן?״ פֿרעגט דבֿורה.

דזשעק גייט אַריין אין אַ שמועס און זאָגט: „ס׳זיינען דאָ פֿאַרשידענע פֿראַגן צו פֿרעגן. אָבער די גרעסטע פֿראַגע וואָס אַרט מיך איז: זעסט אַ שטאָט ווי ניו־יאָרק, מיט אַלע סאָרטן אָרגאַניזאַציעס. איר וועט אָבער ניט זען אַן אָרגאַניזאַציע ,ביקור חולים׳, ווי אין די שטעט און שטעטלעך אין פּוילן. מ׳זאָל גיין צו קראַנקע, עלטערע מענטשן, רעדן מיט זיי. אפֿשר האָט אַזאַ פֿרוי עפּעס צו פֿרעגן, בעטן אַ טובֿה. אפֿשר האָט זי עפּעס צו דערציילן. אַזאַ אָרגאַניזאַציע, ,ביקור חולים׳, וואָלט אַריינגעבראַכט אַ סך מער דרך־ארץ פֿון דער באַדינערשאַפֿט צום עלטערן מענטש״.

# שטערן אין דער נאַכט

„אַט דאָס זיינען די מושב־זקנימס. רבש״ע, מ׳זאָל זיי ניט דאַרפן! אויב ס׳איז מיר באַשערט צו לעבן נאָך אַ פּאָר יאָר, זאָל זיין אין מיין היים״, זאָגט דבורה. „דאָ, אויפן מאַרק ביי טאָג, בין איך זייער צופרידן. איך האָב מיט וועמען אַ אידיש וואָרט צו רעדן, און איך פאַרדין נאָך אַ פּאָר דאָלער. איך גיב אַכטונג מ׳זאָל ניט גנבענען. און גנבים זיינען דאָ אַ סך. איך האָב הנאה אַז מען כאַפּט אַ גנב. ס׳איז לעבעדיק. דער טאָג גייט אַדורך ווי אַ מזמור״.

דבורה דערציילט: „איך בין דאָ, אין דעם מאַרק, 50 יאָר, געהאַנדלט פון אַ שטופּוועגל, מיט מיין מאַן זאָל רוען אין גן־עדן. מיר זיינען געשטאַנען ביז שפּעט אין דער נאַכט. דאָס גאַנצע לייזעכץ האָט זיך אָנגעהויבן שפּעט. נאָך דעם ווי די שאָפּ־מענטשן האָבן געענדיקט די אַרבעט, זיינען זיי געקומען אויפן מאַרק קויפן מציאות. כמעט דער גאַנצער מאַרק איז באַשטאַנען פון שטופּוועגעלעך. אפילו פלייש האָט מען פאַרקויפט פון אַ שטופּוועגל. מיין שטופּוועגל איז געווען אַט דאָ, לעבן סלופּ פון דעם לאָמפּ, וואָס לייכט אַזוי שיין. ס׳זיינען דאַן ניט געווען אַזעלכע לאָמפּן ווי היינט. דזשעק, איך קען דאָ יעדן איינעם. איר זעט אים, מעני הייסט ער, ער האָט געגנבעט איידער ער האָט געקענט רעדן. און דער, פּעטראָוו, איז ממש אַ פּאָטאָגראַפּטשיק: וואָס די אויגן זעען כאַפּט ער אַראָפּ. ווי איר זעט, איז ביי טאָג קען איך מיר געבן אַן עצה. אָבער ביי נאַכט איז שלעכט.

„די גאַנצע הערשאַפט שפּרייטן זיי אויס אונטער דער שיין פון דעם גאַסן־לאָמפּ. דאָ ווערן געבראַכט אַלע קאָנפליקטן. עס טוט זיך אָנהייבן מיט אַ ווערטער־מלחמה און עס ענדיקט זיך מיט מעסערס, בלוט״.

„צייטן בייטן זיך״, זאָגט דבורה. „אַזוי ווי מיר זיינען אַראָפּ פון דער שיף, האָט מיין מאַן געקויפט אַ שטופּוועגל און מיר האָבן זיך ביידע איינגעשפּאַנט, אָנשטאָט פערד. אַזוי איז מען געגאַנגען אין דעם געשפּאַן פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט. די שטאָט האָט אונדז ניט געהאָלפן. אָבער היינט איז אַנדערש. די ניו־יאָרקער ליכט שיינט פאַר די מענטשן סיי ביי טאָג סיי ביי נאַכט״.

דזשעק פרעגט: „און וואָס איז מיט די שכנים?״

„יאָ, מיט די שכנים דאַרף מען וויסן ווי אַזוי צו האַנדלען. מילא, מיט אַ אידישן שכן, אַז עס טרעפט מ׳צעווערטלט זיך, קען ער דיך רופן אַ שלעכטן נאָמען, אָבער פאַרן לעבן האָסטו ניט מורא. דאָ איז אַנדערש: מ׳דאַרף זיין אַ קונצן־מאַכער, מ׳דאַרף קענען גיין אויף אַ שטריק כדי ניט אַראָפּצופאַלן.

„נאָר איינס ווייס איך: אַ גוי נעמט אַראָפּ דאָס היטל צו געבן רעספּעקט. אַ

איך דאַרף טראָגן דאָס היטל צו קריגן רעספעקט. איך טראָג דאָס היטל. ביי מיר ווייסן זיי אַז ס'איז שבת און יום־טוב. די שבת־ליכט זיינען אין פענצטער, אַלע זאָלן זען, אַז איך גלויב, און זיי רעספעקטירן מיך צוליב דעם.

„דזשעק, לאָמיר אייך דערציילן וועגן מיינעם אַ יונגן שכן. דאָס איז געווען ניט לאַנג צוריק, אין אַ שטורמישער נאַכט (נאָכן ערשטן פון מאָנאַט, ווען די שטאָט צאָלט אויס פאַר ניט אַרבעטן) פון געוואַלדן, געשרייען פון פרויען און מענער, פון אַ בהלה, שלאָגן, הרגענען, פּאָליציי, אַמבולאַנסן. מ'קוקט אַרויס פון די פענצטער, פונקט ווי צו אַן אַקסן־קאַמף. שפּעט ביי נאַכט, ווען דאָס אַלץ האָט זיך אַביסל איינגעשטילט, הער איך דאָס וויינען פון אַ יונג קינד. ער וויינט און שרייט. פאַר וואָס? און דאָס וויינען איז אָן אַ סוף. עס לאָזט מיך ניט רוען. מיך אַרט שוין ניט דאָס שרייען און טומלען פון די שיכורים. אַ שיכור קען זיך אַוועק־שטעלן און שרייען צום סלופּ אַ גאַנצע נאַכט. איך בין שוין צו דעם צוגעוואוינט. אָבער אַ קינדס וויינען — דאָס איז עפּעס אַנדערש. און דאָ וויינט ער מיט אַזאַ ביטערן קול, וואָס קען רירן די שטיינער פון דער ערד. איך קוק אַראָפּ פון מיין פענצטער. איך זע, דאָס איז לואיס, אַ קינד פון מיין שכנטע, איינער פון זיבן קינדער. זיין עלטער איז ניט מער פון פינף יאָר. עס פאַלן אויף אים פאַסן פון דעם ראָזן ליכט פון גאַסן־לאָמפּ, און מ'קען זען זיין יעדער גליד. ער וואַרפט זיך און וויינט און שרייט איין וואָרט: ‚פאַר וואָס?' איך וויל אַראָפּגיין צו אים, אָבער איך האָב מורא.

„איך האַלט אַן אויג אויף לואיסן. איך מיין, אפשר וועט זיך געפינען אַ מלאך, וואָס וויל וויסן פאַר וואָס ער וויינט. אָבער דאָ, אויפן מאַרק, ביי נאַכט, זיינען ניטאָ קיין מלאכים. דאָ זיינען דאָ אַצינד שדים, רוחות, וואָס זיי גייט ניט אָן דאָס וויינען פון אַ קינד.

„אַזוי איז לואיס געלעגן אַ גאַנצע נאַכט. ביז ס'האָבן זיך אויפן מאַרק געעפנט די געשעפטן. בין איך אַראָפּ צו אים. איך טרעף אים ווי אַ קנויל שמאַטעס. ער קען ניט עפענען די אויגן. ער דערזעט מיך. וויינט ער שטאַרקער און שרייט (איך הער שוין אַצינד): ‚פאַר וואָס האָט מיך די באָבע ניט מיט־גענומען?'

„איך שטיקעווע צוזאַמען אַלע איינצלהייטן פון מיינע שכנים און איך פאַר־שטיי שוין פאַר וואָס לואיס וויינט. ער האָט אַ סך צו וויינען. אָבער לואיס איז צו יונג צו פאַרשטיין די געשיכטע פון זיין מאַמען. דעריבער וויינט ער און שרייט ‚פאַר וואָס?'

## שטערן אין דער נאַכט

„לואיסעס מאַמע האָט געהאַט דריי מענער. דעם ערשטן מאַן האָט זי אַוועקגעשיקט בכדי צו קריגן פון דער שטאָט הילף. אַזאַ אָפּמאַך איז געווען צווישן זיי. איז ער אַוועק און וואוינט ערגעץ אַנדערש מיט אַ ווייב. די אַנדערע צוויי מענער זיינען ניט־געזעצלעכע. לואיסעס מאַמע איז קראַנק אין שפּיטאָל. די שטאָט שיקט קראַנקן־שוועסטער אויף 24 שעה אויפצופּאַסן אויף די קליינע קינדער. האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אַ באָבע און אַוועקגענומען דריי פון די קינדער צו אַ פּאַר־ברענגען („גוד טאַים") אין אַ פאַרוויילונג־פּלאַץ אין קאָני איילענד. לואיס האָט שטאַרק געוואָלט מיטגיין, אָבער די באָבע האָט געשריגן: ,דו ניט!' מסתמא ווייסט זי בעסער, אַז ער באַלאַנגט ניט צו איר. ער האָט זיך געבעטן, נאָכגעלאָפן, געשריגן: ,באָבע, באָבע', ביז זי האָט אים גוט אָנגעשלאָגן די ביינער און אים אַוועקגעוואָרפן ביי דעם גאַסן־לאָמפּ, אין ווינקל.

„אפשר וועט לואיס אַמאָל וויסן פאַר וואָס די באָבע האָט אים ניט מיטגענומען, וועט ער־מער וויינען.

„אָט דאָס זיינען מיינע שכנים! און אַזוי זעט אויס ביי נאַכט אויפן נייעם מאַרק, אָן די שטופּוועגעלעך. און אַזוי גייט דורך די נאַכט ביי דער ראָזער שיין פון שטאָט־לאָמפּ, דאָ, אין ווינקל.

„דזשעק, וועגן דעם וואָס איר האָט מיך געפרעגט וויל איך אייך זאָגן, אַז דאָ, אין דעם ניו־יאָרק, אַוואו דער עלטערער מענטש זאָל ניט זיין און וואו ער זאָל ניט גיין, האָט ער דעם ווינט אין פּנים. נאָר איך פאַר קיין ישראל. דאָרטן, האָף איך, וועל איך אַזעלכע נעכט ניט האָבן, און די טעג וועלן זיכער זיין שענערע".

דזשעק ווייזט אָן, אַז ס'איז שוין לאַנג טאָג און דער לאָמפּ ברענט נאָך. „יאָ", זאָגט דבורה, „ס'איז שוין די העכסטע צייט ער זאָל פאַרלאָשן ווערן!"



## גרשון ווענגראָווסקי

# אַ גאַסט פון ישראל

— דו זעסט? — זאָגט בלומע צו חיים בערן — גאָר אַן אַנדער קינד ווי ביי אונדז — און זי ווייזט אָן אויף זיין שוועסטערס טאָכטער, וואָס איז נאָר־וואָס געקומען פון ישראל אויף אַ וויזיט קיין אַמעריקע.

— דאָ זיינען די קינדער ווילד, אָן קיין פאַראַנטוואָרטלעכקייטן. אָבער די קינדער פון דאָרטן — דאָס איז עפּעס אַנדערש. דיין שוועסטער האָט זיך מיט וואָס צו באַרימען און גרויס האָלטן: „מיינע קינדער!...״ זאָגט זי שטענדיק מיט גרויס שטאָלץ.

— ווי קאָן מען פאַרגלייכן מיט אונדזערע קינדער? — איז מסכים חיים בער. — זייער גאַנץ לעבן איז אין טעלעוויזיע, זיי ווערן דערצויגן מיט טעלעוויזיע, זייערע יונגע מוחות זאַפּן־איין די טעלעוויזיע־שונד; דאָס יונגע אויג זעט דאָס ניט בלויז אין שוואַרץ און ווייס, נאָר אין דעם נאַטירלעכן קאָליר. דער יונגער מוח ווערט פול מיט בלאָטע און שמוץ. ס׳איז קיין וואונדער ניט, ווייל „עין רואה והלב חומד והגוף עושה״. ס׳איז אַ וואונדער ווען מ׳זעט דאָ ביי אונדז אַ לייטישן בחור אָדער מיידל...

ווען חיים בער רעדט אַזוי געמיטלעך מיט זיין ווייב בלומע וועגן זייער ישראל־גאַסט, דערהערן זיי אַ ווילד געלעכטער פון אַ זייטיקן צימער. חיים בער וויל וויסן וואָס דאָס מיינט. ער גייט אַריין אין דערבייאיקן צימער און זעט זיין גאַסט אין אַ ספּאַזמאַטישן אַנפאַל, אָן קאָנטראָל פון גרויס ענטוזיאַזם — ביי אַ טעלעוויזיע פילם. רבקהלע באַמערקט ניט אַז חיים בער און בלומע שטייען לעבן איר. אירע אויערן און אויגן זיינען אָנגעשפּיצט צום טעלעוויזיע־עקראַן און זי שרייט אָן אַן אויפהער, פונקט ווי זי אַליין וואָלט אַנטייל גענומען אין דער בלוטיקער שונד־דראַמע.

נאָך דעם ווי דער פילם האָט זיך געענדיקט האָט חיים בער זיך דורכגעשמועסט מיט זיין גאַסט:

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרקאָכט? — פרעגט ער, און רבקהלע, אַ שמייכל־ענדיקע ענטפערט:

— איך זע דעם פּראָגראַם אַלע טאָג אין ישראל. דאָרטן ווערט ער פאַרטייטשט אין עברית...

— בלומע, דו הערסט? נאָ, האָסטו, עס ווערט איבערגעטייטשט אין עברית

# שטערן אין דער נאַכט

— חזרט חיים בער איבער — אַ גדולה אויף דיין באָבען, רבקהלע, אין עברית. דיין באָבע רבקה, וואָס דו טראָגסט דעם נאָמען נאָך איר, וואָלט געהאַט אַ סך נחת, ווען זי הערט ווי אַזוי דער לשון־קודש ווערט פאַרשוועכט מיט אויס־טייטשן אַזאַ שונד אין דער הייליקער שפּראַך...

— זי האָט ניט געלאָזט דיין מאַמען פאָרן קיין ארץ־ישראל, זי האָט מורא געהאַט פאַר חילול שבת. די באָבע האָט מורא געהאַט טאָמער וועט די טאָכטער פאַרפעלן עפּעס פון די תרי״ג מצוות, און ח״ו מטמא זיין די הייליקע ערד. זי האָט זיך אַרויסגעגנבעט ביינאַכט און איז אַוועקגעפאָרן קיין ארץ־ישראל. ס׳איז ביי אונדז אין הויז געווען תשעה באב, דיין זיידע האָט געפאַסט, ניט געוואָלט טועם זיין אַ גאַנצן טאָג און רק געשריגן: „די אַפּיקורסים וועלן מטמא זיי די אדמת־קודש...״

רבקהלע לאַכט: — איך פאַרשטיי ניט וואָס עס הייסט „מטמא זיין די הייליקע ערד״ — זאָגט זי. — ביי אונדז איז ישראל היינט אַ לאַנד מיט אַלע לענדער גלייך: ס׳איז דאָ אַ טעלעוויזיע, קינאָס, טעאַטערס, די ערד איז ניט טמא, און אויך ניט הייליק. די ערד איז די זעלבע ווי אין דער גאַנצער וועלט — ערד!

— די ערד איז די זעלבע? — קוקט חיים בער זיין שוועסטערס טאָכטער אין די אויגן אַריין. זיין פּנים דריקט אויס פּאַרדרוס: רעדט דאָ ר׳ משה לייבס אייניקל, אָדער איינע פון די גויים אין גויים־לאַנד???

חיים בער וויל אַוועקגיין פון דעם ענין „הייליק, טמא״. ער פאַרשטייט שוין אַ סך. צו בלומען זאָגט ער אויפן אויער, אַז דאָס איז אַ ווילד געוויקס, גאָרניט פון אונדזער משפּחה, און ער פרעגט: „רבקהלע, דיר איז באַקאַנט די שטור־מישע פאַרגאַנגענהייט פון דיין מאַמען און פון זיידע־באָבע? האָ?״

— פאַר וואָס דאַרף מען שטענדיק אַריינגיין אין דער פאַרגאַנגענהייט? — ווערט רבקהלע בייז און טוט קאָקעטיש אַ באַוועג מיטן הענטל און פרעגט נאָכ־אַמאָל: „פאַר וואָס? איך בין געקומען קיין אַמעריקע אויף וואַקאַציע, זען, געניסן פון דער גרויסער ניו־יאָרק. איך בין זייער גוט אין פאָלקס־טענץ. אפשר ווייסט איר וואו ס׳געפינט זיך אַ טאַנץ־זאַל, וואו איך זאָל קענען גיין פאַרברענגען, זיך באַקענען מיט מענטשן?״

— איך ווייס ניט — זאָגט חיים בער — איך טאַנץ ניט. — בלומע זאָגט: „אין טעלעפאָן־בוך קאָן מען געפינען״.

בשעת רבקהלע און בלומע זיינען פאַרנומען מיטן טעלעפאָן־בוך, זוכנדיק אַ טאַנץ־זאַל פאַר פאָלקס־טענץ, נעמט חיים בער אַרויס אַן אַלבום מיט בילדער,

טאַקע פון דער פאַרגאַנגענהייט, און זאָגט בדרך הלצה: „רעדן — ניט, אָבער קוקן דאַרף מען...״ און ער ווייזט אַלעמען די ענלעכקייט פון רבקהלען צו זיין מאַמען: „ממש בשר מבשרי... אַזוי נאָענט און דאָך אַזוי ווייט... אַזוי זאָל מען רעדן וועגן ארץ־ישראל? אָט איז אַ בילד פון מיין שוועסטער (רבקהלעס מאַמע) מיט אַ גרופּע חלוצים״. חיים בער ווענדט זיך צו רבקהלען: „קוק, זע דיין מאַמען! איך בין ניט מסכים מיט דיר, מיר אידן דאַרפן לעבן מיט דער פאַרגאַנגענהייט. אונדזער לעבן הייסט „המשך״, מיר זיינען ניט נייע אידן, אַזוי ווי אַ סך ציוניס־טישע פירער האָבן געוואָלט איבערהיפּערן דעם גלות, פאַרגעסן דעם עבר, שאַפן נייע אידן. אָן דעם המשך זיינען מיר ח״ו גאַרניט, ניט אידן, ניט אַ פאָלק און ניט ארץ־ישראל״.

חיים בער דערציילט וועגן דעם שטורעם, וואָס די חלוצים האָבן גורם געווען אין זייער היים־שטעטל; מ׳האָט זיך דערוואוסט אַז זיי האַלטן ניט פון שבת. ס׳ווערט גערעדט אין אַלע שטיבלעך וועגן דעם און צום טאַטן איז צוגע־קומען אַ שטיבל־איד און געזאָגט: „ר׳ משה לייב, אייער טאָכטער איז אויך פאַר־בונדן מיט דער גרופּע? זעט עפּעס צו טאָן באַצייטנס...״

דער רב האָט געהאַלטן שבת אַ דרשה אין בית־המדרש, ער האָט אָפּגע־פרעגט זייער גאַנצע אידעאָלאָגיע: „וואָסער שייכות האָבן זיי צו ארץ־ישראל, אַז זיי זיינען מחלל דעם שבת־קודש? מ׳טאָר דאָס ניט דערלאָזן! עס ברענט אַ פייער!״ האָט דער רב געוויינט. „דער שבת־קודש ווערט פאַרשוועכט און די שחיטה פון אונדזערע קינדער איז דווקא אין די גרויסע חסידישע היימען. געדענקט!״ — האָט דער רב זיך צעשריגן — „איזהו מקומן של זבחים, בקדשי קדשים...״

און אין וואורקער שטיבל, וואו דער טאַטע האָט געדאַוונט, איז ער אויס־געשטאַנען חרפּות און בושות: — ס׳איז אַ חילול השם! ר׳ משה לייב, פאַר וואָס דערלאָזט איר אַז אייער טאָכטער זאָל זיין מיט די כופרים? — האָבן וואורקער חסידים געשטורעמט. און אין שטוב איז געווען חושך מצרים. דער טאַטע, די מאַמע, די גאַנצע משפּחה, האָבן געוואָלט איבערצייגן די טאָכטער, אַז דאָס איז ניט דער וועג, ארץ־ישראל אָן אידישקייט קען ניט עקזיסטירן. דער טאַטע האָט געשריגן, די מאַמע האָט געבעטן און מיין שוועסטער האָט געשוויגן, שאַ־שטיל, אָן אַן ענטפער.

חיים בער דערציילט ווייטער: — ס׳איז אַ שבת נאָכן עסן. מיין שוועסטער איז שוין אָנגעטאָן אין דער שומרישע בלוזע מיט דער בלויער בינדע, גרייט צו

# שטערן אין דער נאַכט

גיין צו אירע חברים און חברטעס. דער טאַטע רופט: „שרה, וואו גייסטו? היינט איז דאָך שבת!״ מיין שוועסטער קען ניט מעיז פּנים זיין. זי זעצט זיך צום טיש. דער טאַטע ברענגט אַרויס גרויסע געדאַנקען. ער שילדערט אַ בילד פון אַ טאַטן מיט קינדער, מיט אַ שווערן וואָגן, אויפן וועג אַהיים. „ער מוז דורכגיין אַ וואַלד פול מיט חיות־רעות״. דער וועג איז פול מיט שטרויכלונגען, אָבער אויפן וואָגן פירט ער אַזאַ געוועהר, וואָס ראַטעוועט זיי פון פאַרצוקט צו ווערן. אַזוי אַנהאַלטנדיק זיך ביים וואָגן גייען זיי דורך דעם שווערן וועג. ווען אַ קינד דער־זעט יאַגעדעס, פרעגט דאָס קינד ביים טאַטן: „טאַטע, איך וויל גיין קלייבן יאַגעדעס״. „האַ? יאַנקעלע, ניט ווייט פון וואָגן״, בעט זיך דער טאַטע ביים קינד. כדי צו זיין זיכער, גיט אים דער טאַטע אַן עצה: „געדענק, מיין קינד, אַז איך וועל שרייען: יאַנקעלע, יאַנקעלע! — זאָלסטו נאָכגיין נאָך מיין קול. אַזוי לאַנג ווי דו וועסט הערן מיין קול, וועסטו זיך האַלטן ביים וואָגן, האָסטו ניט וואָס מורא צו האָבן״.

און דער טאַטע ווענדט זיך צו מיין שוועסטער: — געדענק, מיר אידן, דאַרפן זיך האַלטן מיטן וואָגן. אָן דעם וואָגן וועלן מיר ניט קענען עקזיסטירן אין אונדזער גרויסן גלות־וואַלד, און אָן דעם געוועהר וואָס מיר פירן אויפן וואָגן, תורה און מצוות, האָבן מיר גאַרניט, ניט קיין פאָלק, ניט קיין לאַנד. גויים קאָנען ניט און וועלן ניט קענען בויען ארץ־ישראל, נאָר אידן בויען, אָבער ס׳מוז זיין מיטן וועג פון תורה, אונדזער געוועהר, אונדזער הייליקייט, ניט קיין טומאה. ארץ ישראל איז הייליק און מ׳טאָר ניט מטמא זיין די אדמת־קודש . . . ביי מטמא זיין שטייט: ולא תקיא הארץ אתכם בטמאכם אותה כאשר קאה את הגוי אשר לפניכם (ויקרא י״ח). און ער טייטשט עס אויס, כדי דאָס לאַנד זאָל אייך ניט אויסשפּייען אַז איר וועט עס פאַראומריינקן, אַזוי ווי עס האָט אויסגעשפּיגן דאָס פאָלק וואָס פאַר אייך. רש״י גיט אַ ביישפּיל פון אַ בן מלך, וואָס מ׳האָט אים געגעבן אַ דבר מיאוס, וואָס ער קען ניט פאַרטראָגן און ער מוז דאָס אויסברעכן. און ער חזרט איבער: קיין אומה ולשון וועט ניט בויען ארץ־ישראל, נאָר אידן און בלויז אידן, ווייל „ישראל קדושים הם״ און ארץ־ישראל איז הייליק, דאַרפן קומען די הייליקע און טהורדיקע אידן און בויען ארץ־הקודש, און ניט די וואָס זיינען מחלל שם שמים בפרהסיא; מ׳טאָר זיי ניט געטרויען אונדזער הייליק לאַנד!

— מיין שוועסטער שרה האָט ניט געהערט דאָס קול פון טאַטן, איז אַוועק גאָר ווייט פון וואָגן, מיט פרעמדע אידעאַלן איז זי געקומען קיין ארץ־ישראל, און רבקהלע איז דער שניט פון איר פאַרזיי . . .

## גרשון ווענגראָווסקי

רבקהלע האָט געפונען אַ זאַל פון פאָלקס־טענץ און גייט אַלע נאַכט טאַנצן. חיים בער פרעגט איר: „ווער זיינען די מענטשן וואָס קומען טאַנצן?" און רבקהלע ענטפערט: „גויים, אידן, כינעזער". „אַזוי!" וואונדערט זיך חיים בער. „... נו, איז וואָס?! איך זע אין יעדן אַ מענטש, ניט אַ איד אָדער אַ גוי!" — זאָגט רבקהלע מיט אַ שמייכל.

אונטער די קלאַנגען פון דזשעז־מוזיק טאַנצט זי; זי האָט באַקאַנטע, מ'ברענגט איר און מ'פירט איר. זי קומט אַהים 2־3 אַזייגער פאַר טאָג.

חיים בער, אין אַן ערנסטן שמועס מיט זיין בלומען, דריקט אויס זאָרג: „ס'איז דאָך ניו יאָרק! אַזוי שפּעט קומען?" „זי איז שוין אַ מיידל פון 25 יאָר. איך קען איר ניט האַלטן אונטער מיין פאַרטעך, און באַזונדערש, אַזויפיל מאַמעס זאָרגן זיך וואָס זייערע טעכטער זיצן אין שטוב און קומען ניט שפּעט", מאַכט בלומע אַלץ אַוועק מיט דער האַנט.

אָבער די זאָרג גייט ניט אַוועק פון חיים בערן: „עס קען זיך צו איר צוטשעפּן אַ גוי, פאַרשטייסט, בלומע? און רבקהלע קען קומען מיט אים און זאָגן ,דאָס איז מיין זיווג', און שוין! איך וויל ניט אַז דאָס זאָל ח"ו קומען פון מיין הויז!

„דו פאַרשטייסט? אַז זיי ווייסן דאָך ניט וואָס איז אַ גוי, נאָך ערגער ווי די היגע קינדער. דער ,נייער פלאַנץ' איז ערגער ווי דער אַלטער דור, ווי זייערע מאַמעס".

„מ'האָט זיי ניט געלערנט", פאַרטיידיקט בלומע די פּלימעניצע פון ישראל. „זיי ווייסן גאָרניט פון אידישקייט, טראָץ דעם וואָס זיי זיינען פון אונדזער הייליק לאַנד".

רבקהלע איז שוין לאַנג צוריקגעפאָרן קיין ישראל, אָבער חיים בער רעדט נאָך אַלץ מיט פאַרדרוס וועגן דעם יונגן דור אין ישראל, וואָס ווייס גאָרניט און וויל גאָרניט וויסן וועגן אידישקייט. ער פרעגט: „און וואָס וועט זיין ווייטער?" און ער זאָגט צו בלומען: „איך האָב מורא פאַר דעם ,ולא תקיא הארץ אתכם בטמאכם'", און מיט ענטוזיאַזם פרעגט ער בלומען: „אפשר זאָלן מיר פאָרן זיך באַזעצן אין ארץ־ישראל און לערנען זיי וואָס אַ גוי איז? וואָס בעסער אַ איד קען דעם גוי, אַלץ אַ בעסערער איד איז ער". בלומע איז מסכים: „יאָ, מיר דאַרפן פאָרן לערנען זיי אידישקייט".

ווען חיים בער און בלומע זיינען שוין איינגעפּאַקט און זיינען גרייט אין וועג קיין ישראל, קומט אַ בריוו פון זיין שוועסטער שרה. זי שרייבט: „מיין אינגערע טאָכטער וויל פאָרן אויף אַ וויזיט צו אייך, קיין ניו יאָרק..."

## שטערן אין דער נאַכט

חיים בער ענטפערט מיט אַ טעלעגראַמע: „מיר זיינען אויפן וועג קיין ארץ־ישראל. שלום!"



## מיט טאַדזשיקער אידן ביים סדר

איך האָב אים שטענדיק געזען, דעם שיך־פּוצער. אַלע מאָל, ווען איך בין פאַרבייגעגאַנגען, אויף מיין וועג צום באַזאַר, איז מיין בליק געפאַלן אויף דעם זקן מיט זיין גרויסער, גרויער באָרד, וואָס האָט אַרומגענומען זיין טונקל ברוין פּנים. זיין גרייז־גרויער קאָפּ איז שטענדיק געווען באַדעקט מיט אַן אָריענטאַליש־קאָלירטער יאַרמלקע. מיין אונטערבאַוואוסטזיין האָט מיר אונטערגעזאָגט: „שטיי, קוק!" איך האָב אים געזען ווי ער זיצט אויפן רונדן שוסטער־בענקעלע מיט דער באַרשט אין זיין האַנט, אַ שוואַרץ גראָב טוך פאַרוואָרפן איבער זיין אַקסל, דאָס קעסטעלע מיט שיך־וואַקס דערלעבן, גרייט צו דינען יעדן איינעם, וואָס וועט אַוועקשטעלן דעם פוס און זאָגן: „פּוץ!" דערווייל אָן אַרבעט, ברומט ער אונטער אַן אוזבעקישן מאָטיוו. מיט אוזבעקישע העוויות, ציט ער דעם טאָן אַ מאָל העכער און אַ מאָל נידעריקער, ביז ער ווערט מיד. דעמאָלט נעמט ער אַרויס אַ טאַרבעלע טאַבאַק און פילט אָן זיין האַנט־פלאַך. ער באַקוקט דעם טאַבאַק, באַטראַכט אים פון אַלע זייטן און דרייט אים איבער אין מויל אַריין, קייט און שפּייט און זעצט פאָר דעם אוזבעקישן ניגון. זיינע שאַרפע, שוואַרצע אויגן האָבן מיך גלייך באַמערקט. אַ שמייכל האָט זיך אויסגעגאָסן אויף זיין פּנים. אָבער איך האָב ניט געזוכט די פריינדשאַפט פון די אוזבעקן, מורא געהאַט פאַר זיי. האָב איך אויסגעמיטן זיינע אויגן, ניט געוואָלט זיין באַקאַנטשאַפט. זינט אונדזער ערשטן בליק־אויסטויש האָבן זיינע אויגן מיך שטענדיק אויסגעזוכט צווישן גרויסן עולם, וואָס גייט דורך צום באַזאַר און מיך נאָכגעפאָלגט...

הגם זיינע אויגן און פּנים זיינען פאַר מיר געווען אַזוי היימיש און נאָענט, האָב איך שטענדיק געטאָן אויסמיידן זיינע פאַרשערישע בליקן. איך האָב געטראַכט: וואָס וויל דער אוזבעק פון מיר? אפשר איז צו גרויס אין זיינע אויגן מיין איינציק שטיקל מאַנטל, וואָס איך טראָג נאָך, פון וואַרשע. ער וויל דאָס

אַוועקנעמען פון מיר פאַר די ווייכע פלעצלעך („ליעפּיאָשקעס״). איך וועל זיין זאַט אַ טאָג, און דעם מאַנטל וועט ער האָבן. ער וועט איבערדרייען דעם גוטן ביעלסקער שטאָף אויף דער אַנדערער זייט און באַקליידן אַ הויכן נאַטשאַלניק פאַר אַ שיינער מטבע, און איך וועל אַרומגיין שלינגען שפּייעכץ. איך וועל בלייבן אָן אַ מאַנטל און אָן ברויט. ניין! צו אַזאַ מדרגה בין איך נאָך ניט אַרונטערגעפאַלן. איך פאַרטויש ניט מיין מאַנטל אויף ברויט! און איך האָב אפילו ניט געוואָלט גיין נאָענט צו אים און ניט געלאָזט פאַלן זיינע שפּיזיקע אויגן אויף מיר . . .

אָבער איין מאָל . . . ס׳איז געווען ערב פּסח, פאַר דעם חג האביב, פאַר דעם פרילינג־יום־טוב פּסח, ווען אַלץ אין דער נאַטור האָט אָנגעהויבן בליען, שפּראָצן. דו אָטעמסט איין אַ ריינע לופט און אַ ליבע וואַרעמקייט. קומט צו מיר אַ געדאַנק איינצוטוישן מיין מאַנטל אויף מעל. איך וועל באַקן מצות. איך וועל אָפּריכטן אַ סדר. דער זומער קומט! וואָס דאַרף איך אַצינד אַ מאַנטל? אַז מ׳וועט לעבן, וועט זיין אַן אַנדער מאַנטל! זאָל די נשמה מיטן גוף זיין אַ מאָל זאַט, האָבן הנאה! . . .

מיינע געדאַנקען רייסט איבער מיין פריינד יחיאל, מיין אח לצרה. מיר וואוינען אין איין קאַלכאָז.ביידע זיינען מיר שטענדיק הונגעריק. מיר רעדן שטענדיק וועגן עסן. אָבער דאָס מאָל האָט יחיאל וועגן דעם ניט גערעדט. ער זאָגט צו מיר: „לאָמיר אַרויסגיין פון דער קיביטקע און שפּאַצירן אונטערן פרייען, בלויען הימל״. איך שפּאַציר מיט יחיאלן אַרום די פעלדער פון כאַדזשי־האבאד. די פרישע זון באַשיינט און דערוואַרעמט אַלץ וואָס לעבט אין דער נאַטור. די ערד האָט זיך אַרויסגעריסן פון דער קעלט און אָטעמט פריי. זי דעקט זיך צו מיט גרינס. יחיאל רעדט ניט צו מיר אַצינד וועגן זיין פּאַיאָק. ער צעזינגט זיך: „זעסט! אין אַזאַ צייט קומט פאַר אונדזער יום־טוב פּסח, דער יום־טוב פון פרייהייט. אין אַזאַ שיינער ליכטיקער צייט איז דאָס אידישע פאָלק אַרויס־געגאַנגען מעבדות לחרות. מיטן יום־טוב פּסח הייבט זיך אָן די געשיכטע פון אידישן פאָלק. דער יום־טוב פאַרנעמט אַ באַזונדער אָרט צווישן די אידישע ימים־טובים. אין אים האָבן זיך ניט בלויז צוזאַמענגעשמאָלצן נאַטור און געשיכטע און געוואָרן איינס, נאָר ער איז דער שורש פון דער גאַנצער אידי־שער געשיכטע. דאָס זיינען געווען די ערשטע טריט פון אידישן פאָלק צו זיין פרייהייט. דאָס באַפרייען זיך פון קנעכטשאַפט פון יציאת מצרים איז געוואָרן דער סימבאָל פון אידישן פאָלק. אַלע ימים־טובים האָבן אַ שייכות מיט דעם

היסטאָרישן מאָמענט. אַלע זיינען געוואָרן אַ זכר ליציאת־מצרים, אפילו די שטראַלן און האָפענונג פון ימות־המשיח ציען זיך פון דעם ליכט, וואָס איז געוואָרן אָנגעצונדן ביי יציאת מצרים. פסח איז דער שענסטער און ליבסטער יום־טוב ביי אידן..."

יחיאל רעדט און פייער־פונקען שפריצן פון זיינע אויגן: „אָט דער שיינער יום־טוב פסח, איז שטענדיק געווען אַ דאָרן אין די אויגן פון אונדזערע שונאים, וואָס האָבן ניט געקענט זען ווי דער איד פילט זיך שטאָלץ און פריי אין זיין אינערלעכער וועלט. זייער פינצטערע פאַנטאַזיע האָט זיך ניט באַרואיקט ביז זיי האָבן אויסגעטראַכט דעם שרעקלעכן און ווילדן בלוט־בלבול, דעם שוידער־האַפטן ,עלילת הדם', וועלכער איז מיט אַזוי פיל בלוט און טרערן פאַרשריבן אין אונדזער לאַנגער גלות־געשיכטע. ימען בלוט פון אומשולדיקע קדושים וטהורים זיינען פאַרגאָסן געוואָרן איבער דעם אוממענטשלעכן בלבול, וואָס מ'טאָר ניט פאַרגעסן און ס'איז אַ זינד צו פאַרגעבן!"

„אָבער דאָ איז נאָך דערווייל ניטאָ קיין עלילת דם", רייס איך אים איבער די רייד. „יאָ? אַזוי טראַכסטו?" גיט ער מיר אַ סאַרקאַסטישן ענטפער. „זאָל מען נאָר דיך טרעפן מיט אַ הגדה אין דער האַנט, וועסטו זיך איבערצייגן, אַז די יורשים, די אייניקלעך פון עמלק, קענען בעסער, ווי דער עמלק אַליין. ניט קוקנדיק אויף דעם וואָס זיי פירן אַ מלחמה, שטייען גרייט גאַנצע דיוויזיעס, וואָס לאָזן ניט פריי אָטעמען דעם רעליגיעזן איד. פאַר דעם מינדסטן אָפנייג זיינען די טייגעס פון סיביר דיין היים..."

איך אַנטפלעק אים מיין סוד, אַז איך טראַכט איינצוטוישן דעם ווינטער־מאַנטל אויף מעל און באַקן מצות און אָפּריכטן אַ סדר. יחיאל איז ניט מסכים מיט מיר. „מיר וועלן אויסקומען מיט אונדזער האַלב פונט מעל וואָס מיר קריגן", זאָגט ער. איך גיב אים צו פאַרשטיין: „אויב ס'וועט אַ מאָל זיין אַ וועלט און איך וועל דאַרפן אַ מאַנטל, וועל איך האָבן. היינט דאַרף איך ניט דעם מאַנטל. ס'איז זומער, וואַרעם. ווען איך שעם זיך ניט, פאַרקויף איך מיינע שיך אויך און איך גיי באָרוועס". „איך ווייס דאָס", זאָגט יחיאל. אַ סך פאַרקויפן אַלץ פון זיך. אַז דער מאָגן איז ליידיק, דאַרף מען גאָרניט. דער הונגער קען ברענגען צו אַלץ. אָבער מ'דאַרף זיך קענען באַהערשן, מ'דאַרף זיין אַ מסתפק במועט. פאַרקויף ניט! מיר וועלן באַקן מצות פון אונדזער פּאַיאָק!"

„יחיאל! איך האָב באַשלאָסן צו פאַרקויפן אָדער פאַרטוישן אויף מעל. איך וויל עסן מצה דעם פסח! וואָס וועט זיין נאָך פסח, וויל איך ניט וויסן און

קלערן". מיטן מאַנטל אויפן אַקסל, לאָז איך זיך צום באַזאַר. יחיאל באַגלייט מיך. ער האַלט מיר אין איין זאָגן: „געדענק! נאַר זיך ניט אָפּ. דער שטאָף איז זייער אַ גוטער. זיי האָבן נאָך דאָ אַזאַ שטאָף קיין מאָל ניט געזען. נעם אַ גוטן פּרייז!"

מיר קומען צו נעענטער צום באַזאַר. דער זקן באַמערקט אונדז. ער זשעסטיקולירט מיט די הענט, מיר זאָלן צוקומען צו אים. איך טראַכט אַז ער וויל קויפן דעם מאַנטל. ער זעט מיך טראָגן דעם מאַנטל אויפן אַקסל. אָבער איך וויל אים ניט פאַר מיין קונה. ער וועט וועלן קויפן בחצי חנם, טראַכט איך. און מיר מאַכן אַ באַוועגונג צו דער אַנדערער זייט פון אים. ער לויפט צו און פאַר־שטעלט אונדז דעם וועג. ער זאָגט עפּעס, אָבער מיר פאַרשטייען ניט. ס'איז ניט קיין רוסיש און ס'איז ניט קיין אידיש. איך שטרענג זיך אָן צו פאַרשטיין, אָבער איך קען ניט פאַרשטיין וואָס ער מיינט. איך זאָג צו יחיאלן: „קום! זאָל ער אונדז ניט פאַרטומלען דעם קאָפּ..."

מיר ווילן זיך דערווייטערן פון אים. ער באַמיט זיך צו רעדן צו אונדז אין אַ הויכן טאָן. מיר לייגן ניט קיין אַכט. מיר גייען אין דער פאַרקערטער ריכטונג. דער זקן לאָזט ניט אָפּ. ער קומט צו נאָך אַ מאָל און וויל עפּעס זאָגן. אָבער מיר לאָזן אים שטיין מיט אָן אָפן מויל. דער זקן, מיט גרויס עקשנות און אַ ביסל שוין אין כעס, רייסט אויף פאַר אונדז זיין העמד און ווייזט זיינע ציצית. מיט אַ שטאַר־קער עמאָציע שרייט ער אויס: „שמע־ישראל!" מיר ווערן שטאַרק צעטומלט פון דער געשעעניש. איך וואָלט קיין מאָל ניט געגלייבט אַז דער שיך־פּוצער, וואָס זיצט שטענדיק און איז „מעלה־גרה" דעם שוואַרצן טאַבאַק, זאָל זיין פון אחינו בני־ישראל. יחיאל גלייבט ניט וואָס ער האָט געהערט. ער פרעגט מיך איבער: „ווער האָט דאָ געשריגן שמע־ישראל?" „אָט דער אַלטער", ענטפער איך. „קוק! ער ווייזט דיר אַז ער טראָגט ציצית..."

מיר שטייען ביידע אַצינד פאַר אים צעטומלט און פאַרשעמט. מיר קאָנצענ־טרירן אַלע אונדזערע חושים צו פאַרשטיין וואָס ער רעדט. מיר קלייבן זיינע ווערטער. זיין שפּראַך טאַדזשיקיש קענען מיר ניט, און ער רעדט אַ זייער שלעכטן רוסיש. מיר לייגן צונויף ווערטער, וואָס מיר פאַרשטייען. ער זאָגט אונדז אָן אַ בשורה, אַז היינט ביי נאַכט איז פסח, און ער וויל אונדז האָבן פאַר אורחים ביים סדר. מיטן קעסטל שיך־וואַקס אויף זיינע פּלייצעס און דער באַרשט אין האַנט, גייט ער אַראָפּ פון באַזאַר און ווייזט אונדז וואו ער וואוינט. און ער באַשטימט די צייט, ווען מיר זאָלן קומען צום סדר...

צוריק צום באַזאַר זיינען מיר ניט געגאַנגען. מיטן מאַנטל אויף דער האַנט

# שטערן אין דער נאַכט

און מיטן סוד פון דער איינלאַדונג צום סדר, זיינען מיר אַוועק צו אונדזער קאַל־כאַז. יחיאל איז שטאַרק באַגייסטערט פון דער געשעעניש. ער וועט האָבן אַ געלעגנהייט ביי׳צוזיין אַ סדר מיט טאַדזשיקער אידן. דער געדאַנק לאָזט אים ניט רוען. ער רופט מיך: „קום אַ ביסל שפּאַצירן. איך האָב ניט קיין געדולד צו זיצן אין דער קיביטקע״. מיר האָבן שפּאַצירט אויף די בערג, וואָס האָבן אַראָפּ־געקוקט צו אונדזער קאָלכאָז, „טעלמאַן״. יחיאל רעדט צו מיר וועגן די קורדישע אידן, וועגן די פּערסישע אידן, ער רעדט וועגן די נדחי ישראל, די עשרת־השבטים. ער קען זיך ניט דערוואַרטן צום סדר...

די צייט איז געקומען. מיר האָבן זיך אַ ביסל אַרומגעוואַשן. איך האָב זיך אָנגעטאָן דעם מאַנטל, וואָס איך האָב געוואָלט פאַרקויפן, און בסוד זיינען מיר אַוועק צום סדר. מיר האָבן זיך איבערצייגט אַז אין ביטערסטן גלות־ישמעאל איז דאָס ליכט פון ישראל ניט אויסגעלאָשן געוואָרן. עס לייכט און וועט לייכטן! דער קבלת־פּנים פאַר אונדז איז געווען זייער פריינדלעך. אונדז באַקאַנט מיט אַלעמען, ווי ברידער אידן.

אַ ביסל שעמעוודיק, האָבן מיר פאַרנומען אַן אָרט אויפן דיל צוזאַמען מיט אַלע. דער דיל איז געווען באַפּוצט מיט טייערע דיוואַנען. די פרויען מיט זייערע קינדער, געקליידט אין פאַרשיידענע, אָריענטאַלע קליידער אין אַלע פאַרבן, באַ־האָנגען מיט צירונג, זיינען געזעסן אויפן דיל אין איין שורה, אָפּגעזונדערט פון די מענער. די מענער, געקליידט אין ברייטע און לאַנגע קאָלירטע כאַלאַטן, פאַר־גאַרטלט מיט קאָלירטע פאַטשיילעס, זענען געזעסן מיט הגדות אין זייערע הענט. די שטוב איז געווען באַלויכטן מיט גרויסע זילבערנע לייכטערס. אַלע זיינען געזעסן אָן די שיך, אין די זאָקן. מיר האָבן ניט אויסגעטאָן די שיך, ווייל מיר האָבן געהאַט צעריסענע זאָקן...

דער אַלטער שיך־פּוצער פאַרנעמט דעם אויבנאָן. ער זאָגט די הגדה און ער זעצט איבער יעדעס וואָרט אין זייער שפּראַך, טאַדזשיקיש. ער הייבט אויף אַלע מאָל זיינע הענט צום הימל. ווען ער שטעלט זיך אויף, שטעלן זיך אַלע אויף. ווען ער קומט צום פּסוק „ובכל דור ודור חייב אדם לראות את עצמו כאלו הוא יצא ממצרים״, שטייט ער אויף, נעמט אַ מצה, איינגעוויקלט אין אַ טוך, פאַרוואַרפט אויף דער פּלייצע און לויפט איבער דער שטוב, כדי צו געבן אַלעמען צו פאַר־שטיין ווי עס האָט אויסגעזען ווען אידן זיינען אַרויס פון מצרים. ער איז געגאַנגען בחפזון...

מיר האָבן פאַרגעסן אונדזער הונגער. (מיר האָבן ניט געהאַט געגעסן אַ

גאַנצן טאָג.) מיר האָבן געקוקט און געגאַפּט אויף יעדער ניואַנס, ווי אַ גרויס געשעעניש. דאָס האָט געמאַכט פאַרגעסן אַלץ, אפילו דעם הונגער. דער זקן איז פאַר אונדז אויסגעוואַקסן ווי אַ למד־וואוניק. דער יראת הכבוד פאַר אים איז געוואַקסן פון מינוט צו מינוט. מיך האָט פאַרדראָסן פאַר וואָס איך האָב באַלד ניט דערקענט אין אים אַן אונדזעריקן. פאַר וואָס האָב איך אים געהאַלטן פאַר אַן אוזבעק? איך האָב זיך ניט געקענט מוחל זיין דעם טעות...

זיי האָבן זיך באַמת מקיים צו זיין דעם „כל דכפין ייתי ויכול" אויפן שענסטן אופן. מ'האָט געגעבן צו עסן פון בעסטן. מיר זיינען אַוועק פון דאָרטן אַנדערע מענטשן, פול מיט גלויבן אין עם ישראל. מיר האָבן אַ סך גערעדט וועגן די נדחי ישראל, וואָס מיר ווייסן פון זיי גאָרניט, און אַז מען דאַרף אַ סך לערנען צו פאַר־שטיין די סודות פון עם ישראל...

שפּעט ביי נאַכט, אויפן וועג צוריק פון סדר, זאָגט יחיאל: „דער סדר איז געקומען פאַר מיר ווי אַ לייכטנדיקער שטערן, וואָס קומט פון דער ווייט און וואַרפט זיין ליכט אין דער צוקונפט און זאָגט מיר אָן, אַז אונדזער ליכט איז נאָך ניט פאַרלאָשן און וועט שטאַרק לייכטן!" יחיאל קען ניט פאַרגעסן אַז ביי דעם פסוק „שבכל דור ודור עומדים עלינו לכלותנו והקב"ה מצילנו מידם" זיינען אַלע אויפגעשטאַנען פון די ערטער. אַלע האָבן געזאָגט דעם פסוק מיט פייער. „יעדער איד פילט דעם שונאס גרויזאַמע האַנט", זאָג איך. „אָבער, יחיאל, פאַר וואָס זיינען זיי אַזוי שטאַרק מגושמדיק, אַז מ'קאָן מאַכן אַ טעות ניט צו דער־קענען דעם אידן?" „יאָ", זאָגט יחיאל, „בכדי צו לעבן מיט חיות אין וואַלד, מוז מען זיין באַקליידט ווי אַ חיה, מיט אַ חיהשער פעל און באַוואָפנט מיט חיהשע שאַרפע ציינער! אַנדערש ווערט מען געשווינד פאַרצוקט..."



# שטערן אין דער נאַכט

## „איינטרעטן! איינטרעטן!"

„איינטרעטן! איינטרעטן!" פון אַלע זייטן קומט דער ליארעם, ווילדע געשרייען: „אַלע יודן, איינטרעטן!" די מוראדיקע געשרייען ווערן באַגלייט מיט אַ געקנאַל פון מאַשין־ביקסן. עס־עס אויף מאָטאָציקלען לויפן אַרום ווי די טייוואָלים אויף דער מאַרק־גאַס און רייסן מיט די שטיינער פון דער ערד. זיי ווייזן אין וואָס ס׳באַשטייט זייער גאַנצער כוח. אונטער דעם חיהשן געוואָי „איינ־טרעטן" שלעפּט מען און מ׳פירט יונג און אַלט צו דער מאַרק־גאַס. די גוטע פּוילישע שכנים זוכן אין אַלע לעכער, גריבער, צו געפינען אַ איד. וואו דער דייטש קען ניט צוקומען, ער ווייס ניט, ווייזט אים אָן דער פּוילישער שכן. מיט זיין צעבראָכענעם דייטש באַמיט ער זיך צו רעדן און ווייזן דעם דייטש: „אָט דאָ איז אַ יודע". דאָס פּוילישע פאָלק פירט טאַקע אַ מלחמה מיט דייטשלאַנד, אָבער די מלחמה מיטן איד איז אַ גרעסערע און די שנאה איז אַ טיפערע. דער פּאָליאַק, דער שכן, וועט קיין מאָל ניט מאַכן שלום מיט דעם איד. איבערגעבן אַ איד צו די דייטשן איז ביי אים אַ געזעץ, בפרט נאָך אַז מ׳קריגט בראָנפן און צוקער. פאַר אַ איד זיך אויסצובאַהאַלטן ערגעץ איז ניט מעגלעך. דער שכן זעט! ער וועט לויפן זאָגן, וועט נאָך זיין אַ סך ערגער, גייען אַלע לויטן רוף „איינטרעטן!"

ס׳ציען זיך מאַסן אַלטע, קראַנקע, לאָמע מיט שטעקנס. קיינער טאָר ניט בלייבן אין שטוב. מ׳יאָגט מיט הינט. אָט פירט אַ זון זיין אַלטע קראַנקע מוטער אונטערן אָרעם. זי קען ניט גיין, בעט זי זיך ביי אים: „לאָמיך אָפּ, לאָמיך זיך אַ ביסל אָפּרוען". — „קום, קום, מאַמע! ס׳איז שוין ניט ווייט", רעדט ער איר איין. — אָט גייט אַ יונג פּאָר־פּאָלק. זי טראָגט דאָס יינגסטע קינד אויפן האַנט. צוויי לויפן פאָרויס. דער טאַטע האַלט ביי דער האַנט דעם עלטסטן זון. אַ דייטש גייט אין דער זייט מיט מאַשין־געווער און אַ הונט. — „איך האָב מורא פאַר דעם הונט, טאַטע!" דריקט ער דעם טאַטנס האַנט שטאַרקער. — „האָב ניט קיין מורא, מיין זון, ער טשעפּעט ניט קיין מענטשן", באַרואיקט אים דער טאַטע. — „האָ! יאָ, איך האָב געזען, דער הונט בייסט מענטשן". — „האָ! ס׳איז ניט אמת", גלעט אים דער טאַטע, האָב ניט קיין מורא".

באַלד איבערצייגט ער זיך אויף זיין אייגן לייב, אַז זיין זון איז גערעכט. אַ שטיינדל איז אים אַריין אין שוך. ער קען ניט גיין. דער פוס הייבט אים אָן ווי טאָן. ער וויל זיך אָפּשטעלן, אויסטאָן דעם שוך, אויסרייניקן. ווען ער בייגט זיך

איין אויסצוטאָן דעם שוך, בייסט אים דער הונט ביז בלוט, און דער דייטש שרייט: „שנעלער! איינטרעטן!״ דער טאַטע פאַרגעסט שוין דאָס שטיינדל.

מיט שטאַרקן ווייטיק, אונטער דעם געברום פון דעם יונקער־דייטשישן רעווען „אַלע יודן, איינטרעטן״, באַוועגט זיך דאָס גאַנצע שטעטל אידן פון גניוועשאָוו צו דער מאַרק־גאַס, מיט מוראדיקע געפילן...

ר׳ יאָסל האָט ניט געהערט דעם רוף פון מלאך־המות „איינטרעטן״. ער געפינט אָן אָרט פאַר זיין גאַנצער משפחה זיך אויסצובאַהאַלטן. ער רעדט זיך דורך מיט זיין משפחה: „מיר האָבן ניט קיין פוילישע שכנים. דער בוידעם איז גוט פאַרשטעלט. קיינער וועט ניט וויסן. מ׳וועט מיטנעמען דעם לייטער מיט זיך און מ׳וועט זיין דאָרטן ,עד יעבור זעם׳, ביז דער ביטערער צאָרן וועט אַדורך. אָבער וואו איז בערל לייב?״ — „איך ווייס ניט״, ענטפערט די מאַמע. — „אַזוי ווי ער האָט געהערט דאָס וואָרט ,איינטרעטן׳, איז ער געלאָפן דער ערשטער״, זאָגט די באָבע. „מ׳קען אים גאָרניט איינהאַלטן. ער לויפט ווי פון אַ פייער...״

באַלד ווי דער יונגער לייבעלע האָט געהערט דעם ליארעם „איינטרעטן״, איז ער געלאָפן אין דער פאַרקערטער ריכטונג פון דער מאַרק־גאַס. ער וויל זיין ווייט פון שטאָט, אין לעכער, גריבער, אין אַ וואַלד. די מורא יאָגט אים. ער לויפט דורך קליינע אונטערגעסלעך. מיט גרויס פאַרזיכטיקייט שלייכט ער זיך דורך אונטערוועגס. זיין בליק איז אויסגעשפרייט אויף דעם אַרום. זיינע אויגן לאָזן ניט דורך אַ שטיין, אַ בוים, אַ ווינקל, אַ וואַנט. אפשר דאָ זיך פאַרבאַהאַלטן? האָ! דאָ? ניין, ניט גוט. ער הערט אַ הונט אויף אַ קייט וואָיעט. ער קען דערשמעקן אָט דאָ? ניין. דאָ זיינען פאַראַן יונגע שקצים. זיי האָבן אויף מיר שטענדיק געוואָרפן שטיינער. ער מוז ווייטער לויפן. אָט איז ער שוין ביי אַ וועג, וואָס פירט צום וואַלד. דאָרטן, אין וואַלד, זיינען ניטאָ קיין שקצים וואָס וואַרפן שטיינער און הינט וואָס קענען צערייסן אַ מענטש, און דיביימער וועלן ניט דערציילן אַז לייבעלע איז דאָ פאַרבאַהאַלטן. ער וויל לעבן. אָט, אָט איז ער שוין איבער דעם וועג, כמעט ווי אַ שפרונג צום וואַלד, ווי ער דערזעט אַ פעטן פליישיקן דייטש. ער שטייט מיט אַ ביקס אויף דער וואַך, קיינער זאָל ניט דורכגיין דעם וועג אָן אַ קאָנטראָל. — „ס׳איז ניט גוט. ער וועט פאַרהאַלטן. וואָס טוט מען?״ קלערט לייבעלע. — לייבעלע גראָבט זיך איין צווישן קלעצער, ברעטער. ער קען אים גוט זען. זיינע אויגן פאַרשן און פאַרשטייען אים, דעם פליישיקן נפש. ער מיינט: „איך וואָלט אים בייגעקומען, אָבער — די ביקס, די ביקס״. אָט זעט ער, ווי ער גייט הין און צוריק. אַלע זיינע חושים זיינען אַלאַרמירט און וואַך. אָט זעט ער ווי

# שטערן אין דער נאַכט

ער גייט נאָך אַ מאָל אַהין, שנעל. זאָגט לייבעלע צו זיך: „לויף! רייס אים אַראָפּ די ביקס, וואַרף די ביקס אַוועק און לויף דורך דעם וועג. ער וועט דיך ניט גיין זוכן. ער איז צו פויל".

שנעל, ווי פייל פון בויגן, רייסט לייבעלע אים אַראָפּ די ביקס און גיט אים אַ זעץ איבערן קאָפּ. ביז דער פליישיקער דייטש איז צו זיך געקומען, איז שוין לייבעלע געווען ווייט אויף דער אַנדערער זייט. ער האָט נאָך געהערט ווי דער יעקע שעלט: „דאָנער וועטער!"

אַ גאַנצע נאַכט איז לייבעלע אין וואַלד. די ערשטע נאַכט אַליין, אונטערן פרייען הימל, קאַלט און געפרוירן, קען ער זיך קוים דערוואַרטן ביזן שפּראָץ אויף טאָג. ער גייט צוריק אין שטעטל אַריין. ער שאַרט זיך ביי די ווענט. אַלע הייזער — טירן און פענצטער אָפן. ער זעט אַ סך הייזער זיינען חרוב. די שכנים צעטיילן זיך מיט אידיש פאַרמעגן. דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן. ער דער־נענטערט זיך צו זיין הויז. ער ציטערט פון מורא צו פרעגן און רעדן. חרטה־געפילן עקבערן אין זיין קאָפּ: „פאַר וואָס בין איך געלאָפן אַליין?" פּלוצלינג, פון הינטער זיין פּלייצע, הערט ער אַ פּאָלאַק שרייט: „האי! נאָך אַ זשידעק איז דאָ? נעם אים!"

„איך זע פאַר זיך אַ שרעקלעך בילד, וואָס איך וועל קיין מאָל ניט פאַר־געסן", דערציילט מיר לייבעלע. „אונטער אַ דייטש־פּוילישער קאָמאַנדע רייניקן אידן אָפּ שטיקער אברים. די גאַנצע מאַרק־גאַס פון שטעטל איז פול מיט קדושים, מאַרטירער. בלוט און שטיקער אברים זענען צעשפּרייט איבער דער מאַרק־גאַס. אַ דייטש מיט אַן אויטאָמאַט גיט קאָמאַנדעס, ער שרייט: ,שנעלער, יודע! רייניקן דאָס שמוץ!" די גרופּע אידן באַשטייט פון אַזעלכע ווי ער, עקשנים, וואָס האָבן ניט געוואָלט ,איינטרעטן'. טוען זיי אַצינד די הייליקע אַרבעט, ברענגען צו קבורה דאָס בלוט און אברים פון דעם נעכטיקן בלוט־באָד. לייבעלע, וואָס האָט ניט לאַנג צוריק געפּראַוועט זיין בר־מצוה, איז נאָך קיין מאָל ניט געווען נאָענט צו אַ בר־מינן, איז אַצינד איינער פון די לעצטע לעבעדיקע עדות פון דער פאַרטיליקונג פון די קדושים וטהורים אין זיין שטעטל.

„אין דער צייט, וואָס די אידן טוען די אַרבעט און פאַרגיסן טייכן טרערן, שטייען דערלעבן פּוילישע שכנים און קייכן פון געלעכטער. איך האָב ניט פאַר־שטאַנען פון וועמען זיי לאַכן, צי פון די אידן מיט די אָפּגעשניטענע האַלבע בערד, אָדער פון דעם בכבודדיקן טייערן איד ר' גדליה, וואָס טראָגט אַצינד אַ העלן קאַפּעליוש, אַנשטאָט דאָס אידיש־פּוילישע היטעלע. איך פאַרשטיי ר'

גדליהזן. אפשר האָט ער געמיינט אַז דער קאַפּעליוש וועט פאַרשטעלן. מיר האָט אָבער געשטאָכן זייער לאַכן. ביז היינטיקן טאָג טוט מיר ווייי דאָס לאַכן".

און בערל לייב דערציילט: „איך בין צו מיין היים ניט דערגאַנגען. מען האָט אונדז פון גניוועשאָוו געפירט קיין דעמבלין. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס איך האָב געזען דאָס שטעטל. דאָרטן, אין דעמבלין־לאַגער, האָט זיך דער מלאך־המוות אַנטפּלעקט מיט זיינע גרויסע שאַרפע ציינער אַלע מינוט. דאָרטן האָב איך געהערט די ביטערע נייעס וועגן מיין גאַנצער משפחה. באָבע, זיידע, טאַטע, מאַמע, צוויי שוועסטער און אַ ברודער האָבן זיי אומגעבראַכט".

אָט הער איך ווי איינער דערציילט: ר׳ יאָסל, דער בעל־קורא, בעל־תפילה, מיט זיין גאַנצער משפחה, האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אויף אַ בוידעם, גוט פאַר־מאַסקירט. דאָס עסן האָט זיך אויסגעלאָזט. איז ר׳ יאָסל געגאַנגען צו די שכנים בעטן אַ שטיקל ברויט. אָט שטייט ער ביי אַ טיר. ר׳ יאָסל בוקט זיך: „פּאַניע קאָכאַני, גיב מיר אַ שטיקל ברויט. מיין גאַנצע משפחה הונגערט, שוין ניט געגעסן אַ פּאָר טעג". — „גיי, זשיד, פון דאַנען! פאַרשווינד שנעלו" — ער פּרואווט מזל ביי אַ צווייטן קריסט. נאָך ערגער: „גיי פון דאַנען! איך שיק שוין אַרויס דעם הונט!" צו גיין צוריק מיט ליידיקע הענט האָט ער ניט געקענט. פּרואווט ער מזל ווייטער, ביז מ׳האָט אים געכאַפּט. די באַנדיטן האָבן געמאַכט אַ סוף צו זיין יונג לעבן. די מאַמע האָט געוואַרט אַ לאַנגע צייט אויפן טאַטן, ביז זי האָט באַשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע, אַראָפּגיין פון בוידעם. דאָס איז געווען דער סוף פון מיין משפחה.

און בערל לייב דערציילט: „איך האָב געהערט 18 מאָל דעם אַלאַרם ,איינ־טרעטן׳ און איך בין 18 מאָל אַנטלאָפן. אויב איך וועל דיר דערציילן אַלץ, וועסטו ניט קענען שלאָפן. וועל איך דיר בלויז דערציילן וועגן לעצטן ,איינטרעטן׳. ס׳איז געווען דאָס יאָר 1944, חודש יולי. מ׳הערט אַז דער פראָנט דערנענטערט זיך. אָט, אָט שוין באַלד און מיר זענען געהאָלפן. אָבער די טעג ציען זיך ווי סמאָלע. ווי אַזוי האַלט מען דאָס איבער? מיר באַמערקן אַ צעטומלעניש ביי די ,עס־עס׳. זיי לויפן אַרום ווי משוגע. און פּלוצלינג — אַ ליאַרעם, אַ רעוועןן: ,איינטרעטן!׳ די וואַגאָנען זענען גרייט. האַ! ניין, איך גיי ניט. אַ גרופּע אָרגאַ־ניזירט זיך צו אַנטלויפן. מיר האָבן אַ דראָטן־שניידער. ביים שפּראָץ אויף טאָג זענען מיר אַדורך די דראָטן־פאַרצוימונגען. מיר לויפן דורך תבואה־פעלדער. דאָס ערשטע מאָל אין יאָרן זע איך די זון גייט אויף אַ רויטע ווי פייער אין מזרח. אַ קיל ווינטל גלעט דאָס פּנים. איך ווער באַהערשט פון געמישטע געפילן. פון

# שטערן אין דער נאַכט

איין זייט וואונדער, אַזאַ שיינע וועלט! ס׳שמעקט פון די וועלדער און פעלדער. ס׳איז דאָך חודש יולי, זומער. און פון דער אַנדערער זייט — עפּעס אַ מורא פאַר די פּוילישע שכנים. די מורא ווערט שטאַרקער. מיר הייבן אָן פילן די שלעכטע בליקן, די רציחהשע אויגן. ביים ערשטן בליק אויף דיר, זאָגט ער גלייך: „האָ! זשידקעס זענען נאָך דאָ?״ — מיר, אַ גרופּע פון דעמבלין־לאַגער, שוואַכע, קוים־קוים וואָס מיר שטייען אויף די פיס. זענען זיי אונדז באַפאַלן מיט קאָסעס און העק. די, וואָס האָבן ניט געקענט לויפן, זענען געפאַלן אונטער די קאָסעס. איך בין געווען פון די, וואָס האָבן אויסגעמיטן די קאָסעס און העק פון די פּוילישע פּאָגראָמשטשיקעס. וואו איך האָב געטאָגט האָב איך ניט גענעכטיקט. איך האָב זיי גוט געלערנט. איך קען זייערע פאַרסמטע שנאה צום איד. זייער פּוילישע יוכע קען איך ניט פאַרגעסן. ניט איין מאָל איז מיין הויט געריזנצלט געוואָרן פון מורא. מיין שטעטעלע האָב איך ניט געזען. מורא געהאַט צו פאָרן דאָרטן.

„ניט לאַנג צוריק פאַלט מיר איין אַ געדאַנק צו פאָרן קיין פּוילן און זען מיין שטעטל. איך האָב שוין היינט ניט קיין מורא פאַר די פּאָגראָמשטשיקעס. איך בין שוין אויסגעווען אַ וועלט, פאַר וואָס ניט פאָרן זען מיין שטעטל, וואו איך האָב פאַרבראַכט 14 יאָר פון מיין יונג זאָרגלאָז לעבן, מיט טאַטע, מאַמע, זיידע, באָבע, שוועסטער און ברודער? אַ סך איבערלעבענישן האָב איך שוין פאַרגעסן, אָבער פון מיינע קינדער־יאָרן אין שטעטל איז געבליבן אַ פאָדעם אין מוח, וואָס בינדט. ס׳איז טאַקע אַ דינער פאָדעם, אָבער דאָך אַ פאָדעם וואָס לאָזט ניט פאַרגעסן.

„זיץ איך מיט מיין ווייב באַשע אין אַן אויטאָמאָביל, וואָס פירט אונדז פון וואַרשע צו מיין שטעטל גניוועשאָוו. די נאָסטאַלגיע איז אַזוי גרויס, אַז איך זינג מיר אַ ליד צו מיין שטעטל: מיין שטעטעלע, איך בין שוין לאַנג אַוועק פון דיר, פאַרגעסן צו ציילן די יאָרן. אָבער, מיין קליין שטעטלע, דו לעבסט נאָך ביי מיר מיטן גאַנצן גלאַנץ אין מיין זכרון. — איך שפּאַציר אין מיין שטעטל. ס׳איז שאַ שטיל. איך זע אונדזער הויז, ניט באַרירט. שקצים זיצן לעבן הויז. איך שמועס מיט זיי. מיין ווייב פרעגט מיך צי די שקצים זענען די זעלבע, וואָס האָבן אויף מיר געוואָרפן שטיינער. — „זיי וואַרפן אויך שטיינער אויף אידן ווען זיי דאַרפן״, גיב איך צו פאַרשטיין מיין ווייב. ווייזט אויס אַז איך בין געווען גערעכט, ווייל באַלד הער איך ווי איינער זאָגט: ,ער מוז זיין אַ שפּיאָן׳. איך זאָג באַלד צו מיין ווייב: ,קום! הערסט, באַשע? איך בין ניט קיין נביא. איך ווייס ניט ווי אַזוי אידן וועלן ענדיקן מיטן גלות אַמעריקע. אָבער דאָס ווייס איך אַז פון גלות

מצרים זענען אידן אַרויס מיט זילבער און גאָלד, אָבער פון פוילישן גלות — דאַרף אַ איד דאַנקען אַז ער גייט אַרויס מיטן לעבן״.

אויף צוריק וועגס האָבן מיר שוין געזונגען: „וואָס ס׳איז געווען איז געווען, ס׳איז מער ניטאָ!״



## אַ ספּעקטאַקל־געריכט אויפן זאַוואָד

ס׳איז סוף יאָר 1942, די גאַנצע וועלט ברענט מיט אַ העליש פייער, וואָס דאָס ריינע־אַריער־פאָלק האָט אָנגעצונדן. די מאָרד־חיה געפינט זיך שוין ביי די טויערן פון מאָסקווע און ביי די פאַרשטעטלעך פון טאַמבאָוו, טיף אינעם האַרץ פון רוסלאַנד.

אין גאַנץ רוסלאַנד הערשט אַ מוראַדיקער הונגער. יעדער איינער ראַנגלט זיך מיטן גרעסטן שונא פון מענטש, דעם „הונגער״. מ׳רעדט זייער ווייניק וועגן פראָנט, אָבער גאָר אַ סך וועגן עסן.

אַ לעבל ברויט פון קנאַפּע צוויי פונט קאָסט אויפן באַזאַר 300 ביז 400 רובל (אויב מ׳קריגט עס).

די לאַגע אויף די פראָנטן איז זייער שלעכט, דעזערטירונג און סאַבאָטאַזש זיינען די סיבה פאַר וואָס די רויטע אַרמיי טרעט אָפּ אַלע טאָג פון איין פּאָזיציע צו אַ צווייטער און דער שונא גייט פאָרויס.

מי יודע צו וואָס דאָס האָט געקענט דערפירן, ווען ניט דער „אוקאַז: „איין טריט צוריק — שיסן״. שטייען אַצינד פּאָליטקאָמס ביי יעדער הינטער־ליניע פון די פראָנטן, און ביי אַ שלעכטן באַוועג, אין אַ פאַלשער ריכטונג — אַ קויל אין קאָפּ.

אָט דער גרויזאַמער „אוקאַז״ (פאַראָרדענונג), וואָס האָט אומגעבראַכט הונדערטער טויזנטער אומשולדיקע מענטשן, זאָגן גרויסע סטראַטעגן, האָט געבראַכט צום זיג אין סטאַלינגראַד (18־1־1943) מער ווי די גרויסע פרעסט. דאַן האָט מען געזאָגט, אַז די חיה איז פאַרוואונדעט, און מ׳האָט זי אָנגעהויבן יאָגן צוריק, צו דערהרגענען.

## שטערן אין דער נאַכט

דער זעלבער שטרענגער רעזשים פון מלחמה־פראָנט האָט געהערשט אין די מיליטערישע זאַוואָדן (פאַבריקן): טורמע, טויט, איבער נאַכט זיינען מענטשן פאַרשוואונדן. אין אָט דער צייט איז מישע מאָביליזירט אין אַ טאַנק־זאַוואָד. ער צייכנט זיך אַזוי אויס מיט זיין געניאַליטעט, אַז זיין נאָמען איז מיט גרויס לויב געשריבן מיט קידוש־לבנה־אותיות ביים אַריינגאַנג אין זאַוואָד, אויף לענין גאַס נומער 50, אין סווערדלאָווסק.

עס לייענט זיך: „מיר באַגריסן דעם חבר מישע פערעצאָוויטש. ער פירט אויס דעם פּלאַן אויף 250 פּראָצענט". און אַ צווייטער גרויסער פּלאַקאַט, מיט די זעלבע לויב־ווערטער, הענגט ביי זיין בוי־מאַשין, אין צעך נומ. 225, פון אוראַלער מאַשינען־זאַוואָד, וואו ער אַרבעט אויס אַ טייל צום טאַנק 34.

זיין נאַטשאַלניק איז אַצינד סאַמאַרין ניקאָלייעוויטש, אַ הויכער מיט אַ לענגלעך בלאַנדן קאָפּ, אויגן ווי פון אַ גזלן, שטענדיק מיטן „ציגן־פּיסל" אין מויל. ער ציט דעם רויך און שפּייט, רעדט פון איין זייט מויל, שטיל אָבער שאַרף. אַ קרענקלעכער טרינקער, ער שיכורט זיך אָן ביז משוגעת. ער דערקענט ניט קיינעם, אפילו זיינע אייגענע, אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן אַריינצופאַלן אין זיין מויל, וואָס איז פול מיט ווערעם, זשאַבעס, ראַקעס. ער שפּייט און שעלט אָן אַ סוף. מישע מוז אַלץ אַראָפּשלינגען. ער איז זיין באַלעבאָס. ער טראָגט אַ פּאַרטיי־ביכל אין זיין בוזעם־קעשענע.

אָט איז די נאַכט־שיכט. מישע צעברעכט אַ בויער. ער פילט אויס דעם בלאַנק. סאַמאַרין דאַרף אונטערשרייבן. סאַמרין גיט מישען אַ לעקציע וואָס דאָס מיינט צעברעכן אַ בויער אין מלחמה־צייט. ער לאָזט גיין זיין שפּראַך־אינ־ווענטאַר, נאָר ער שרייבט אונטער דאָס פּאַפּיר.

מישע גייט מיטן פּאַפּיר צו נעמען אַ נייעם בויער און טראַכט: דער לעצטער בויער האָט זיך געהאַלטן לאַנג, געווען פון אַ גוטן שטאָל, אַ גוטע אויס־אַרבעטונג, אַן אַמעריקאַנער. מ'זאָגט ס'זיינען אָנגעקומען פון אַמעריקע אַ סך אינסטרומענטן. מישע האָפט צו באַקומען דעם זעלבן סאָרט.

אָבער ווי אַנטוישט איז ער, ווען מ'גיט אים אַ רוסישן בויער. אהה! ס'איז ניט גוט. עס וועלן זיין צרות. זאָל ער גיין און זאָגן? דאָס הייסט, אַז דער רוסישער בויער איז ניט גוט. ער וויל אַן אַמעריקאַנער. דאָס מיינט צו עפענען דעם גיהנום פאַר זיך. ער נעמט דעם בויער און שטעלט זיך אַרבעטן.

די זעלבע נאַכט צעברעכט מישע אַ צווייטן בויער. מישע גיט אַ שטאַרקן ציטער פון דעם טראַסק. סאַמאַרינען שטעלט עס אויף די פיס פונעם דרימל ביים

טיש. ער לויפט צו מלא רציחה. ער שרייט און שעלט, רויכערט און שפייט און זאָגט: „צום טייוול! פיל אויס אַ בלאַנק". מיט שוים אויף די ליפּן שרייבט סאַמאַרין אונטער. אָבער דאָס מאָל שרייט מישע צו סאַמאַרינען: „אַ דאַנק דיר, חבר סאַמאַרין. דער בויער וועט זיין פאַר אַ לאַנגער צייט". (מישע האָט געלייענט די ראשי תבות: יו. עס. איי.)

סאַמאַרין איז ניט צופרידן פונעם דאַנק, וואָס מישע גיט אים. ער קאַכט זיך, שרייט און רופט מישען צו דער וואַנט, אַוואו ס'הענגען אַלע מעלדונגען. ער לייענט אים פאַר אַ מעלדונג: „מאָרגן קומט פאַר אַ ספּעקטאַקל־געריכט (פּאָקאַ־זאַטעלני) פון רויזע מענדעלאָוויטש פאַר ניט קומען אין צייט". סאַמאַרין חזרט איבער אַ פּאָר מאָל: „אייער ראַזיזשקע, דו פאַרשטייסט? אויב דו וועסט צעברעכן בויערס, וועט זיין מיט דיר דאָס זעלבע, געדענק!"

מישען האָט די נייעס גרויזאַם געטראָפן. זיין געדאַנק פּייניקט אים אַז מאָרגן וועט זיין אַן אָפענער געריכט. מ'וועט משפטן רויזען. מישע האָט געקענט רויזען. זי פלעגט שטענדיק זיך אָפּשטעלן דערציילן, אין אַ שיינעם מינסקער אידיש, די אידישע ביטערע נייעס, וואָס זי האָט געוואוסט לייענענדיק צווישן די שורות. מ'גייט איר משפטן, עפּנטלעך. מ'דאַרף אַ קרבן. פאַר וואָס רויזען? סאַמאַרין גייט דורך, ער טרעפט זיינע געדאַנקען. מיט אַ שעלמישן איראָנישן שמייכל גיט ער אים אַן ענטפער: „פאַרגעס ניט, דאָס איז אייער ראַזיזשקע!"

צו מאָרגנס פרי. אַ שטאַב מיט מענטשן פאַרעט זיך ביים צוזאַמענשטעלן טישן און בענק פאַר דעם טעאַטער־געריכט. 12 אַזייגער, לויט אַ באַפעל, זאַמלען זיך אַלע אַרבעטער פון 225־טן צעך פון „אוראַל־מאַש־זאַוואָד". ווען דער גאַנ־צער געריכט איז באַזעצט, ווערט רויזע אַריינגעפירט פון צוויי ען־קאַ־ווע־דיסטן מיט באַיאָנעטן. איר פּנים — בלייך, דערשראָקן. די אויגן כמעט פאַרמאַכט. דער גאַנצער מענטש — הויט און ביינער — איז צוגעדעקט מיט אַ גרויען מאַנטל. דער אידישער חן ליגט אויסגעגאָסן אויף איר אויסגעצערטן פּנים, וואָס בעט זיך רחמים. אָבער די גויאישע מאַסע האַסט דעם קרבן, רעדט, זידלט. איינער זאָגט: „אַזאַ יעווריייקע, זי וויל ניט אַרבעטן". אַ צווייטער זאָגט: „זי קריגט 800 גראַם ברויט און זי איז אַזאַ סוואָלאָטש (אויסוואורף)!" מישע טוט אַזש אַ צאַפּל, ווען ער הערט ווי איינער זאָגט: „צו וואָס אַ געריכט? אַ קויל אין קאָפּ — און אַ סוף".

מישע מיידט אויס אירע אויגן. ער וויל זיך ניט טרעפן מיט איר בליק, ווייל אַז אַ מענטש טוט זיך ראַנגלען אין יסורים און דו קענסט ניט העלפן, איז בעסער אַז זיינע אויגן זאָלן דיך ניט באַגעגענען. דער צער קען זיין גרעסער.

# שטערן אין דער נאַכט

מישע באַוואונדערט ווי רויזע שטייט ווי פאַרשטיינערט, אָן דעם מינדסטן באַוועג, ווען איינער נאָכן אַנדערן ווילן איבערשטייגן מיט וואַרפן בלאָטע. דער פּראָקוראָר זאָגט אין זיין באַשולדיקונגס־רעדע, אַז זי איז אַ פאַרברעכער פון גרעסטן מאַשטאַב. אַ צווייטער רעדנער שרייט: „דו ביסט אַ שונא פון פאָלק („וואַג נאַראָדאַ")". יעדער איינער מאָלט איר אין די שוואַרצסטע פאַרבן, ווייל אַזוי פאָדערט זיין ראָל: צו וואַרפן שמוץ. און די מאַסע גויים אַרום קריצט מיט די ציין. אָבער רויזע איז ווי אַ שטיין אין פעלד בעת אַ גרויסער זאַווערוכע. דער שטורעם־ווינט וואָיעט און דער רעגן פלאַסקעט־טראַסקעט. רויזע שטייט אָבער גלייכגילטיק, אפשר, ווייל זי קען די הענקער. עס וועט איר ניט העלפן, אפילו אויב זי וועט בעטן ביי זיי איינזעעניש. ס'איז בלויז צען מינוט פאַרשפּעטיקונג. זי ווייס, דאָ איז ניטאָ קיין רחמנות. און אפשר האָט זי שוין געבעטן און ס'האָט ניט געהאָלפן, ווייל אַזוי איז עס, זיי דאַרפן דעם קרבן פאַר דעם טעאַטער־שפּיל.

אַזוי שטייט רויזע פאַרטראַכט און לאָזט וואַרפן אויף זיך פּעך און שוועבל. מישע טראַכט: „אַזוי מסתמא האָט אויסגעזען אין מאַדריד, טאָלעדאָ, אין די שפּאַנישע געריכטן, מיט די אידישע פרויען און מענער, ווען מ'האָט זיי געפירט, און די גרויסע מאַסע איז נאָכגעלאָפן, צום עשאַפאָט".

אָבער דאָ איז ניט שפּאַניע. דאָ שטייט ניט דער גלח מיטן צלם און אַגיטירט, רייצט די מאַסע קעגן די העלפערס פון טייוול. דאָ איז דער ראַטן־פאַרבאַנד. דאָ שטייט דער איד יאַבלאָווסקי און מיט זיין הויכער באַסאָווער שטימע שרייט ער: „מיר וועלן דיך ניט שיקן אויפן פראָנט, ניין! מיר וועלן דיר ניט געטרויען אַ ביקס! דיך וועט מען שיקן אין טורמע, און דאָרטן זאָלסטו אָפּקומען די זינד, פאַר דיין פאָלק און לאַנד".

מישע פילט שטאַרק דעם הונגער. ער דערמאָנט זיך אַז ער האָט נאָך אויף די ברויט־קאַרטע אַן אוצר, 600 גראַם ברויט, און גנבעט זיך אַוועק פון דער מאַסע און לויפט אין רעסטאָראַן („סטאָלאָווע").

דער ערשטער וואָס האָט אים אָנגעזאָגט די בשורה פון אורטייל איז געווען סאַמאַרין. ער קלאַפּט אים אין פּלייצע מיט אַ ברייטן שמייכל און מ'זעט זיין גאַנץ מויל מיט די געלע ציינער: „8 יאָר, גאָרניט קיין סך פאַר אייער ראָזיזשקע". און ער גיט צו: „אַזוי האָט געלייענט דעם אורטייל אייער יאַבלאָווסקי מיט די אויגן־גלעזער (ער וויל ניט זאָגן: איד). מישע, געדענק, דאָס קען געשען מיט דיר!" אַזוי האָט סאַמאַרין שטענדיק געוואָרנט מישען. און איין מאָל איז דאָס געווען גאַנץ נאָענט, ווען מ'האָט אַוועקגעגנבעט פון מישען די ברויט־קאַרטע. סאַמאַרין

גלייבט ניט: „אהו איך קען זיי. ער וויל האָבן צוויי ברויט־קאַרטעס. ניט ביי מיר״.

ס׳קומט אויס מישען צו הונגערן. אָבער די אַרבעט ווערט שטענדיק געטאָן. ווען מישע קומט זיך געזעגענען אין מאַי 1946, לייענט באַשמאַקאָוו (מישעס פאַרטרעטער): „מיר באַגריסן דעם חבר מישע. ער פירט אויס דעם פּלאַן אויף 250 פּראָצענט״, ער זאָגט: „נעם מיט קיין פּוילן די פּלאַקאַטן״. סאַמאַרין מישט זיך אַריין: „מלא, גזלן, פאַר קיין פּוילן, פאַר. מיר ווענלן זיך באַגיין אָן אייך״.

פאַר די גאַנצע פינף יאָר, וואָס מישע איז געווען מיט סאַמאַרינען, האָט ער ניט געקענט פאַרשטיין וואָס מאַכט אַזעלכע סאַמאַרינס ווירקן און שאַפן. ניט זיין פאָלק, ניט דאָס לאַנד. ער האַסט אַלעמען. און זיכער ניט די מלחמה מיטן שונא. מיט דעם שונא האָט ער שוין פון לאַנג געגעבן זיך די הענט. אוי, ווי זינגט דער משורר: „ווען די קאַץ האָט פליגל, וואָלטן זיך געענדיקט אַלע פייגל פון הימל...״



# די אלף־בית קלעצלעך

אין הויז איז געווען פריילעך. ס׳איז אַ שמחה פאַר קליין און גרויס. טשאַרליס בן יחיד, ענדי, איז געוואָרן פינף יאָר אַלט. דאָס הויז ווערט אָנגעפילט מיט קינדערשע מתנות. יעדער ברענגט עפּעס. די זיידע־באָבע זיינען געווען פון די ערשטע מיט צוויי גרויסע קאַסטנס. מ׳האָט געדאַרפט העלפן טראָגן.

ענדי אַליין ווערט באַלד שטאַרק פאַרנומען מיט די שפּילצייג. ער וויל צונויפשטעלן אַ טונעל צו אַ באַן. דער זיידע פרייט זיך און זאָגט צו דער באָבע מלא שמחהדיק: „דו זעסט ווי ער האָט דאָס ליב? און דיין גרויס פערד וויל ער אַפילו ניט אָנקוקן. איך האָב געוואוסט וואָס צו קויפן!״ שרייט אויס דער זיידע פון גרויסן נצחון...

ענדי ווערט פאַרפּלאָנטערט. ער קען זיך ניט קיין עצה געבן ביים צונויפּשטעלן דעם טונעל. ער וויל אַריינרופן זיין נייעם פריינד הערשעלע. טשאַרלי לאָזט ניט. „ניט היינט״, זאָגט ער, „היינט איז דיין געבוירן־טאָג. אַ סך פריינד

קומען. מ׳דאַרף ניט האָבן הערשעלען מיט די לאַנגע ציצית״. מיט אַ קוש אין די ליפּן מאַכט ער צו ענדיין דאָס מויל, ווען ער וויל עפּעס זאָגן, און גיט צו: „ס׳איז ניט שיין״.

מען גרייט צום טיש אַ גרויסן מאַלצייט. ווען אַלע געסט זיצן ביים טיש, האָבן הנאה פון די גוטע מאכלים און די גאַנצע משפּחה איז פול מיט ליבע פאַר שוירלי און טשאַרלי, פאַר זייער הויז — ווי שיין מאָדערנע אַלץ זעט אויס — טוט זיי טשאַרלי פאַרטרויען אַ סוד: „דאָס הויז איז צום פאַרקויפן. איך זוך שוין ערגעץ אַנדערש וואו אַ צווייט הויז״. און גאַנץ ערנסט גיט ער צו: „איך מוז פון דאַנען אַוועקן!״ „פאַר וואָס?״ פרעגן אַלע. טשאַרלי קלערט אויף מיט אַ שווער האַרץ: „איך קען ניט פאַרטראָגן מיינע שכנים, וואָס האָבן זיך אַריינגעצויגן לעבן מיין הויז. די גאַנצע גאַס ווערט פול מיט זיי. זיי פאַרשפּרייטן זיך ווי ווילד־פּייער, די אזיאַטן, פאַנאַטיקער, מיט די ציצית אין דרויסן. איך וויל זיי ניט האָבן לעבן מיר, זיי זאָלן זיין מיין ענדיס פריינדס, אָפּצולערנען שלעכטע געוואוינ־הייטן. איך האָב ניט דאָ קיין געזעלשאַפט. און מיין שוירלי האָט ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן. מ׳מוז פון דאַנען אַוועק. איך פאַרקויף דאָס הויז בחצי חנם. איך וועל ניט אָפּנעמען אַ העלפט פון דעם וואָס עס האָט מיך געקאָסט״. די באָבע שאָקלט צו מיטן קאָפּ און גיט צו: „דאָס קינד האָט ניט דאָ זיינע ריכטיקע פריינד״, „נו״, זאָגט דער זיידע, „עס וועט קאָסטן אַ שיינע פאַר טאָלער!״ „זאָל נאָר אויסגיין צו די פאָר טאָלער״, ענטפערט אים די באָבע. „מיר האָבן געהאָלפן מיטן ערשטן הויז, וועלן מיר ווייטער העלפן. פאַרפאַלן, וואָס זאָלן מיר טאָן? זיי מוזן פון דאַנען אַוועק״. טשאַרלי טרינקט אַ כוס מיט זיינע פריינד, און מ׳ווינטשט אים מער הצלחה מיטן צווייטן הויז. די זיידע־באָבע שאָקלען צו מיט די גרויע קעפּ, זיי זיינען מסכים.

זרח זעט, אַלע קומען און גייען מיט מתנות. שיקט ער אַריין זיין הערשע־לען מיט אַן אלף־בית קלעצלעך מתנה („ס׳איז דאָך ניט שיין, איך בין דאָך אַ שכן, אַ טיר ביי אַ טיר״), און ענדי פרעגט מיט גרויס פרייד: „וואָס איז דאָס?״ הערשעלע לערנט אים מיט גרויס פלייס: „אָט דאָס איז אַן אלף, דאָס איז אַ בית״. ער ווייזט אים ווי אַזוי צו בויען אַ הויז מיט די אלף־בית קלעצלעך. ענדי לערנט הערשעלען ווי אַזוי צונויפצושטעלן דעם טונעל. ער ווייזט אים אַ סך שפּילצייג און זאָגט: „דאָס האָט מיר געקויפט דער זיידע, און דאָס — די באָבע״. הערשעלע זאָגט: „איך האָב ניט קיין זיידע־באָבע. מיין זיידע־באָבע האָט היטלער אומגעבראַכט. מיר האָט קיינער ניט געקויפט מתנות צו מיין פינף־יאָריקן

# שטערן אין דער נאַכט

געבוירין־טאָג. ענדי בעט הערשעלען אַריינצוקומען: „איך וועל דיר געבן אַ סך שפּילצייג״. ווען הערשעלע גייט אַהיים, שרייט אים ענדי נאָך: „איך וועל דיך זען מאָרגן!״ און הערשעלע ענטפערט „יאָ, ענדי! מאָרגן!״

זייער שנעל האָט זיך ביי די קליינוואַרג אַנטוויקלט אַ גרויסע פריינדשאַפט. ס׳איז ניט דורך אַ טאָג אַז הערשעלע און ענדי זאָלן זיך ניט שפּילן צוזאַמען. זייער פרייד און געלעכטער האָבן אָפּגעהילכט גאַנצע טעג אין דעם חלל פון אַרום. אַזוי איז די שנאה צו זרחן געוואַקסן ביי טשאַרלין. ער ענטפערט ניט זרחן „גוט מאָרגן״, ער מאַכט זיך ניט הערנדיק. טשאַרלי קוקט שטענדיק צו דער אַנדערער זייט. ער איז פול מיט האַס צו זיין שכן.

טשאַרלי פאַרקויפט דאָס הויז, טאַקע בחצי חנם. מ׳אַנטלויפט ווי פון אַ פייער, אָן אַ „גוטן טאָג״ צו שכנים. זיי ציען זיך אַוועק ווייט פון ברוקלין, ערגעץ צו אַ ברעג פון אַ וואַסער. טשאַרלי האָט געוואָלט לעבן אַ פריי לעבן, אומגע־שטערט פון שכנים, פון מענטשן ניט זיין גלייכן. און אַזוי לעבט ער, פריי אומגע־שטערט, און אַזוי ווערט דערצויגן זיין בן יחיד. ענדי לערנט זיך גיך אויס צו כאַפּן פיש. די זיידע־באָבע שעפּן פולע עמערס מיט נחת פון זיין טאַלאַנט. ענדיס פריינד איז דאָ דזשימי, מיט אַ גרויסן הונט. ענדי וויל מ׳זאָל אים קויפן אַ הונט, ווי זיין פריינד דזשימיס. באַלד טוען זיידע־באָבע באַוויליקן זיין פאַרלאַנג. טשאַרלי ווייזט אָן טאַטע־מאַמע מיט גרויס צופרידנהייט ווי ענדי און דזשימי לויפן אַרום מיט די הינט ביים טייך. ער זאָגט: „דאָס לעבן דאָ איז אַ פריי און זיס לעבן...״

אַז דאָס לעבן איז זיס, איז די וועלט הפקר. אַזוי האָט ענדי געלעבט אָן אָן עול, הפקרדיק. ער קען ניט איינזיצן די פּאָר שעה אין שולע. אים ציט צום וואַסער און הונט. אַזוי לויפט ער אַרום טאָג און נאַכט מיטן הונט, אומגעשטערט פון קיינעם, ווי אַ פּרא־אדם.

איין מאָל ווערט טשאַרלי מיט זיין משפּחה פאַרבעטן אויף אַ בר־מצוה שמחה. ענדי הערט ווי אַלע לויבן זיין קוזין פאַרן אויסזינגען אַזוי שיין די הפטורה. ענדי פרעגט: „ווען ווער איך בר־מצוה? וואָס איז הפטורה?״ „צו דיין בר־מצוה איז נאָך דאָ צייט, גאַנצע צוויי יאָר״, ענטפערט טשאַרלי. „הפטורה — ווייס איך ניט וואָס דאָס איז. פרעג דיין קוזין דעם בר־מצוה בחור״. ענדי שמועסט מיטן קוזין און ער גיט אים צו פאַרשטיין: „מ׳דאַרף קענען אלף־בית, עברי, אָט פון דעם סידור״. און ער ווייזט אים די ווערטער אין סידור. „אָט דעם אלף־בית דאַרף מען קענען, אָט די עברי, כדי צו לייענען די הפטורה...״

ענדי קוקט אין סידור. די ווערטער זיינען אים באַקאַנט, נאָר ער קען זיך ניט דערמאָנען וואו ער האָט אַזעלכע ווערטער געזען. עס דויערט אַ שטיקל צייט. ער דערמאָנט זיך אין דער מתנה פון זיין פריינד הערשעלע, די אלף־בית קלעצלעך. ער געדענקט שוין אַצינד ווי הערשעלע האָט אים געלערנט אלף־בית. אַ צופרידענער טראַכט ער: — גוט וואָס איך האָב די קלעצלעך ניט אַרויס־געוואָרפן. ווען דער טאַטע איז אַריינגעקומען צו מיר אין צימער און שיער ניט געפאַלן, האָט ער זיך צעשריגן: „אָט שוין וואַרף אַרויס אַלע דיינע שפּילצייג! מ׳קען צעברעכן הענט און פיס״. אַלץ האָב איך אַרויסגעוואָרפן: די טראָקס, טראַקטאָרן, גראַבמאַשינען — אַלץ, אָבער ניט די קלעצלעך מיטן אלף בית. — ער טראַכט אַצינד וועגן הערשעלען: „ווען ער איז דאָ מיט מיר אַצינד, וואָלט איך געהאַט אַ סך צו רעדן מיט אים...״

ס׳איז אין די שפּעטע שעהן פון דער נאַכט. די משפּחה קומט צוריק אַהיים פון דער בר־מצוה שמחה. דער הונט דערפילט, ענדי איז דאָ. שפּרינגט ער און בילט. ער וויל אים דערציילן, אויפן הינטישן שטייגער, ווי ליב ער האָט אים. אָבער ענדי שטופּט אים אַוועק. „איך האָב ניט קיין צייט״, זאָגט ער צום הונט און לויפט גלייך אין זיין צימער אַריין צו זוכן די קלעצלעך. ער האָט אַ גרויסע אַרבעט זיי צו געפינען, ווייל שוין לאַנג ניט געזען. אָבער ער ווערט ניט מיד. ער ווייס אַז די קלעצלעך זיינען דאָ. ער זוכט אומעטום און געפינט.

ענדי האַלט די קלעצלעך מיט גרויס פאָרזיכטיקייט. ער קוקט אויף זיי. אָט געדענקט ער אַן אלף, אַ בית, אַ גימל. ער קוקט, טראַכט. ווייטער געדענקט ער ניט. ער באַדויערט פאַר וואָס ער האָט זיך בעסער ניט געלערנט צו געדענקען. ער באַשליסט: „איך מוז זיך טרעפן מיט הערשעלען. ער וועט מיך לערנען״. ביי אים אין קאָפּ וועבט זיך שוין אַ פּלאַן צו לויפן צו הערשעלען.

אַ געשריי פון אַ קריגעריי קומט פון דער קיך. טאַטע־מאַמע קריגן זיך. שוירלי שרייט צו טשאַרלין, גאָר אויף אַ הויכן קול: „מ׳מוז שוין געבן אונדזער ענדין אין אַ העברעאישער שולע!״ טשאַרלי זאָגט: „ניין, ס׳איז נאָך צייט״, שוירלי באַשולדיקט: „איך ווייס, דו ווילסט מיך ניט לאָזן האָבן דעם פאַרגעניגן, ווי מיין שוועסטער, צו זיין אָנגעטאָן אין אַ לאַנג קלייד מיט אַ שלעפּ, און אַלע זאָלן מיר ווינטשן מזל־טוב. אפשר ווילסטו ניט אַ בר־מצוה? אָבער איך גיי באַלד מאָרגן צום ראַביי כדי צו קריגן די אינפאָרמאַציע וואָס אַ בר־מצוה בחור דאַרף קענען״. שוירלי כאַפּט זיך אַז זי האָט איבערגעכאַפּט די מאָס. זי שרייט צו הויך. ווי ס׳זאָל

ניט זיין, ווייל זי ניט אַז ענדי זאָל וועגן דעם אַלעם וויסן. זי עפנט די טיר צו זיין צימער און פרעגט, פאַר וואָס ער גייט ניט שלאָפן...

ענדי האָט ניט געקענט שלאָפן. ער האָט אַלץ געהערט, געהאַלטן מיט דער מאַמען, זיך ניט געקענט דערוואַרטן ס׳זאָל שוין זיין טאָג. גאַנץ פרי גרייט זיך ענדי אין וועג אַריין. ער נעמט דאָס גאַנצע געלט פון דער בלעכענער זאַמלונג־באַנק. ער זוכט און געפינט אַ סך קיי־גומע, צידה לדרך. ווי שטענדיק, פאַרלאָזט ער זיין היים.

ענדי טרעפט הערשעלען ביי דער טיר, אָנגעלאָדן מיט ספרים, אויפן וועג צו דער ישיבה. ס׳איז אַ גרויסע פרייד פאַרביידן. ניט געזען זיך אַזאַ שטיק צייט. הערשעלע עפנט די טיר און שרייט: „מאַמע, זע ווער ס׳איז דאָ!״ „אוי, אַ גאַסט!״ וואונדערט זיך רבקה. „אפשר אַ טרינק?״ ענדי טרינקט גערן דעם קאַלטן טרינק. ער איז דורשטיק. הערשעלע בעט אים אַריין אין זיין צימער. ענדי פרעגט: „וואָס איז דאָס? אַזאַ גרויס בוך!״ „דאָס איז ניט קיין בוך, דאָס איז אַ גמרא״, ענטפערט הערשעלע, „און דאָס איז אַ חומש, און דאָס איז אַ סידור״. „האָ! אַ סידור? גיב מיר, איך וויל זען״, בעט ענדי. און ענדי קוקט אין סידור. מיט פרייד ווייזט ער אָן אויף אַן אלף, אַ בית. ענדי צעשפרייט זיך אויפן דיל מיט די קלעצלעך. „דאָס איז דיינס, געגעבן מיר אַ מתנה, געדענקסט?״ זאָגט ענדי. הערשעלע זעצט זיך צו אויפן דיל. ענדי בעט הערשעלען: „לערן מיך עברי! זיי מיין רבי!״ הערשעלע זאָגט: „קום מיט מיר אין ישיבה אַריין, איך וועל דיך לערנען. מיינע חברים וועלן דיך לערנען״.

אויפן וועג צו דער ישיבה דערציילט ענדי, אַז ער איז אַוועק פון דער היים. קיינער ווייס ניט וואו. הערשעלע הייסט אים לאָזן וויסן וואו ער איז.

ווען טשאַרלי האָט געענטפערט דעם טעלעפאָן, איז ער שיער ניט געפאַלן אין חלשות. ווי אַ תהום וואָלט זיך געעפנט פאַר אים. ער האָט פאַרלוירן דאָס לשון. שוירלי, אויפן צווייטן טעלעפאָן, רעדט צו איר זון מיט וואונדער, זי איז אָבער צופרידן וואָס הערשעלע וועט זיין ענדיס רבי.

געקומען אין דער ישיבה, האָט הערשעלע אים באַקאַנט מיטן ראש־הישיבה: „דאָס איז מיין חבר ענדי, אַ בעל תשובה. ער וויל שטאַרק לערנען״. דער ראש־הישיבה האָט באַלד געשאַפן ווער ס׳זאָל מיט אים לערנען.

שפעט ביי נאַכט וויל זרח זען צי ענדי האָט אַ גוט געלעגער. שטיל עפנט ער די טיר פון זיין צימער. ער געפינט ענדין שלאָפן אויפן דיל מיטן פנים אויפן סידור. ער דערציילט רבקהן די וואונדער פון ענדין: „ער איז דאָ זייער אַ קורצע

צייט. אָבער דו האָסט געדאַרפט זען זיין דאַוונען. זיינע העויות זענען די זעלבע ווי פון ראש־הישיבה. און דער עיקר, ער איז אַ מתמיד און אַ וועלער. ער וועט אויסוואַקסן אַ תלמיד חכם...״

רבקה דערציילט אים: „באַלד דעם צווייטן טאָג האָט אונדזער הערשעלע אים אָנגעטאָן ציצית. ער האָט אים געזאָגט אַז ציצית ברענגען ניט צו פאַרגעסן קריאת שמע״.

ענדיס בר־מצוה איז געווען אַ שמחה, ניט בלויז פאַר זרחן, רבקהן און הערשעלען, נאָר אויך פאַר שוירלין און טשאַרלין. דער ראש־הישיבה האָט פאַרגליכן די אלף־בית קלעצלעך צו די פונקען, וואָס ברענגען אַרויס אַ גרויס פייער...



## אַ יאַריד אין שטעטל

ס׳האָט געשמעקט מיט בעז פון בליעכץ אין פרילינג. דער גאַנצער אַרום איז איינגעטונקען אין גרינס. דאָס שטעטל איז נאָר וואָס אַרויס פון זיין ווינטערדיקן הינערפלעט. גרויס און קליין זענען אַצינד אין דרויסן כדי הנאה צו האָבן פון דער שיינער נאַטור.

דאָס איז געווען אַ דינסטאָג, בין השמשות. צווי קאַשטן־פערד, איינגעשפּאַנט אין אַ גרויסן מאַרק־וואָגן, זענען פאַרפאָרן צו נחום בעקער. באַלד האָט זיך פאַרשפּרייט די נייעס אַז מאָרגן, מיטוואָך, איז דער חודשלעכער יאַריד. דאָס האָט דערוועקט ביי אונדז, קינדער, אַ גרויסע פרייד. איין קלייניקייט, אַ יאַריד! מיר וועלן זען אַ סך שפּילערייען, קונצנמאַכער.

אָט קומט אַ צווייטע נייעס: מען האָט שוין געזען דעם ליליפּוט, וואָס מאַכט אַקראָבאַטישע קונצן. מענטשן זאָגן אַז ער איז אַ כינעזער און הייסט צשאַנג. מיין חבר טוט מיך אַ צי פאַרן אַרבל: אָט דאָ גייט ער. ער רעדט מיט נחום בעקער וועגן איבערשלאָפן די נאַכט. — איך האָב אַצינד די מעגלעכקייט גוט אים אָנצוקוקן. ער איז אויסערגעוויינלעך קליין. ער האָט אַ גאַר גרויסן קאָפּ, אָבער זיין טונקל־ברוין פּנים און אויגן פאַרמאָגן אַ סך חכמה. די אויגן שטראַלן אַרויס אַזוי

פיל גרויסקייט! „איך קען שווערן אַז ער איז אַ ייד״, זאָג איך צו נחומען. נחום פאַרענטפערט אים: „ס׳איז בעסער פאַר דער פרנסה אַז ער איז אַ כינעזער און הייסט צשאַנג. גויים האָבן ניט ליב קיין אידן״. ער גיט אים אַן אָרט לעבן אויוון איבערצושלאָפן די נאַכט.

איך ווער היימיש מיט צשאַנגן. איך פרעג אים צי ער האָט ניט קיין מורא צו שלאָפן לעבן אויוון, ווייל דאָרטן איז דאָ אַ גריל וואָס גרילט אַ גאַנצע נאַכט. ער פרעגט מיך צי איך האָב אים שוין געזען. „איך האָב נאָך אַ גריל ניט געזען, אָבער איך הער שטענדיק״, זאָג איך.

ביים זאָגן „אַ גוטע נאַכט״ הער איך ווי דער גריל גרילט. אָבער צשאַנג איז שוין, אַ מידער, געשמאַק געשלאָפן.

ס׳ווערט לעבעדיק אין מאַרק־גאַס. אַ סך מאַרק־לייט קומען שוין אָן. מען זעט שוין דעם קאַטערינשטשיק מיט דער קאַטערינקע און אַ פּאַפּוגיי. ער טראָגט אַ היטל מיט פינף שפּיצן, אַ לאקירענעם דאַשעק און קנעפּ מיטן אָדלער, ער זאָל אויסזען ווי אַ פּאָלאַק. מיר נעמען אים אויף זייער פריינדלעך, ווייל ער רעדט צו אונדז אידיש. ער דערציילט אונדז אַז ער האָט צוויי קינדער אין אונדזער עלטער, וואָס גייען אין חדר. מיר ווייזן אים דעם גרויסן קאָרידאָר לעבן דער בעקעריי, וואו ער וועט קענען איבערשלאָפן די נאַכט.

מיר זעען קומען אַ גרופּע ציגיינער. מיר דערקענען זיי לויט זייערע ברייטע הויזן מיט די גרויסע קאַפּעליושן און באָרוועסע פיס. מאַרק־לייט האָבן מורא פאַר זייערע גנבות. ביסלעכווייז ווערט דער מאַרק־פּלאַץ פול מיט געשטעלן, סטראַגאַנעס, מאַרק־וועגענער און שטופּ־וועגעלעך. מען גרייט זיך אויף מאָרגן, צו דעם חודשלעכן יאַריד. דער גרויסער מאַרק־וואָגן ווערט אַצינד פאַר־וואַנדלט אין אַ גרויסן געשטעל מיט גויאישע הייליקע זאַכן. ניט ווייט פאַרמירט זיך דער חזיר־מאַרק. ער צעשפּרייט זיך אויף ביידע זייטן פון גאַס. אין דער נאָענט זעט מען פאַרשיידענע ערדענע טעפּ. דאָס איז געווען דער גויאישער מיסחר. אָבער ווייטער איז געווען כאָמאַנטן, לייצעס, געזעסן פאַר פערד.

שיך, שטיוול, מלבושים פון די טאַנדעטנע שניידער און שניט־סחורה — דאָס האָט באַלאַנגט צו אידן. גויים האָבן צו דעם ניט געהאַט קיין שייכות. זענען אַצינד געשטאַנען טאַטע־מאַמע און קינדער און געהאָלפן מאַכן די סטראַגאַנעס. די אַרבעט איז אָנגעגאַנגען זייער פיבערדיק. יעדער איינער האָט געוואוסט וואָס ער טוט. ווען די בלאַנדעקע פאַר אַ רעגן איז שוין געווען איבערן סטראַגאַן, האָט עס געהייסן אַז דער געשטעל איז פאַרטיק.

# שטערן אין דער נאַכט

ביי זון־אויפגאַנג האָט מען אָנגעהויבן אויפצופאַקן די סחורה. מען לייגט ביליקע סחורה באַזונדער און בעסערע באַזונדער. אַלץ ווערט פאַרטיק צום פאַרקויף.

גאַנץ פרי שטעלט מען זיך היינט דאַווענען אין בית־המדרש. מען זעט פרעמדע מאַרק־לייט, וואָס דאַווענען אויף שנעל און לויפן צוריק צום יאַריד. איך דאַוון מיטן עולם גאַנץ פרי און ס׳טוט מיר הנאה וואָס דאָס דאַווענען גייט היינט אַביסל שנעלער, ווייל היינט איז מיטוואָך, מען זאָגט ניט „והוא רחום״. ווען איך גיי צוריק פון בית־המדרש איז שוין דער יאַריד אין פולן ברען. מען שרייט מיט באַנומענע קולות. יעדער איינער לויבט זיין סחורה ביז אין הימל אַריין. ס׳איז אַ גרויסער געדראַנג פון מענטשן. די מענטשן־מאַסע מישט זיך אויס מיט בהמות, פערד. גאָר אַ שטאַרקער טומל איז אויפן חזיר־מאַרק. אויף יעדן סטראַגאַן הענגט אַ חזיר־קאָפּ און איין חזירניק שרייט איבער דעם צווייטן. זיי קאָכן, בראָטן. די לופט איז פול מיטן חזיר.

אָט דאָ באַגעגן איך אַצינד ר׳ מענדל פיינדצאַק, וואָס וויל זיך דורכשטופּן דורך דעם חזיר־מאַרק אויפן וועג צום בית־המדרש. ר׳ מענדל פיינדצאַק האָט ניט געהאַט קיין שייכות מיטן יאַריד. ביי אים איז שטענדיק תורתו אומנתו. „איך האָב טאַקע ניט קיין טיר צו דער גאַס, אָבער איך האָב אַ פענצטער צום הימל״, פלעגט ער זאָגן. ער האָט געדאַוונט אין זיין קביעותדיקער צייט. צום בית־המדרש פלעגט ער גיין דורך אַן אומוועג, בכדי אויסצומיידן דעם יאַריד און ניט ווערן געשטערט אין זיינע רעיונות. שטענדיק פאַרטאָן אין הויכע געדאַנקען. דאָס איינציקע וואָס ער האָט גערעדט מיט מענטשן איז וועגן ליכט פאַר דעם בית־המדרש. „אַ ליכט, אַ ליכט״, פלעגט ער בעטן. און ווען עמעצער האָט אים געגעבן אַ ליכט, האָט ער אָנגעכאַפּט מיט ביידע הענט און אָנגעוואונטשן משיחן צו דערלעבן. אַ ליכט — דאָס איז געווען אַלץ.

איך זע, ר׳ מענדל פיינדצאַק גייט מיטן טלית־זאַק און וויל זיך דורכשטופּן דורך דעם חזיר־מאַרק אויפן וועג צום בית־המדרש. ער דערזעט מיך. „איך האָב פאַרגעסן אַז היינט איז אַ יאַריד״, זאָגט ער צו מיר און האַלט זיך צו ביי מיין אַקסל ווי ער וואָלט געדאַרפט הילף. איך פאַרשטיי אים. איך פיל זיך שטאָלץ צו גיין ביי דער זייט פון ר׳ מענדלען. ער הערט די וואולגאַרע רציחהשע שפּראַך. ער האָט ניט אַוואו די אויגן צו פאַרבאַהאַלטן. דער חזיר־קאָפּ קוקט פון אַלע זייטן. מיר גייען שוין ניט אַצינד, נאָר ווערן געטראָגן פון דער מאַסע. דער טומל איז גרויס פון די געשרייען אַרום.

פלוצלינג הערן מיר אַ זשומען פון אַ מאָטאָר, וואָס שרייט איבער אַלעמען. „וואָס איז דאָס?" פרעגן אַלע. איינער פון דער זייט קלערט אונדז אויף אַז גרויסע פּי־סוחרים זענען געקומען מיט אַ לאַסט אויטאָמאָביל קויפן בהמות. „אויב בהמות פאָרן אויף אויטאָמאָבילן איז שוין אַ חרפּה פאַר מענטשן צו פאָרן", זאָגט אַ צווייטער אין אַ וויץ.

מיטן דערנענטערן זיך פון דעם אויטאָמאָביל ווערט דאָס זשומען שטאַרקער און די פערד דערשרעקן זיך. יעדער פויער כאַפּט זיין פערד אָן ביי דעם ציימל און האַלט אים שטאַרק, ער זאָל זיך ניט צעבריקעווען. אָבער איין פערד האָט זיך אַזוי ווילד צעבריקעט אַז ער האָט זיך געשטעלט אויף צוויי פיס און געעפנט זיין פערדיש מויל מיט די גרויסע ציין און זיך צעשריגן אויף זיין פערדישן לשון.

די מענטשן־מאַסע שרייט, שטופּט צוריק. די מאַרק־לייט פאַרלאָזן זייערע סטראַגאַנעס. ס'איז ממש סכנת־נפשות. פלוצלינג באַווייזט זיך דער ליליפּוט. ער כאַפּט אַ האַנטפול זאַמד פון דער ערד און וואַרפט דעם פערד אין די אויגן און אין מויל אַריין. דאָס פערד שטעלט אַראָפּביידע פיס. מען זעט אַצינד די ענדע־רונג. דאָס פערד באַרואיקט זיך. ער לעקט און לעקט דאָס זאַמד. ער רייניקט אויס דאָס מויל פון דעם זאַמד. ער ווערט נאָרמאַל. די מענטשן אַרום זענען פאַרוואונדערט. זיי שרייען: „דער כינעזער האָט עס געטאָן!"

ר' מענדל שרייט אויס אין אידיש: „אַ אידישער קאָפּ, געזונט זאָלסטו זיין!" „געזונט זאָלט איר לעבן!" ענטפערט הויך אויפן קול דער ליליפּוט. אַלע ווייסן שוין אַצינד אַז ער איז אַ איד, ניט קיין כינעזער.

„דאָס איז אַ גרויסע חכמה אָפּצואווענדן דעם חיהשן אינסטינקט", זאָגט ר' מענדל.

„פון וואַנען האָט איר געוואוסט אַז ער איז אַ איד?" פרעג איך.

„אידן זענען אייל, וואָס מישט זיך ניט אויס מיט וואַסער. מען דערקענט שוין. ניט אַ מלבוש אָדער אַ נאָמען קען דעם איד פאַרשטעלן. און ניט פּשוטער אייל נאָר שמן זית, איילבירט־א'יל! דאָס איז דער ענין פון נר־תמיד, דאָס אָנגע־צונדענע ליכט פאַרן ארון־קודש. אַז אַ איד צינדט אָן אַ ליכט אין בית־המדרש, דערהייבט ער זיך צו דער מדרגה פון די כהנים אין בית־המקדש". — אַזוי קלערט ער מיר אויף דאָס שייכות פונעם איד מיט ליכט.

איך מאַך דעם וועג פאַרויס. ר' מענדל, האַלטנדיק מיך מיט אַ האַנט אויפן אַקסל, גייט מיר נאָך. מיט שוועריקייטן שטופּן מיר זיך אַדורך דעם חזיר־מאַרק.

# שטערן אין דער נאַכט

מיר זענען שוין אַצינד אין בית־המדרש־געסל. ער אָטעמט אָפּ שווער. עס באַגעגנט אונדז מיט אַ פריילעך פּנים פּינחס גלינע. „וואָס האָט איר געזען, ר׳ מענדל, אויפן יאַריד?״ פרעגט פּינחס. „אידישן שכל און גויאישע רציחה״, איז זיין ענטפער.ביידע אַמשינאָווער חסידים רעדן זיך דורך האַרציק און פּינחס וויל שוין גיין. „וואַרט צו אַ ביסל״, זאָגט ר׳ מענדל. „דו ווילסט עפּעס הערן בדרך הלצה?״ „נו, וואָס?״ איז פּינחס נייגעריק צו וויסן. „דו געדענקסט דאָך די רש״י פון דער פּרשה תולדות, וואָס רש״י זאָגט אויפן ויתרוצצו: דאָס איז לשון ריצה. עשו האָט געוואָלט לויפן. פרעגט זיך די פראַגע: וואו איז אונדזער מוטער רבקה געגאַנגען, וואו עשו האָט געוואָלט לויפן? איך וועל דיר זאָגן״. ר׳ מענדל קלערט אַ ווייל און זאָגט: „אונדזער מוטער רבקה, כדי צו גיין אין שול אַריין, האָט געמוזט אַדורכגיין אַ חזיר־מאַרק. און דאָ האָט זיך עשו ניט געקענט איינ־האַלטן נאָר אַרויסלויפן״.

ווען מיר האָבן זיך געזעגנט מיט ר׳ מענדלען, בין איך, אויפן וועג צוריק, געגאַנגען דורך אַ גרויסן אומוועג כדי אויסצומיידן דעם חזיר־מאַרק.



**שלמה ניימארק הי״ד**

פאַרן גיין אין קאַלך־אויוון אין אושוויץ האָט ער אויסגעשריען: געדענקט מיין יאָרצייט! היינט איז צען טעג אין שבט.



**א גרופע חברים פון צעירי אגודת ישראל אין דלוגאשאדלע**
פון רעכטס: פייוול פלאָטקע, ישראל יאַנאָווסקי, ישראל שיע יאסקולקע, לייבל ראטשקאָווסקי.
יבלח"א, הערשל שטערן, אין מיטן, אויפן בילד.



ר׳ יחיאל מאיר מארגענשטערן הי״ד
דער אַמשינאָווער חסיד

## גרשון ווענגראָווסקי

# מיין מאַמעס ליכטבענטשן

מיין מאַמע הינדע רחל ווענגראָווסקי געווידמעט

ווער קען פאַרגעסן דיין שבתדיק ליכט־בענטשן־און־צינדן!
שוין צייט, זאָגט די מאַמע, ליכטיקייט זאָל קומען און פינצטערניש
זאָל פאַרשווינדן.
זי הייבט אויף די הענט דריי מאָל איבער די ליכט און פאַרשטעלט
די אויגן און פנים.

דאָס טוט זי תפילה, מיין מאַמע עליה השלום.
נאָך אַן ערב־שבתדיקן טאָג פון האָרעוואַניע און מי
דאַנקט זי ג־ט ברוך הוא פאַרן שבת, דעם טאָג פון רו.
אַלץ אַרום פינקלט מיט אַזאַ מאַיעסטעטישער שיין,
נישט צו דערקענען די גרויזאַמסטע פיין.
און באַלד — אויגן פולע, פאַרטרערטע
פון צרות און שמערצן נישט־דערציילטע.



מיין מאמע הינדע רחל ע״ה

## שטערן אין דער נאַכט

איך זע מיין מאַמען אין ווייטן אוראַל,
אין שטורעם־ווינטן געבויגן,
נאָר שטענדיק צו דעם אין הימל די אויגן.
מיין מאַמע, פול, אָנגעזאַפּט מיט הייליקע קוואַלן,
טוט שרייען: „ס׳וועט נאָך אַזוי נישט זיין, אַלץ איז נאָך נישט פאַרפאַלן!״
אין סווערדלאָווסק די שטאָט, רוסלאַנד דאָס לאַנד,
ווינטער — אַ סך שניי, און זומער — שטיינער און זאַמד.
אָבער ליכט פאַר שבת זיינען שטענדיק דאָ, פאַר מיר נישט באַקאַנט.
אויך נישט פאַרגעסן דאָס אַריינברענגען דעם שבתדיקן טעם,
בכדי צו ציען דעם פאָדעם פון הייליקן שטאַם.
און צו געדענקען דאָס זאַמדיקע שטעטל אין פוילן, די עגמת־נפש און נויט
פאַר שכר־לימוד און פּשוט ברויט.
און נאָך פאַרשידענע זאָרגן,
און אַלץ אַזוי צניעותדיק ווי ר׳ חנינאס ווייב, פאַרבאָרגן!
זאָל מען געדענקען, די מאַמע זאָגט: „שוין צייט
ליכט־בענטשן־צינדן!!!
ליכטיקייט זאָל קומען און פינצטערניש זאָל פאַרשווינדן!״

## גרשון וועגנגראָווסקי

# מישע אין גלות רוסלאַנד

די שרעק פאַר די דייטשישע שטאָלענע מחבלים אין דער לופט איז פון מישען קיין מאָל ניט אַוועק. אין זיין זכרון האָבן שטענדיק געלעבט די גרויליקע בילדער פון די פליענדיקע שטאָלענע פייגל, ווי זיי באָמבארדירן ווארשע. דאָס שרעקלעכע זשומען איז אים כסדר נאָכגעגאַנגען ווי אַן עכאָ. אָבער דאָס, וואָס ער הערט און זעט אין יוני פון דעם יאָר 1941, איז נאָך אַסך שטארקער פון דעם, וואָס ער האָט מיטגעמאַכט אין ווארשע. דער אַלטער עכאָ איז אַוועק. אַ נייער אומגליק קומט אָן.

מיט אַ גרעסערן גערויש און שטורעם פליען אָן די שטאָלענע פייגל און וואַרפן באָמבעס אויף דער באַן־סטאַנציע פון דעם ווייס־רוסישן שטעטל פאָלאָצק, וואו מישע וואוינט מיט זיין משפחה און אַרבעט, זינט ער איז אַוועק פון זיין שטעטל, פון מורא פאַר דעם זעלבן דייטש. ער לויפט אים נאָך, זאָגט ער.

אויף דער באַן־סטאַנציע פון פאָלאָצק זעט ער אַצינד עשעלאָנען מיט עוואַקואירטע פון מערב. עשעלאָנען מיט פאַרבאַנדאַזשירטע סאָלדאַטן יאָגן זיך אויף מזרח. לויט די לעצטע ידיעות, איז דער פראָנט גאָר נאָענט פון פאָלאָצק. „ס'איז ניט גוט!" זאָגט די מאַמע צו מישען. „מיר מוזן לויפן פון דאַנען! ער קומט! דער אַשמדאַי!" מישע, שטאַרק באַזאָרגט, איז מסכים: „מ'מוז לויפן פון דאַנען, שוין צום צווייטן מאָל..."

מישע מיט זיין ברודער ברוך־מרדכי נעמען צונויף וואָס זיי קענען און פאַקן פעקלעך. צוליב כשרות גיט די מאַמע אַכטונג, אַז די טשוגונענע טעפלעך זאָלן ווערן איינגעפּאַקט. זי היט אָפּ די טעפלעך ווי אַן אוצר, ניט צו דאַרפן ח"ו באָרגן ביי קיינעם אַ טעפּל. שטיל, אָן טומל, נעמט יעדער איינער זיין פעקל און לאָזט זיך אין וועג אַריין...

אויפן וועג צום וואָקזאַל ווערט די משפּחה באַגעגנט פון דעם איד, וואָס האָט געפלעגט שטילערהייט קומען זאָגן, וואו מ'קען קויפן אַ שטיקל כשר פליייש. ער באַדויערט פאַרוואָס מ'לויפט שוין. קיינער פון שטעטל, זאָגט ער, לויפט נאָך דערווייל ניט. הינדע רחל, מישעס מאַמע, שרייט אים אַריין אין אויער: „ר' איד, לויפט כל־זמן ס'איז צייט!" — „מיין טייערע", ענטפערט ער, „איך קען ניט לויפן. איך האָב אַ בהמה". — „לאָזט איבער די בהמה און לויפט! איך האָב איבער־געלאָזט אין מיין שטעטל מער ווי אַ בהמה, און אַצינד לויפן מיר ווידער. לויפט!"

# שטערן אין דער נאַכט

רעדט צו אים הינדע־רחל מיט געבעט. ביים סוף פון שמועס גוזעגנט ער זיך, און מ׳ווינטשט איינער דעם צווייטן, מ׳זאָל הערן אַ בשורה טובה, אַז דער דייטש האָט געקראָגן המנס מפּלה...

שוין האַרט לעבן וואָקזאַל באַמערקט הינדע־רחל דעם טעלעפאָן־סלופּ, וואָס אויף אים האָט געהאַנגען דער טעלער מיטן ראַדיאָ־הילכער. דאָס אָרט האָט גע־דינט פאַר אַ פאַרווײַלונג, ווייל פון צייט צו צייט זיינען געקומען פון דעם הילכער אידישע לידער, אידישע מוזיק פון מינסק. פאַר הינדע־רחלען איז דאָס געווען דאָס בעסטע פאַרברענגען. „אידישע מוזיק, אַ אידיש ליד, איז אַ שטיי־גער ווי אָפּנעמען אַ גרוס פון דער היים״, פלעגט זי זאָגן. אפילו אין די גרעסטע פרעסט פלעגט זי שטיין ווי צוגעשמידט צום סלופּ און הערן. מישע האָט איר ניט געקענט אַוועקרייסן. „דאָס זיינען דאָך פּראָסטע לידער!״ פלעגט מישע טענהן, „קום שוין אַהיים, מאַמע!״ — „אפשר וועט קומען נאָך אידישע מוזיק. באַלד, וואַרט נאָך אַ מינוט, מיין זון, אפשר דאָך. וואַרט צו״.

„אָבער דאָך, מאַמע, דאָס זענען פּראָסטע לידער וועגן אַ פערדל, אַ העמערל״. — „טאָ איז וואָס? ס׳איז דאָך אידיש, אידישע ווערטער!״ ענטפערט די מאַמע מיט אַ בייזער. „מיין קינד, פאַרגעס ניט וואו דו ביסט דאָ! אויב מ׳גע־דענקט דאָס אידישע וואָרט און אַ אידישן טאָן, קען מען נאָך האָפן אַז ס׳וועט קומען אַ צייט, ווען מ׳וועט שפּילן און זינגען אמתע אידישע מוזיק. לאָמיר נאָך שטיין אַ מינוט. אפשר וועט דער הילכער עפּעס זאָגן אין אידיש. דאָ אַ אידיש וואָרט איז פאַר מיר ווי איך וואָלט דערהאַלטן אַ בריוו פון די מרחקים״. אָבער אַצינד האָט דער הילכער ניט גערעדט און ניט געזונגען אין אידיש, נאָר ער האָט איבערגעגעבן נייעס פון פראָנט, אין רוסיש. אַצינד וויל די מאַמע ניט שטיין און הערן. „איך ווייס בעסער פון אים, קומט! מ׳דאַרף פון דאַנען אַוועק״, זאָגט זי צו די קינדער.

די באַן־סטאַנציע איז שוין געווען פול מיט מענטשן, אידן, גויים, וואָס וואַרטן אויף אַן עוואַקואיר־עשעלאָן, וואָס דאַרף זיך דאָ אָפּשטעלן. מישע זוכט אַ באַקאַנטן צו כאַפּן אַ שמועס וועגן דער קריטישער לאַגע. קיין רוסישע צייטונגען לייענט ער ניט. ניט געווען קיין צייט זיך אויסצולערנען און צום ראַדיאָ־הילכער האָט ער ניט קיין צוטרוי. ער איז עפּעס ניט שלום מיט זיך. ער מיינט אַז ער ווייסט ניט און פאַרשטייט ניט. עס וואָלט געווען גוט ווען ער רעדט זיך דורך מיט אַ היימישן מענטש. ווי פון הימל געשיקט, נאַטשאַלניק שעכטמאַן גייט. אַחוץ וואָס ער איז אַ ווייסער פון אַלץ, אַ מענטש מיט שכל, איז שעכטמאַן אַ טייערער

איד. אַט דערזעט ער מישען, זיין מוטער און ברודער. ער באַגריסט אַלעמען מיט אַ ברייטן שלום עליכם. ער דערפרייט מישען, פונקט ווי ער וואָלט געזען אַ מלאך. „וואָס הערט זיך אויף אונדזער מערב־פראָנט?" וויל מישע וויסן. „זייער ניט גוט, דו פאַרשטייסט", זאָגט שעכטמאַן. זיי זענען אָנגעפאַלן אויף אונדז פלוצלינג, הינטער דער פלייצע. מיר וועלן זיי באַצאָלן. די צייט איז ניט ווייט. מיר וועלן קומען פון מזרח און מערב, פון יעדער זייט, מיט פייער. נאָר דער־ווייל איז ניט גוט". — „אַנטשולדיקט, נאַטשאַלניק שעכטמאַן", רייסט די מאַמע איבער, „זאָגט מיר, ווען וועט אָנקומען אַן עשעלאָן?" — „יאָ, מאַמעשי, דו קענסט פאָרן, אָבער ניט דיינע זין. זיי קענען ניט פאָרן. ס'איז נאָר וואָס אַרויס אַ נייער פריקאז". שעכטמאַן לייענט דעם פריקאז: „פרויען, קינדער קענען זיך עוואַקואירן, אָבער ניט יונגע מענטשן. מישע, דו און דיין ברודער טאָרן ניט. יונגע מענטשן אין מאָביליזאַציע־עלטער איז פאַרבאָטן צו פאַרלאָזן די וואוין־ערטער. ווער ס'וועט געכאַפּט ווערט פאַררעכנט ווי אַ דעזערטיר. זאָל די מאַמע פאָרן מיטן צוג וואָס קומט שוין אָן. זאָל זי זיך ראַטעווען. אָבער דו, מישע, מיט דיין ברודער, בלייב דאָ. איר זאָלט ניט פאָרן! ס'זיינען דאָ אויגן וואָס קאָנטראָלירן ווער ס'גייט אַרויף אויפן צוג". — שעכטמאַן געזעגנט זיך מיט דער מאַמען און זאָגט אָן נאָכאַמאָל: „פאַרגעס ניט, מישע, ניט פאָרן!"

די ווערטער, וואָס מישע האָט נאָר וואָס געהערט פון זיין נאַטשאַלניק, זיינען אים גוט אַריין אין קאָפּ: „ס'זיינען דאָ אויגן וואָס קוקן, זעען". אָבער איבערצוצייגן די מאַמע זי זאָל פאָרן אַליין, אָן מישען און אָן ברוך־מרדכין, איז אוממעגלעך. זי וויל וועגן דעם בשום אופן ניט הערן. און די לאַגע איז אַ דראַ־ענדיקע. שטאָלענע מחבלים פליען אָן זייער אָפּט. אָט קומען אָן אַזעלכע אומ־געבעטענע געסט און ס'ווערט אַ גרויסער טומל. אַלע זוכן שוץ הינטער ווענט, אונטער ביימער מיט גרויסע צווייגן. שפּעטער, ווען אַלע קומען אָפּ בלויז מיט שרעק, זאָגט מען אַז זיי זענען געקומען נאָר כדי צו זען און פאַרצייכענען. מ'האָט אָבער מורא פאָרן צווייטן וויזיט. רעדט מישע ווידער צו דער מאַמען, און גיט איר צו פאַרשטיין, אַז מ'מוז זיך ראַטעווען. מילא, מיר האָבן ניט קיין ברירה, מיר מוזן זיין אונטער דעם פייער, אַזוי איז דער פריקאז. אָבער פרויען און קינדער הייסט מען פאָרן, זיך ראַטעווען. — „דו האָסט כאָטש אַן אַדרעס, וואו צו שרייבן?" פרעגט די מאַמע. „מישע, געדענק, רוסלאַנד איז אַ גרויסע וועלט, איינער וועט ניט וויסן פון צווייטן!"

מישע איז פאַרצווייפלט צוליב דער לאַגע. קיין ענטפער האָט ער ניט אויף

## שטערן אין דער נאַכט

דער פראַגע. אָבער מ׳מוז אַצינד האַנדלען שנעל, ווייל מאָרגן, זאָגט מען, וועלן שוין ניט גיין קיין עשעלאָנען. דער צוג איז אָנגעקומען. מישע טראָגט אַרויף די פעקלעך. די מאַמע גייט אַן חשק. זי פאַרנעמט אַן אָרט אויפן צוג. באַלד אָבער האָט זי חרטה און וואַרפט צוריק אַראָפ די פעקלעך. „אָן אייך פאָר איך ניט!״ זאָגט זי.

ברוך־מרדכי, וואָס איז געווען שטיל, ניט געוואָלט זאָגן זיין וואָרט, צי די מאַמע זאָל פאָרן אַליין אָדער ניט, איז אַצינד, נאָך דעם אָנפליען פון די טייוואָלים, אַרויס מיט ווערטער: „מאַמע, פאָר! מיר קענען ניט און דו מוזט פאָרן פון דאַנען. „און די מאַמע געזעגנט זיך מיט האָרץ־רייסנדיקע געוויינען מיט אירע קינדער, און גייט אַרויף אויפן צוג. דער צוג טוט אַ פייף און הייבט אָן פאָרן. פון אַן אָפענעם פענצטער שרייט די מאַמע: „מישע! גיב אַכטונג אויף דיין ברודער ברוך־מרדכי!״

מישע גייט אַוועק פון צוג מיט אַ שולד־געפיל: פאַר וואָס האָט ער דאָס געטאָן? אַוועקגעשיקט די מאַמע אַליין. עס פייניקט אים דאָס געוויסן. די געדאַנקען לאָזן ניט אָפּ: פאַר וואָס האָט עס געמוזט זיין אַזוי? ברוך־מרדכי, פון דער נאַטור אַ שווייגער, טרעפט זיין ברודערס געדאַנקען און פרעגט: „אפשר האָבן מיר זי ניט געדאַרפט אַוועקשיקן?״ מישע וויל אים און זיך טרייסטן: „ס׳איז דאָך ניט געווען קיין אַנדער עצה. אויב מיר וועלן מאָרגן מאָביליזירט, וואו בלייבט די מאַמע? דאָ, אָן אַ משפחה, אָן אַ גואל, אָן קיינעם״. ברוך־מרדכי ענטפערט ניט. ביידע ברידער גייען ווי פאַרלוירענע, מיט טענות צו זיך אַליין. דאָס געוויסן מאַטערט. יעדער איינער מיט זיינע מחשבות. שפּאַצירן זיי שטיל, אָן אַ וואָרט, צו זייער וואוינונג און פאַלן אויף די בעטן. קיין הונגער האָבן זיי ניט געפילט און ניט קיין שלעפערישקייט, נאָר עפּעס אַ משא וואָס דריקט. אַ שרעק האָט געפרעסט די געמיטער פון די צוויי ברידער: „אַצינד, אָן דער מאַמען, זענען מיר גאָרניט״. און אין מוח האָט זיך עפּעס געוועבט, געפּלאָנטערט, אַזוי ווי אין שלאָף, אָבער שלאָפן האָבן זיי ניט געקענט. ס׳האָט זיי ניט געאַרט דאָס באָמבאַרדירן, וואָס האָט אָנגעהאַלטן אַ גאַנצן טאָג, ביז שפּעט ביי נאַכט. זייער גאַנצער מענטשלעכער מהות האָט גערעדט: „מאַמע! מאַמע! פאַרוואָס?״

גאַנץ פרי זאָגט מישע צו זיין ברודער: „מ׳דאַרף גיין אויסגעפינען עפּעס נייעס. מ׳טאָר ניט שלאָפן״. אָט שטייט ער לעבן זיין ברודער, וויל געבן אַ געשריי: „ברוך־מרדכי!״ מישע הערט ווי ער רעדט האַלב דרימלענדיק: „מאַמע מאַמע״. ער דאַרף אים ניט וועקן. זיין אָנוועזנהייט לעבן אים מאַכט אים וואַך. ער

באַקלאָגט זיך אַז אַ גאַנצע נאַכט האָט ער ניט געקענט שלאָפן. נאָר װאָס גע־כאַפּט אַ דרימל אויף אַ מינוט. חלומט זיך אים װעגן דער מאַמען. די מאַמע שרייט: „האַלט זיך צוזאַמען, פאַרלירט זיך ניט!״ ברוך־מרדכי האָט טענות צו זיין ברודער: „שנעל האָסטו באַשלאָסן װאָס צו טאָן! פּאָלאַצקער אידן זענען גע־רעכט. זיי זאָגן אַז נאָר די געקומענע פּוילישע אידן לויפן, האָבן מורא. קיינער פון שטעטל לויפט נאָך דערװייל ניט, און מ׳דאַרף נאָך ניט לויפן, זאָגן זיי. דער דייטש װעט דאָ ניט קומען. אונדזער רויטע אַרמיי װעט זיי צעמאָלן אויף אַש און פּאָרעך״. מישע פאַרענטפערט זיך: „הער מיך אויס, מיין ברודער! ס׳האַלט זייער שלעכט, ניט גוט! איך פאַרשטיי ניט די פּאָלאָצקער אידן. אָבער איך פאַרשטיי די דייטשן. איך האָב זיי געזען ביי װאַרשע. איך האָב געזען װאָס זיי קענען. און דאָ זע איך אַז די דייטשישע עראָפּלאַנען באַהערשן די הימלען, פריי, אָן אַ שטערונג. לויט די לעצטע ידיעות, איז דער דייטש ניט װייט פון פּאָלאָצק. ער איז אויף דער אַנדערער זייט פון דעם טייך דװינע. די דװינע גייט דורך פּאָלאָצק, ברוך מרדכי! דער אַשמדאַי קומט! הלואי ניט! מיר דאַרפן לויפן! כל־זמן ס׳איז דאָ צייט. איך װיל גיין אויף דער באַן־סטאַנציע צו דערװיסן זיך עפּעס נייעס. קום, ברוך! מיר טאָרן ניט רוען!״

אויף דער באַן־סטאַנציע האָבן די ברידער באַגעגנט זייער פריינד, דעם נאַטשאַלניק שעכטמאַן. זיין פּנים איז פאַרכמאַרעט, פאַרװאָלקנט, פינצטער. ער רעדט שטיל. מ׳הערט ניט מער די לויב־געזאַנגען פאַר דער רויטער אַרמיי. ס׳איז שוין דאָ אַ נייער פּריקאַז: באַלד צו עװאַקואירן אַלע אייזנבאַן־אַרבעטער פון דעם ראַיאָן. „דו מיטן ברודער, זאָגט ער, קענען זיך אַרויפזעצן אויף אַ צוג און פאָרן. קיינער װעט אייך ניט שטערן. איך מיט מיין פאַמיליע עװאַקואירן זיך אויך פון דאַנען״. קיין פּראַגעס האָט שוין מישע ניט געפרעגט. אַלץ איז געװען פאַר־שטענדלעך. ברוך־מרדכי זאָגט צו מישען: „אַצינד זע איך אַז דו ביסט גערעכט. מיר דאַרפן ניט גיין נאָר לויפן פון דאַנען. װער װייס, ס׳קען זיין אַז פּאָלאָצק װערט אָפּגעגעבן צום שונא. עס זעט אויס אַזוי. גאַנצע באַטאַליאָנען רויט־אַרמייער לויפן צו מזרח. לאָמיר שוין לויפן נאָך די פּעקלעך״. — „יאָ״, איז מסכים ברוך־מרדכי. באַלד לויפן די ברידער נאָך די פּעקלעך. און אָט שטייען זיי אַצינד אויפן פּעראָן און װאַרטן אויף אַן עשעלאָן...

מישע װערט אינפאָרמירט אַז באַלד קומט אָן אַ צוג, װאָס גייט אויף מזרח. אַ סך יונגע מענטשן װאַרטן אויפן פּעראָן, און מישע מיטן ברודער צװישן זיי. אַ צוג קומט אָן, געפּאַקט װי הערינג. מישע מיטן ברודער רייסן זיך אַריין מיט כּוח

## שטערן אין דער נאַכט

און פאַרנעמען אַן אָרט ביי דעם פענצטער. זיי זעען די חורבנות, וואָס די באָמבאַרדירונגען האָבן שוין אָנגעטאָן. מענטשן אין צוג האָבן מורא, אַז דער צוג זאָל ניט ווערן באָמבאַרדירט. אָבער דער צוג קומט אָן אויפן ערשטן אָפּשטעל אין סמאָלענסק בשלום...

אויפן סמאָלענסקער וואָקזאַל לויפן די ברידער פרעגן דעם דיספּעטשער, אפשר ווייס ער עפּעס וועגן דעם עשעלאָן, וואָס איז נעכטן אַרויס פון פּאָלאָצק. וואו איז ער געגאַנגען? מיט אַ רוסישער העפלעכקייט גיט ער צו פאַרשטיין אַז סמאָלענסק איז אַ גרויסער באַן־קנופּ. אַ סך צוגן קומען און גייען. ער קען ניט וויסן אפילו אין אַ נאָרמאַלער צייט. און היינט, אין אַ מלחמה־צייט, ווייס ער זיכער ניט. מישע פרעגט ביי מענטשן, אפשר וועט ער עפּעס אויסגעפינען. אָבער גאָרניט. ס׳איז ניטאָ דער מינדסטער סימן פון דעם עשעלאָן, וואָס איז אַרויס פון פּאָלאָצק איין טאָג פריער. דרייען זיך ביידע ברידער אַרום פאַרצווייפלט אויפן סמאָלענסקער וואָקזאַל. פרעגן יעדן בלעכענעם קנעפּל: „וואו איז נעכטן געפאָרן דער עשעלאָן פון פּאָלאָצק?״ פלוצלינג צעשרייט זיך אַ הילכער, אַז דער צוג וואָס שטייט אויף דער 10טער ליניע גייט אָפּ קייט טאַמבאָוו. די ברידער לויפן צום צוג וואָס גייט אָפּ קיין טאַמבאָוו. אפשר דאָרטן וועלן זיי האָבן מער מזל ווי אין סמאָלענסק און קענען עפּעס געוואויר ווערן...

דער צוג איז אָנגעקומען אין טאַמבאָוו ביי נאַכט. מישע מיטן ברודער זענען גלייך געלאָפן פרעגן, געוואויר ווערן וועגן דעם עשעלאָן וואָס האָט זיך פאַר־מירט אין פּאָלאָצק. זיי זעען אויפן וואָקזאַל שרעקלעכע בילדער. קינדער וויינען, מוטערס ספּאַזמירן. קינדער האָבן זיך פאַרלוירן פון עלטערן, און עלטערן פון קינדער. איינער זוכט דעם צווייטן. ניטאָ ביי וועמען צו פרעגן. דער וואָקזאַל איז פול מיט פאַרוואונדעטע פון פראָנט. ס׳הערשט אַ גרויסער טומל. מישע גייט אַרום און פרעגט. קיינער ווייסט ניט וועגן פּאָלאָצקער עשעלאָן. ער קען זיך גאָרניט דערוויסן. ברוך־מרדכי זאָגט צו זיין ברודער: „נאַ, האָסטו פאַר זיין אַזוי פּינקטלעך. מיר האָבן געקענט פאָרן צוזאַמען! קיינער וואָלט אונדז ניט גע־פרעגט. זעסט דאָך ווי די מלוכה זעט אויס, אַ שיף אָן אַ רודער. איינער ווייס ניט פון צווייטן. מ׳פאָרט און מ׳פרעגט ניט! אָוודאי, אַז דו האָסט געפרעגט, האָט מען דיר געזאָגט: פאָר ניט. אַצינד זוך! די מאַמע קען זיין אַט דאָ, אויפן וואָקזאַל, אָבער גיי געפין איר!״ אַזוי רעדט ברוך־מרדכי צו זיך, נאָר ער רעדט הויך, מיט דער כוונה אַז מישע זאָל הערן. צוויי ברידער קענען זיך אַרומזוכן דאָס גאַנצע לעבן, און איין טאָג וועלן זיי אויסגעפינען, אַז איינער האָט געוואוינט לעבן

צווייטן. אַזוי איז עס אין דעם לאַנד וואָס הייסט „ראַטן־פאַרבאַנד״, אין דעם לאַנד פון סאָציאַליזם, וואָס האָט אַ מאָל געהייסן רוסלאַנד, די מענטשן בויען דאָ דעם טורעם פון בבל, דער נאָמען דאַרף זיין „דור הפלגה״. „גולם, דו ווילסט דאָ געפינען די מאַמע? אין דעם גיהנום, אויף דעם וואָקזאַל? פאַרגעס, מיין ברודער! גיי געפין אַ נאָדל אין אַ פיר הייו!״ ביי די ווערטער האָט זיך ברוך־מרדכי אַזוי צעשריגן אַז מישע האָט אים געדאַרפט באַרואיקן: „הער, מיין ברודער! אויף דער גאַנצער וועלט מיינט טורמע אָפּזיצן אַ טערמין און מ׳גייט אַרויס אַ פרייער מענטש. אָבער דאָ איז טורמע טויט. פאַר טורמע האָב איך מורא. דעריבער בין איך געהאַרכזאַם״.

דער שמועס ווערט איבערגעריסן דורכן הילכערס שרייען אַז דער צוג גייט אַוועק. ביידע ברידער גייען שנעל צום צוג. ביי דער טיר פון וואָקזאַל שטייען צוויי מיליציאָנערן. זיי פרעגן: „וואשע דאָקיומענטי, פּאַזשאַלוסטאַ!״ נאָכן פעסט־שטעלן זייער עלטער פירט מען זיי אַוועק אין אַ מאָביליזאַציע־פונקט. דאָס איז געווען דער בנין פון אַן עלעמענטאַר־שולע, וואָס האָט אַצינד געדינט ווי אַ מאָביליזאַציע־פונקט...

דאָרטן באַגעגענען זיי אַ סך פּוילישע יונגע מענטשן, פון ווילנע, ריגע, באַראַנאָוויטש, פון די פּוילישע ערטער, וואָס די רוסן האָבן פאַרנומען אין 1939. מ׳רעדט זיך צונויף אין אַ היימישן אידיש. די מערהייט זענען אידן, וואָס האָבן, ווייזט אויס, די ערשטע דערפילט די געפאַר פון דייטש און געלאָפן זוכן הילף. דער עולם האָט זיך יעדן טאָג פאַרגרעסערט. דאָ האָט מען גאַרניט געלערנט, נאָר מ׳האָט אַלעמען געפירט דריי מאָל אין טאָג צו דער סטאָלאָווע, אין מילי־טערישער אָרדענונג, מיט געזאַנג. מ׳האָט געזונגען כמעט יעדן טאָג דאָס זעלבע לידל, „אויב מאָרגן איז אַ מלחמה, זיי שוין היינט גרייט!״

דער ערשטער זינגער איז געווען אַ אידישער בחור, אַ רויטער, אַ פּנים פול מיט זומער־שפּרענקלעך. אין אַ שמועס מיט מישען דערציילט ער אַז זיין טאַטע איז חזן־שוחט. אין דעם גרויסן זאַל פון דער שולע איז געשטאַנען אַ פּיאַנאָ. באַ־מערקט איין מאָל מישע ווי איינער זיצט ביי דער פּיאַנאָ און שפּילט רוסישע לידער. ער באַקאַנט זיך מיט אים. זאָגט ער אים שטילערהייט, אַז ער האָט אַ מאָל באַגלייט יאַסעלע קאָלאָדני אויף דער פּיאַנאָ. ער בעט מישען ניט צו רעדן וועגן דעם. ס׳קען אַ מאָל שאַטן צום געזונט. מישע איז איין מאָל געוואָרן קראַנק. האָט ער ניט מאַרשירט צו דער סטאָלאָווע. מ׳האָט אים געברענגט עסן. ער האָט געהאַט די מעגלעכקייט צו זיצן לעבן פענצטער און באַטראַכטן דעם פּיל־

# שטערן אין דער נאַכט

פאַרביקן עולם, צווישן וועלכן עס האָט זיך געפונען אַ גאַנצע גאַלעריע פון פאַר־שידענע אינטערעסאַנטע טיפּן, אַלע פריילעכע. ער האָט זיי מקנא געווען מיט זייער פריילעכקייט און זאָרגלאָזיקייט. מישע מיט זיין ברודער האָבן ניט גע־קענט זיין פריילעך. זיי איז שטענדיק נאָכגעגאַנגען די זאָרג: וואו איז די מאַמע? ברוך־מרדכי האָט אין יעדער פרייער צייט געפרעגט מישען: „וואו איז די מאַמע אַצינד?״ ער האָט איבערגעחזרט אַ סך מאָל: „אין רוסלאַנד, מיט דעם סיסטעם, קען מען אויסלעבן די יאָרן און ניט געפינען איינער דעם צווייטן. ס׳איז ניטאָ וועמען צו פרעגן. ס׳איז אַ פאַרמאַכטע וועלט. יעדער איינער איז שטענדיק פאַר־נומען מיט זיך. מ׳זוכט נאָר דאָס שטיקל ברויט איבערצוקומען דעם טאָג. מ׳קען ניט טראַכטן וועגן יענעם, אָדער העלפן יענעם. פאַרשטייי״, האָט ער זיך צע־שריגן, „אַ לאַנד, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף מאַטעריאַליסטישע יסודות. אויף דער פאָן איז געשריבן: שוין ניט מער קיין הונגער און שקלאַפעריי, אויס קלאַסן קאַמף! — וואָס זעסטו? הונגער, שקלאַפן. ס׳איז ניטאָ דאָס מינימאַלסטע — אַ שטיקל ברויט. איך קען שוין גלייבן וואָס איך האָב געהערט, אַז אין די יאָרן 1933־34 זיינען געווען פאַלן פון קאַניבאַליזם. מ׳נעמט צו דער מאַסע דאָס שטיקל ברויט! דער גרעסטער מענטש ווערט אַ חיה, זוכנדיק דאָס שטיקל ברויט. אַ קל־וחומר — אַ פּראָסטער מענטש אָן בילדונג״. מישע רייסט איבער זיין ברודער: „שווייג! מ׳טאָר ניט רעדן וועגן דעם. לאָמיר גיין הערן נייעס. עפּעס טומלט זיך דאָרטן...״

די נייעס, וואָס איינער האָט איבערגעגעבן דעם צווייטן איז געווען אַז מ׳שיקט זיי איבער אין ראַדער וואַלד אויף מיליטערישע איבונגען. דער ראַדער וואַלד איז געווען באַוואוסט ווי איינער פון די גרעסטע אין רוסלאַנד, 40 קילאָ־מעטער אין קוואַדראַט, נאָר ביימער, אָן וואַסער, מ׳זאָל זיך קענען אַרומוואַשן אָדער אויסוואַשן אַ העמד. דאָס האָט פאַרשאַפט זאָרג נאָך איידער מ׳האָט זיי דאָרט געשיקט.

אַזוי ווי אין טאַמבאָוו האָט מען אַלעמען געפירט דריי מאָל אין טאָג מיט גע־זאַנג אין סטאָלאָווע אַריין, איז דער ראַדער וואַלד געווען פאַר אַלעמען אַן אַנ־טוישונג. מ׳גיט ניט צו עסן. ס׳איז אויסגעקומען צו וואַרטן אַ גאַנצן טאָג אויפן ביסל זופּ. אין אַזאַ וואַלד מיט אַ שמעקעדיקער לופט איז דער אַפּעטיט גרויס. אָבער עסן גיט מען ניט. פון גאַנץ פרי ביז שפּעט אין דער נאַכט האָט מען גע־וואַרט אויף אַ ביסל וואַרעמע זופּ, וואָס איז באַשטאַנען פון וואַסער מיט אַ לאַקש וואָס איז געשווימען אויבן. באַלד דעם ערשטן טאָג, ווען מ׳האָט געבראַכט דעם

מערבדיקן אָטריאַד אין ראַדער וואַלד, האָט מען זיי באַזאָרגט מיט וואַלד־ביידלעך. דאָס האָט מען געטאָן אויף אַ זייער פּשוטן אופן. דער קאָמאַנדיר איז צוגעגאַנגען צו יעדער גרופּע און אָנגעצייכנט ווי טיף צו גראָבן אין דער ברייט און אין דער לענג. שפּעטער האָט מען געזעגט ביימער, אָפּגעהאַקט די צווייגן, געשטעלט די ביימער ביי די זייטן פון דעם גרוב כדי די ווענט זאָלן זיך האַלטן. פאַר דעם דאַך האָט מען אויך געלייגט ביימער, אויף זיי געלייגט די צווייגן און צוגעדעקט מיט דער אָנגעגראָבענער ערד. אַזוי האָט אויסגעזען אַ וואַלד־ביידל (אַ זיעמליאַנקע).

די אַרבעט איז געענדיקט. מ׳רעדט שטיל: „עסן. ווען וועט מען געבן עפּעס טועם צו זיין?״ קיינער ווייס ניט. דער זייגער ווייזט שוין דריי, נ.מ. נאָך אַזאַ שווערער אַרבעט שפּאַצירט מען אַרום אין וואַלד. מ׳זעט ניט און מ׳הערט ניט. דער קאָמאַנדיר זאָגט: „באַלד וועט מען ברענגען דעם קעסל״. אָבער פון דעם „באַלד״ איז געוואָרן שפּעט ביי נאַכט. מ׳לאָזט וויסן: דער קעסל איז שוין דאָ. — יעדער איינער לויפט מיט זיין טעפּל. מישע מיטן ברודער האָבן ניט קיין טעפּל. אַ לעפל האָט מישע געהאַט אויסגעשניצט פון האָלץ, פאַר אים און זיין ברודער, געטראָגן שוין אין שטיוול מעשה סאָלדאַט. אָבער אויף אַ טעפּל האָט ער געוואַרט אַז מ׳זאָל אים געבן. און אַצינד זעט ער, אַלע לויפן צום קעסל מיט טעפּלעך, און ער מיטן ברודער האָבן ניט קיין טעפּלעך. וואָס טוט מען? אָט זעט ער, דער פּיאַנאָ־שפּילער גייט מיט אַ טעפּל. ער דערציילט אַז ער האָט געפונען אַן אַלטע באַנקע פון קאָנסערוון, האָט ער זי אויסגעשייערט, גוט אויסגערייניקט. זאָגט ער צו מישען: „וואַרט, איך וועל אָפּעסן, וועל איך אייך געבן״. — „זעסט! פאָרט אַ אידיש האַרץ״, זאָגט מישע צו ברוכן, און זיי וואַרטן. דער פּיאַנאָ־שפּילער נעמט זיך צייט. ער איז ניט קיין געשווינדער עסער. ער האָט גענומען דאָס טעפּל זופּ, זיך אַוועקגעזעצט ביי אַ בוים, אַרויסגענומען אַ שטיקל ברויט, וואָס ער האָט געהאַט פאַרבאַהאַלטן צו עסן מיט דער זופּ, און זיצט זיך און עסט בנעימות. ביי יעדן זיפּ לעקט ער אַרום דעם לעפל. ווען דער פּיאַנאָ־שפּילער האָט געהאַט געענדיקט עסן, איז שוין קיין זופּ ניט געווען. מ׳האָט געזען עפּעס אויפן דנאָ, מ׳האָט אויסגעבויגן דעם קעסל, אָנגעשעפּט אַ ביסל זופּ, שוין אָן אַ לאָקש. דאָס איז געווען דער ערשטער טאָג אין ראַדער וואַלד. צו מאָרגנס איז ניט געווען אַ סך בעסער, מיט איין אויסנאַם: דאָס שטיקל שוואַרצע ברויט האָט מען געגעבן באַלד אין דער פרי. די זופּ האָט מען געבראַכט שפּעט. אָבער דאָ האָט מען געלערנט מער ווי אין טאַמבאָוו. דאָ איז געווען אַ יונגער קאָמאַנ־

# שטערן אין דער נאַכט

דיר, נאָר וואָס אַרויס פון דער אָפיצירן־שולע. ער האָט געלערנט מאַרשירן. ער איז געווען אַ יונגער לייטענאַנט. ער האָט געהאַט אָצינד די מעגלעכקייט אַרויסצואווייזן זיין טאַלאַנט. ער האָט געלערנט די קונסט פון גיין אין אַ פּאַראַד־נעם מאַרש; ווי הויך אויפצוהייבן די פיס ביים מאַרש און ווען מ׳דאַרף האַלטן די לינקע האַנט איינגעשטייפט, מיט די פינגער צוגעקוועטשט צום פוס, און די רעכטע האַנט ביים רימען פון דער ביקס, און ווען מ׳דאַרף אויסדרייען די פּנימער צו דער זייט פון דער טריבונע. אַזוי האָט זיך איבערגעחזרט אַלע טאָג, לערנען מאַרשירן, גיין. מיט קיין געווער האָט מען ניט געלערנט.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן האָט מען דעם גאַנצן אָטריאַד געפירט צו וואַגאָנען. לויט אַ פּלאַן האָט יעדער גרופּע פאַרנומען אַ וואַגאָן און געפאָרן. וואו? האָט קיינער ניט געוואוסט. דאָס איז געווען אַ מיליטערישער סוד. מישע האָט זיך באַמיט צו זיין שטענדיק לעבן זיין ברודער. הגם דער ברודער איז געווען יינגער מיט דריי יאָר און אַביסל קלענער, האָט ער אויסגערעכנט צו זיין מיט אים צוזאַמען. ווען דער קאָמאַנדיר האָט געגעבן אַ געשריי: „אין צווייען", האָט מישע זיך געשטעלט הינטער ברוך־מרדכין. שפּעטער ביים מאַרשירן איז ער אויסגעקומען מיט אים צוזאַמען.

צידה לדרך וואָס איז באַשטאַנען פון אַ גאַנץ ברויט פאַר יעדן, האָט מען גע־געבן ביים פאַרלאָזן ראַדע. דער עשעלאָן איז געגאַנגען טעג און נעכט, אָן אַן אָפּשטעל. די הצטרכותן האָט מען געטאָן אין די וואַגאָנען. דער יונגער קאָמאַנדיר האָט דאָס פאַרענטפערט מיט דעם וואָס די וואַגאָנען זענען פאַר פּי. שפּעטער האָט ער געהייסן אויסהאַקן אַ לאָך ביים עק פון וואַגאָן פאַר די הצטרכותן. מ׳האָט זיך שוין געהאַט צוגעוואוינט צו דעם פאָרן. אַזוי, האָט מען גערעכנט, וועט מען פאָרן כסדר...

אָבער דער עשעלאָן האָט זיך געשטעלט. ס׳קומט אַ באַפעל, אַלע זאָלן פאַר־לאָזן די וואַגאָנען און שטעלן זיך אין דער ריי נאָך זופּ. דאָס איז געווען אַ פאַר־טאָג. יעדערער איז געווען דורכגעפרוירן. דאָס ביסל זופּ האָט מען געדאַרפט ווי אַ רפואה. די זופּ וועט אַ ביסל דערוואַרעמען דעם גוף. מישע מיטן ברודער פאַרנעמען אַן אָרט איינער הינטער דעם צווייטן, ווי שטענדיק. מ׳שטייט אין דער ריי נאָך זופּ. ביי אַ גרויסן קופּערנעם קעסל שטייט אַ רוס מיט אַ קאָכלעפל, די גרויס פון אַ ליטער, און גיסט אַריין אין יעדן טעפּל (אַ טעפּל האָט יעדערער). פון קעסל האָט געשלאָגן אַ פּאַרע, פּונקט ווי פון אַ קוימען אין ווינטער־צייט.

ווען דער רוס האָט דערקענט איינעם פון זיינע מענטשן, האָט ער געגעבן אַ מיש אין קעסל מיטן קאָכלעפל, ס׳זאָל זיין אַ ביסל געדיכטער, אַ פּאָר לאָקשן מער, אָדער אַ ביסל קאַשע מער. ער כאַפּט אַ בליק אויף מישען. ער דערקענט אים באַלד. ער מישט ניט מער. אַריינגעשטעקט און אָנגעשעפּט און געגאַנגען. אויפן זעלבן אופן פּטרט ער אָפּ ברוך־מרדכין.

מישע מיטן ברודער זעצן זיך צו לעבן אַ סלופּ. מ׳נעמט אַרויס די הילצערנע לעפל. מ׳טוט דעם ערשטן שלינג, ווי ס׳הילכט אָפּ אַ שאָס. און באַלד קומט אַ צווייטער שאָס, אַ דריטער. מ׳זעט, בלייענע פייגל באַווייזן זיך אויפן הימל. יעדער סעקונדע ווערט דאָס באַשיסן שטאַרקער און דאָס זשומען העכער. אַלע פאַלן צו דער ערד. מישע לערנט זיין ברודער צו פאַלן און פאַרשטעלן דעם קאָפּ, איינגראָבן דעם קאָפּ אין דער ערד. „דער עיקר איז דער קאָפּ. דער קאָפּ דאַרף זיין פאַרשטעלט״, לערנט ער דעם ברודער. מישע פאַלט אויף דער ערד, און טראַכט אַז אַזוי האָט אויך געטאָן זיין ברודער. דאָס האָט געדויערט אַ פּאָר מינוט.

דאָס באָמבאַרדירן האָט אויפגעהערט. מישע הייבט אויף זיין קאָפּ. ער קוקט, זוכט זיין ברודער. ער זעט ניט ברוך־מרדכין. וואו איז ער? ער קען ניט פאַר־שטיין. אָט דאָ געווען לעבן אים. וואו איז ער אַצינד? מישע לויפט אים זוכן, ער שרייט, רופט: „ברוך־מרדכי!״ ער רופט אין רוסיש: „באָריס!״ ס׳איז געוואָרן אַזאַ טומל, אַזאַ צעמישונג, אַז ס׳איז ניטאָ מיט וועמען צו רעדן, פרעגן. ער לויפט צו די וואַגאָנען. ער זעט דעם גרויסן חורבן, צעריסענע וואַגאָנען מיט די ריידער אויבן. ער זוכט אין די צעריסענע וואַגאָנען. ער שרייט: „ברוך־מרדכי!״ ער זעט, פיל טויטע ליגן איינער אויפן אַנדערן. מישע דערמאָנט זיך וואָס מ׳האָט גע־זאָגט, אַז אין אַ צייט פון אַן אַטאַק פון שונא זענען די וואַגאָנען די ערשטע צו ווערן אַטאַקירט. ברוך־מרדכי האָט דאָס געוואוסט. ער וואָלט ניט געזוכט שוץ אין די וואַגאָנען. טאָ וואו איז ער? מישע לויפט, זוכט אין די אַנדערע באָמבאַר־דירטע וואַגאָנען. אפשר וועט ער געפינען זיין רוקזאַק, עפּעס אַ זכר פון זיין ברודער. אין איין וואַגאָן זעט מישע אַ באַרג מיט טויטע. ער גייט ניט אַוועק ביז ער קוקט ניט דורך יעדן איינעם. ניטאָ ברוך־מרדכי צווישן די טויטע. ער זעט ווי מ׳שלעפּט אַראָפּ די באָמבאַרדירטע וואַגאָנען פון דער באַן־ליניע. מ׳רייניקט אָפּ די ליניע. די לעבן געבליבענע פון אָטריאַד זענען זיך צעלאָפן. מ׳זעט ניט קיינעם. מישע זאָגט: „איך גיי ניט אָן מיין ברודער. איך מוז אים געפינען!״

אַצינד אַליין, זעט ער דעם חורבן. ער זעט וואָס די בלייענע פייגל האָבן אָפּ־

# שטערן אין דער נאַכט

געטאָן אין מינוטן. און דער חורבן איז אויף יאָרן. די וואַגאָנען זענען אַוועק, ווערט שאַ שטיל דער אַרום. ער זעט ניט קיין לעבעדיקן נפש. זיין אויג לאָזט ניט דורך אַ קוסט, אַ בוים. אפשר דאָ? „וואו זענען זיינע ביינדעלעך", פרעגט ער זיך. ער קען ניט געפינען קיין ענטפער. דאַכט זיך, שוין געזוכט אומעטום. ער גייט צו לעבן דעם וואָקזאַל — ליידיק, קיין מענטש. די באַן־ליניע איז פוסט. מ'זעט ניט קייןֹ לאָקאָמאָטיוו אָדער אַ וואַגאָן. מישע גייט אומעטום אָן שטערונג. קיינער פרעגט אים ניט: „וואו גייסטו?" און ס'איז ניטאָ וועמען צו פרעגן. ער גייט אַרויס פון וואָקזאַל, לויפט צוריק צום פעלד, וואו מ'האָט געטיילט די זופּ. אפשר וועט ער עפּעס זען, עפּעס געוואויר ווערן, ער זעט הייזער ברענען, סטאַגעס היי שיסן אַרויף מיט פלאַמען. וואו ער גייט און שטייט איז פול מיט טויטע. אָט ליגן טויטע אין פאַרשידענע פּאָזעס. אַ פייער זעצט אַרויס פון אַ דאַך, און דער פלאַם רייסט זיך העכער און העכער. ער ציט זיך גלייך צום רויטן הימל. וואו זיין אויג זאָל ניט קוקן, זעט ער פייער. אָט גייט ער דורך ביי אַ טעלעפאָן־סלופּ. ער ליגט כמעט אויף דער ערד, אָבער דער גרויסער טעלער, ראַדיאָ־הילכער הענגט. ער איז שטיל. ער שווייגט אַצינד. רעדט מישע צו זיך: „ער זינגט ניט אַצינד ניט אידיש און ניט רוסיש". ער זעט פאַר זיך זיין פרומע מאַמע. וואו זי זאָל ניט זיין, ווייס זי אַלץ. מישע זעט איר וויינען אויפן גרויסן אומגליק. ער גייט צו נאָענטער צום הילכער, באַטראַכט אים. די זכרונות לאָזן אים ניט אַוועקגיין. פּלוצלינג הערט ער ווי פון הילכער קומען אַרויס ווערטער. ער שווייגט ניט, דער הילכער, ווי מישע האָט געמיינט. ער האָט אָנגעהויבן רעדן הויך, מ'דאַרף ניט צולייגן דאָס אויער. דער הילכער שרייט: „די סטאַנציע וואַראָשבאַ סומסקאַ פּראָוולעניע, קיעווער־מאָסקעווער וועג, איז אָפּגעגעבן צום שונא". איצט איז שוין אַלץ פאַר־שטענדלעך פאַר אים פאַר וואָס אַזאַ שטילקייט, פאַר וואָס דאָ איז אַזוי פוסט און וויסט. אַלע זענען אַנטלאָפן. דער שונא דאַרף באַלד אַריינקומען. מ'דאַרף פון דאַנען לויפן, טראַכט מישע, אָבער וואו לויפט מען? ער קען ניט די וועגן, און בפרט, לויפן אָן ברוך־מרדכין? ווי אַזוי קען ער עס טאָן? ניט וויסן וואָס ס'איז געשען מיט זיין ברודער? וואָס וועט זאָגן די מאַמע? ער דערמאָנט זיך די ווערטער פון דער מאַמען: „היט אָפּ דיין ברודער, האַלט זיך צוזאַמען, פאַרלירט זיך ניט!" ווי קען ער אַוועקלויפן אַליין, אָן זיין ברודער? אפשר ליגט ער ערגעץ און דאַרף הילף. אָבער די לעצטע נייעס שרעקט אים. וואַראָשבאַ איז אָפּגעגעבן. מ'מוז פון דאַנען אַוועק. וואו, ווייס ער ניט. די וועגן קען ער ניט. ער ווייס ניט פון וועלכער זייט דער שונא קומט. לויפנדיק קען ער גאָר לויפן צום שונא. און

דאָס שרעקלעכסטע, וואָס עגבערט אים אַצינד אין זיין מוח, איז: טאָמער ליגט דאָ ערגעץ זיין ברודער אַ פאַרוואונדעטער און שרייט נאָך הילף...

אַזוי האָט מישע אַרומגעבלאָנדזשעט לעבן דעם וואָראָשבער וואָקזאַל ביז שפּעט ביי נאַכט. ניט געקענט אַוועקגיין. אפשר דאָך וועט ער זען אַ מענטש, אַ מלאך, וועמען ער זאָל קענען דערציילן: „את אחי אנכי מבקש", און בעטן ביי אים געבן אַ עצה. מישע, אַ טיף צעבראָכענער, וויל זיך ניט שיידן מיט דעם וואָראָשבער וואָקזאַל. אפשר וועט ער דאָך געפינען עפּעס אַ סימן פון ברוך־מרדכין. די אויגן זוכן אין דער פינצטערניש פון דער נאַכט. פּלוצלינג באַ־מערקט ער: אַ סילועט פון אַ מענטש באַוועגט זיך אין זיין ריכטונג. ער גייט צו נאָענטער, זעט ער, אַן אַלטע רוסישע פרוי קלייבט שפּענער, שטיקלעך האָלץ, מסתמא אָפּצוקאָכן אַ ביסל געקעכץ. ווען די פרוי דערזעט מישען, וואונדערט זי זיך: „וואָס טוסטו דאָ? די דייטשן זענען דאָך אַרום דירו!" — „אַזוי? טאָ וואו גייט מען?" וויל מישע וויסן פון איר. זי ווייס ניט, זאָגט זי נאָך אַ ישוב הדעת. פרעגט מישע: „קענסטו מיר זאָגן, וואוהין גייט די באַן־ליניע?" — „די ליניע, גייט קיין כאַרקאָוו", ענטפערט זי. ער דאַנקט איר. מישע פאַרשטייט אַז כאַרקאָוו וועט מען ניט אָפּגעבן אַזוי שנעל און ער פאַרנעמט זיך צו פוס מיט דער באַן־ליניע קיין כאַרקאָוו.

דער וועג מיט דער ליניע איז ניט געוועזן קיין גלייכער — אַראָפּ און אַרויף. אָבער ער מוז גיין דעם וועג. אויב קיינער וועט אים ניט פאַרהאַלטן, וועט ער זיך דערשלאָגן קיין כאַרקאָוו, גלויבט מישע, און ער שטעלט די פיס שווער און מיד... די טראַגישע געשעעניש איז אַריינגעדרונגען אין זיין אינגעווייד. ער פילט פשוט אַ פיזישן ווייטיק און אַ שטעכעניש אין דער ברוסט. די פיס ווערן אים שווערער און ער שלעפּט זיי קוים, ווי ניט זיינע. עס ווילט זיך אים אַוועק־לייגן אין מיטן וועג, און רוען. אַ רעזיגנירטער, פול מיט יאוש געפילן, לייגט ער זיך אַוועק אויף דער ערד. אָבער ניט ווילנדיק קוקט ער צום ווייטן סוף פון דער אייזנבאַן־ליניע אויף צוריק וועגס. ער דערזעט עפּעס אַזעלכעס, אַזוי גרויס ווי אַ נקודה. ער וואַרט אַ פּאָר מינוט. די נקודה ווערט גרעסער, און ער דערזעט אַ מענטש. ווען דער מענטש קומט נאָענטער, דערקענט ער אין אים אַ אידישן בחור. געוועזן צוזאַמען אין ראדער וואַלד. טאַקע קיין מאָל קיין סך ניט גע־שמועסט מיט אים. אָבער דאָ, אויפן וועג, איז ער אים געוואָרן ליב און טייער, אַן אח לצרה. ער פרעגט אים, אפשר האָט ער געזען זיין ברודער.

מישע דערציילט אים ווי אַזוי זיין ברודער זעט אויס: „אַ קליינער, נידע־

# שטערן אין דער נאַכט

ריקער פון מיר, אַ שטילער. איך בין עלטער פון אים מיט דריי יאָר. ער איז נאָר וואָס געוואָרן 18 יאָר. מיר זענען געפאָרן אין פולמאַן־וואַגאָן. קוק אויף מיר. ער איז אין גאַנצן ענלעך צו מיר". מישע וויל אים געבן נאָך סימנים, אָבער דער וועג־ברודער, דער אח לצרה, וויל מער ניט רעדן וועגן דאָרטן. ער זאָגט: „דו האָסט געזען דאָס אומגליק, וואָס איז געשען אין מינוטן? האָסט געזען דעם כאַאָס, דעם תוהו־ובוהו? דאַנק ג־ט, דו ביסט אַרויס פון דעם פייער. לאָמיר בעסער רעדן וואו מיר גייען אַצינד! פאַרגעס וועגן דאָרטן!" — „ווי אַזוי קען איך פאַרגעסן?! ס'איז דאָך מיין טייערער ברודער ברוך־מרדכי. וואָס וועל איך זאָגן מיין מאַמען?" — „פאַרגעס וואָס ס'איז געווען. דו דאַרפסט זיך אַצינד ראַטעווען. זאָג מיר, וואָסערע דאָקומענטן האָסטו, אין פאַל מ'פאַרהאַלט דיך?" — „איך האָב די זעלבע דאָקומענטן וואָס דו, דעם מיליטערישן פּאַס. דו ווייסט, דאָרטן איז פאַרשריבן: ,צוגענומען און אָפּגעשיקט אין זיין אָפּטיילונג'. ס'איז דאָך עפּעס ניט גלאַטיק צו ווייזן אַזאַ דאָקומענט. מ'קען דאָך פרעגן: ,וואו ביסטו געווען? ווער ביסטו? פאַר וואָס טראַגסטו ניט קיין ביקס?' און טויזנט אַנדערע פראַגעס. איך וועל דערציילן וואָס ס'איז געשען, ווי מ'האָט אונדז באָמבאַר־דירט. איך וועל דערציילן דעם אמת".

„אַזוי? דעם אמת וועסטו דערציילן אין דער מלוכה? דעם אמת?" לאָזט ער מישען ניט אָפּ. „דעם אמת וועסטו דערציילן? דו מיינסט אַוודאי אַז דו רעדסט מיט חיים יאַנקלען אין שטיבל. דאָרטן, אין ,וואָיענקאַמאַט', וועט מען זאָגן אַז דו ביסט אַ דעזערטיר, און דו ווייסט דאָך דעם פּריקאַז: ,איין טריט צוריק — אַ קויל אין קאָפּ', זאָגט דער חבר סטאַלין".

מישע האַלט זיך ביי זיינס: „דער אמת איז דער בעסטער תירוץ". — „יאָ, דעם אמת וועסטו זאָגן", לאַכט ער פון מישען. „מ'וועט דיך פרעגן: אַלע האָט מען אויסגעהרגעט, נאָר דו לעבסט?" „יאָ, ניט אַלע ווערן דערהרגעט. ס'בלייבן איינצעלנע". „אַזוי!" לאָזט ער מישען ניט ענדיקן דעם זאַץ. „מיט אַזאַ אמת האָסטו געקענט, ברודערקע, גיין אין שטעטל אין באָד אַריין און זיך גוט אָרומ־וואַשן. אָבער דאָ קענען זיי דיך אַרומוואַשן מיט דיין בלוט". מישע האַלט זיך ביי זיינס: „נאָר דערציילן דעם אמת, וואָס ס'איז געשען. דער אמת איז שטענדיק בעסער ווי דער בעסטער ליגן. אַזוי גיך ווי איך קום קיין כאַרקאָוו, וועל איך גיין אין ,וואָיענקאַמאַט' זיך מעלדן און דערציילן די גאַנצע געשיכטע". מישע איבער־צייגט אים, אַז ס'איז ניטאָ קיין אַנדער וועג נאָר צו זאָגן דעם אמת. „יאָ, איך בין מסכים", ענטפערט דער וועגס־חבר. „אָבער אויף מיר ציטערט די הויט". „וואָס

קען זיין?״ זאָגט מישע. „זיי וועלן אונדז שיקן צוריק אויפן פראָנט״. „הלוואי זאָל דאָס זיין אמת, ניט מער ווי שיקן צוריק אויפן פראָנט״.

אַזוי איז מישע מיטן פריינד געגאַנגען אַ גאַנצע נאַכט. דער האָט געפרעגט און דער אַנדערער האָט געענטפערט. גאַנץ פרי באַווייזט זיך אַ פויער אויפן פעלד. זיי באַשליסן אים צו פרעגן צי דער וועג גייט קיין כאַרקאָוו. „יאָ״, זאָגט ער, „אָבער דאָרטן, אויף יענער זייט וואַסער, איז דאָ אַ בעסערער וועג, אַ שאָסיי, וואָס גייט קיין כאַרקאָוו. „קום! זיי ניט פוילי!״ זאָגט מישע און טוט אויס די שיך, פאַרשאַרט די הויזן און לאָזט זיך גיין איבער דעם טייך, און זיין וועגס־חבר פאָלגט אים נאָך איבערן טייך, צום וועג קיין כאַרקאָוו...

אָט שטייען זיי אויפן וועג, וואָס פירט קיין כאַרקאָוו. זייערע אויגן זענען גע־ווענדט צו אַ שילד, וואָס ווייזט: 30 קילאָמעטער קיין כאַרקאָוו. זיי באַמיען זיך איבערצולייענען וואָס אויפן שילד איז געשריבן. פּלוצלינג, פונקט ווי פון אונטער דער ערד, וואַקסט אויס אַ סאָלדאַט מיט אַ ביקס און פרעגט אין אַ שטרענגן טאָן: „וואשע דאָקומענטי, פּאָזשאַלוסטאָ!״ נעמען זיי אַרויס די מילי־טערישע ביכלעך. אָבער דער סאָלדאַט האָט ניט קיין געדולד. ער שטופּט זיי מיט דער לופע און ווייזט דעם וועג צו אַ וואַך־בודע. אין דער וואַך־בודע מאַכט ער זיך באַקוועם. ער לייענט ביידע ביכלעך. ער לייענט און ער לייענט. עס נעמט אַ שטיקל צייט, ביז ער זאָגט ווידער שטרענג, אין אַ הויכן טאָן: „איר זענט אַרעס־טירט! מיין אויבער־קאָמאַנדיר פון שטאַב קומט באַלד, וועט ער דעצידירן וואָס צו טאָן מיט אייך״.

פאַרמאַטערט און צעבראָכן זיצן די צוויי פריינד אויפן ערדענעם דיל. אַלץ אין זיי איז מיד. אפילו דער געדאַנק איז מיד, וויל ניט טראַכטן וועגן די אומ־שטענדן, אין וועלכע זיי געפינען זיך אַצינד. נאָר זיי ליגן און דרימלען...

דער סאָלדאַט, עפּעס פאַרטאָן מיט זיך, שטייט ניט אויף איין אָרט. ער גייט הין און צוריק און קוקט אַלע מאָל דורכן פענצטער. נערוועאיש באַוועגן זיך ביי אים די אויגן. ס׳זעט אויס אַז ער איז ניט צופרידן. ער רייסט אָפּ אַ שטיקל פּאַפּיר פון אַ צייטונג, מאַכט אַ ציגן־פיסל, באַלעקט זיך מיטן צונג. ער נעמט אַרויס טאַבאַק פון דער קעשענע און פילט אָן דאָס פּאַפּירענע ציגן־פיסל. אָט גייט שוין אַ רויך. ער גייט ווידער הין און צוריק און הוסט און שפּייט. אַ סך מאָל מיינט מישע אַז ער שפּייט אויף אים. די וואַך־בודע ווערט פול מיט רויך.

מישע, אַ שטאַרקער רויכערער, שוין ניט גערויכערט אַ שטיקל צייט — שמעקט אים אַצינד אָן אַ סיגאַרעט. ער וואָלט אַוועקגעגעבן אַלע פאַרגעניגנס

# שטערן אין דער נאַכט

פּאַר אַ ביסל רויִק. נעמט ער זיך אָן מוט און בעט: „ברודערקע, גיב מיר צו פּאַר־רויכערן". „צו וואָס דאַרפסטו רויכערן?" זאָגט דער סאָלדאַט מיט זיין באַסאָוועך שטימע. „אַלץ איינס וועסטו דערשאָסן אַזוי גיך ווי דער שטאַב קומט". ער האָט אָפּגעזאָגט די פּאָר ווערטער און אויסגעשפּיגן. ער גייט ווידער הין און צוריק אָן שום עמאָציע. ער האַלט די אויגן אַראָפּ צום דיל, ווי ער וואָלט געזוכט עפּעס, וואָס ער האָט פאַרלוירן. מישע פאַרגעסט שוין וועגן רויכערן. עס איז אים אַריין אין קאָפּ אַז דאָס איז אמת. זייערע מינוטן זענען געציילטע. זיין פריינט, דער אח לצרה, איז געדעכט. זיי רעדן ניט מיט חיים יאַנקלען. זיי זענען ביי סטאַלינס מענטשן; „איין טריט צוריק — סטרעליאַי!" מישע קוקט ניט מער אויפן סאָלדאַט מיט זיינע משוגענע העוויות. אין מישעס קאָפּ פליסן מוראדיקע געדאַנקען, אַז דאָס זענען די לעצטע מינוטן. זיין אידישע נשמה מאָנט ביי אים אַ חשבון הנפש און הייסט אים זאָגן אַ פּאָר הייליקע ווערטער. אָבער ווי אַזוי מישע זאָל זיך ניט באַמיען עפּעס צו געדענקען, קען ער זיך אַצינד גאָרניט דערמאָנען. ער איז ווי אַ שטיק טרוקן האָלץ, אָן לחלוחית. ער קען זיך אַ אידיש וואָרט ניט דערמאָנען. עס נעמט אַ שטיקל צייט ביז ער דערמאָנט זיך „שמע־ישראל". ער זאָגט אַ סך מאָל „שמע־ישראל". שפּעטער דערמאָנט ער זיך נאָך אַ תפילה, „אלקי נשמה שנתת בי". ער זאָגט זי הויך אויפן קול.

מישע באַמערקט זיין פריינד ליגן אויפן דיל, אַ טויט בלאַסן, אָן לעבן. ער זאָגט צו אים: „הערסט? מ'דאַרף זאָגן אַ פּאָר הייליקע ווערטער!" אָבער דער אח לצאה ענטפערט ניט. ער ליגט ווי פאַרשטיינערט, אָן לשון. דער סאָלדאַט שטייט ניט אויף אָן אָרט. ער וואַרפט אַוועק איין סיגאַרעט און פאַרוויקלט אַ צווייטן. ער טראַכט אַ מינוט און גייט שנעל הין און צוריק. ער קומט צו מישען און זיין חבר מיט שנעלע טריט, און האַלט די ביכלעך אין האַנט. ער זאָגט בייז: „דאָ האָט איר די ביכלעך. גייט צום טייוול! גייט!"

מישע מיטן פריינד שטייען אַצינד אין דרויסן, צעטומלט פון דעם וואָס איז געשען. „דו פאַרשטייסט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען?" פרעגט דער פריינד. „איך וויל אַצינד גאָרניט וויסן", ענטפערט מישע. „איך וויל אַצינד זיין וואָס ווייטער פון דער וואַך־בודע". פלינק און גרינג, ווי באַפרייטע, הייבן זיך די פיס אויפן וועג קיין כאַרקאָוו...

אין כאַרקאָוו, אויפן וואָקזאַל, איז אַלץ הפקר, אָן קאָנטראָל. צוגן קומען, צוגן גייען, פול געפּאַקטע, צו זיין וואָס ווייטער פון פראָנט. מ'דאַרף ניט קיין

בילעטן. דער ערשטער צוג וואָס קומט אָן — שטייגט מען איין, און דער צוג פאָרט קיין וואָראָניעזש...

אין וואָראָניעזש איז צרות. מ׳דאַרף בילעטן. און כדי צו קויפן אַ בילעט, דאַרף מען ווייזן אַ דאָקומענט. אין דעם פאַל איז אַ דאָקומענט דאָס מיליטערישע ביכל. דאָס מיליטערישע ביכל טאָר מען אָבער ניט ווייזן, עס שטייט דאָרט בפירוש: „צוגענומען און אָפּגעשיקט אין זיין אָטריאַד״. אויב אַזוי, ווער מען פרעגן: „טאָ וואָס טוט איר דאָ?״ און אויב מ׳האָט שוין רשות צו פרעגן, איז ביטער, פרעגט מען שוין אַ סך פראַגן. די נ.ק.וו.ד. האַלט פון דעם כלל „כיוון שניתנה רשות למשחית אינו מבחין בין טוב לרע״. ווערן זיי די בעלי־בתים איבער דיר, און דו קענסט ניט וויסן מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

מ׳באַשליסט צו פאָרן אָן בילעטן. אַזוי שנעל ווי אַ צוג איז אָנגעקומען, שטייגט מען איין אין באַזונדערע וואַגאָנען. פון דעמאָלט אָן איז מישע געבליבן אָן זיין וועגס־באַגלייטער, ניט וויסנדיק אפילו זיין נאָמען.

דער צוג ברענגט מישען קיין סאַראַטאָוו. סאַראַטאָוו איז אַ גרויסער באַן־קנופּ. אַ טומל אויפן וואָקזאַל. מישע באַגעגנט דאָ אַ סך פוילישע, היימישע אידן. באַפרייטע פון די סיבירער וועלדער, אויסגעהונגערטע, אָפּגעריסענע, טאָפּטשען זיי אין די בלאָטעס מיט די צעריסענע שיך. זיי זענען אָבער פול מיט לעבן און מוט. מ׳שרייט, פילדערט. איין קלייניקייט: זיין פרייע מענטשן אין רוסלאַנד! מישע פאַרגעסט אויף אַ מינוט זיינע צרות. זייער פרייד איז אויך זיין שמחה. ער באַקאַנט זיך מיט אַ איד וואָס איז ערשט באַפרייט געוואָרן פון אַ לאַגער אין קאָמי ס.ס.ס.ר. ער דערציילט אַז מען באַפרייט אַלע פוילישע בירגער לויט אַן אָפּמאַך מיט גענעראַל שיקאָרסקי און מ׳קען פאָרן וואו מען וויל אין רוסלאַנד. נאָר אַזוי ווי זיי זענען נאַקעט און באָרוועס, און ס׳גייט צו ווינטער, פאָרן זיי קיין מיטל־אַזיע. מישע דערציילט אים זיין לאַגע, אַז ער זוכט זיין מוטער. ער גיט אים אַן עצה צו פאָרן מיט אים אין מיטל־אַזיע. דאָרטן וועט ער געפינען זיין מוטער. פון דאָרטן איז ניט ווייט קיין ארץ־ישראל. דאָרטן קען מען אָנוואַרעמען די געפרוירענע ביינער. מישע לאָזט זיך איינרעדן און שטייגט איין אין דעם צוג וואָס גייט אָפּ קיין טאַשקענט...

מישע באַקענט זיך מיט אידן פון די סיבירער לאַגערן. על פי רוב זענען דאָס נאַקעטע, באָרוועסע מענטשן, צווישן זיי אַ סך קאַליקעס, וואָס דער סיבירער קלימאַט האָט געשאַפן. ער פאַרשטייט זייער באַגער נאָך זון־שיין, נאָך וואַרעמקייט. נאָך עטלעכע טעג פון „ויסעו״ איז געקומען „ויחנו״. אין אַ שיינעם

# שטערן אין דער נאַכט

פרימאָרגן, ווען די זון איז, אַ רויטע ווי פייער, אויף אַ קלאָרן בלויען הימל, אויפגעגאַנגען אין מיזרח, האָט יעדער אידיש האַרץ אַ טיאַכקע געטאָן פון פרייד און גליק. מ׳הערט אַז דער צוג איז דאָ אין טאַשקענט, די שטאָט פון ברויט...

מענטשן זענען אַראָפּ, מיט פלעשער, קריגלעך, טעפּ און טשאַייניקעס נאָך דעם הייסן געקאָכטן וואַסער. מישע לויפט אויך מיט אַ טעפּעלע, וואָס איז אים איבערגעבליבן פון זיין ברודער, אַ זכר לחורבן. אין מינוטן פאָרמירט זיך אַ גרויסע ריי פאַר דעם „קיפּיאַטאָק". מישע שטעלט זיך לעבן זיין פריינד אברהם, זיין עצה־געבער, מיט וועלכן ער האָט זיך באַקאַנט אין סאַראַטאָוו. ער זאָגט אים, אַז מ׳דאַרף דאַנקען דעם חבר סטאַלין פאַר דעם „קיפּיאַטאָק". ווען ניט דאָס, ווער ווייס וויפל קרבנות עס וואָלטן געווען. דאָס איז דאָך אַ מחיה נפשות.

אַ מענטש פון דער ריי וויל וויסן צי דער צוג וועט שטיין לאַנג. ער זאָגט: „דער לאָקאָמאָטיוו קען געבן אַ פייף און אונדז איבערלאָזן מיטן ביסל וואַסער". מישע באַרואיקט אים: „איך האָב געזען דעם לאָקאָמאָטיוו זיך אָפּטשעפּן פון די וואַגאָנען. ער איז אַוועק נאָך קוילן און וואַסער. מסתמא וועט ער דאָ שטיין לאַנג..."

מישע האָט געזופּט דאָס הייסע וואַסער און צוגעביסן אַ שטיקל געטריקנט ברויט, וואָס זיין פריינד האָט אים געגעבן. ס׳האָט געהאַט טויזנט טעם. מ׳זאָגט אים אַז דער צוג וועט ניט גיין אַזוי גיך. נעמט ער זיך צייט און גייט זען ברידער אידן אויפן וואָקזאַל. אפשר וועט ער זיך עפּעס דערוויסן וועגן זיין מאַמען. ביים וואָקזאַל זעט ער אַ גערטנדל מיט ביימער און בענק צו זיצן. ער זעצט זיך לעבן אַ איד. מישע שטעקט אויס אַ האַנט, און צוויי אידן זאָגן: „שלום־עליכם". מישע פרעגט זיין פראַגע: „אַ איד פון די עשעלאָנען?" — יאָ, ענטפערט דער איד. — „אויב אַזוי! אפשר ווייסט איר עפּעס, וואָס קען מיר געבן אַ האָפענונג צו געפינען מיין מאַמען?" און מישע דערציילט זיין געשיכטע.

מיט טרערן אין די אויגן דערציילט דער איד אַז ער זיצט שוין דאָ צוויי וואָכן. ער עפנט אויף אַ דיקן בוך מיט צרות, וואָס ציט זיך פון די סיבירער וועלדער ביז טאַשקענט, און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן די ריכטיקע צרה. ער איז אַראָפּ נאָך קיפּיאַטאָק פאַר די קינדער. איז דער צוג באַלד אַוועק. ער האָט אפילו ניט געהערט קיין פייף. אָט אַזוי איז ער געבליבן מיט איין פאָר הויזן און איין העמד. און דער צוג האָט מיטגענומען זיין ווייב און פינף קינדער, איינס קלענער פון צווייטן. די נאַטשאַלניקעס דאָ זאָגן אים צו אַז היינט־מאָרגן וועלן זיי אים זאָגן וואו דער עשעלאָן איז געגאַנגען. אָבער ווער ווייס צי ער וועט ניט דאַרפן

וואַרטן ביז די מלחמה וועט זיך ענדיקן? מישע ווערט געוואויר אַז ער איז ניט דער איינציקער. אַ סך אַזעלכע פאַרלוירענע פון גאַנצע משפחות וואַלגערן זיך אַרום אין דעם גערטנדל. דאָס גערטנדל איז אַ שם דבר, „דער טרערן אינזל״.

נאָך איין מאָל אַזאַ „ויסעו ויחנו״ און דער עשעלאָן איז אָנגעקומען אין „אַנדי־זשאַן״. די געקומענע קיין אנדי־זשאַן האָט מען צוגעטיילט צו קאָלכאָזן. די קאָלכאָזן האָבן געגעבן אַ סאַריי (שטאַל) צום שלאָפן און אַ האַלב פונט מעל אַ טאָג צו לעבן. מער ניט. מ׳האָט איינגעטיילט אַלעמען אין בריגאַדעס צו אַרבעטן אויף די וואַטע (כלאָפּאָק)־פעלדער. די אַרבעט איז אַ שווערע: אַ גאַנצן טאָג, איינגעבויגן, אויפן פעלד, אונטער דער ברענענדיקער זון. דער הונגער באַהערשט דיך אין גאַנצן. פון דעם האַלבן פונט מעל קענסטו ניט הייבן אַ האַנט, און פון דער היץ פילסטו שוואַך און צעבראָכן. מ׳האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אַז ווען ס׳איז ניטאָ דאָס שטיקל ברויט, איז וואַרעמקייט אַליין ניט קיין ברכה...

די גאַסט־געבער, אוזבעקן, ווייסן ניט פון דער מצווה „הכנסת־אורחים״. זיי וועלן דיך אין שטוב ניט אַריינלאָזן, אפילו צו געבן אַ טרינק וואַסער. זיי האָבן מורא פאַר אַ פרעמד אויג. דעריבער, ווען זיי בויען הייזער, מאַכן זיי די ווענט צו דער גאַס בלינדע, אָן פענצטער...

דער האַלבער פונט מעל (400 גראַם) איז ניט געווען גענוג, ניט צו לעבן און ניט צו שטאַרבן. נאָך אַ קורצער צייט האָט מישע ניט געקענט שלעפּן זיינע פיס. זיין פריינד אברהם רעדט זיך אַראָפּ פון האַרצן. „פאַרשטייסט, מישע?״ זאָגט ער אויפן קול. „דער וואָס איז דאָ ניט געווען קען דאָס ניט פאַרשטיין. דו הייבסט זיך אויף אין דער פרי פון דעם ערדענעם דיל אַ צעבראָכענער, אָן אַ גאַנצן ביין אין דיין גוף, דו שאָקלסט זיך אָפּ פון דעם שטויב, דו גייסט אַרויס פון דעם סאַריי. וואָס זעסטו? די זון וואַרפט זילבערנע פאַסן ליכט אויף דעם אַרום. די פלאַנצן בליען מיט פאַרשיידענע קאָלירן, וואָס פאַרכאַפּן דאָס אויג. דו הערסט דעם פויגל טרילערן מיט טויזנטערליי קולות. אַלץ איז אַזוי מאַיעסטעטיש. דו געפינסט זיך ממש אין פּאַלאַץ פון דער נאַטור־שיינקייט. אָבער דו קענסט ניט הנאה האָבן. ניט פאַר דיר איז די פּאַנאָראַמע פון שיינקייט! ניט פאַר דיר איז דעם פויגלס טריל! דו ווילסט אַ שטיקל ברויט אָדער אַ קאַרטאָפל, עפּעס מיט וואָס אָנצופילן דעם מאָגן״.

אַזוי פלעגט אברהם שטיין שעהן לאַנג און רעדן, פרעגן פראַגן, רעדן צו זיך. אָבער דאָס מאָל האָט אים אַן אוזבעק איבערגעריסן: „היי, טאָוואַרישטש! אָט

# שטערן אין דער נאַכט

דאָ איז דאָס פערד מיטן וואָגן צו נעמען אייך אַלעמען צו דער אַרבעט אויפן וואַטע־פעלד. דאַווייי!״ זאָגט ער אין אַ שלעכטן רוסיש אַ פּאָר ווערטער.

זיבן מענטשן זיצן אויפן וואָגן. דאָס אויסגעדאַרטע פערדל, הויט און ביינער, הייבט קוים־קוים אַ פוס. מישע ווייזט דאָס אברהמען. „ניט געגעסן, אַזוי ווי איך״, זאָגט אברהם. „אַ בעל־חי דאַרף אויך עסן. דו קענסט ניט אָפּפּטערן מיט אַ שטאָרג אין די ציין. און אפשר גנבעט צו דער חברה־מאַן, אונדזער בעל־עגלה, זיין פּאַיאָק. דאָס אָרעמע פערדל קען נעבעך ניט רעדן ווי מיר, קאָן ניט זאָגן: ,וואָס טוסטו?״

פּלוצלינג שטעלט זיך דאָס פערדל אָפּ און וויל ניט גיין. דער אוזבעק שלאָגט אים מיט אַ שטיק האָלץ. דאָס פערדל גייט ניט. אַלע גייען אַראָפּ פון וואָגן. אברהם רעדט צום פערד: „זאָג מיר, מיין טייערער חבר, האָסטו שוין היינט געגעסן? גנבעט מען אָוועק פון דיר דיין פּאַרציע?״ „עס איז אַ רחמנות״, זאָגט אברהם צו די מיטפאָרער, „איך זאָג אייך, געדענקט, ווער ווייס צי דאָס פערדל וועט מוציא שנתו זיין?״ — דער אוזבעק האָט געגעבן דעם פערדל נאָך אַ פּאָר קלעפּ מיטן שטעקן און דאָס פערדל גייט ווייטער אין שפּאַן, מיטן קאָפּ אַראָפּ צו דער ערד. זייער פּאַמעלעך האָט דאָס פערדל געשלעפּט דעם וואָגן. אברהם האָט געעצהט אַלעמען אַראָפּצוגיין פון וואָגן. „איך זע אַז דאָס פערדל איז קראַנק, אָט אָט וועט ער פאַלן״, זאָגט ער. „קומט, לאָמיר בעסער גיין צו פוס. האָט רחמנות אויף אַ בעל־חי! ס׳איז אַ צער־בעלי־חיים!״ אָבער דאָס פערדל איז ניט געפאַלן. מיט קליינע דראָבנע טריט האָט דאָס פערדל געבראַכט די ברי־גאַדע אויפן פעלד. אָבער אויפן וועג צוריק פון דער אַרבעט האָט אברהם גע־זיגט. אַלע האָבן אויסגעקליבן בעסער צו גיין צו פוס.

דער סדר־היום אין קאָלכאָז איז געווען אַזעלכער: באַלד אין דער פרי האָט מען זיך געשטעלט אין דער ריי פאַרן האַלבן פונט מעל. שפּעטער איז מען אַרומגעגאַנגען זוכן שפּענער, שטיקלעך האָלץ, בהמה־אָפּפאַל, צו מאַכן אַ פייער. דאָס האָט געדויערט אַ שטיקל צייט. האָלץ־ברענשטאָף איז געווען פון די גאָר טייערע אַרטיקלען. און אַז מען האָט שוין געהאַט אָנגעקליבן שפּענער (די קיך איז געווען אויף אַ דרייפוס פון ציגל, אָדער שטיינער, אויפן פעלד), האָט מען געקענט מאַכן פון דעם ביסל מעל צוויי מאכלים. איין מאכל איז געווען פאַר־קנייטן דאָס מעל און וועגן דאָס וואַסער קאָכט, ציפּן פון דעם טייג שטיקלעך און וואַרפן אין וואַסער. דעם מאכל האָט זיך ניט יעדער געקענט דערלויבן, ווייל מ׳האָט געדאַרפט האָבן אַ טעפּל, און אַ טעפּל — האָ! האָ! — איז געווען מיט

גאָלד צוגלייך. דעריבער האָט מישע אַנטדעקט אַ גאָר פּשוטן וועג: אַ בלעכל. אויפן בלעכל געקנעטן און אויפן בלעכל געבאַקן איין פּלעצעלע אָדער צוויי. און שפּעטער צוגעביסן דאָס פּלעצל צום קיפּיאַטאָק. אין דער צייט איז שוין גע־שטאַנען דאָס פערדל מיט זיין בעל־עגלה, געוואַרט אויף מישעס בריגאַדע צו נעמען זיי צו דער אַרבעט אויפן וואַטע־פעלד.

היינט איז דאָס פערדל ניט געשטאַנען איינגעשפּאַנט אין וואָגן און גע־וואַרט, ווי אַלע טאָג. היינט האָט דער בעל־עגלה, דער אוזעבעק, אָנגעזאָגט אַלע־מען, אַז יעדער איינער וועט קריגן, אַחוץ די 400 גראַם מעל, אַ פּאָרציע פלייש. מישע דערציילט דאָס שנעל אברהמען. אברהם פאַרטראַכט זיך אַ ווייל. ער קוקט צום סקלאַד, וואו מען טיילט די פּראָדוקטן. זעט ער ווי איינער, אַן אוזבעק, טראָגט אַרויס אַ גרויסן ביין און דאָס בלוט גיסט זיך. און אָט זעט ער: אַ צוויי־טער אוזבעק טראָגט מיט שטאָלץ אַ פוס אויפן אַקסל, און דאָס בלוט רינט אים אַראָפּ אויפן קאָלנער אין האַלדז אַריין. אברהם דערקענט אַז דער פוס איז פון דעם קראַנקן פערדל, וואָס האָט געפירט די בריגאַדע צו דער אַרבעט. ער ווערט ממש היסטעריש.

מישע בעט אים: „שריי ניט! רעד שטילער!" ער קען זיך אָבער ניט באַ־הערשן, ווען ער זעט ווי מען טראָגט אַרויס דעם קאָפּ, מיט די אויגן אָפן. ער שרייט, ער קריצט מיט די ציין: „איך האָב אייך געזאָגט אַז דאָס פערדל איז קראַנק, אַז היינט־מאָרגן וועט דאָס פערדל אויסציען די קאָפּעטעס! איך זאָג אייך, ער איז געשטאָרבן פון הונגער!" מישע בעט אברהמען: „שווייג! געדענק וואו דו געפינסט זיך!" „איך האָב מער ניט קיין מורא פאַר זיי!" שרייט אברהם. „איך בין אַ באַפרייטער. איך וועל גיין זאָגן אַז זיי האָבן דאָס פערדל באַגנבעט אַלע טאָג. וואָס מיינסטו? ווייל ס'איז אַן אָרעמע בהמה און קען ניט רעדן, דאַרף מען צונעמען איר פּאָרציע עסן?! אַזאַ אומרעכט צו אַ בעל־חי טאָר מען ניט פאַר־שווייגן. מאָרגן וועלן זיי טאָן דאָס זעלבע צו אונדז, צו דיר אויך!" שרייט ער צו יחיאלן. יחיאל איז געווען אַ וואַרשעווער. די וואַרשעווער אין דער גרופּע האָבן אים גערופן „פּאַניע דאָקטאָזשע" און גערעדט צו אים פויליש. געזאָגט האָט מען אַז ער איז אַ ניטגעענדיקטער דאָקטער. ער האָט געהאָלפן אַ סך מענטשן. למשל, אויב איינער איז געוואָרן קראַנק, האָט יחיאל אים געגעבן די ערשטע הילף, גע־געבן אַן עצה. און בדרך כלל איז ער געווען אַ גרויסער אינטעליגענט, וואָס אַלע האָבן רעספּעקטירט.

אברהמס שרייען, טומלען, איז יחיאלן ניט געפעלן געוואָרן. אָט שרייט ער

# שטערן אין דער נאַכט

אַצינד אַז ער וועט גיין זאָגן אין די הויכע פענצטער וואָס זיי האָבן געטאָן צו דעם פערדל. יחיאל באַרואיקט אים: „געדענק, אברהם! דו ביסט ביים לייב צווישן די ציין. מאָרגן קען זיין אויס מיט אברהמען. דאָ דאַרף מען ניט קיין עדות, קיין באַווייזן כּדי אַוועקצושיקן אַ מענטש הינטער די הרי־חושך. אַ וואונק איז גענוג". יחיאל רעדט אים אַריין אין אויער: „דו דאַרפסט שוין זיין קליגער און וויסן, אַז דאָ טוט מען אָפּ מיאוסערע זאַכן ווי אומברענגען אַ פערדל. דאָ ברענגט מען אום גאַנצע געגנטן איבער נאַכט. מ'רעכנט זיך ניט מיט געפילן פון רחמנות".

יחיאל דערציילט אים וועגן צוויי וואַרשעווער ברידערלעך פון דער עלעקטאָראַלנע גאַס. זיי האָבן שטענדיק גערעדט וועגן דער מאַמעשי און דעם טאַטעשי. זיי האָבן זיך שטענדיק געהאַלטן צוזאַמען. מ'האָט אַוועקגענומען די עלטערן פון זיי. די קינדער האָבן ניט געוואוסט וואוהין. דער עלטערער יאַשע האָט געזאָרגט פאַר דעם קלענערן ברודער. איז ער געגאַנגען פאַרקויפן אַ שטיקל זייף. מען האָט אים געכאַפּט ביי דער שרעקלעכער „גנבה" און אים אַוועקגעשיקט אין אשער טורמע, דרייסיק מייל פון דאַנען. צוויי טעג האָט ער דאָרטן געלעבט. ניטאָ מער יאַשע. וואָס זיי האָבן געטאָן צו אים ווייס קיינער ניט. דאָס יינגער ברודערל דרייט זיך דאָ אַרום און רעדט וועגן דער מאַמעשי און דעם טאַטעשי פון דער עלעקטאָראַלנע גאַס, וואָס ער געדענקט און חלומט וועגן איר. ער רעדט כּסדר וועגן יאַשען. ווער קען האָבן אַ האַרץ אים צו דערציילן וועגן יאַשען? אַזעלכע און טויזנטער ענלעכע מעשיות הערט מען דאָ אַלע טאָג. אַזוי האָט יחיאל איינגעטענהט מיט אברהמען בּמשך פון אַ לאַנגער צייט, ביז ער האָט אים איבערצייגט אַז שווייגן איז געזונטער ווי רעדן. פון דאַן אָן איז יחיאל געוואָרן דער ניטדערוויילטער פירער פון דער גרופּע.

יחיאל ברענגט איין מאָל אַ ידיעה, אַז ס'איז געקומען אַ פּוילישע קאָמיסיע צו מאָביליזירן יונגע פּוילישע בירגער פאַר דער פּוילישער אַרמיי. די גאַנצע גרופּע פּוילישע בירגער האָט מאַרשירט אין מיליטערישער אָרדענונג צו דער קאָמיסיע. די שמחה איז געווען גאָר אַ געהויבענע. מ'האָט געזאָגט, אַז מ'שיקט די פּוילישע אַרמיי, וואָס שטייט אויף דער רוסישער ערד, קיין ארץ־ישראל. דאָס מיינט אַז מ'ווערט פּטור פון קאָלכאָז, פון דעם האַלבן פונט מעל. די גרעסטע פרייד ביי אַלעמען איז געווען צוליב דעם וואָס זיי וועלן זעלנער. זיי וועלן קעמפן מיט דעם שונא מיט אַ ביקס אין האַנט.

יחיאל, אַ הויכער, מיט שטייפע טריט, איז געגאַנגען פאָרויס. די גאַנצע גרופּע האָט מאַרשירט לויט זיין קאָמאַנדע. ביי דער קאָמיסיע איז יחיאל געווען דער פירשפּרעכער. אין אַן אויסגעצייכנטן פּויליש שטעלט ער פאַר אַלעמען, ווי פּוילישע בירגער, וואָס זיינען גערן צו דינען אין דער פּוילישער אַרמיי, צו קעמפן מיטן געווער אין האַנט קעגן דעם געמיינזאַמען שונא. די קאָמיסיע הערט אויס יחיאלס רעדע ביז צום סוף. דאַן שטעלט זיך אויף דער ראש פון דער קאָמיסיע, אַן אָפיציר מיטן ראַנג פון מאַיאָר. ער קומט צו און באַקוקט יעדן איינעם. ער קוקט אַריין יעדן אין די אויגן. מישען האָט געוואונדערט זיין קוקן. ער האָט אים געוואָלט פרעגן וואָס ער זוכט, וואָס ער וויל זען. אָבער באַלד ווערט אַלץ קלאָר. דער מאַיאָר קלערט אויף אין אַ שיינעם אינטעליגענטן פּויליש: „פּאַנסטוואָ! מיר זוכן ריינע (טשיסטע) פּאָלאַקן. גייט צוריק אין קאָלכאָז. ווען מיר וועלן אייך דאַרפן, וועלן מיר אייך רופן״. אַלץ איז שוין אַצינד געווען קלאָר: זיי ווילן ניט קיין אידן. „זיי וועלן אונדז קיין מאָל ניט רופן״, זאָגט מישע. „פּוילן ליגט אַ רואינירטע, צעבראָכן. דער פּוילישער אָפיציר איז נאָר וואָס אַרויס פון אַ רוסישער טורמע. אָבער מיט אַ איד וויל ער ניט קעמפן קעגן זיין שונא״. יחיאל זאָגט: „אַצינד זענען מיר פאַרשטענדלעך די הייליקע ווערטער: ,רשעים אפילו על פתחו של גיהנום אינם חוזרים בתשובה׳״.

אחר הדברים האלה ליגט די גאַנצע גרופּע אין סאַריי. יעדער איינער — אין זיין נאָרע, אויפן בינטל שטרוי, פאַרזאָרגט, פּונקט ווי געהאַלטן אין די הענט גאָלד און דימענטן און עמעצער האָט עס מיט כוח צוגערויבט. די אַנטוישונג האָט געשאַפן ביי אַלעמען אַ שלעכטע שטימונג. און אָט איז יחיאל. די אויגן ביי אים פינקלען, דאָס פּנים שיינט. „פאַר וואָס זאָרגט איר זיך?״ שרייט ער. „די וועלט גייט ניט אונטער! מ׳האָט זיי אין דער אדמה! זאָרגט זיך ניט! איך האָב אַ פּלאַן״. אַלע שטעלן אַן אויגן און אויערן. „וואָס פאַר אַ פּלאַן איז דאָס?״ פרעגט מישע. און יחיאל ענטפערט: „לעבן קלוב אין כאַדזשיאַבאַד האָב איך געלייענט אַ פּלאַקאַט, וואָס לאָזט וויסן אַז מ׳זוכט פרייוויליקע אויף אַרבעט ביי דעם ,בלאַג־באַשי׳ קאַנאַל. דאָס מיינט גראָבן. זיי ווילן עפענען אַ וואַסער־וועג צום קאַספּישן ים. די אַרבעט איז אַ שווערע. אָבער איך בין זיכער אַז מיר וועלן קריגן גוט צו עסן. „וואָס, וויפל?״ וויל מען וויסן. „אַ צוויי דריי ליעפּיאָשקעס (=פּלעצלעך) מיט אַ פעלע רייז פאַרן טאָג״, קלערט אויף יחיאל. „ווי אַזוי ס׳זאָל ניט זיין, וועט דאָרטן זיין בעסער ווי דאָ, מיט די 400 גראַם מעל״ זאָגט אברהם. „איך זאָג נאָר מיין מיינונג״, זאָגט יחיאל. „ס׳דאַרף גיין אַ דעלעגאַציע צום פּרעצעדאַטיעל

(פאַרזיצער) פון קאַלכאַז און פאַרלייגן אַז מיר ווילן גיין אַרבעטן ביים קאַנאַל״. אַלע שרייען מיט איין קול: „יחיאל, גיי!״

צו מאָרגנס, אין דער פרי, זענען אַרויסגעפאָרן פון קאַלכאַז צוויי פירן. אויף איינער זענען געפאָרן אוזבעקן, און אויף דער צווייטער איז געפאָרן די פויליש־אידישע גרופּע אויפן וועג צום בלאג־באַשי קאַנאַל.

די אַרבעט איז דאָרטן באַשטאַנען פון גראָבן, שלעפּן, פירן טאַטשקעס מיט זאַמד. אָבער עסן? גאָרניט. מ׳נאַרט אָפּ. מ׳גיט איין לעפּיאָשקע (פּלעצל) מיט קיפּיאַטאָק פאַר אַ גאַנצן טאָג. ביי נאַכט, נאָך דער אַרבעט, האָט מען געגעבן דריי לעפל רייז. און שוין גיי שלאָפן, און שטיי אויף אין דער פרי צו דער טאַטשקע. זיי זענען געווען שטאַרק הונגעריק, און דעריבער ניט צופרידן. מ׳האָט טענות צו יחיאלן. יחיאל זאָגט: „פאַר וואָס האָט איר טענות צו מיר? איך בין דאָך מיט אייך אין דער זעלבער שיף״. אברהם פאַרענטפערט אַלעמען. „זיי ניט אין כעס״, זאָגט ער צו יחיאלן. „עס טוט וויי, שרייט מען, האָט מען טענות. ס׳איז עפּעס אַ וואונדער? פון איין גיהנום אַרויס און אין דעם צווייטן גיהנום אַריין. ס׳איז ניט גוט. מ׳דאַרף עפּעס טאָן!״ אברהם גיט יחיאלן אַן עצה: „מען דאַרף גיין אויפן אַלטן אידישן וועג — שתדלנות. גיי צום ראש, רעד מיט אים. מיטן כוח פון אַ רבים אידן וועט דער רבש״ע העלפן! גיי, יחיאל!״

יחיאל האָט געהאַט אַ שמועס מיטן ראש פון דעם פּראָיעקט, וואָס די אוזבעקן האָבן געזאָגט אויף אים אַז ער איז אַן אוזבעק און די רוסן האָבן געזאָגט אַז ער איז אַ רוס. אָבער יחיאל האָט געבראַכט אַ נייעס, וואָס איז איבערגעגעבן געוואָרן פון מויל צום אויער, אַז ער איז פון אחינו בני־ישראל. ער האָט באַלד געגעבן יחיאלן צוויי ברויטן צו צעטיילן. און שטאַרק בסוד דערציילט יחיאל אברהמען אַז ער האָט אַליין געהערט ווי ער האָט געמאַכט המוציא, איידער ער האָט פאַרזוכט אַ שטיקל ברויט. אברהם וויינט אַזש פון פרייד. דער ראש האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט טאָן אַלץ, כדי צו פאַרבעסערן זייער לאַגע, דערציילט יחיאל.

דעם צווייטן טאָג האָט מען שוין געזען אַ פאַרבעסערונג אין דער גרופּעס לאַגע. אַנשטאָט איין ליעפּיאָשקע האָט מען געגעבן צוויי, און ביינאַכט, נאָך דער אַרבעט, ווען זיי האָבן זיך געזאַמלט אויף זייערע ערטער אין דעם סאריי (די אוזבעקן זענען געזעסן באַזונדער), האָט מען זיי געגעבן מער רייז און צוויי ליעפּיאָשקעס. דאָס איז געווען גענוג צו שטילן זייער הונגער.

אָפּגעגעסן, זענען זיי געזעסן אַרום יחיאלן און נאָך אַלץ גערעדט וועגן

נאַטשאַלניק. יעדערער האָט אַרויסגעבראַכט אַ שטריך פון זיין איידעלער פערזענלעכקייט. יחיאל האָט אים באַוואונדערט. ער טייטשט אויס: „מי כעמך ישראל? איך מיין אונדזער נאַטשאַלניק. אַזוי קליין און דאָך פירט ער אַן מיט אַזאַ פּראָיעקט! וויפל רוסן וואָלט מען געדאַרפט האָבן אויף זיין אָרט?" „אוי!" קרעכצט יחיאל. „אידיש פאָלק — אַזוי גרויס און דאָך אַזוי קליין, אַז מען טרעט היינט אויף דיר ווי אויפן שטויב פון דער ערד. . . ." אַברהם זאָגט: „ווייל מיר זענען זינדיק", יחיאל איז ניט מסכים: „מיר זענען דאָך ניט מער זינדיק ווי זיי!" ער ווייזט אָן אויף די אוזבעקן וואָס זינגען און שפּילן אַצינד און מאַכן אַ סך טומל. „מיר עסן ניט פערד־פלייש. יאָ, איינצעלנע האָבן געגעסן", זאָגט אברהם. „אידן זענען אַן ,עם־סגולה'. מיר דאַרפן זיין ריין, ניט פאַרשמוצט פון די אַלע טריפענע מאכלים. דעריבער רייניקט מען אונדז". „יאָ, דו ביסט גערעכט", זאָגט יחיאל. „ביי אידן טאָר ניט זיין קיין פּסולת. אידן האָבן ניט געדאַרפט עסן דאָס פערד־פלייש. מיר האָבן געדאַרפט אַרויסברענגען אונדזער רעספּעקט פאַר דער חיה, וואָס האָט אונדז באַדינט. דער ,עם הספר' טאָר זיך ניט פאַרגלייכן צו דעם ,עם הדומה לחמור'. בשום אופן טאָר מען ניט פאַרשוועכן אונדזער נאָמען".

הערט דעם ווילדן טומל, וואָס קומט פון דאָרטן. מ'האָט הנאה פון לעבן. דאָס שרייען, געוואַלדעווען, דאָס פאַרשייט לאַכן איז געוואָרן גרעסער פון מינוט צו מינוט. דאַקעגן, ביי מישען און זיינע חברים האָט געהערשט באַשיידנ־קייט און שטילקייט. יעדער איינער איז געווען פאַרזונקען אין זיינע מחשבות וועגן די גרויסע אידישע צרות.

דאָס וואַכזאַמע אויג פון יחיאלן באַמערקט דאָס. „זעט נאָר די שמחה דאָרט! דאָ זעט מען דעם אונטערשייד צווישן פינצטערניש און ליכטיקייט", זאָגט יחיאל אין אַ שטילן, ערנסטן טאָן. ס'איז דאָ אַ חסידישע דערציילונג וועגן פייגל. יחיאל דערציילט דאָס אַצינד אויפן קול כדי איבערצושרייען דעם טומל און גע־לעכטער פון די שכנים:

„עס איז געווען אַ געשעפט פון פייגל. און בכדי מענטשן זאָלן וויסן אַז דאָ זיינען פאַראַן פייגל צו פאַרקויפן, האָט דער באַלעבאָס פון געשעפט אַרויסגע־האַנגען אַ שטייגל מיט אַ פויגל, דער פויגל זאָל זינגען, טרילערן. אין אַ שיינעם פרימאָרגן פליט דורך אַ פויגל פון דער גאַס. „מיין פריינד", פרעגט דער פויגל, „פאַר וואָס זינגסטו נישט? זע, דיינע פריינד אינעווייניק שפּרינגען, זינגען טרילערן, און דו — גאַרנישט?! פאַר וואָס?" — ענטפערט דער פויגל פון דעם שטייגל: „זיי, מיינע פריינד אין געשעפט, זעען ניט די וועלט. זיי זעען ניט ווי דו

פליסט אַרום פראַנק און פריי. איך אָבער זע די פרייע וועלט, און דאָך בין איך אין שטייג!״

אַלע האָבן פאַרשטאַנען וועמען ער מיינט. „זיי״ זיינען די וואָס טומלען און זענען פריילעך. זיי האָבן נישט געזען די וועלט. דעריבער זענען זיי פריילעך. אָבער מישע און זיינע חברים וואָס האָבן געזען די פרייע וועלט, ווי אַזוי קענען זיי זיין פריילעך? ער האָט מיט זיין דערציילן אַריינגעבראַכט אין יעדן איינעם פון דער גרופּע „מעט מן האור דוחה הרבה מן החושך״, אַ ביסל פון דער ליכטי־קייט, וואָס טרייבט אַוועק אַ סך פינצטערניש. עס האָט אַריינגעבראַכט אין יעדן פאַרבלוטיקטן האַרץ אַ סך האָפענונג פאַר דער צוקונפט. מיט דערהויבענע מחשבות זענען אַלע איינגעשלאָפן אויף דעם שטרוי, בכדי מיט מער מוט אויפצו־שטיין גאַנץ פרי צו דער טאַטשקע און שלעפן דאָס זאַמד.

די אַרבעט פון קאַנאַל האָט זיך געענדיקט. די גרופּע קומט צוריק אין קאַלכאָז, צו דער אַרבעט אויף די וואַטע־פעלדער און צו די זעלבע באַדינגונגען פון פריער. יחיאל איז פאַר מישען אַ קוואַל פון וויסן. ער רעדט מיט אים אַ סך. אויף זיין פראַגע: „וואָס טוט מען? ווי אַזוי געפינט מען מיין מאַמען?״ ענטפערט ער אים: „דאָ, אין כאַדזשי־האַבאַד, וועסטו איר ניט געפינען. מ׳דאַרף גיין אין אַ גרויסער שטאָט. דאָרטן, אויפן באַזאַר, קענסטו אַ מאָל טרעפן אַן אייגענעם איד מיט די ריכטיקע נייעס״. „וואו איז די שטאָט מיטן באַזאַר?״ וויל מישע וויסן. זאָגט ער צו אים: „האַנד־זשאַן״, 25 קילאָמעטער פון דאַנען. איך וויל אויך גיין. לאָמיר גיין צוזאַמען״.

פאַר דעם קומענדיקן זונטיק האָבן זיי צוגעגרייט, יעדער פאַר זיך, אַ גאַנצן פלעצל פון די 400 גראַם מעל וואָס זיי האָבן געקראָגן, און גאַנץ פרי האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין.

אין האַנדי־זשאַן, אויפן באַזאַר, האָבן זיי אַנטדעקט אַ לעבעדיקע וועלט מיט מענטשן פון אַלע קאָלירן. אין גאַר אַ סך פון אחינו בני־ישראל האָט מישע געזען פאַרשיידענע בילדער, וואָס ער טראָגט אַרום אין זכרון ביזן היינטיקן טאָג און קען זיי ניט פאַרגעסן. דער גאַנצער באַזאַר, פון איין עק צום צווייטן, שווימלט און גריבלט מיט מענטשן. עס רויעט זיך ווי אין אַ בינשטאָק. יעדער איינער טראָגט עפּעס אַ גרעסערע זאַך אויפן אַקסל און אַ קלענערע אין דער האַנט. מ׳וויל ניט פאַרקויפן. געלט איז היינט אַ קנאַפּער יחסן. מ׳וויל נאָר טוישן פאַר ברויט, קאַרטאָפל, מעל, צוקער. אויב דו ביסט פון די גליקלעכע מענטשן, וואָס קענען אָפּשפּאָרן אַ פונט ברויט, קענסטו איינהאַנדלען אַ גאָלדענעם רינג, אַ

גאָלדענעם זייגער, אפילו דימענטן. אַלץ פאַר ברויט. אָבער ווער וויל זיך שיידן מיט אַ שטיקל ברויט, וואָס דו ווייסט אַז דאָס איז דיין לעבן?

מישע זעט, אַ פוילישער איד שטייט מיט אַ קישן און אַן אוזבעק דינגט זיך. דער אוזבעק האַלט אַ פונט ברויט. ער וויל דער איד זאָל אים אָוועקגעבן דעם קישן פאַרן ברויט. דער איד זוכט אַ בעסערן קונה. ער גייט ווייטער. אָבער שפּעטער זעט מישע ווי דער אוזבעק טראָגט דעם קישן. און אין אַן אַנדער ווינקל פון באַזאַר זעט ער דעם איד עסן דאָס ברויט. אַ ווײַלע שפּעטער זעט ער שוין, דער איד גייט אַ ליידיקער, אָן קישן און אָן ברויט. יחיאל ווינקט זיך איבער מיט דעם איד און טרעפט אים צו מיט אַ פּאָר ווערטער: „מ׳קען דאָך ניט האָבן ביידע, אי דאָס ברויט אי דעם קישן". „יאָ", ענטפערט דער איד, „דער קישן איז פון מיין ווייבס אויסשטייער. זי איז ניטאָ, דאַרף איך ניט דעם קישן..."

די אוזבעקן זענען די באַלעבאַטים אויפן באַזאַר. זיי זענען באַקליידט פון קאָפּ ביז די פיס מיט פוילישע מלבושים. מ׳זעט זיי גיין אָנגעטאָן אין פוילישע שטיוול מיט די שטייפע „טילקעס", אין גוטע פוילישע מאַנטלען. מ׳גיט אַוועק אַלץ פון זיך פאַר דעם שטיקל ברויט, אַלץ פאַר אַ חיי־שעה...

די אוזבעקן, קירגיזן, זיצן אויסגעזעצט מיט קוישן קאַרטאָפל, מייערן, ציבעלעס, מיט זעקלעך רייז און הארוק, פלוימען פון כל־המינים, און שרייען אויס אין אוזבעקיש די פּרייזן. די אָנגעקומענע פוילישע ווילן זיי ניט ענטפערן, ווען זיי פרעגן וואָס דער פּרייז איז. זיי ווייסן אַז דער פוילישער איז ניט קיין קונה. ער ווערט געהיט מיט צען אויגן, ער זאָל אַ מאָל ניט אַראָפּנעמען אַ פלוים און אַריינלייגן אין קעשענע. זיי ווילן אים ניט האָבן פאַר אַ קונה.

אָט גייט אַן אוזבעטשקע און טראָגט אויפן קאָפּ אַ קויש פול מיט ליעפּיאשקעס. איר פּנים איז פאַרשטעלט מיט אַ גרויסער פּיראנזשע (אַ שוואַרצן טול). זי ווערט באַגלייט פון אַ קליינעם אוזבעקל, וואָס שרייט אויס הויך אויפן קול: „צען רובל אַ ליעפּיאשקע". מיר באַוואונדערן: „אַזאַ צניעות אין דעם קאָמו־ניסטישן ראַטן־פאַרבאַנד?!" זי ווערט פאַרשוואונדן אין דעם המון.

מישע און זיינע חברים זוכן היימישע אידן. זיי קענען ניט פאַרגעסן זייער ציל. אָט קומט צו אַ איד. ער בעט אַ פּאָר קאָפּעקעס. זיי פעלן אים צו צען רובל. ער וויל קויפן אַ ליעפּיאשקע. מישע גיט אים געבן. אין איין וועגס ווערט ער מיט אים היימיש, מישע פרעגט אים: „פון וואַנען קומט אַ איד?" ווען ער ווערט געוואויר אַז ער קומט פון יענע מקומות, מינסק, פּאָלאָצק, ווערט ער נאָענט מיט אים. דער שמועס ווערט פאַר אים זייער אינטערעסאַנט. אפשר וועט ער זיך

עפּעס דערוויסן וועגן זיין מאַמען. אָבער די זון איז שוין באַלד אין מיטן הימל, און ער זעט ניט מער ווי דעם טומל אויפן באַזאַר...

אַ ווילדער רעש טראָגט זיך פון דער טיף פון באַזאַר. דער המון, יונג און אַלט, שרייט. דער ווילדער געשריי, פּאַראינטערעסירט שטאַרק מישען און זיינע חברים. זיי ווילן וויסן וואָס איז געשען. זייער נייגיר ווערט גאָר שטאַרק און זיי שטופּן זיך מיט דער מאַסע אוזבעקן, קירגיזן, טאַטאַרן, צו זען וואָס איז דער געפילדער. מישע הערט שוין דייטלעך דאָס וואָרט, וואָס די מאַסע שרייט: „קאַראַפּטשוק". אָבער וואָס דאָס מיינט ווייס ער ניט. פּלוצעם זעט ער: צוויי מיליציאָנערן (פּאָליציי) פירן אַ יונגע פרוי, שוואַרץ־חנעוודיק, די האָר צע־שויבערט, דאָס קליידל און זאָקן צעריסן, די אויגן קוקן שטאַר. זי בעט זיך ביי דעם מיליציאָנער: „איך וועל ניט אַנטלויפן. לאָז אָפּ מיינע האָר!" ער הערט ניט איר געבעט. די פּוילישע גרופּע ווערט מיטגעריסן מיט דער מאַסע צו דער מיליץ־סטאַנציע.

דאָרטן, ביי דער סטאַנציע, טרעפן זיי דעם מינסקער איד. ער דערציילט זיי וואָס ס'איז געשען. אַן אַראַבערין, וואָס האָט געטראָגן אַ קוישל מיט ליעפּיאָשקעס, האָט געמאַכט דעם גאַנצן טומל. זי האָט באַשולדיקט די פרוי אַז זי האָט געגנבעט אַ ליעפּיאָשקע פון איר קויש. זי האָט אָנגעהויבן צו שרייען: „קאַראַפּטשוק", און אַלע אוזבעקן האָבן איר צוגעהאָלפן. אָט גייט זי עדות זאָגן. זיי האָבן געזען ווי די אַראַבערין גייט אַריין צו דער מיליץ. איר פּנים איז פאַר־דעקט מיט דער פּיראַנזשע, און אַ גאַנצע כאָפּטע אוזבעקן גייען נאָך איר.

זיי וואונדערן זיך: „אַזאַ צנועה! וועט זי האָבן רחמנות?" דער מינסקער איד, איז געוועזן פאַר זיי אַ קוואַל פון אינפאָרמאַציע. ער איז שוין דאָ אין האַנדי־זשאַן זינט די מלחמה האָט זיך אָנגעהויבן. זיי פרעגן אים צי די אַראַבערין וועט האָבן אַ ביסל רחמנות, צי זי וועט דאָ, אויף דער סטאַנציע, ענדערן דאָס עדות זאָגן צום גוטן, און די פרוי וועט ווערן באַפרייט. „ביי זיי רחמנות?" פרעגט ער צוריק, „און אַ טרינק וואַסער וועלן זיי דיר געבן? זייערע שוועלן זענען באַוואַקסן מיט גראָז. קיין מענטש עפנט ניט זייערע טירן. ווער ווייס צי מ'וועט די פרוי באַ־פרייען, און אויב יאָ, וועט דאָס זיין אַ נס פון הימל..."

מיט שווערע הערצער האָבן זיי זיך געזעגנט מיט דעם מינסקער איד. פּלוצעם צעשרייט זיך יחיאל: „זי גייט! זי איז פריי!" „איז דאָס אמת?" וואונדערן זיי זיך און לויפן איר אַנטקעגן. יחיאל ווערט שנעל היימיש מיט דער פרוי. ער פרעגט איר: „זאָגט מיר, איז דאָס אמת? קיינער הערט דאָך ניט". „איר באַ־

ליידיקט מיך״, זאָגט זי מיט פאַרדרוס. „איך בין טאַקע הונגעריק, מיין מאַן האָט נאָך היינט ניט געגעסן. איר ווייסט דאָך, אַ געטרייער טאַטע, ער גיט אַלץ אַוועק צו די קינדער. אָבער איך וועל גנבענען? לאָמיר אייך דערציילן וואָס איז געווען . . .״

און די איידעלע פרוי דערציילט: „איך בין געקומען אויפן באַזאַר אויס־טוישן מיין קידושין־רינגל אויף ברויט אָדער מעל. איז די אַראַבערין געוואָרן מיין קונהטע, און איר קליינער זון — דער דאָלמעטשער. מיר האָבן ניט גע־קענט קומען צו אַ הסכם. בין איך אַוועק פון איר. האָט זיך איר געדאַכט, אַז איך האָב ביי איר געגנבעט אַ ליעפּיאָשקע. האָט זי זיך צעשריגן: ‚קראַפּאַטשוק׳, און אַלע בהמות נאָך איר. און ס׳איז געוואָרן לעבעדיק אין שטעטל. אָבער דאָ, אין דער מיליץ — הונגעריק בין איך אָבער רעכענען קען איך — האָב איך איר גע־פרעגט: ‚וויפל ליעפּיאָשקעס האָסטו געהאַט?׳ האָט זי געזאָגט: ‚דרייסיק׳. זאָג איך: צען רובל אַ ליעפּיאָשקע, איז בסך הכל 300 רובל. לייג אַרויס דאָס געלט, לאָמיר ציילן. דער מיליציאָנער ציילט איבער דאָס געלט. עס שטימט ביז אַ קאָפּיקע. דער מיליציאָנער שרייט אויס אין רוסיש: ‚פּראַווילנאָ׳ (ריכטיק), און הייסט מיך גלייך גיין. און די אַראַבערין ווערט פאַרהאַלטן. איר זעט, אידן! אפילו ווען מ׳איז הונגעריק טאָר מען ניט פאַרלירן דעם שכל. אַ דאַנק ג־ט, איך האָב ניט פאַרלוירן״. די פרוי מאַכט אַ באַוועג צו גיין. זאָגט צו איר יחיאל: „איך זע, אַז איר איילט זיך, וועל איך אייך ניט לאַנג אויפהאַלטן. נאָר איין פראַגע וויל איך אייך פרעגן: פון וואַנעט זענט איר? איך הער אַז איר רעדט מיין אידיש״.

פלוצלינג טרעפן זיך זייערע אויגן. זיי דרינגען אַריין איינער אין צווייטן. יחיאל שרייט אויס: „שפרה!״ און די פרוי שרייט: „יחיאלי!״ די געשעעניש האָט געווירקט אַזוי שטאַרק אויף יחיאלן אַז ער האָט זיך צעוויינט. ער קען ניט רעדן. אָבער שפרה זאָגט אַז אירע אויגן זענען שוין אויסגעטריקנט און זי דערציילט:

„איר זעט, איך בין אַ מאָל געווען אַ מענטש מיט מענטשן גלייך. יחיאל קען עדות זאָגן, מיר זענען געגאַנגען צוזאַמען אין שקאָלע. יחיאל האָט שפּעטער שטודירט אין גימנאַזיע. ער האָט געוואָלט ווערן אַ דאָקטער. איך האָב חתונה געהאַט, געבראַכט צוויי טייערע קינדער אויף דער וועלט. מיין מאַן ליגט אַצינד אין דער קיביטקע. ער איז געשוואָלן פון הונגער. ער וואַרט איך זאָל עפּעס ברענגען פון באַזאַר״.

יחיאל פרעגט: „ווען האָט איר פאַרלאָזט וואַרשע?״ שפרה דערציילט: „מיין מאַן האָט פאַרלאָזט וואַרשע אַ שטיק צייט פאַר מיר, נאָך אין נאָוועמבער, 1939.

## שטערן אין דער נאַכט

דאָן איז מען געווען נאַריש און געמיינט, אַז די דייטשן וועלן זיך באַגנוגענען דערמיט, וואָס זיי וועלן באַרויבן די אידישע באַפעלקערונג, אויספרעסן זייער שווייס און בלוט און דערנידעריקן זיי דורך שענדלעכע אויסנאַמסגעזעצן. די הויפּט־זאָרג ביי אַלעמען איז דעמאָלט געווען וועגן די מענער, ווייל מען האָט גערעכנט אַז בלויז זיי דראָט געפאַר אין ערגעץ פאַרשלעפּט צו ווערן דורך די היטלעריסטישע באַנדעס אויף אַרבעט. אָבער פרויען און אַלטע לייט, האָט מען געמיינט, וועלן זיי ניט טשעפּן. האָב איך אַליין באַגלייט מיין מאַן צו דער סאָוועטישער זייט, און אַליין געגאַנגען צוריק צו מיינע עלטערן. שפּעטער האָב איך, מיט צוויי קליינע קינדער אויף זיך, אין די גרויסע פרעסט, געגנבעט די רוסיש־דייטשישע גרענעץ, געקומען אין דעם גן־עדן נאַקעט און באָרוועס. מען האָט אונדז פאַרשיקט קיין ארכאַנגעלסק. ווען מ׳האָט אונדז באַפרייט, איז געווען שמחה וששון ליהודים. אַלע פאָרן מיר אין די וואַרעמע געגנטן. נאַ, האָסטו וואַרעמע געגנטן! מיין הערשל איז אַ גוטער בעל־מלאכה, אַ שניידער, גאָלדענע הענט. ליגט ער און קען ניט גיין. ער האָט מיך געשיקט מיטן גאָלדענעם רינגל אויסצוטוישן אויף ברויט. אָבער היינטו האָט גאָלד אַזאַ ווערט ווי בלעך ביי די אוזבעקן״.

שפרה גיט זיי אַן עצה, אַז זיי זאָלן זיך אויפהערן צו דרייען אויפן באַזאַר. זיי קענען אַזוי אָפּשניידן ווי זי. מ׳קען זיי מסרן פאַר גאַרניט.

יחיאל וויל וויסן וואו איז אַ סטאָלאָווע (רעסטאָראַן). זי ווייזט אָן, אַז ניט ווייט פון דאָרטן איז דאָ אַ סטאָלאָווע. יחיאל זאָגט: „איך האָב אַ פּלעצל, און מיט אַ ביסל קיפּיאַטאָק קען מען שוין אַדורכשטופּן דעם טאָג״. זיי געזעגענען זיך מיט שפרהן, זי קוקט צוריק צו זיין זיכער, אַז זיי גייען אין דער סטאָלאָווע און ניט אויפן באַזאַר.

יחיאל קען ניט אויפהערן רעדן וועגן שפרהן: „וואָס דאָס שטיקל ברויט קען מאַכן פון אַ מענטשן?! אָט די שפרה איז שטענדיק געווען באַקליידט מיט סאַמעט און זיידנס. און דאָ זע איך איר אין אַ צעריסן קליידל, צעריסענע זאָקן. ס׳איז בעסער אַז איר מאַמע זעט דאָס ניט. מ׳האָט איר געבאָדן אין עסיק און אין האָניק״. „איך האָב געקענט אין מיין שטעטל״, דערציילט מישע יחיאלן, „מענטשן פון גרויסן ייחוס, פון דער הויכער געזעלשאַפט. אַזוי ווי זיי האָבן פאַרלוירן דאָס שטיקל ברויט, האָסטו זיי ניט דערקענט. ניט די זעלבע מענטשן. מ׳זוכט אַ מייערל אין פעלד, מ׳בעטלט. זיי האָבן פאַרלוירן זייער שטאַנד און ערע. אַזוי איז עס. אָן דעם שטיקל ברויט איז מען אויס מענטש. הונגער צעברעכט אפילו די

גרעסטע העלדן. אויף דעם קלאָגט דער גרויסער מקונן ירמיה הנביא אין מגילת איכה: ,טובים היו חללי חרב מחללי רעב׳ — אַ הונגער־טויט איז ערגער ווי דער טויט פון דער שווערד, ווייל די שווערד פון הונגער הרגעט שטופּנווייז, פּאַמעלעך, די 400 גראַם מעל, און גאָרניט מער, דאָס איז אויך אַזאַ מין שווערד וואָס הרגעט, ניט באַלד, פּאַמעלעך. פאַרשטיי, יחיאל! מ׳האַלט אַזוי לאַנג דאָס פייגעלע אין דער שטייג, ביז דאָס פייגעלע פאַרלירט איין פעדערל נאָכן צווייטן, ביז עס קען מער ניט פליען...״ יחיאל רייסט אים איבער: „אָט דאָ איז די סטאָלאָווע״.

אין דער סטאָלאָווע זיצט מען ביי לאַנגע טישן, להבדיל אַ בית־המדרש, אַ ישיבה, איבערגעבויגן איבער טעלערס. מ׳רייניקט אויס די טעלערס מיט דער צונג און פינגערס אַז מ׳דאַרף זיי מער ניט וואַשן. דאָס איינציקע וואָס מ׳קריגט דאָ איז לאַפּשאַ־זופּ. מענטשן טראָגן די טעלערס זופּ פון אַ פענצטער. מישע איז נייגעריק צו זען די זופּ, ער זעט טעלערס מיט וואַסער. עס גייט אַ פּאַרע. מסתמא הייס. ער קוקט גוט אַריין און זעט אַ לאָקש אַרומשווימען. דאָס קאָסט צוויי רובל. יחיאל זאָגט: „נו, גוט, אַבי עפּעס״. זיי פאַרנעמען אַ ווינקל פון טיש. מישע לאָזט זיך צום פענצטער. מ׳זאָגט אים ביים פענצטער, אַז ער מוז וואַרטן. זופּ איז דאָ, נאָר די טעלערס פעלן. צו זיין זיכער, קויפט ער צוויי טאַלאָנען, אויף צוויי זופּן, און ער וואַרט. יחיאל וואַרט ביים טיש. ער קען זיך ניט דערוואַרטן. ער איז זיך מטריח און קומט צו. ער וויל וויסן וואָס איז געשען מיט דער זופּ. מישע האָט אַ טענה צו אים: „אַוודאי, מיט יעדן איינעם שטעלסטו זיך אַוועק רעדן. דו מוזט אַלץ וויסן! דעריבער האָבן מיר פאַרשפּעטיקט די געדיכטע זופּ. אַזוי הער איך פון מענטשן״. ער שיקט אים צוריק: „גיי, האַלט דאָס אָרט. מ׳וועט באַלד ניט האָבן דאָס אָרט אויך״. יחיאל הערט אים. מישע גייט ניט אַוועק פון פענצטער. ער וואַרט אויף ליידיקע טעלערס און ער דערוואַרט זיך. ס׳קומען אַריין ליידיקע טעלערס. ער ברענגט צוויי טעלערס זופּ צום טיש. יחיאל איז צופרידן, ער זאָגט אַז ער האָט געפונען אַן אוצר, מער ווי איין לאָקש. זיין זופּ איז געדיכט. די טעלער גיט מען שוין ניט אַוועק אַזוי גיך צוריק. זיי נעמען יעדערער נאָך צו אַ זופּ. מיטן שטיקל פלעצל פון זייערע 400 גראַם מעל האָט די זופּ געהאַט טעם גן־עדן...

אָפּגעגעסן, זיצן זיי און ווישן אָפּ דעם שווייס, וואָס רינט פון זיי, ווי נאָך אַ שלאָקס־רעגן. אַצינד, אַז דער מאָגן איז פול, באַטראַכטן זיי זייערע שכנים מיט מער ישוב־הדעת. זיי זעען דאָרט אַ סך היימישע פּוילישע אידן, וואָס פירן

# שטערן אין דער נאַכט

געמיטלעך אַ שמועס צווישן זיך. אַנדערע האָבן געדולד און שפּילן אין שאַך. יחיאל לאָזט ניט דורך קיינעם. ער שמועסט און הערט. די אויערן און אויגן זענען ביי אים אָפן. מישע איז אים מקנא וואָס ער שליסט שנעל קאָנטשאַפט מיט מענטשן. מישע פילט זיך ווי אַ דאַרפישער, וואָס קומט דאָס ערשטע מאָל אין שטאָט אַריין. ער מיינט אַז דאָס האָט צו טאָן מיט דעם, וואָס יחיאל איז בעסער און שענער געקליידט. דאָס גיט אים מער מוט, עס באַשיינט זיין פּערזענלעכ־קייט. אַ מלבוש האָט אַ סך צו טאָן מיטן עגאָ פון אַ מענטש. אפילו די נשמה יתירה פילט זיך בעסער אין אַ שבתדיקן לבוש. מישע קוקט אויף זיך: אָן אַ העמד, צעריסענע שיך. ער הייבט זיך אָן צו שעמען. ער גייט צו אַ פענצטער־גלאָז. ער גלייכט אויס זיין היטל, שפּילעט צו זיין רעקל. אָבער עפּעס אַ מינדערווערטי־קייט־געפיל לאָזט אים ניט רוען. ער טראַכט: מיט אַזעלכע מלבושים האָב איך ניט געדאַרפט קומען אין שטאָט אַריין, נאָר זיצן דאָרטן, אין קאָלכאָז. אַזעלכע געדאַנקען פייניקן אים און לאָזן אים ניט נאָכפאָלגן יחיאלן.

יחיאל דערזעט אים זיצן אַ פאַרטראַכטן. עפּעס געפעלט אים ניט. ער קומט אַרויס מיט אַ ירגזון: „וואָס איז געשען? די וועלט איז דיר אונטערגעגאַנגען? איך האָב געפונען פריינד. איך האָב זיך באַקענט מיט מענטשן. דאָ איז ניט בלויז אַ רעסטאָראַן וואו מ'קריגט אַ זופּ. דאָ איז אַ סאָרט קלוב. מענטשן קומען אַהער פון דער גאַנצער געגנט אַרום. הייב זיך אויף, גיי רעד מיט מענטשן! ס'קען זיין, וועסט עפּעס געוואויר ווערן וועגן דיין מאַמען. זיץ ניט! דו האָסט דאָך עפּעס אַ ציל מיט דיין קומען!" טענער פון מוזיק לאָזן יחיאלן ניט ענדיקן זיינע ווערטער. זיי ביידע ווערן שטאַרק פאַראינטערעסירט, פון וואַנען די טענער קומען.

„וואו שפּילט מען?" פרעגן זיי און זיי גייען נאָך די קלאַנגען פון דער מוזיק. אין אַ ווינקל פון דעם גרויסן זאַל געפינען זיי אַ צוויי־אינסטרומענטן־אָרקעסטער. איינער, גאָר אַן עלטערער מענטש, שפּילט אויף אַ האַרמאָניקע, און דער צווייטער, זייער אַ יונגער, אָנגעטאָן אין אַ פּויליש, גויאיש היטל מיט אַ לאַקירענעם דאשעק, שפּילט אויף אַ פידל. די קלאַנגען פון דער מוזיק מאַכן מישען פאַרגעסן אַלע בייזע געדאַנקען. זיי רעדן צו אים. ער פאַרשטייט זייער באַדייט. זיי גלעטן אים אַצינד, ווי אַ קיל ווינטל אין אַ גרויסער היץ. ער שטייט לעבן זיי. ער זעט און הערט. ער וויל אַז זיי זאָלן אַזוי שפּילן כסדר, אָן אַן איבעררייס. אָבער אָט זעט ער: זיי לייגן אַוועק די אינסטרומענטן און רוען זיך אָפּ, זיינע אידישע געפילן לאָזן אים ניט רוען. ער וויל וויסן ווער זיי זענען. ער קוקט אויפן יונגן מאַן מיטן לאַקירענעם דאשעק, און זאָגט צו יחיאלן: „ניט קיין

אונדזערע". יחיאל איז מסכים, אָבער ער פרעגט: "ווי קומט צו זיי אַזאַ סאלאָן־מוזיק? דאָס וואונדערט מיך". ער רעדט ווי אַ גרויסער מבין אין מוזיק. דאָס פּאָרל הייבט אָן שפּילן אַ צווייטן נומער. דער יונגער מיטן פידל ווייזט אַרויס אַ גרויסן טאַלאַנט. יחיאל זיצט, כמעט אָן אָטעם. ער איז שטאַרק פאַרטיפט. מישע וויל זאָגן יחיאלן אַז דאָך דוכט זיך אים, אַז דער יונגער איז אַ איד. אָבער ער וויל ניט איבעררייסן זיינע מחשבות. ער זעט אַז ער האָט אַ גרויסע הנאה פון דער מוזיק. אָבער פּלוצלינג זאָגט יחיאל צו אים מיט גרויס ענטוזיאַזם: "דו הערסט? דו הערסט? זיי שפּילן אַצינד דאָס ליד, וואָס איך האָב שטענדיק ליב געהאַט, ,דער לעצטער זונטיק'". ער קלערט אים אויף: "דאָס ליד איז געווען זייער פּאָפּולער אין פּוילן אין די דרייסיקער יאָרן, ביז דער צווייטער וועלט־מלחמה".

די מוזיק האָט צו מישעס איבערראַשונג אויפגעוועקט אין יעדן פּוילישן מענטשן אַן אויסערגעוויינלעכן עקסטאַז. אַ סך האָבן מיטגעזונגען. אַנדערע האָבן געקלאַפּט צום טאַקט. נאָך אַנדערע, ווי יחיאל, זענען אַריינגעפאַלן אין אַזאַ התפעלות, אַז זיי האָבן ניט געקענט רעדן, ממש פאַרלוירן דאָס לשון, ביז דער נומער האָט זיך געענדיקט.

ווען דער עולם האָט געקלאַפּט בראַוואָ, איז יחיאל צוגעגאַנגען דאַנקען. מישע, מיטגעריסן מיט דער מאַסע, האַלט זיך לעבן יחיאלן. יחיאל דריקט זייערע הענט און דאַנקט זיי פון טיפן האַרצן פאַר דעם גייסטיקן פאַרגעניגן, וואָס די מוזיק האָט אים פאַרשאַפט. אַ יונג מיידל, הערנדיק דעם לויב פון יחיאלן, ווענדט זיך צו אים אין אַ שיינעם אידיש: "זאָגט מיר דעם אמת, לאַכט איר ניט אַ מאָל פון מיין מאַן?" "חס־ושלום! פאַר וואָס זאָלט איר אַזוי טראַכטן?" ענטפערט יחיאל גאַנץ ערנסט. "דאָס איז דער אמת. איר קענט זיין שטאָלץ מיט אייער מאַן. ער איז אַ גרויסער פידל־קינסטלער. פון וואַנעט זענט איר?" פרעגט יחיאל. "מיין מאַן איז אַ וואַרשעווער. איך בין פון לעבן וואַרשע", ענטפערט זי שטאָלץ. "אַזוי? בין איך שוין נייגעריק. זאָגט מיר, זייט אַזוי גוט, ווי רופט מען אייער שטעטל?" "אָסטראָווו", קומט אָן ענטפער. "אַזוי! האָט איר געקענט מיין משפחה? דער נאָמען איז וו'". פרעגט מישע מער דרייסט. "זיכער!" שרייט זי אויס.

ביי דעם פּונקט איז מישע אַרויף אויפן אָפענעם וועג. ער פרעגט: "האָט איר מיך אַ מאָל געזען דאָרטן?" "ניין", ענטפערט זי באַשיידן. פרעגט מישע: "קענט איר מיין קוזין וו'?" "יאָ, זייער גוט! ער איז מיין חבר", ענטפערט זי שוין אַ ביסל פאַרטראַכט. אין דעם מאָמענט באַמערקט מישע אָן אויפטרייסלונג אין איר גאַנצן וועזן. אירע שאַרפע אויגן שפּיזלען אים דורך. זי קעמפט מיט זיך ניט צו פאַר־

לירן וואָס זי האָט אַצינד אויסגעפונען. זי כאַפּט אַן מישעס הענט, און אַ גרויס געשריי רייסט זיך אַרויס פון איר אינגעווייד: „מאָניעק!! איך האָב געפונען הינדע־רחלס קינדער! ווײַ איז צו מיין לעבן, הינדע־רחלס קינדער", חזרט זי איבער. איר געשריי איז געווען אַזוי מעכטיק אַז ביי דעם אַלטן איז אַראָפּ־געפאַלן די האַרמאָניקע. מאָניעק איז שנעל צוגעקומען. דעם גאַנצן עולם אַרום האָט דאָס געשריי געשטעלט אויף די פיס. אַלע פרעגן, רעדן. אַלע ווייסן שוין וואָס דאָ איז געשען. אָבער מישע ווייס נאָך גאָרניט. ער הערט דעם נאָמען „הינדע רחל", אָבער ער מיינט אַז ס'איז אַ חלום.

יחיאל איז דער ערשטער אים אויפצוואַועקן. ער רייצט זיך מיט אים: „נו, דו זעסט? איך האָב דיר געזאָגט, אַז נאַר דאָ וועסטו אַלץ אויסגעפינען. אין קאַלכאָז וואָלסטו געקענט אָפּלעבן הונדערט יאָר, און דו וואָלסט ניט געוואוסט וועגן קיינעם". פאַר מישען איז נאָך אַלץ ניט געווען קלאָר. ער שרייט אויס צו יחיאלן: „איך פאַרשטיי ניט! וואָס קומט דאָ פאָר?" יחיאל שרייט אים אַריין אין אויער: „דעם פידלערס ווייב ווייס וואו דיין מאַמע געפינט זיך".

די יונגע פרוי זאָגט צו איר מאַן: „מאָניעק, דו זעסט? ער זעט אויס גענוי ווי הינדע־רחל!" מאָניעק איז מסכים. זיי באַקענען זיך. ער זאָגט מישען אַז זיין נאָמען איז קאָנארעק, און זיין ווייבס נאָמען איז פייגע. מישע גיט אים אַ קאָמפּלי־מענט פאַר זיין שיין שפּילן מוזיק. יחיאל רעדט מיט אים וועגן מוזיק. ער דער־ציילט אַז די נייעס וועגן דער מלחמה האָט אים געטראָפן אויף דער באַנק פון דער וואַרשעווער קאָנסערוואַטאָריע. זיין ווייב דערציילט מישען אַז זיי קומען אַצינד פון די קאַלטע ערטער, טעשלאַבינסקער אָבלאַסט, וויערכנע־אורואלסק, וואו זיין מאַמע געפינט זיך. אין איין אָטעם דערציילט זי אים ווי זיין מאַמע האָט זיי צוגערעדט אַדורכצופירן אַ חתונה ביי אַ רב. „ביי אידן", האָט זי געזאָגט, „פירט מען זיך ניט אַרום אַזוי, אָן אַ תכלית. מ'דאַרף מאַכן אַ חתונה!" זי האָט זיי אַ סך צוגערעדט, אַז זיי זאָלן עס טאָן, ביז זיי האָבן מסכים געווען. זי האָט געפונען אַ רב מיט צוויי אידן ווי עדות. מ'האָט דורכגעפירט אַ חופּה און קידושין, אַזוי ווי אין פּוילישן שטעטל. זיי זענען זייער גליקלעך צוזאַמען. זיי וועלן זיין מאַמען קיינמאָל ניט פאַרגעסן . . .

„זאָגט מיר, מיין טייערע, פאַר וואָס זענט איר דאָ און זי איז דאָרט?" וויל פייגע וויסן. „ווען מיר האָבן באַשלאָסן צו פאַרלאָזן וויערכנע־אוראַלסק, האָבן מיר געבעטן דיין מאַמען", דערציילט זי אין אַ רואיקן טאָן, „„הינדע־רחל, קומט מיט אונדז! ס'גייט צו ווינטער. מ'קען פאָרן קיין טאַשקענט. דאָרטן איז וואַרעם,

און מיטן עסן איז דאָרטן אויך בעסער, זאָגט מען. קומט!׳, ,ניין, מיינע טייערע, איך קען ניט פאָרן פון דאַנען, איך מוז דאָ זיין, האָט זי אונז געגעבן צו פאַר־שטיין. הונדערטער בריוו האָב איך געשריבן אויסצוגעפינען וואו מיינע קינדער זענען, און איך האָב אָנגעגעבן דעם אַדרעס פון וויערכנע־אוראלסק. איך דער־וואַרט יעדן טאָג גוטע נייעס פון מיינע קינדער. איך בין זיכער אַז זיי זוכן מיך אַרום. איך טאָר ניט פאָרן פון דאַנען. און וואָס איז נוגע אייך, ווינטש איך אייך, פאָרט און זייט מצליח! אָבער דאָס בעט איך אייך, וואו איר זאָלט ניט קומען, זוכט מיינע קינדער! איך בין זיכער אַז מיינע קינדער וועט איר דערקענען ,אויב איר קענט זייער מאַמע״. פייגע טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און שרייט אויס: „נו, איך האָב אייך טאַקע באַלד דערקענט. וואו איז אייער עלטערער ברודער!״ „ניין, איך בין דער עלטערער, מיין יונגערן ברודער האָב איך פאַרלוירן״. מישע וויל דערציילן וואָס איז געשען מיט ברוך־מרדכין, אָבער פייגע רייסט אים איבער און לייגט פאַר שוין צו גיין אין פּאָסט־אַמט און שיקן אַ טעלעגראַמע קיין וויערכנע־אוראלסק, צו דער מאַמען.

זיי קומען אין פּאָסט־אַמט. פייגע און מאַניעק שיקן אַ טעלעגראַמע, און מישע שרייבט אַ פּאָסט־קאַרטל. ער שרייבט: „היינט איז אַ יום־טוב ביי מיר, מאַמע! מיר וועלן זיך שוין מער קיין מאָל ניט פאַרלירן. ברוך־מרדכין האָב איך פאַרלוירן. לאָמיר האָפן אַז מ׳וועט ברוך־מרדכין אויך געפינען. דיין זון מ׳..״.

צוריקוועגס פון פּאָסט־אַמט זענען זיי געווען צו גאַסט ביי פייגען און מאַניעקן אין זייער קעביטקע. פייגע האָט זיך געפּאַרעט מיט מישען, אים געגעבן אַ העמד און שיך פון מאַניעקן, געגעבן שטילערהייט און געזאָגט: „טראָג עס געזונטו!״ און דער עיקר, זי האָט אים געגעבן כמעט אַ האַלבן ברויט, איינגע־וויקלט אין צייטונגס־פּאַפּיר. זיי האָבן זיך האַרציק געזעגנט. מיט גרינגע פיס און אַ סך האָפענונג האָבן זיי זיך געלאָזט אין וועג אַריין, צוריק צום קאָלכאָז, כדי צו וואַרטן אויף אַן ענטפער אויף דער טעלעגראַמע. יחיאל דערציילט אַלעמען וועגן דעם גליק, וואָס האָט מישען געטראָפן. „יאָ, ס׳איז אמת״, זאָגט מישע פאַר־זאָרגט, „איך וואָלט שוין געוואָלט זען אַן ענטפער פון דער מאַמען״.

מישע וואַרט אומגעדולדיק. ס׳גייען פאַרביי וואָכן, אַ חודש. ניטאָ גאָרניט. מ׳טרייסט אים: „ס׳איז דאָך אַ מלחמה. ס׳דויערט לאַנג. וואַרט, דו וועסט קריגן אַן ענטפער״. אָבער זיין מורא איז גרויס. ער ציילט די טעג זינט ער האָט געשיקט די טעלעגראַמע, ס׳איז שוין פיר און פערציק טעג. ער דערציילט דאָס יחיאלן מיט זאָרג.

# שטערן אין דער נאַכט

צום פופציקסטן טאָג איז אָנגעקומען אַ בריוו. מישע דערקענט די האַנט־שריפט. ער לייענט: „מיין טייער קינד! ביי מיר איז אויך געווען אַ גרויסער יום־טוב. לאָמיר האָפן, אַז אין קורצן וועלן מיר דאָס זעלבע שרייבן צו ברוך־מרדכין (ס'טוט מיר אַ טיאָכקע אין האַרצן). איך נעם אָפּ זייער שלעכטע גרוסן פון טאַשקענטער געגנט: אונדזערע מענטשן פאַלן אין די גאַסן. איך האַלט אַז דו דאַרפסט קומען קיין ווייערכנע־אוראלסק. פאַר דעם צוועק שיק איך דיר אַן אַרויספאָדערונג פון דער מיליץ. אויף דעם פּאַפּיר וועסטו קריגן ברויט און אַ בילעט קיין טשעלאַבינסק. דו שרייבסט אַז דו האָסט מיר געשיקט אַ טעלעגראַמע. איך האָב קיין טעלעגראַמע ניט דערהאַלטן. זיי געזונט, דיין מאַמע".

שפּעטער איז שוין אַלץ געגאַנגען כשורה. ער קריגט איין בריוו נאָכן אַנדערן. די אַרויספאָדערונג פון דער מיליץ איז באַלד געקומען. ער האָט געקראָגן אַ בילעט אָן שוועריקייטן און אפילו ברויט אויף דער רייזע. זיין פרייד איז געווען אָן לשער, ער פאַרלאָזט דעם קאָלכאָז מיט די וואַטע־פעלדער. זיין גרעסטע שמחה איז: ער פאָרט צו דער מאַמען...

זיינע פריינד, מיט יחיאלן בראש, באַגלייטן אים אַרויס קיין האַנדי־זשאַן, וואו ער דאַרף קריגן די באַן קיין טשעלאַבינסק.

דאָס טרעפן זיך מיט דער מאַמען, נאָך אַ יאָר שווערע איבערלעבענישן, איז געווען שטיל. די מאַמע האָט ניט געוויינט, זי האָט אים קיין מאָל ניט געקושט. דאָס מאָל האָט זי אים אָנגעכאַפּט מיטביידע הענט און געזאָגט: „געלויבט איז דער רבש"ע אַז איך זע דיך!" די מאַמע האָט אַ סך געריידט אָן ווערטער. אירע אויגן האָבן אַלץ געזען. ער האָט גאָרניט געדאַרפט דערציילן. זי האָט אַלץ פאַר־שטאַנען און געוואוסט...

אַריינקומענדיק אין דער איין־צימער־וואוינונג, האָט מישע גלייך דער־קענט, אַז דאָ וואוינט זיין מאַמע. אַלץ איז געווען צוגעדעקט מיט קליינע טישטעכער, מיט אויסגעהאַפּטענע סערוועטקעס, שוין אויסגעהאַפּטן דאָ, ווייל אַלץ האָט זי איבערגעלאָזט ביי היטלערן. יעדע זאַך טראָגט איר חתימה. יעדע זאַך שמעקט. ס'איז אַ מחיה־נפשות צו קוקן. אַלץ פאַרמאָגט מתיקות, וואָס נאָר זיין מאַמע איז געווען מסוגל צו שאַפן. ער זעט אַן אויסגעהאַפּטן פוירהאַנגל אויפן איינציקן פענצטער, וואָס גייט אַרויס צו דער גאַס פון דעם שטעטל ווייערכנע־אוראלסק. הינטער אַ ליילעך, וואָס טיילט אָפּ דאָס צימער, ווייזט זי אים אַן אויסגעבעט געלעגער מיט פרישע וועש און הויזן איבערצוטאָן. ער זעט אַ קליינעם אויוון פון ציגל מיט רערן, וואָס גייען אַרויס צו דער גאַס. זאָגט אים

די מאַמע: „איך האָב דאָס אַליין אויפגעשטעלט. אָן אַן אויוון איז מען ניט קיין באַלעבאָסטע".

די נאַכט איז צוגעפאַלן. מישע איז געווען שטאַרק צעבראָכן פון וועג. די מאַמע זעט דאָס אויף אים. זי ווייזט אים, הינטערן ליילעך ליגט וועש, צוגע־גרייט פאַר אים איבערצוטאָן. זי ברענגט שנעל וואַסער. „דאָ איז וואַסער", זאָגט זי, „וואַש זיך אַרום". ער פילט ווי אַ ניי־געבוירענער מענטש, ווי אין די אַמאָליקע יאָרן, אין דער מאַמעס רשות. איידער ער גייט שלאָפן, גיט זי אים טיי מיט עפּעס אַ צובייסן. ער האָט שטאַרק הנאה. ער גיט אָפּ אַ שבח והודיה. ער לייענט קריאת־שמע און ווערט אַנטשלאָפן.

ער כאַפּט זיך אויף שפּעט ביי נאַכט. ער פילט אויף זיך נאָך אַ קאָלדערע, וואָס די מאַמע האָט אַרויפגעלייגט, ס'זאָל אים זיין וואַרעמער. די מאַמע שלאָפט ניט. מישע הערט איר זאָגן תהילים. פון צייט צו צייט הערט ער איר זאָגן מיט אַ קרעכץ: „וואו איז מיין קינד ברוך־מרדכי?". ביי טאָג האָט זי ווינציק גערעדט וועגן ברוך־מרדכין, כדי ניט וויי צו טאָן מישען. שלאָפן קען ער שוין ניט מער. ער קוקט אויפן צימער. ער קען זיך ניט גלויבן און פרעגט זיך אַליין: איז דאָס אַ חלום? אָט איז ער געווען אין אַ גיהנום, און פּלוצעם איז ער לעבן דער מאַמען, ממש אַ גן־עדן. די מאַמע זאָגט נאָך אַלץ תהילים. זי זאָגט פון אַ סידור. דעם סידור האָט מישע געקריגן אין פּאַלאַצק. ער געדענקט ניט צי ער האָט דעם סידור איינגעפּאַקט אין איילעניש. ווייזט אויס די מאַמע האָט אים געהאַט מיט זיך, ניט געטרויט קיינעם.

די מאַמע הערט אַז מישע איז וואַך. פרעגט זי אים, פאַר וואָס ער שלאָפט ניט. פרעגט ער איר: „פאַר וואָס זאָגסטו אַצינד תהילים? גיי שלאָפן. מאָרגן וועסטו זאָגן תהילים". „האַ? מאָרגן האָב איך ניט קיין צייט. מאָרגן דאַרף איך פאַרענדיקן שטריקן אַ סוועטער, וועט זיין אַ צוויי פונט מעל, אפשר מער. דיין מאַמע זיצט ניט ליידיק. זי איז ניט קיין ליידיק־גייערקע. אָט דעם אויוון האָב איך אַליין געשטעלט, אָן הילף. איך האָב געטראָגן די ציגל אויפן צווייטן שטאָק. איך האָב צוגעגרייט דאָס ליים". „דו האָסט געוואוסט וועגן אַ לופט און אַז אַ שיבעל זאָל עפענען און פאַרמאַכן דעם לופט?" פרעגט מישע. „אוי, מיין זון! דיין מאַמע איז דורכגעגאַנגען אַ סך וואַסערן אין איר לעבן. איך האָב קיין מאָל ניט מורא געהאַט איינצונעצן די פיס. לאָמיך דיר דערציילן ווי אַזוי איך האָב געקראָגן דאָס צימער. דו ווייסט דאָך, מיר געפינען זיך אין אַ לאַנד, וואו אַלץ ווערט געגעבן. קיין זאַך נעמט מען זיך ניט אַליין, טאָ הער אויס, ווען מיר מערבדיקע, אָדער, ווי

# שטערן אין דער נאַכט

מ׳רופט אונדז, זאַפּאַדניקעס, רעפּיודזשיס, זענען דאָ אָנגעקומען, האָט מען געטיילט וואוינונגען, מ׳שטיינס געזאָגט, אָן דעכער, אָן דילן. ס׳האָט אַריינ־גערעגנט. מ׳טיילט! פאַרשטייסט? איך האָב ניט קיין טענה צו זיי. ס׳איז ניטאָ קיין בעסערס. ווען ס׳איז געקומען מיין ריי, האָט מען מיך געוואָלט צוטיילן צו אַ משפחה. האָב איך געטראַכט: מיט יענעם, אין איין קיך? איך קען אַ מאָל נכשל ווערן אין כשרות. ס׳איז ניט גוט! העלפט דער וואָס לעבט אייביק, איך האָב ניט געוואָשן די הענט, פאַרשטייסט? און איך ווער געוואויר, אַז ס׳איז דאָ אַ צימער, וואָס קיינער וויל ניט, ווייל ס׳איז דאָרט ניטאָ קיין אויוון. בין איך אַוועק צום ראש, און איך האָב געבעטן דעם צימער. זאָגט ער: ,ס׳איז דאָך ניטאָ קיין אויוון!׳ האָב איך געענטפערט: ,ס׳מאַכט ניט אויס. איך קען באַשטיין, זאָל זיין אָן אַ אויוון׳. זאָגט ער מיר ווידער: ,ס׳איז ניטאָ קיין אויוון, ווי אַזוי וועסטו קענען דאָרט זיין?׳ ענטפער איך אים: ,צו ווינטער איז נאָך ווייט׳. הכלל, ער האָט געקראָגן רחמנות. דו ווייסט דאָך, אַ אידישע נשמה. געווען איז ער אַן אמתער איד, ניט קיין פאַלשער. און ער גיט מיר די שליסלען. לאָמיך דיר דערציילן אַז ער האָט דאָס אַרויסגעשיקט די פּאַפּירן פון דער מיליץ. ער איז היינט שוין ניטאָ. מ׳האָט אים מאָביליזירט צום פראָנט. דער היינטיקער באַלעבאָס פון די דירות איז אַ פּשאַ־קרעוו. נו, אַצינד, אַז איך האָב שוין די שליסלען, בין איך דער באַלע־באָס. האָב איך אַלע טאָג געבראַכט אַ ציגל. אַ ציגל צו אַ ציגל. און ליים קאָן איך מאַכן בעסער ווי היינטיקע מוליערס. אַזוי זעסטו אַ קיך, וואו מ׳קען קאָכן מעדני־מלך. אָבער אַצינד האָב איך מורא מ׳זאָל מיר ניט וועלן אַוועקנעמען די דירה, ווייל ס׳איז שוין דאָ אַ קיך״.

„מאַמע, האָב ניט קיין מורא״, זאָגט מישע. „זיי וועלן דאָס ניט טאָן״. „הא, מיין קינד״, זאָגט די מאַמע מיט אַ קרעכץ, „דו קענסט זיי נאָך ניט, די היגע, וואָס זיי קענען טאָן און אָפּטאָן! בפרט ווען מ׳האַנדלט ניט מיט אַ אידן. איך האָב שטאַרק מורא פאַר דעם נייעם באַלעבאָס. נאָר לאָמיר האָפן, אַזוי ווי מיר זענען שוין היינט צוויי פּערזאָן, וועלן זיי אונדז דאָ לאָזן וואוינען״. „יאָ, מאַמע, לאָמיר האָפן, אַז מ׳וועט מיך לאָזן זיין מיט דיר, הלוואי!״

באַלד דעם ערשטן טאָג לאָזט מען מישען וויסן ער זאָל זיך מעלדן צום וואָיענקאָמאַט (מיליטערישער קאָמיסיע).אין דער באַגלייטונג פון דער מאַמען איז ער אַוועק צו דער מיליטערישער קאָמיסיע. ער האָט צוגעשטעלט אַלע דאָקומענטן וואָס ער האָט געהאַט. זיי האָבן גענומען זיין אַדרעס און אים געשיקט אַהיים. ווען מ׳וועט אים דאַרפן וועט מען אים רופן.

די מאַמע לאָזט וויסן אירע פריינד, אַז איר זון איז געקומען פון די וואַרעמע ערטער. דאָס צימער ווערט פול מיט מענטשן. מ׳וויל אים באַקענען. ער גיט אָפּ אַ גרוס פון די וואַרעמע ערטער, פון טאַשקענט, פון דעם שמוציקן גערטנדל לעבן וואָקזאַל.

„די נייעס ווייסן מיר״, שלאָגט אים איבער אַ פּוילישער איד, מאָטל, אַ שכן פון זיין מאַמען. „ס׳איז באַוואוסט, אַז מענטשן ווערן דאָרטן געשוואָלן פון הונגער״. „די וואַרעמקייט איז ניט קיין מעלה, ווען מ׳האָט ניט גענוג צו עסן״, זאָגט אַ צווייטער איד. „דאָס איז ניט קיין נייעס פאַר אונדז. אָבער וואָס הערט זיך אויפן פראָנט? ווי האַלט עס מיט דער מלחמה?״ מישע ענטפערט: „וועגן דער מלחמה ווייס איך דאָס זעלבע וואָס איר דאָ. איך ווייס נאָר איין זאַך: אַז ס׳איז שלעכט אויפן פראָנט, נעמען די היגע אַראָפּ די פּוילישע פון פראָנט און מ׳שיקט זיי אין די קאָלכאָזן. אויפן פראָנט וויל מען זיי ניט״. „פאַר וואָס?״ וויל איינער וויסן. „איך פאַרשטיי ניט. איז דאָס פּאָליטיק? אָדער אפשר האָבן זיי ניט קיין צוטרוי צו די פּוילישע״. „ס׳איז צו באַדויערן אַזאַ האַנדלונג״, זאָגט מישע. „ס׳געפינען זיך אַ סך פּוילישע יוגנטלעכע מיט אַ גרויסער אינטעליגענץ. זיי וואָלטן געקענט אַ סך אויפטאָן אויפן פראָנט. איך מיין ספּעציעל דעם פּויליש־אידישן יוגנטלעכן. ער וואָלט געוועזן פון די בעסטע זעלנער, ער וואָלט העלדיש געקעמפט קעגן אונדזער אַלגעמיינעם שונא היטלער ימח שמו. אַזוי, זאָגט מען, איז דער פריקאַז: אַראָפּצונעמען אַלע פּוילישע פון די פראָנטן. איך האָב זיך דאָ געמאָלדן אין וואָיענקאָמאַט. אָבער איך בין כמעט ווי זיכער, אויב מ׳וועט מיך מאָביליזירן, איז ניט צו גיין אין דער אַרמיי, אויפן פראָנט, מיט אַ ביקס אין דער האַנט, נאָר אין אַ קאָלכאָז, פּאַשען ציגן, אָדער אין בעסטן פאַל, אין אַ זאַוואָד. אפילו די שיקאָרסקי־אַרמיי, וואָס איז געשאַפן געוואָרן אויף דער רוסישער טעריטאָריע, וויל אויך ניט קיין אידן. פאַר זיי, די אָנפירער פון דער שיקאָרסקי אַרמיי, איז דער איד, וואָס האָט געוואוינט זיין גאַנץ לעבן, און אויך זיינע אבות אבותינו, אין פּוילן, ניט קיין פּאָליאַק, נאָר אַ איד. און דער רוס האַלט דווקא דעם פּוילישן איד פאַר אַ פּאָליאַק. דער צד השווה ביי זיי איז: זיי האָבן שטענדיק געהאַסט דעם איד און האַסן אים היינט נאָך מער. פאַר וואָס די רוסן ווילן ניט האָבן דעם פּוילישן איד אונטער אַ ביקס, פאַרשטיי איך ניט״.

מאָטל זאָגט: „איך ווייס פאַר וואָס. פאַר דעם רוס איז אידיש בלוט ניט רויט גענוג. און פאַר דעם פּאָליאַק איז אידיש בלוט צו רויט. און אפשר איז בעסער אַזוי. איר פאַרשטייט? צו גיין מיט אַזעלכע שונאים אויפן פראָנט, מ׳זאָל זיך

# שטערן אין דער נאַכט

דאַרפן היטן פאַר אַ קויל פון הינטער די פּלייצעס?״. „אויך דאָ״, רייסט אים די מאַמע איבער די רייד, „דאַרף אַ איד זיך היטן אומעטום, אפילו דאָ, אין וויערכנע־אוראלסק. לאָמיר אייך דערציילן וואָס דאָ איז געשען״.

די מאַמע דערציילט: „דאָ, אין וויערכנע־אוראלסק, איז דאָ אַ טורמע. מ׳זאָגט, זי איז די גרעסטע פון אַלע טורמעס אין דעם געגנט. מיר איז אויסגעקומען צו זען דעם פאַרבוי מיט שיינע, רויטע, ציגלנע הויכע הייזער. באמת שיינע, אַזעלכע וואָס מ׳זעט ניט אין די גרעסטע רוסישע שטעט. איך פרעג זיך: ,וואָס איז דאָס?׳ איך האָב געמיינט אַז דאָס איז אַ שפּיטאָל אָדער אַ זומער־קאָלאָניע. ס׳איז דאָך אַזוי שיין אַרום. עפּנט מען מיר אויף די אויגן און מ׳ווייזט מיר: נאַ, זע דעם דראָטענעם פאַרקן אַרום, די הויכע באַטשאנעס מיט די רעפלעקטאָרן, וואָס מ׳קען זען פאַר מיילן. דאָ, זאָגט מען מיר, זיצן די גרעסטע פאַרברעכער פון ראָטן־פאַרבאַנד. דאָס איז אַ טורמע! טאַ הערט אויס, איך שפּאַציר איין מאָל אין גאַס מיט מיינער אַ באַקאַנטער פּוילישער פרוי, אַ ,געזעסענע׳ טאַקע אין טורמע. ווייזט זי מיר אָן: ,זעט, קוקט, הינדע־רחל! דאָ גייען באַפרייטע אַרעסטאַנטן, וואָס מ׳האָט נאָר־וואָס באַפרייט׳. איך פרעג: ,וואו הין גייען זיי?׳ מיין פריינדין גיט מיר צו פאַרשטיין: ,דו הערסט, הינדע־רחל?׳ אויף דער גאַנצער וועלט, אַז מ׳זאָגט באַפרייט, מיינט מען, פשוטו כמשמעו, באַפרייט. ניט דאָ, אין אונדזער מדינה. אין אונדזער מדינה איז אַזוי: ווען דו זיצסט אָפּ אַ צענערל, אָדער אַ צוואַנציקער, אָדער מער אָדער ווינציקער, ס׳איז ניט וויכטיק די צאָל יאָרן. ס׳איז וויכטיק, אויב דו ביסט געווען אַ שטיקל צייט אויף זייערע קעסט, קריגסטו אַ נייעם פּאַספּאָרט. דער אַלטער פּאַספּאָרט מיט זיינע זכותים איז מער ניטאָ אויף דער וועלט. מ׳קען מער ניט זאָגן: זכותו יגן עלינו. אויפן נייעם פּאַספּאָרט איז פאַרשריבן אַ נומער, וואָס יעדער קנעפּל ווייס, ער דאַרף נאָר געבן אַ קוק. דער נומער זאָגט אים אַלץ, ווער דו ביסט, וואו דו מעגסט וואוינען און וואו ניט. צום ביישפּיל, איך בין געקומען קיין טשעלאַבינסק. איך בין געגאַנגען אין ,פּאַספּאָרטני סטאָל׳, (פּאַספּאָרטן־ביוראָ), מ׳זאָל מיך צו־שרייבן. דער נאַטשאַלניק האָט געגעבן איין קוק, זאָגט ער צו מיר מיט אַ ברענענדיקער רציחה, איך זאָל שוין פאַרלאָזן טשעלאַבינסק, ווייל איך טאָר דאָ ניט וואוינען. האָב איך געמוזט אויסדרייען דעם דישעל און פאָרן צוריק אין קאָלכאָז אַריין. איך טאָר אפילו ניט וואוינען דאָ, אין וויערכנע־אוראלסק. אויף צייטווייליק בין איך דאָ צוגעשריבן. אויב דו ביסט איין מאָל געווען אַן אַרעסטאַנט, בלייבסטו שטענדיק אַן אַרעסטאַנט, אַן אַ היים. דו מוזט זיך אַרומ־

בלאַנקען צווישן פרעמדע, ביי פרעמדע טישן. אָט די מענטשן, כלומרשט באַ־פרייטע, מיט די שמאַטעס אויף די פיס און סקעלעטישע פּנימער, קוים קוים וואָס זיי לעבן, ווערן נאָך דאָ אויף דער פריי גאַנץ גוט באַוואַכט, מיט גאַנצע ביכער פון געזעצן: דאָ שטיי ניט, און דאָ גייט ניט. אָט די מענטשן שיקט מען אַצינד אין קאַלכאָזן. דאָרטן וועלן זיי ווערן גוט באַוואַכט. יעדער טריט זייערער וועט ווערן פאַרצייכנט.

„איך שטיי נאָענט צו זיי. איך האָב דאָך עפּעס אַ אידישע נשמה. פאַרלאַנגט זי פון מיר: ,קוק זיך איין! איך גיי לעבן זיי, איך קוק. מיך וואונדערט זייער אויס־זען. אַזוינע טויטע בלאַסע פּנימער אָן אַ ביסל בלוט, ווייס ווי קאַלך. אַ גרויסער רחמנות! אַ ציטער גייט מיר דורך אין מיינע אברים. איך פרעג: ,פאַר וואָס זענען זיי אַזוי בלאַס, אָן בלוט?׳ — ,דאָס קומט פון דער טורמע. דאָרטן קומט ניט צו קיין לופט. די טורמע איז הערמעטיש פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן. אחוץ דעם וואָס דאָס עסן איז אַ ביסל שטרוי, קומט ניט צו קיין טראָפּן לופט, קיין זון־שיין. אין אַ קורצער צייט פאַרלירט דער מענטש דאָס חיות פון זיינע אברים. און דאָס שפּיגלט זיך אָפּ אין זיין פּנים׳. אַזוי קלערט מיר אויף מיין פריינדין. — נו זעסט! — טראַכט איך, — אַבי איך האָב געמיינט אַז דאָרטן איז אַ זומער־קאָלאָניע, וואו מ׳פאַרט אַרויס אויף פרישע לופט. אַזעלכע פּאַלאַצן און אַזוי שיין אַרום! איך טו אַצינד תפילה, מ׳זאָל באַהיט און באַשירעמט ווערן, ניט אַריינפאַלן אין זייערע הענט. מיט דער תפילה אויף מיינע ליפּן גיי איך אַרום און איך זוך אידן. איך קען ניט אַוועקגיין, אָן צו געפינען אַ איד . . .

„און אָט זע איך אָן עלטערע פּאָר, וואָס זעט מיר אויס ווי אידן. איך בין דרייסט. איך גיי צו און פרעג: ,אידן?׳ ביידע שרייען אויס מיט איין קול: ,יאָ, אידן׳. איך קוק זיי אָן. ס׳שטייען פאַר מיר צוויי עלטערע מענטשן. די אַלטקייט האָט שוין געשלאָגן וואָרצלען אויף דער אַלטיטשקעס פּנים. אָבער די אויגן און איר אויסשפּראַך פון דעם שיינעם ליטווישן אידיש גיבן איר צו טויזנט טעם. און אויף דעם אַלטן ליגט אויסגעגאָסן אַ אידישער חן פון אַ תלמיד־חכם. בכדי צו פאַרבינדן אַ שמועס, זאָג איך, אין אַ וויץ: ,מסתמא פאַר גנבה געפינט איר זיך דאָ׳. ,פאַר נאָך אָן ערגערן פאַרברעכן׳, ענטפערט ער און ווייזט אָן אויף זיין אַלטיטשקער מיטן פינגער, אַז זי איז אַ שוחטקע. ,און איר זענט אַ שוחט׳, גיב איך צו, ,געשאָכטן אַ קעלבל?׳ ,ניין, אַ שעפּסל׳, זאָגט ער שטיל. ,מ׳האָט מיר נאָכגע־קוקט אַזוי לאַנג ביז מ׳האָט מיך געפונען שעכטן אַ שעפּסל. האָט מען שוין געזאָגט אַז איך שעכט אָקסן און פאַרקויף דאָס פלייש. הכלל, אַ צענטל. אַצינד

# שטערן אין דער נאַכט

האָט מען אונדז באַפרייט. מ׳שיקט אונדז אין אַ קאַלכאָז. דאָס איז אַ געשיכטע. אָבער דאָס איז נאָך ניט דער סוף. איך האָב זיי געגעבן אַן עצה: ,אַז איר וועט קומען אין קאַלכאָז, זייט זיך מטריח און קומט קיין וויערכנע־אוראלסק. דאָ איז דאָ אַן עדה אידן. מ׳דאַרף דאָ אַ אידן ווי איר זענט׳. ,האָ! דאָס קען ניט זיין! מ׳וועט מיך דאָ ניט צושרייבן׳, ענטפערט ער מיר. ,קומט! מ׳וועט שוין זען. ס׳זענען דאָ אידן אין וויערכנע־אוראלסק, וואָס קענען עפּעס אויפטאָן, זייט ניט פויל. קומט אויף אַ טאָג. דאָ וואוין איך׳. גיב איך אים מיין אַדרעס און איך געזעגן זיך מיט זיי. איך דערמאָן דעם שוחט אַז אַזאַ עדה אידן, ווי דאָ הײנט, דאַרף אַ שוחט.

„מיט אַ צייט שפּעטער, ווען איך האָב שוין געהאַט פאַרגעסן וועגן דעם שוחט און דער שוחטקע, קלאַפּט מען אין דער טיר. איך ווער איבערראַשט צו זען די אַלטע פּאָר. מיט גרויס כבוד בעט איך זיי אַריין אין מיין פּאַלאַץ. איך בעט זיי זיצן אויף די צוויי צעבראָכענע בענקלעך. דער שוחט דערציילט מיר אַז מ׳האָט זיי שוין צוגעשריבן דאָ. זיי קענען שוין וואוינען אין וויערכנע־אוראלסק מיט מזל. אָבער זיי זוכן אַ לייטישע דירה. דאָס הייסט, אַ דירה האָבן זיי. אַן אַ דירה שרייבט מען ניט צו. נאָר די דירה איז ניט פאַר זיי. אפשר ווייס איך וועגן אַ צווייטער דירה — פרעגן זיי מיך. ,האָ! וועגן אַ דירה מוז מען אָנקומען צו אונדזער שתדלן. איר הערט? ביי אונדז איז דאָ אַ קיעווער איד׳, דערצייל איך זיי, ,איז ער ממש אַ מלאך. ער גייט אין פייער צו העלפן אַ איד. ער האָט מיר אויך געטאָן אַ סך טובות. איך האָב אים דערציילט וועגן מיין זון, וואָס איך האָב געפונען אין טאַשקענט. איז ער אַוועק צו דעם סאמאַראַדנעם באַלעבאָס פון דער מיליץ. האָט ער אים אַרויסגעשיקט אַן אַרויספאָדערונגס־בריוו. אויפן סמך פון דעם בריוו דאַרף ער קריגן אַן אומזיסטן בילעט און ברויט אויף דער רייזע. איך האָף אַז אין אַ וואָך אָדער צוויי וועט ער שוין דאָ זיין׳. ,אַזוי׳, וואונדערט זיך דער שוחט, ,איז ער ניט אַ קליינער, אַ דאַרער?׳ ,יאָ, דאָס איז ער׳, ענטפער איך. ,פון וואַנען האָט איר געוואוסט צו טרעפן צו אים?׳ ,דאָס וועל איך אייך אַ צווייט מאָל דערציילן. אָבער איינס קען איך אייך שוין זאָגן, אַז דער קיעווער איד האָט מיר געזאָגט: — אַ סך קען איך טאָן, און אַ סך האָב איך שוין געטאָן פאַר אידן. אָבער דירות — דאָס איז פאַר מיר אוממעגלעך. — ,יאָ׳, זאָג איך, ,ער איז גע־רעכט. איך פאַרשטיי אים. דאָ, אין דעם סאָוועטסקי סאָיוז, האָט מען געבויט שיינע טורמעס, ממש פּאַלאַצן, אָבער אָן לופט, און ניט קיין הייזער פאַר מענטשן. ס׳איז ניטאָ. איר ווילט הערן מיין עצה? ווי שלעכט די דירה זאָל ניט

זיין, באַמיט זיך דורכצושטופּן די צייט. אפשר וועט אונטערקומען עפּעס בעסערס. דערווייל — עפּעס איז דאָס. זייט דאָרטן׳. ,עפּעס איז דאָס׳, חזרט דער שוחט איבער מיינע רייד, ,דלת על דלת, אָן אַ דיל, ערד, מיט אַן אַלטער משוגענער גויע און אַ ווילדן שייגעץ׳. ,ס׳איז מיר שוין געווען בעסער דאָרטן׳, ווייזט די שוחטקע אויף די רויטע הייזער פון דער טורמע און וויינט.

„אין אַנדערע אומשטענדן וואָלט איך זיי ניט אַרויסגעלאָזט. איך וואָלט גע־מאַכט אָרט פאַר זיי דאָ, ביי מיר. אָבער איך ריכט זיך אויף מיין זון, זאָל מיר לעבן. גיי טו עפּעס. ווי אַזוי קען איך? האָב איך זיי באַגלייט און געוואונטשן אַלץ גוטס. איך קען אייך זאָגן אַז אַ גאַנצע נאַכט האָב איך ניט צוגעטאָן אַן אויג. איך האָב זיך געוואָרפן פון עגמת־נפש. איך טראַכט: אַזאַ איד, אונדזערס אַ שוחט. ער האָט געהאַט קבלה פון די גרעסטע רבנים, אָפּגעפינצטערט אַ סך יאָרן אין טורמע. שוין דערלעבט צו זיין פריי. אָבער דער בעכער איז נאָך אַלץ ניט פול. ער מוז נאָך דורכגיין דעם גיהנום ביי אַן אַלטער משוגענער גויע מיט אַ ווילדן זון. אָבער דאָס איז נאָך ניט דער סוף. טאָ הערט! אין צוויי טעג אַרום טרעפט מיך טאַקע דער שתדלן, דער קיעווער איד, און זאָגט מיר אָן אַ שרעקלעכע בשורה. ,איר הערט?׳ זאָגט ער מיט אַ פאַרשטיקט קול פון געוויין: ,אונדזער שוחט האָט געקראָגן אַ שטיין אין קאָפּ. ער ליגט אַצינד אין באָלניצע (שפּיטאָל) אַ גוסס׳. איך בין באַלד אַוועק אין באָלניצע. איך טרעף די אַלטיטשקע אַ צעבראָכענע. זי האָט שוין ניט קיין כוח צו וויינען. זי פאַלט אַרויף אויף מיר מיט אַ שרעקלעך ספּאַז־מאַטיש געוויין, אַז ס׳איז שוין נאָך אַלעמען. ניטאָ שוין קיין שוחט! דאָס בעט איז שוין געווען ליידיק. מ׳האָט אים שוין געהאַט אַוועקגענומען אויפן סמענטאַזש. איך קען ניט רוען. אַזאַ איד זאָל ניט האָבן אַ אידישע קבורה? איך קען מיט דער אַלטיטשקער ניט ריידן אַצינד וועגן דעם. אַן אַלטער שארבן נעבעך. וואָס ווייסט זי אַצינד, קוים קוים וואָס זי זשיפּעט. בין איך אַוועק צו אונדזער שתדלן. פאַר־פאַלן, טראַכט איך, איך מוז דאָ זיין די שלעכטע בשורה אָנזאָגערין. וואָס קען איך טאָן? מ׳מוז ברענגען אַזאַ איד צו קבר ישראל. אָבער וואו געפינט מען אונדזער קיעווער איד?

„גענוי וואו ער וואוינט, האָב איך ניט געוואוסט. איך האָב געוואוסט זיין אידישן נאָמען. נו, גיי זוך אין רוסלאַנד אַ מענטש מיט אַ אידישן נאָמען. זאָג אַז דו זוכסט מאירן . . . איך שטעל זיך ניט אָפּ פאַר קיין שום שוועריקייטן. איך לויף און פרעג. איך משל אויס: אַ קליינער, אַ דאַרער, ער הייסט מאיר. מענטשן הייבן מיט די אַקסלען. נאָכן אַרומלויפן אַ האַלבן טאָג, טרעף איך אויף זיינע שפּורן.

# שטערן אין דער נאַכט

מ׳זאָגט מיר אַז ער געפינט זיך אַצינד אויף אַ זיצונג מיט גרויסע נאַטשאַלניקעס און ער הייסט ,מאַקס׳. איך דערשלאָג זיך צו אים אויף אַ גאַנץ פּשוטן וועג. איך זאָג אַז איך דאַרף זען מיין ברודער מאַקס. מיט עטלעכע מינוטן שפּעטער איז ער דאָ לעבן מיר . . .

„מיט אַ פאַרביטערט האַרץ האָט ער אויפגענומען די נייעס. ,איך האָב געוואוסט אַז ער האַלט שלעכט, אָבער איך האָב געהאָפט אים צו זען נאָך אַ מאָל׳, זאָגט ער צו מיר. ,איך האָב געהאַט אַ סך גוטע פּלענער. אָבער אַצינד איז אַלץ צערינען׳. ,ניטאָ דער שוחט׳, זאָג איך. ,ער איז אויך געווען אַ מוהל, ניט בלויז אַ שוחט׳, קאָריגירט מיך מאיר. ,איר פאַרשטייט וואָס דאָס מיינט? זיין ווייב איז שטאַרק צעבראָכן. איך האָב איר גאָרניט געקענט פרעגן. זאָגט מיר, ווי אַזוי איז דאָס געשען?׳ וויל איך וויסן. ,דער דאָקטער זאָגט מיר אַז ער האָט געקראָגן אַ שטיין אין קאָפּ׳. ,מ׳וויים ווער ס׳האָט דאָס געטאָן?׳ פרעג איך. קלערט ער מיר אויף: ,אפילו אויב מיר וועלן וויסן, וועט דאָס אונדז גאָרניט העלפן. יעדער גוי האַלט אַ שטיין פאַר אַ איד. דער איד פאַרקוקט זיך, וואַרפט ער אים אין קאָפּ אַריין. דער איד טאָר זיך ניט פאַרקוקן. מ׳דאַרף שטענדיק געדענקען וואו מ׳איז׳. ,האָ! איך זאָג דאָס שטענדיק. און דער וואָס זאָגט אַנדערש נאַרט זיך אָפּ. יאָ, מיר האָבן זיך פאַררעדט. דעם עיקר האָב איך אייך ניט געזאָגט: מ׳האָט אים שוין אַוועקגעפירט אויפן סמענטאַזש. מיר דאַרפן שוין זען אַז ער זאָל האָבן אַ אידישע קבורה׳. ,יאָ, זיכער שוין דאַרף מען עס טאָן! אויב קיינער קומט ניט, זענען זיי ניט מקבר, נאָר זיי פאַרברענען׳. ס׳גייט מיר דורך אַ ציטער דורך מיינע אברים, פאַר־ברענען!? איך הער אַזעלכעס, בעט איך אַז ער זאָל באַלד עפּעס טאָן. ער פאָלגט מיך. ער נעמט זיך צו נאָך אַ איד און זיי גייען אויפן סמענטאַש. שפּעטער דער־ציילט מיר מאיר, אַז דער בר־מינן איז שוין געלעגן אין אויוון און זיינע פיס זענען שוין געווען געריררט פון מייז. איך האָב אייך דערציילט די מעשה, כדי איר זאָלט וויסן אַז אַ איד דאַרף זיך שטענדיק היטן״.

די מאַמע הייבט אויף די הענט און שרייט אויס: „שומר ישראל, היט דיין אידיש פאָלק!״

שפּעטער, ווען דער עולם איז אַוועק, דערציילט די מאַמע מישען: „מאיר האָט זיך שטענדיק געפרעגט אויף דיר. איך האָב אים דערציילט אַז דו קענסט די קליינע אותיות. איז ער אַלע מאָל געקומען פרעגן ווען דו קומסט שוין. ער קען דיר טאָן אַ טובה מיט אַרבעט. פאַרשטיי, מיין זון, אַרבעט איז אין סאָוועטסקי סאָיוז דאָ נאָך צופיל. נאָר אַזאַ אַרבעט, פון וועלכער מ׳זאָל קענען עסן אַ שטיקל

ברויט צו דער זאַט, איז שווער צו געפינען. אויף דעם געביט קען ער דיר העלפן. ער איז אויסגעקאָכט מיט אַלע נאַטשאַלניקעס. די הויפּטזאַך, ער האָט אַ אידיש האַרץ און נשמה".

נאָך אין דעם זעלבן טאָג האָט מישע געהאַט די זכיה צו באַקענען מאירן.

די מאַמע פּאָרעט זיך אַרום מישען. זי פּאַרריכט, פּאַרנייט, פּאַרלאַטעט. ער איז אָפּגעוואַשן, אויסגעצוואָגן, איבערגעטאָן פון קאָפּ ביז די פיס. ער פילט זיך פריש און ריין. ער פילט זיך שטאַרק דערהויבן, ווי אַ פרומער איד ערב שבת. ער האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די וואָכעדיקע, שמוציקע מלבושים, און מיט דער נשמה יתירה שפּרייזט ער אַנטקעגן דעם שבת מלכתא. דער שבת קודש קומט!

אין אַ שפּעטער שעה פון דער נאַכט שפּאַצירט ער לעבן הויז און זאַפּט איין די קאַלטע אָבער פרישע לופט פון הארבסט. ס'איז אים גוט אויפן געמיט. כמעט פאַרגעסן אַלץ, פאַרגעסן וואָס ער איז דורכגעגאַנגען. פּלוצלינג שטרעקט אַ מענטש אויס גוט־ברודעריש זיין האַנט צו אים. „שלום־עליכם, אַ איד! וואָס הערט זיך אין די וואַרעמע מקומות?" פרעגט ער. מישע קוקט אים אָן און טראַכט: אָט דאָס איז ער... ער האָט זיך שוין אַ סך אָנגעהערט וועגן דעם איד. האָט ער פאַרשטאַנען אַז דאָס איז ער, מאיר. אָבער פונדעסטוועגן כדי צו זיין זיכער, פרעגט ער: „מאיר?" זיין פראַגע ברענגט זייביידן אַזוי נאָענט צו זיך, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך שוין געקענט זינט יאָרן. מאיר זאָגט אים, ער האָט אים דערקענט ווייל ער איז שטאַרק ענלעך צו דער מאַמען. ער פרעגט אים צי ער קען זיין אַ מוהל. ער אַנטשולדיקט זיך פאַר דער פראַגע. ער גיט אים צו פאַר־שטיין: „אַז מ'האָט אַזאַ פרומע מאַמע, איז גאַנץ מעגלעך אַז דער זון איז אַ שוחט אָדער אַ רב אָדער אַ מוהל. די אידן דאָ דאַרפן האָבן אַלע דריי. נאָר דער עיקר איז אַ מוהל. אָן אַ מוהל קען מען זיך ניט באַגיין".

מישע זאָגט אים אַז אַלע כלי־קודש זענען אַוועק אין די וואַרעמע ערטער. „יאָ", זאָגט ער, „מ'דאַרף אימפּאָרטירן שוחטים און מוהלים פון דאָרטן". ער חזרט איבער די געשיכטע פון דעם שוחט. ער זאָגט: „מיר האָבן געלייגט גרויסע האָפענונגען אויף אים. איך האָב זיך געוואָלט ביי אים לערנען צו זיין אַ שוחט און מוהל. פון אַלץ האָט זיך אויסגעלאָזט אַ ים מיט צרות. די אַלטיטשקע ליגט קראַנק. מ'דאַרף איר אַלע מאָל עפּעס אַריינטראָגן, איך האָב אַ פריינד, וואָס איז אָן אויפזעער איבער אַ בעקעריי. גיט ער אַכטונג אויף איר".

זאָגט מישע: „האַ! אין אַזאַ צייט איז גוט צו האָבן אַזאַ פריינד! אפשר קען ער מיך צונעמען צו דער אַרבעט?" „אָבער דאָרטן דאַרף מען אַרבעטן, שלעפּן זעק

מעל", זאָגט מאיר. „יאָ, דאָס קען איך", זאָגט מישע. „אויב מ׳גיט צו עסן". „עפּעס אַנדערש קענסטו ניט?" ווייל מאיר וויסן. „ניין, איך קען ניט, איך האָב געלערנט אַ סך יאָרן אין אַ ישיבה". „אַזוי? געלערנט אין אַ ישיבה? קען איך דאָך עפּעס לערנען פון דיר" „יאָ, אָבער דו האָסט דאָ כאָטש אַ ספר, אַ סידור, אַ חומש?" „איך האָב ניט", זאָגט מאיר, „אָבער מיין פריינד, דער פון דער בעקעריי, ווייס איך, האָט אַ חומש". „אַזוי?" וואונדערט זיך מישע, „ער האָט אַ חומש?" „יאָ", ענטפערט מאיר. „ער האָט געהאַט אַ פאָטער, אַ שטאַרק פרומען, האַלט ער ווי אַן אָנדענקונג פון אים, אַ חומש". „יאָ, מאיר, זאָלסט מיר אַנטשולדיקן, איך האָב דיר פאַרגעסן צו זאָגן, מיין מאַמע, זאָל מיר לעבן, האָט אַ סידור". „עברי קען איך", זאָגט מאיר, „איך מיין אַז מיר וואָלטן געוואָלט לערנען חומש". „ווען מיינסטו זאָגנדיק ,מיר׳?" פרעגט מישע. „מיין פריינד דער בעקער", ענטפערט מאיר מיט אַ פינקל פון פרייד אין זיינע אויגן. „מיר זענען אויך אידן, נאָר פאַרשטעלטע, ווי די מאַראַנען אין שפּאַניע..."

מאיר ענדערט זיך. זיינע אויגן ווערן פאַרפלייצט מיט טרערן. עס קוקן פון זיי אַרויס צער און אומעט. יעדעס וואָרט קלינגט אין מישעס אויערן ווי ריין זילבער און גאָלד. יעדער פראַזע איז ריינע פּאָעזיע. ס׳איז איין גרויסע באַלאַדע וועגן זיין יוגנט, מיטן טאַטן זיינעם, ווי דער פרומער טאַטע האָט אים נאָך ווי אַ יונג קינד אָנגעהויבן צו לערנען עברי, אלף־בית, אין בוידעם־שטיבל אין קיעוו. ער האָט כסדר גערעדט מיט אים וועגן תורה און אידישקייט. מישע רייסט אים איבער: „וואו איז דיין טאַטע אַצינד?" מאיר קוקט אויף אים מיט זיינע טרויעריקע שוואַרצע אויגן. זיי בריען אים און שרעקן. זיינע ליפּן צוגעפּרעסט, פאַרמאַכט. ער ענטפערט ניט. מישע כאַפּט זיך צוריק: „זאָלסט מיר אַנטשולדיקן פאַר דער פראַגע. איך ווייל דאָס ניט וויסן און איך דאַרף דאָס ניט וויסן. דו דאַרפסט מיר ניט דערציילן". „פאַר וואָס ניט?" זאָגט מאיר. „איך וועל דיר אַלץ דערציילן..."

„די שווערע משא און די מאָראַלישע אחריות פאַר אַ משפחה פון זיבן מענטשן אין אונדזער היים האָט מיין טאַטע אַליין געשלעפּט, ביז מ׳האָט אים פאַרבעטן צו דער נ.ק.וו.ד. דאָרטן, אין די אינקוויזיציע־צימערן פון דער קיעווער טורמע, האָט ער אויסגעהויכט זיין איידעלע נשמה. מיר ווייסן גאָרניט וועגן זיין קבר און יאָרצייט. זיי האָבן געוואָלט, אַז ער זאָל זיך מודה זיין אין זיינע זינד, וואָס ער איז ניט באַגאַנגען, און אין פרעמדע זינד, וועגן וועלכע ער האָט ניט געוואוסט. אפּוטרופּסים פון פרייהייט, גלייכהייט און ברודערלעכקייט האָבן דעם באמת פרייהייט־ליבנדיקן מענטש, וואָס מיין טאַטע איז געווען, פאַר־

פייניקט. זיי האָבן געוואָלט מיט דעם אָפּווישן אַ איד, וואָס קען פאַרשפּרייטן אידישקייט. אָבער זיי ווייסן גאָרניט, אַז מיין טאַטע ישראל יעקב האָט איבער־געלאָזט פינף יורשים. פינף זין זענען מיר, מיר וועלן פאַרשפּרייטן אידישקייט מיט דעם זעלבן פייער און ברען ווי אונזער פאָטער האָט געטאָן, הגם מיר פאַר־מאָגן בלויז פונקען פון אידישקייט, מיר קענען בלויז עברי, ווייל מער האָט ער אונדז ניט געקענט לערנען...״

זיי האָבן געשמועסט טיף אין דער נאַכט אַריין. מישע איז געשטאַנען ווי צוגעשמידט צו מאירן, אויפגעכאַפּט יעדן געדאַנק זיינעם, יעדעס וואָרט ממש געשלונגען. אַזעלכע אמתדיקע, איבערצייגנדיקע ווערטער האָט ער געהערט דאָס ערשטע מאָל אין רוסלאַנד. זיי זענען געוועזן אַזוי פאַרטאָן אין דעם שמועס, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט אַז מישעס מאַמע שטייט לעבן זיי. זי בעט זיי: „לאָזט עפּעס איבער אויף מאָרגן. מאָרגן איז אויך אַ טאָג. אַצינד דאַרף מען גיין שלאָפן!״ זיי געזעגענען זיך ווי צוויי אַלטע גוטע פריינד. מאיר זאָגט מישען אָן צו זיין מאָרגן אַרום 12 אַ זייגער אין דער בעקעריי. דאָרט וועט ער אים באַ־קענען מיט זיין פריינד, דעם אויפזעער פון דער בעקעריי. אפשר וועט ער אים צונעמען צו דער אַרבעט.

זיי באַגעגענען זיך אין דער בעקעריי. דער ריח פון ברויט שמעקט. עס פאַרכאַפּט מישעס אָטעם, מאַכט אים הונגעריק. ער טראַכט ווי גליקלעך מ׳איז אַז דער רבש״ע העלפט און מ׳אַרבעט אין אַ בעקעריי, בפרט היינטיקע צייטן. מ׳קען עסן אַ שטיקל ברויט צו דער זעט. מאיר איז פאַרנומען. ער פרעגט זיך נאָך וואו זיין פריינד געפינט זיך. ער אַנטשולדיקט זיך פאַר מישען: „איך וועל באַלד זיין צוריק״. ס׳דויערט אַ שטיקל צייט. מאיר קומט צוריק אַ פריילעכער, אין זיין האַנט אַ שטיק ברויט. ער ברעכט אָפּ אַ שטיקל און זאָגט: „נאַ עס! זיי ניט הונגעריק״. „אוי, לעבן זאָלסטו״, זאָגט מישע. „פונקט ווי דו וואָלסט געלייענט מיינע געדאַנקען...״ ער בייסט איין און זויגט אויס דעם זאַפט פון דעם שטיקל שוואַרצן ברויט מיט אַזאַ הנאה ווי דאָס וואָלט געוועזן האָניק. מאיר זאָגט אים אַז זיין פריינד וויל אים זען. ער ווייזט אים אָן וואו צו גיין און זאָגט: „ער איז אַצינד אַליין אין זיין ביוראָ, גיי!״ ער באַגלייט אים אַ שטיקל וועג.

מאיר׳ס ווערטער וועגן זיין פריינד האָבן אויסגעדריקט אַ סך רעספּעקט פאַר אים. דעריבער, גייענדיק צו זיין ביוראָ, האָט מישע אַלץ אויסגעגלייכט אויף זיך, כדי ניט אויסצוזען ווי אַ שלומפּ. ס׳איז דאָך דאָס ערשטע מאָל וואָס ער גייט

אים זען. מ׳זאָגט דאָך אַז דער ערשטער איינדרוק בלייבט אויף שטענדיק. וויסנדיק וועגן דעם כלל, קנעפּלט ער זיך צו און שטעלט אַ גלייכן טריט, כדי אויסצווזען מער לייטיש, בפרט אַז ער דאַרף אָנקומען צו זיין טובה.

ווי איבערראַשט איז מישע געוואָרן ווען דיווירקלעכקייט האָט איבער־געשטיגן זיין דערוואַרטונג. פאַר אים איז געשטאַנען אַ הויכער און שיינער מאַן, דעקאָרירט מיט אַ סך מעדאַלן אויף זיין ברוסט. אין דעם ערשטן מאָמענט טראַכט מישע: „איז דאָס די ווירקלעכקייט? בין איך אין דער ריכטיקער ביוראָ, מיטן ריכטיקן פריינד פון מאירן, אָדער איך בלאָנדזשע גאָר?״ ער דערשרעקט זיך און וויל גיין צוריק. אָבער פּלוצעם הערט ער ווערטער: „זעצט זיך, ביטע!״ מישע זעצט זיך צו אויפן ראַנד פון בענקל. עפּעס קען ער זיך ניט געטרויען דאָס גאַנצע בענקל. צו זיין היימישער, כאַפּט ער אַ צווייטן בליק אויף אים. ווער איז דער וואָס הייסט אים זיך זעצן? ער זעט אים אין מיליטערישן אוניפאָרם מיט עפּאָלעטן. עס קומט אים אויפן געדאַנק: „עו־קאָ־ווע־דע, וואַיענקאָמאַט. וואו בין איך?״ זיין קאָפּ ווערט פאַרפּלייצט מיט כלערליי געדאַנקען. ער זעט הונגער, טורמע. ער זעט נאָר שלעכץ. ער חלומט... אָבער די אידישע ווערטער וועקן אים אויף פון זיין קאָשמאַרנעם חלום. ער הערט אַ פראַגע: „געלערנט גמרא?״ די ווערטער שטופּן אַוועק דעם נעפּל אַרום און צעברעכן אַלע באַריערעס. ער עפנט זיינע אויגן דרייסט און זעט פריילעכע אידישע אויגן. ער קוקט שוין מער ניט אויף די עפּאָלעטן. ער זעט אַ פריינד, אַ ברודער. „יאָ״, ענטפערט מישע און מאַכט זיך באַקוועם אויפן בענקל און גאַנץ שטיל זאָגט ער: „איך ווייס, ביי אייך געפינט זיך אַ חומש פון אייער פאָטער״. באַלד נעמט ער אַרויס דעם חומש פון אַ וואַליזע און זאָגט: „דאָ האָט איר דעם חומש, וועגן וועלכן מיין פריינד מאיר האָט אייך דערציילט. מיר וואָלטן געוואָלט אימיצער זאָל אונדז לערנען די הייליקע ווערטער פון דעם חומש״.

מישע האַלט אַצינד אין זיינע הענט דעם חומש. ער וויקלט אים אויף פון אַ לייוונט און באַקוקט אים פון אַלע זייטן. ער עפנט אויף דעם שער־בלאַט און לייענט: געדרוקט אין לעמבערג, תרס״ד. אים וואונדערט דער שיינער לעדערנער איינבונד. ווי פּראַכטפול אַלץ זעט אויס! דאָס גיט אים אַ רמז וועגן זיין באַלעבאָס, ווי אַזוי ער האָט אָפּגעהיט דאָס ספר. נאָך מער איבערראַשט ווערט ער, ווען ער זעט אַז דאָס זענען, אין איין בונד, פינף חומשים, מיט רש״י און עברי־טייטש. פון גרויס באַגייסטערונג קלאַמערן זיך זיינע פינגער אין די לעדערנע טאָוולען, פונקט ווי אַ חיה אין איר רויב: קיינעם ניט אָפּגעבן, קיינער

## גרשון ווענגראָווסקי

מער זאָל ניט האָבן קיין שליטה איבערן ספר. מישע רעדט הויך. ער וויל מ׳זאָל אים גוט פאַרשטיין:

„וואו אידן זענען געקומען און וואו אידן זאָלן ניט ווערן פאַרוואָגלט, זענען דער טלית און תפילין און דאָס חומשל געווען אין זייערע רוק־זעק. דו זעסט? פון לעמבערג האָט דאָס חומשל אויסגעוואַנדערט אַזש קיין אוראל! אַז אידן זענען פאַרטריבן געוואָרן קיין בבל, אין דער צייט פון חורבן בית־המקדש, איז דאָס חומשל געווען מיט זיי. אָן דעם חומשל וואָלטן אידן ניט געקענט שאַפן אַזאַ גענויאַל ווערק ווי דער תלמוד־בבלי, דאָס הייסט: די גמרא. דו ווילסט וויסן צי איך קען גמרא? קען איך דיר זאָגן, אַז פון אַכט יאָר אָן לערן איך גמרא. יעדער אידיש קינד לערנט גמרא. אַזוי איז געווען אין אַלע צייטן. אין דער גאַנצער גלות־געשיכטע, ווען אונדזער פאָלק האָט געוואַנדערט פון איין לאַנד אין אַנדערן, אַנטלויפנדיק פון פייער און שווערד. ווען דריי אידן (אַ מזומן) האָבן דערגרייכט אַ ישוב, האָבן זיי געבויט אַ חדר פאַר זייערע קינדער. אין דעם חדר איז געזעסן אַ רבי און געלערנט די קינדער אַ גאַנצן טאָג אַלף־בית מיט עברי. אַזוי ווי דאָס קינד האָט נאָר געקענט אלף־בית און אַ ביסל עברי, האָט מען אים שוין געלערנט פון דעם חומשל חומש מיט רש״י. אַז דער ישוב איז געוואָרן גרעסער, געהאַט צען אידן (אַ מנין), האָט מען געשריבן אַ ספר־תורה אויף פּאַר־מעט, ניט אויף פּאַפּיר. די הייליקייט פון אַ ספר־תורה איז אַזוי גרויס, אַז אָנרירן עס מיט גאָלע הענט טאָר מען ניט. קיין שום ,המן׳ אויפן אידישן וואַנדער־וועג האָט ניט געקענט אַוועקנעמען דעם חדר פון אידישן קינד״.

דער אויפזעער רייסט אים איבער: „אָבער דאָ״, זאָגט ער מיט ירגזון, „אין דעם גרויסן אידישן גלות, האָט געזיגט דער שוואַרצער המן. ניטאָ קיין חדר. מ׳זעט ניט אַז אַ קינד זאָל לערנען דעם אלף־בית, עברי. דאָ האָט דער טייוול באַזיגט דעם חדר. אין נאָמען פון קאָמוניזם, אַ בעסערן מאָרגן, אַ גליקלעכער צוקונפט, האָט ער געהרגעט, געפּייניקט, געוואָרפן מיליאָנען אין די טורמעס. אויסטייטשן אַ שטיקל חומש הייסט קאָנטררעוואָלוציע, קלעריקאַליזם, רעאַקציע, פאַנאַטיזם״.

מישע וויל אים באַרואיקן: „ס׳איז ניט אַזוי ווי דאָס אויג זעט... מיר אידן זענען שוין אַ סך מאָל דורכגעגאַנגען אַזעלכע דערנערדיקע וועגן. אין אונדזער גלות־געשיכטע האָבן מיר שוין באַגעגנט אַ סך אַזעלכע המנס. דאָס מענטש־לעכע אויג זעט ניט ווייט גענוג צו קענען פאַרשטיין די לאַגע. מ׳דאַרף האָבן אמונה. איך גלייב גראָד היינט מער ווי תמיד: דווקא היינט, ווייל ס׳איז אַזוי

# שטערן אין דער נאַכט

פינצטער אויפן אידישן האָריזאָנט. אַזוי ווי אין דער נאַטור, זעט מען אַז ס'ווערט ניט ליכטיק ביז ס'ווערט ניט שטאַרק פינצטער. איך גלייב אַז די צייט איז ניט ווייט, ווען די זון וועט אויפגיין פאַרן אידישן פאָלק. דאָס אידישע פאָלק וועט אַרויסקומען דער זיגער איבער אונדזערע שונאים. קיינער האָט קיין מאָל ניט געקענט פאַרמאַכן דעם וועג צו אידישקייט און וועט קיין מאָל ניט קענען. אידן האָבן שטענדיק געלערנט תורה. איך גלייב, אפילו אין אַזעלכע באַדינגונגען ווי דאָ געפינען זיך טאַטעס, וואָס לערנען זייערע קינדער אידישקייט. אַזוי גוט ווי דו ווילסט לערנען תורה, גלייב איך אַז ס'זענען דאָ אַנדערע וואָס לערנען. ,ישראל ואוריתא חד הוא' — לערנען אונדז די הייליקע ספרים. די תורה וועט ניט אונטערגיין. אַזוי וועט ניט פאַרשווינדן דאָס אידישע פאָלק. ס'לעבט און ס'וועט ווייטער לעבן! דאָס איז אַ סנֶה, וואָס ברענט שטענדיק און ווערט ניט פאַרברענט. ניט איך זאָג דאָס. די ווערטער זענען געשריבן אין דיין חומש און איך ווייס אַז אונדזער גרויסער רבי, משה רבינו, האָט דאָס געזען: ,והסנה בער באש, והסנה איננו אכל' (שמות ג'). אָט דאָס, די ווערטער, דאַרף אַ איד שטענ־דיק געדענקען!"

מאיר האָט זיך ניט געקענט דערוואַרטן אויף מישען. איז ער אַריינגעקומען, געוואָלט וויסן וועגן וואָס זיי רעדן אַזוי לאַנג. אַריינקומענדיק, פרעגט ער זייער היימיש: „שלמה! נו, האָסט אים שוין צוגעוומען צו דער אַרבעט?" „מאיר!" ענטפערט ער: „איך מיין אַז אין דער ,אינסטרומענטאלנא' (אינסטרומענטן־אָפּ־טיילונג) וועט ער זיין גוט". „יאָ", ענטפערט מאיר, „זיכער. דאָס איז די ריכטיקע אַרבעט פאַר אים, אַרויסצוגעבן און אָפּנעמען מכשירים אָדער עפּעס פאַרריכטן. ער וועט קענען אָפּהיטן שבת און יום־טובים. און מיר וועלן זיין לעבן אים און עפּעס לערנען דורך אים פון דיין חומש". „ריכטיק", איז מסכים שלמה, דער אויפזעער.

נאָך דעם זעלבן טאָג האָט מישע געקראָגן אַ נומער — אויפצוהענגען ווען ער קומט צו דער אַרבעט. שנעל האָט ער באַהערשט די אַרבעט, פאַרשטאַנען זיין אויפגאַבע. ער איז געוואָרן אַ גאַנצער מאַשיניסט, געאַרבעט מיט בויערס, געשאַרפט מעסערס. יעדער איינער איז געווען צופרידן פון אים. ס'האָט אים ניט געפעלט קיין פויגל־מילך. זיין מאַמע האָט שטענדיק געהאַט אַ פּראָבלעם מיט דעם שוואַרצן ברויט. זי האָט זיך ניט געקענט צוגעוואוינען צו דעם. ווי הונגע־ריק זי זאָל ניט האָבן געווען, האָט זי שוואַרץ ברויט ניט געקענט עסן. אָבער

אַצינד איז דאָס פּראָבלעם געווען אויס. מישע האָט געבראַכט גענוג ווייס ברויט אַז זי האָט זיך געטיילט מיט דער שוחטקע.

אויף גאָר אַ געהיימען אופן האָבן זיי זיך געטראָפן יעדע וואָך. שלמה פלעגט מישען זאָגן וואו ער זאָל קומען. דעם חומש האָט ער ניט געטרויט קיינעם. ער אַליין האָט אים שטענדיק געטראָגן מיט זיך. מאיר איז שטענדיק געקומען צו דער צייט. מישע האָט זיך באַמיט אויסצוטייטשן די סדרה פון דער וואָך, אַז ס׳זאָל זיין גרינג צו פאַרשטיין. זיי האָבן ממש געשלונגען יעדעס וואָרט ווי גוטע מאכלים. זייער טרעפן זיך איז פאַר יעדן איינעם געווען אַ שמחה, אַ פאַר־ברענגען. זיי האָבן געוואַרט מיט אומגעדולד אויף די באַגעגענישן.

איין מאָל זענען זיי געזעסן ביי מישען אין דעם צימער דלת על דלת, איינער לעבן דעם אַנדערן. די מאַמע דערלאַנגט טיי. מ׳פאַרגעסט זיך אַביסל. דער נעפּל גייט אַוועק פון דער נשמה. מישע לערנט זיי זינגען „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״ מיטן גאַנצן ברען און פלייס. זיי קוקן מישען אין די אויגן אַריין און באַמיען זיך צו לערנען ווי אַזוי יעדער וואָרט גייט אַרויס פון זיין מויל, צו כאַפּן דאָס עברי־וואָרט, צו פאַרשטיין דעם באַדייט. שלמה זינגט שוין נאָך, און מאיר קלאַפּט צו מיט די הענט. שלמה לאָזט ניט מישען זיך אָפּרוען. זיין ציל איז צו לערנען. קיין איין מינוט טאָר ניט גיין לאיבוד. פּלוצלינג קלאַפּט מען אין דער טיר. שלמה וואַרפט אַרויף אויפן טישל אַ פּעשל קאָרטן. מאיר פאַרשטייט וואָס דאָס מיינט און ווייזט זיין קענטעניש אין קאָרטן־שפּילן. אָבער באַלד ווייזט זיך אַרויס אַז דאָס איז די שוחטקע, געקומען באַזוכן די מאַמע און סתם אַזוי רעדן אַ וואָרט. זי האָט נעבעך ניט מיט וועמען אַ וואָרט אויסצורעדן; איינזאַם זינט איר מאַן דער שוחט איז געשטאָרבן. מאיר וואַרפט שנעל אַוועק די קאָרטן און זאָגט מיט אַ קרעכץ: „אוי! אומזיסט צייט פאַרלוירן״. זיי הייבן אָן נאָך אַ מאָל פון אָנהייב: „הנה מה טוב ומה נעים שבת אחים גם יחד״. די שוחטקע ווייזט אַז זי געדענקט אויך און זי העלפט זינגען. פון אירע אויגן גיסן זיך טייכן טרערן, ווען זי זינגט צום טאַקט: „שבת אחים גם יחד, גם יחד...״

אַזוי איז געגאַנגען דאָס לערנען. יעדער לעקציע איז געווען אַ טריט פאַרויס. שלמה האָט אָנגעהויבן צו פאַרשטיין אַ פּרשה חומש. מאיר האָט אָנגע־הויבן אַריינצוקוקן אין רש״י און געלערנט שלמהן. ער האָט שוין אַליין אויסגע־טייטשט און איינגעטייטשט אַ וואָרט, אַ פּסוק. מישע איז געווען נתפּעל ווי שנעל זיי האָבן געלערנט. ער האָט געהאַט דרך־ארץ פאַר זייער אינטעליגענץ און ווויסן.

# שטערן אין דער נאַכט

זיי זענען געוואָרן גאָר נאָענט איינער צום צווייטן — ממש ווי אייגענע ברידער. מאיר באַראַט זיך אַ מאָל מיט מישען. איין מאָל רוימט ער אים איין אַ סוד: „איך האָב שטאַרק מורא, מ׳וועט מיך מאַכן פאַר אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, ווייל ס׳וועט שוין צוויי יאָר זינט איך בין געוואָרן אַ קאַנדידאַט. דו ווייסט דאָך: איך וויל ניט. צוזאָגן איז סכנת־נפשות. מיט אַזעלכע ווערטער שטעלט מען איין דעם גוף מיט דער נשמה. אַז דו ווערסט אַ פּאַרטיי־מיטגליד, דאַרפסטו זיין אַן אמתדיק פערד. ווערסט געשיקט אויף אַלע באַריקאַדן דער ערשטער. מ׳מוז גיין אין שפּאַן. מ׳מוז זיין ווי אַ בהמה מיט אַ לאַנגער צונג; זי הערט אַלץ און קען ניט רעדן. דו מוזט אויסהערן די לאַנגע, נודנע רעדעס פון פּאַרטיי־סעקרעטאַר. דו קענסט גאָרניט טראַכטן פאַר זיך. דו ווערסט אַן אַנגע־שטעלטע כלי, אַ שרייפל אין דער גרויסער מאַשין — און דריי זיך״.

אַזוי רעדט זיך מאיר אַראָפּ פון האַרצן. מישע פרעגט: „איז שלמה אַ פּאַרטיי־מיטגליד?״ „יאָ״, ענטפערט מאיר. „ער איז שוין געווען אויפן פראָנט, געוואָרן פאַרוואונדעט. אויך די זעלבע מעשה. מ׳טאָר ניט זאָגן: ,איך וויל ניט׳. מ׳הייסט — און דאָס איז געזעץ, וואָס מ׳טאָר ניט עובר זיין, ס׳איז ,בעל כרחך אתה חי׳. יעדעס וואָרט איז לויט אַ קאָמאַנדע פון אויבן, און אַז דו באַלאַנגסט ניט, ביסט ניט קיין מיטגליד אין דער פּאַרטיי, ביסטו אַ ביליק באַשעפעניש, פון אַ נידעריקן קלאַס. קאַרל מאַרקס האָט געוואָלט אָפּשאַפן קלאַסן. קען איך דיר זאָגן און אויפווייזן, אַז דאָ, אין אונדזער ראַטן־פאַרבאַנד, עקסיסטירן הונדערטער קלאַסן, אַ סך, אַ סך מער ווי אויף דער גאַנצער וועלט. און וואָס גרעסער די הערשאַפט פון דער פּאַרטיי, אַלץ מער און מער קלאַסן שאַפן זיך. דער קלענער נאַטשאַלניק האָט מורא פאַרן גרויסן. דער גרויסער — פאַרן גרעסערן, און דער פשוטער מענטש, וואָס איז ניט אַ מיטגליד אין דער פּאַרטיי, האָט מורא פאַר אַלעמען. מ׳ציטערט, און יעדער איינער האָט אַ גוטע סיבה מורא צו האָבן, ווייל קיינער איז ניט כשר. יעדער איינער וויל לעבן, און לעבן מיינט עסן, און עסן צו דער זעט, מוז מען גנבענען. יעדער איינער איז דאָ טריף חזיר. אָט, צום ביישפּיל, דאָ, עקסיסטירן אַזעלכע זאַכן ווי קאָמערציעל ברויט, קאָמערציעלע רעסטאָראַנען, ספּעציעל פאַר באַזונדערע קלאַסן. ניט יעדער איינער קען דאָרטן עסן, אָדער קויפן ברויט, בעסער געזאָגט: קריגן ברויט. דאָ קויפט מען ניט. דאָ, גיט מען דאָס שטיקל ברויט. אוי! ווען דאָס שטיקל ברויט איז פריי, וואָלט שוין לאַנג געקומען אַ סוף צו אַלץ, צו דער קלאַסן־הערשאַפט. מען פאַרקנעכטיקט די מאַסע מיטן שטיקל ברויט. יעדער

איינער האָט מורא. מ׳האָט מורא אַז אַ קינד זאָל ניט פאַרלירן דאָס שטיקל ברויט, מ׳וויל אַז די ווייב זאָל זיין זאַט. די מורא איז גורם געהאָרכזאַמקייט, גיין שטיל אין שפּאַן. זע! דער קריגט דריי הונדערט גראַם ברויט, אַ צווייטער — פיר, אַ דריטער — זעקס, און אַ פערטער — אַכט הונדערט גראַם ברויט. אַלץ קלאַסן, אַ קלאַס פון דריי, און אַ קלאַס פון פיר, פון זעקס און אַכט. און אויב ח״ו מ׳כאַפּט דיך ביי אַן עבירה, פאַרלירסטו אין גאַנצן די ברויט־קאַרטע. דו גייסט איבער אויף זייערע קעסט. ס׳איז אָך און ווי, גרויסע צרות. אויף זייערע קעסט איז דאָס לעבן גאַרניט ווערט. טורמע מיינט טויט. אויך אין טורמע אַליין זיינען דאָ פאַר־שיידענע קלאַסן. דער בעסערער קלאַס לעבט עס איבער. מיטן בעסערן קלאַס מיין איך אַ מסור, אַ גנב. ער קען זייערע שטיק. ער גיט זיך אַן עצה. דער צווייטער קלאַס מאַטערט זיך דאָרטן אַ ביסל. ער לאָזט אפילו ניט איבער אין די סיבירער זאַמדן אַ צייכן פאַר די קומענדיקע דורות. נישטאָ, און ניט געווען, ווייל ער ווערט פאַרברענט. דער דריטער קלאַס לעבט אַ ביסל לענגער און ענדיקט ווי דער פריערדיקער. דער פערטער קלאַס, אויב ער האָט מזל, גייט אַרויס אַ שווער צעבראָכענער, אַן לונגען און אַן אַ האַרץ. אַהיים צום ווייב און קינדער קומט ער ניט. אויב זיי האָבן מעגלעכקייטן קומען זיי צו אים. און אַצינד, די וואָך, די וואָס היטן דיך, די טורמע־אַנפירערשאַפט — אויך זיי זענען איינגעטיילט אין קלאַסן פון ערגער און בעסער. די גאַנצע טורמע איז אַ מלוכה מיט קלאַסן. פון די פּאַראַשע־טראָגער ביז צו דעם גרויסן קאָמאַנדיר איז איין גרויסער לייטער מיט הונדערטער שטאַפּלען. יעדער שטאַפּל איז אַ באַזונדערער קלאַס. פאַרשטייסט, מישע? ווען דו ווייסט דאָס אַלץ, איז דיר שווער צו באַשליסן וואָס צו טאָן, טראַכט ניט, גיי אין שפּאַן, שלינג דאָס לייכעץ וואָס דו ווילסט אויסשפּייען, מאַך זיך ניט וויסן. זיי אַזוי ווי אַנדערע מיליאָנען מענטשן. טראַכט ניט: ,דאָס קען איך ניט, עס עגבערט אין מיין מוח׳. אַזוי ביסטו מער־וויניקער אַ פרייער מענטש. אָבער פון דער מינוט אָן ווי דו ווערסט אַ מיטגליד אין דער פאַרטיי, דאַרפסטו געדענקען אַז דו ביסט דאָס. דו דאַרפסט אָנהייבן צו ציילן די ווערטער, ניט צו רעדן אָן איבעריק וואָרט. פאַרשטיי! אַזוי טאָר מען אויך ניט רעדן צו פיל. צוליב זאָגן אַן איבעריק וואָרט זענען שוין מיליאָנען מענטשן פאַרפאַלן געוואָרן אין די טורמעס. קיינער ביי אונדז אין דער מדינה איז ניט פריי צו רעדן וואָס ער וויל. אָבער אַ מיטגליד, אַ קאָמוניסט אין דער פאַרטיי, דאַרף זיין אין גאַנצן שטום, אָן אַ מויל. און נאָך עפּעס, וואָס איז דער עיקר וואָס איך וויל דו זאָלסט פאַרשטיין און פאַר וואָס מיין הויט ציטערט אַזוי: קיינער פון די פאַרטיי־חברים האָט נאָך

# שטערן אין דער נאַכט

ניט פאַרענדיקט זיין לעבן נאָרמאַל. אַלע, מיט אַ קליינעם אויסנאַם, ענדיקן אין טורמע, ערגעץ אין די סיבירער טייגעס..."

מישע זעט פלוצעם אין מאירן אַן ענדערונג. זיין פנים ווערט רויט ווי פייער און זיינע אויגן ווערן פאַרגאָסן מיט בלוט. „דו ווייסט?" זאָגט ער, „די גרעסטע מענטשן האָט מען אומגעבראַכט. די גרעסטע אידעאַליסטן פון דער פאַרטיי אין לאַנד האָבן געענדיקט זייער לעבן מיט אַ קויל אין קאָפּ. דו ווייסט דאָס?" „יאָ, איך ווייס דאָס און איך ווייס עפּעס מער ווי דאָס", זאָגט מישע. „די מערסטע פון זיי זענען געווען אידן. פאַר וואָס וויל איך וויסן. איז דאָס אמת?"

מאיר פאַרטראַכט זיך אויף אַ מינוט און ער זאָגט: „די גרויסע מענטשן, וואָס האָבן מיט זייער שוויס און בלוט געבויט דעם ריזיקן בנין, וואָס הייסט ראַטן־פאַרבאַנד, האָבן אים שפּעטער געוואָלט צעוואַרפן. זיי זענען געקומען צו דער מסקנא אַז ס'טויג ניט! דאַרפן מיר אַלע זיי העלפן. אלא וואָס? ס'איז אַ ליגן. מ'האָט אויסגעטראַכט בלבולים, פאַלשע באַשולדיקונגען. הרגענען זיי אומ־שולדיקע מענטשן. דאַרפן מיר אַלע טאָן זייער הייליקע אַרבעט".

מאיר פירט אויס: „איך גלייב אַז דאָס איז קאַמף פאַר מאַכט. דער שטאַר־קער וויל אומברענגען דעם שוואַכן. דאָ זיינען ניט פאַרמישט קיין אידעאַ־לאָגיעס. ס'איז פשוטע רציחה. דער שוואַרצער מיט די וואָנסעס וויל אומ־ברענגען זיינע קעגנער. דאָס אומברענגען מענטשן קומט פאַר אפילו היינט אין מלחמה־צייט. אפילו היינט זענען די טורמעס געפּאַקט מיט אומשולדיקע מענטשן. ס'איז אַ מלוכה וואָס הרגעט אירע אידעאַליסטן, אירע הייליקע. ס'איז בעסער צו זיין אַ פּשוטער מענטש, אַ גאַרניט, אַ זעק־שלעפּער, אַ קוילן־גרעבער אין די שאַכטן. אויב דו ביסט עפּעס, האָבן דיך אַלע אויפן אויג, און דאָ, אין דער מדינה, איז ניט גוט מ'זאָל דיך האָבן אויפן אויג. דאָ דאַרף מען שטאַרק מורא האָבן פאַר אַן עין־הרע. דו קענסט דאָ זיין דער גרעסטער, און פּלוצלינג קומט אַ קליין שייגעצל און זאָגט עפּעס, ווערסטו אויס קאַפּעליוש־מאַכער. אויס מיטן גרעסטן! דאָ איז אַ גרויסער יחוס צו זאָגן: ,מיין טאַטע איז געווען אַ סמאַרע־וואָזשניק'. דיין יחוס איז אַ קליינער, אויב דו קענסט דאָס ניט זאָגן. איך צום ביישפּיל קען דאָס ניט זאָגן, ווייל מיין טאַטע איז געווען אַ ,קופּיעץ'. אַזוי איז פאַרשריבן אומעטום, אַ ,קופּיעץ', טאָ אפשר, אין דעם זכות אבות וועל איך געהאָלפן ווערן, מ'וועט מיך ניט כשרן. פאַרשטייסט, מישע? מיט אַ טאַטן אַ ,קופּיעץ' וועל איך ניט זיין ראוי צו זיין אַ מיטגליד אין דער הייליקער פאַרטיי. לאָמיר האָפן! מיט דער האָפענונג פון זכות אבות געזעגענען מיר זיך היינט. מיר

באַשטימען צו טרעפֿן זיך מאָרגן מיט שלמה׳ן בײַ אַ לעקציע אין פּרקי־אבות. שלמהס פֿאָרלאַנג איז מיר זאָלן לערנען פֿון דער מאַמעס סידור״.

פּונקט צו דער צײַט זענען אַלע דרײַ געקומען. אַ ספּעציעלער חן איז הײַנט געװען אויסגעגאָסן אויף דעם קלײנעם צימער. אַלץ פֿינקלט. שלמה װיצלט זיך: „אַ נײַע צאַצקע אויף דער װאַנט, הינדע־רחל! דאָס לעצטע מאָל האָב איך דאָס ניט געזען״. די מאַמע פֿאַרענטפֿערט זיך: „דו װײסט, אַז ס׳איז דאָ אַ נאָדל מיט אַ פֿאָדעם, דרײט מען מיט די פֿינגער, ביז עס קומט עפּעס אַרויס״. מאיר זאָגט: „לאָמיר זען דעם עפּעס״. און ער װערט שטאַרק נתפּעל פֿון װאָס ער זעט. ער רופֿט צו שלמהן און גיט אים צו פֿאַרשטײן אַז דער „עפּעס״ איז דער כותל מערבי. שלמה אַנטשולדיקט זיך פֿאַרן רופֿן דאָס צאַצקע. די מאַמע גיט צו פֿאַר־שטײן: „ס׳האָט מיר אויסגעפֿעלט פֿאָדעם, דעריבער פֿעלט דאָ דער ייִד מיטן סידור, װאָס שטײט און דאַװנט בײַם כותל. שלמה זאָגט צו דער מאַמען צו ברענגען פֿאָדעם.

די מאַמע פֿאַרעט זיך װי שטענדיק. זי באַקט טײ־קוכן אויף דער פּליטע פֿון דער קיך. הײַנט באַקט זי ריכטיקן קוכן, ניט קײן פֿאַלשע, מיט אַ סך קאַרטאָפֿל און אַ ביסל מעל. הײַנט איז דער קוכן נאָר פֿון מעל, װאָס שלמה האָט שױן באַ־זאָרגט מיט אַ טאָג פֿריער. די מאַמע דאַנקט שלמהן פֿאַרן מעל און טראָגט אים צו דעם ערשטן קוכן מיט טײ. מיר װערן פֿאַרנומען מיטן טרינקען טײ און עסן קוכן.

שלמה לאָזט ניט רעדן קײן נאַרישקײטן און שטופּט מיך צו דעם סידור, אַז איך זאָל אָנהױבן צו לערנען. „צײַט איז גאָלד און דאָ, אינעװײניק, ליגן בריליאַנטן״, זאָגט ער גאַנץ ערנסט. מאיר דערמאָנט מישען, אַז זײ האַלטן שױן בײַם פּרק ה׳. מיר קומען צום סעיף י׳: „ארבע מידות באדם, האומר שלי שלי, ושלך שלך, זאָגט דער תנא, זו מידה בינונית, ויש אומרים, זו מידת סדום״. עס װערט באַלד אַ גאַנצער װיכוח. אײנער װיל איבערשטײַגן דעם צװײטן מיט גוטע געדאַנקען. עס גײט אַדורך אַ שטיקל צײַט, ביז ס׳שעפּן זיך אויס די פֿאַר־שײדענע אויסטײַטשן, און זײ גײען אַריבער צו דער צװײטער מידה: „שלי שלך, ושלך שלי, זאָגט דער תנא, ער איז אַן עם הארץ״.

די פּאָר װערטער אַלײן זענען געװען גענוג פֿאַרן גאַנצן אָװנט. שלמה און מאיר זענען אַהײם געגאַנגען שפּעט בײַ נאַכט. שלמה האָט געשריגן: „הײליקע װערטער! אַזעלכע װערטער קען מען זאָגן נאָר מיטן רוח־הקודש, ניט אַנ־דערש״. ער גיט צו פֿאַרשטײן: „דער תנא פֿון פּרק איז דאָך אין דער מדינה ניט

# שטערן אין דער נאַכט

געוועז און אַ קאַלכאַז האָט ער ניט געזען פּאַר זיינע אויגן. טאָ פון וואַנעז ווייס ער אַזעלכע אמתדיקע ווערטער? ,דיינס איז מיינס און מיינס איז דיינס — אַזוי רעדט אַן עם־הארץ'. דאָס איז רוח־הקודש. אַלע ביכער פון מאַרקס און ענגעלס און פון אַלע גרויסע פילאָסאָפן האָט דער תנא מיט די פּאָר ווערטער באַגראָבן, און זיי ליגן טיף טיף אין דער ערד, ניט מער אויפצושטיין. די ווערטער שיסן ווייטער ווי די גרעסטע קאַנאָנען". מאיר זאָגט: „אַזוי ווי מיר זעען אַז דאָס איז אמת, ווייל מיר זענען די עדות, אַזוי מוז מען גלייבן אַז אַלץ וואָס דאָ שטייט גע־שריבן איז אמת".

אויף צומאָרגנס, טרעפט מישע שלמהן אין דער בעקעריי. ער איילט זיך שטאַרק, רעדט מיט רמזים: „איך פאַרשטיי ניט אַלץ, אָבער עפּעס פאַרשטיי איך, אַז מ'האָט מאירן דערהויבן. ער פאָרט קיין טשעלאַבינסק". גאָר שנעל, אויף איין פוס, רוימט ער מיר איין אויפן אויער אַ סוד, אַ פראַגע: „ווען וועלן מיר פּטור ווערן פון דעם עם־הארץ?"...

באַלד דעם צווייטן טאָג, האָט מישע באַקומען אַ מעלדונג זיך צו שטעלן צום וואָיענקאָמאַט (ס וויעשטשאמי — מיט זיינע זאַכן). ער האָט איינגעפּאַקט זיין האָב און גוטס, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ וואַרעם ווינטער־היטל, אַ קורטקע און צוויי פּאָר וועש. דאָס געזעגענען זיך מיט דער מאַמען איז געווען זייער שווער. די מאַמע וויינט ניט אַצינד. זי רעדט, און יעדעס וואָרט רייסט פון אים שטיקער, עפּנט אויף גאַנצע וואונדן. אָט זאָגט זי: „ברוך־מרדכי איז ניטאָ. מיר ווייסן ניט פון אים. פאַרלוירן געגאַנגען. דיך נעמט מען אַוועק. איך בלייב דאָ אַליין צווישן גויים. אָבער, מיין קינד, פאַרגעס אַלץ אַצינד. טראַכט נאָר וועגן דיין לעבן און דיין געזונט! דער נאָענטסטער קרוב איז דער מענטש צו זיך אַליין, ווען ער איז אַליין אין אַ סכנה. ווער בין איך, אַז איך זאָל דיך לערנען וועגן כשרות בעת איך גיי ניט מיט דיר? איך וועל דאָרטן ניט זיין ווען דו וועסט הונגערן. דו האָסט דאָך געלערנט אין פּרקי־אבות: זאָלסט ניט משפּטן דיין חבר ביז דו וועסט ניט זיין אויף זיין אָרט, אין זיין מצב — ,אל תדין את חברך עד שתגיע למקומו' (אבות ב' ד'). נאָר עפּעס וויל איך דיר יאָ זאָגן און איך דאַרף דיר זאָגן. איך האָב דיך שטענדיק געלערנט, און דאָס זאָלסטו ניט פאַרגעסן: אַ איד דאַרף שטענדיק גע־דענקען זיין אָרט, ער דאַרף זיין המכיר את מקומו. וואו דו זאָלסט זיך ניט געפינען, אין די ערגסטע אומשטענדן, זוך דיינס גלייכן, דערקען דיין אָרט!"

ביי די ווערטער זאָגט מישע „אַ גוטן טאָג" און ער בעט דער מאַמען אים ניט צו באַגלייטן: „לאָמיך גיין אַליין". „גיי, גיי געזונט!" זאָגט זי.

# גרשון ווענגראָווסקי

אין גאַס האָט זיך מישע אָנגעשלאָסן אין דער מאַסע, וואָס האָט זיך געצויגן צו דעם מיליטערישן קאָמיטעט. זיי גייען אַלע אין מיטן גאַס. מישע גייט מיטן זעקל אויף די פּלייצעס. ער שטעלט לאַנגזאַמע טריט, באַטראַכט זיינע נייע פריינד. ער זעט, יעדער איינער ווערט באַגלייט פון אַ קרוב אָדער אַ פריינד. אים פאַרדריסט אַצינד פאַר וואָס ער האָט ניט געוואָלט, אַז די מאַמע זאָל אים באַ־גלייטן. אירע ווערטער קלינגען אין זיינע אויערן: „גיי, גיי, מיין קינד! איך זאָל דיך זען צוריק געזונט. דו ווילסט ניט אַז איך זאָל מיטגיין? ווער איך ניט גיין!" „מאַמע!" זאָגט ער, „דו פאַרשטייסט מיך שלעכט. איך וויל אַז דו זאָלסט מיט־גיין, אָבער איך וויל ניט, אַז דו זאָלסט וויינען. גויים האָבן פיינט אידישע טרערן. זיי וועלן אויסטייטשן, אַז אידן ווילן ניט גיין אין דער מלחמה. דו זאָגסט דאָך שטענדיק: ,לאַכן זאָלסטו מיט אַלעמען, אָבער וויינען נאָר פאַר זיך'. ספּעציעל פאַר גויים, פאַר שונאי־ישראל, איז צוויי מאָל שלעכט". „איך האָב שוין גענוג גע־וויינט, איך וועל ניט וויינען", זאָגט די מאַמע. „מאַמע! איך קען דיך. דו וועסט זיך ניט באַהערשן. איז בעסער, מאַמע, בלייב אין שטוב". אָבער אַצינד בענקט זיך אים. כאָטש נאָך איין מאָל ווילט זיך אים אַ קוק טאָן אויף דער מאַמען. ס'פיינִיקט אים דער טעות: „פאַר וואָס איז זי ניטאָ מיט מיר אַצינד?" ער זעט גאָרניט אַרום זיך. זיין קאָפּ איז פאַרנומען. ס'לאָזט אים ניט רוען...

פלוצלינג קומט אים אַ געדאַנק, אַז די מאַמע איז דאָ צווישן די אַלע באַ־גלייטער, אין דער מאַסע. און עפּעס אַ כוח זאָגט צו אים: „זוך!" זיינע אויגן בלאָנדזשען, זוכן. אפשר איז זיין אינטואיציע ריכטיק. מיט אָט די געדאַנקען שפּרייזט ער מיטן ים מענטשן, מאָביליזירטע, טאַטעס, מאַמעס, שוועסטער און אַנדערע משפּחה־מיטגלידער. זיי גייען צו דעם זאַמל־פּונקט פון וואָיעוואָדישאַט. „שוין באַלד איז דער זאַמל־פּונקט", זאָגט מען. זיינע אויגן גיבן נאָך אַ מאָל אַ זיפּ דורך די מאַסע מענטשן. אפשר? און אָט זעט ער זיין מאַמען. זי גייט ביי דער זייט, אַליין. זי קוקט ווייט, זי זוכט אים. זייערע אויגן טרעפן זיך. זי באַווייזט צו געבן אַ שמייכל צו אים. דער שמייכל זאָגט אַצינד אַ סך: „אָט דאָס איז דיין מאַמע! ניט געקענט בלייבן אין שטוב". ער טראַכט, זי מוז אַזוי גיין פון דער ערשטער מינוט אָן. אירע אויגן קוקן אַריבער די מאַסע מענטשן, צו איר קינד, ווי מרים האָט אַכטונג געגעבן אויף איר ברודערל משה אויף דעם טייך נילוס... זייערע הערצער זענען אַצינד פאַראייניקט. ער נעמט שוין ניט אַוועק זיינע אויגן פון דער מאַמען. ער זעט, זי גייט איינגעבויגן. אירע אויגן קוקן ווייט צו אים מיט אַ תפילה אויף די ליפּן. גאָרניט בעט זי פאַר זיך, נאָר פאַר די קינדער. אַזוי איז

# שטערן אין דער נאַכט

זיין מאַמע שטענדיק געוועזן: „שפיל ואזיל בר אווזא ועיניה מטייפי״ — די קאַטשקע גייט נידעריק, אָבער די אויגן קוקן ווייט...

מישע דערמאָנט זיך אין דעם קליינעם שטעטל, ווי די מאַמע קויפט אַ טשוואַרטקע קאַרטאָפל. זי לאָזט אים ניט העלפן טראָגן. „גיי לערנען!״ שרייט זי, „פאַרליר ניט קיין צייט!״ איר געבעט איז שטענדיק געווען: „מיינע קינדער זאָלן וואַקסן תלמידי־חכמים״. אָט שטייט זי אַצינד לעבן אים און וויל ביי אים נעמען דאָס זעקל, העלפן טראָגן. ער זאָגט איר: „דו געדענקסט דאָס זעקל קאַר־טאָפל?... היינט לערן איך ניט, מאַמע. איך וועל דאָס זעקל אַליין טראָגן״. מיט שווערער מי איבערצייגט ער איר אַז ער וועט דאָס זעקל אַליין טראָגן ביז צום זאַמל־פונקט, וואָס איז שוין ניט ווייט...

זיי קומען צום וואַיענקאָמאַט. ער ווייזט זיינע דאָקומענטן. מ׳ווייזט אים צו וועלכער גרופּע ער געהערט, און מ׳ווייזט אים אַן אָפענעם לאַסט־אויטאָמאָביל, וואו ער דאַרף פאַרנעמען אַן אָרט. ער באַווייזט קוים זיך צו געזעגענען מיט דער מאַמען, ווי אַ שטייפער, הויכער יונגער רוס שרייט צו אים, אַז ער זאָל שוין גיין מיט דער גרופּע, ווייל דער אויטאָמאָביל גייט באַלד אַוועק. ער לויפט שנעל מיט זיין גרופּע. אַרויפקומענדיק אויפן אויטאָמאָביל קלייבט ער ניט זיינע שכנים. ער וואַרפט אַראָפּ זיין זעקל און זעצט זיך אַוועק באַקוועם ווי אַן אַלטער תושב. דער שווערער לאַסט־אויטאָמאָביל דערווייטערט זיך לאַנגזאַם פון דעם זאַמל־פונקט. ער שטעלט זיך אויף און באַווייזט נאָך צו זען זיין מאַמען מיט די אויגן צום הימל געווענדט און מיט אַ תפילה אויף די ליפּן, וואָס זאָגן מסתמא: „פאָר געזונט און קום געזונט!״

אין שטויב, וואָס די רעדער לאָזן הינטער זיך, פאַרשווינדט אַלץ. מישע זעט ניט מער זיין מאַמען. זיינע אויגן קענען ניט זען, אָבער זיין האַרץ און מוח קען דער שטויב פון די רעדער ניט פאַרשטעלן. ער ליגט אַצינד אין אַ ווינקל פון דעם אויטאָמאָביל, פאַרזונקען אין טרויעריקע מחשבות, וואָס לאָזן אים ניט רוען. ער הערט די מאַמע זאָגט: „ברוך־מרדכי איז ניטאָ, דיך נעמט מען אַוועק און איך בלייב אַליין ווי אַ שטיין...״

זיי ווערן געשווינד היימיש. זיין שכן איז אים מכבד מיט אַ מאַכאָרקע־סיגאַרעט. ער דאַנקט אים זייער. דער רויך באַרויִקט אים אַ ביסל. ער וויל וויסן פון מישען וואו זיי פאָרן. דאָס זעלבע וויל מישע וויסן פון אים. אַ דריטער, הערנדיק זייער שמועס, זאָגט אַרויס זיין מיינונג אַז מ׳שיקט זיי קיין סווערד־לאָווסק, אין די מיליטערישע זאַוואָדן. מ׳שיקט זיי אויף אַרבעט, ניט אין דער

אַרמיי. והא ראיה: אויפן אויטאָמאָביל זענען דאָ אַ סך אינוואַלידן. ער אַליין זאָגט, ער איז אויך אַ קאַליקע אויף אַ פוס. „אויפן פראָנט דאַרף מען ניט אַזעלכע קאַליקעס״, זאָגט איינער מיט איין אויג.

דאָס פאָרן ווערט לאַנגווייליק. מישע נעמט אַרויס זיין מאַכאָרקע און פאַר־דרייט אַ סיגאַרעט. ער איז מכבד זיין שכן מיט מאַכאָרקע. זאָל ער זען אַז ער איז אויך ניט קיין חזיר. דער רויך פאַרנעפּלט אַ ביסל דעם קאָפּ. ער וואַרפט אַוועק דעם סיגאַרעט און דרימלט איין. אָבער אַ גרויס געלעכטער וועקט אים אויף. זיין שכן מיטן קורצן פוס דערציילט וויצן און אַלע לאַכן. ער דערציילט ווי אַ איד האָט טענות צו זיין גענעראַל: „אַלע גיט מען מעדאַלן, נאָר מיר גיט מען ניט. פאַר וואָס?״ וויל ער וויסן. „איך האָב פאַרגאָסן מיין בלוט פאַר מיין מוטער־לאַנד״. „אַזוי?״ וואונדערט זיך דער גענעראַל, „האָסט פאַרגאָסן בלוט?״ „יאָ״, זאָגט דער איד. „איך מוז דאָס קאָנטראָלירן. קום מאָרגן, וועל איך דיר געבן אַן ענטפער פאַר וואָס״, זאָגט דער גענעראַל. דעם צווייטן טאָג קומט דער איד אַריין צום גענעראַל. „יאָ״, זאָגט דער גענעראַל, „איך האָב קאָנטראָלירט. איך ווייס שוין פאַר וואָס. ס׳איז פאַרשריבן: דוד יאַקאָוולעוויטש האָט געקראָגן צען מאָל שמיץ. עס איז טאַקע אַ סך בלוט, אָבער קיין מעדאַל קומט דיר ניט, סוואָלאָטש!״ — אַזוי האָט ער פאַרוויילט דעם גויאישן עולם מיט וויטצן פון אַן אויסגעטראַכטן איד יאַקאָוולעוויטש ביז זיי זענען געקומען קיין סווערד־לאָווסק...

אין סווערדלאָווסק האָט מען זיי אָפּגעשטעלט אין אַ פּאַרטיי־קלוב. פון דאַנען, זאָגט מען, וועט מען יעדן שיקן וואו ער באַלאַנגט. דער מיטן איינציקן אויג פרעגט מישען פאַר וואָס ער געפינט זיך צווישן די אינוואַלידן. פאַר וואָס שיקט מען אים ניט אויפן פראָנט? ער זעט ניט אויף אים קיין פעלער. מישע קלערט אים אויף: „איך האָב צוויי פעלערן: איך בין אַ פּוילישער און אַ איד, נאָר איך הייס ניט יאַקאָוולעוויטש. געדענק! קיין וויצן קענסטו ניט דערציילן...״

ס׳זיינען אָנגעקומען פאַרשטייער פון די מיליטערישע זאַוואָדן. זיי האָבן באַ־טראַכט דעם מענטשן־מאַטעריאַל, וואָס מ׳האָט זיי דאָ געבראַכט. זיי האָבן פאַר־צייכנט יעדנס נאָמען און פאַך. מישע האָט אָנגעגעבן אַז ער איז אַ מעטאַל־אַרבעטער, אַ מעכאַניקער. פון פריערדיקער דערפאַרונג האָט ער געוווּסט, אַז מענטשן אָן אַ פאַך שיקט מען צו שווערער אַרבעט אין דרויסן, הינטערן פרייען הימל. די פרעסט דאָ זענען שטאַרקע און ער האָט ניט קיין וואַרעמע קליידונג. ער איז כמעט אַ נאַקעטער. פאַר די פרעסט האָט ער מורא געהאַט אימת־מוות.

# שטערן אין דער נאַכט

אין דער בעקערײַ האָט מען אים גערופֿן מעכאַניקער. ער האָט דאָרטן פֿון צײַט צו צײַט צוגעשאַרפֿט אַ מעסער אָדער געניצט די בוי־מאַשין, הגם ער האָט גאָרניט פֿאַרשטאַנען וואָס דאָס מיינט. ער האָט געגומען אַזאַ קאָרט אין זײַן האַנט אַרײַן. ווער מען געוואויר ווערן אַז ער פֿאַרשטייט גאָרניט וועגן מעטאַל, אַז ער איז ניט קיין מעכאַניקער, איז ער אויף צרות. ער וועט מוזן אַרבעטן אין דרויסן, פֿונקט ווי די מענטשן וואָס ער האָט היינט געזען. צוועלף מענטשן שטייען מיט אַ בריגאַדיר און שלעפֿן קלעצער. אַלע מוזן אויפֿהייבן דעם קלאָץ איינצײַטיק און אַראָפּוואַרפֿן איינצײַטיק (אַלץ גייט דאָ לויט אַ באַפֿעל). ס׳קומט אַ באַפֿעל פֿון דעם בריגאַדיר, מיט זײַן באַסאָווע שטימע: איינס, צוויי, דריי, געגומען! — און דער קלאָץ ווערט אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון די אַקסלען אָדער אויפֿגעהויבן. אַזוי וועט ער מוזן אַרבעטן. און אויב ס׳וועט אים געלינגען אַרײַנצוקומען אין אַ זאַוואָד און זען אַ פּאָר מאָל עפּעס אַן אַרבעט, האָפֿט ער אַז ער וועט זיך אויסלערנען צו זײַן אַ מעכאַניקער. אַ שטיקל גמרא איז שווערער ווי צו זײַן אַ מעכאַניקער און ער האָט זיך אויסגעלערנט...

בעת ער שטייט אַזוי פֿאַרטראַכט וועגן זײַן שריט, קומט אַ באַפֿעל צו גיין אין באַראַקן. מ׳וויל זיי באַקענען מיט זייער נייער היים. נאָך אַ מאַרש פֿון אַ שעה אין מיליטערישער אָרדענונג קומען זיי צום באַראַק, וואָס, ווי מ׳זאָגט זיי, וועט זײַן זייער נײַע היים. מישע זעט צוויי לאַנגע רייען דריי־גאָרנדיקע פּריטשעס, אָפּגע־טיילט מיט אַ שמאָלן און לאַנגן קאָרידאָר. אויף יעדער פּריטשע — אַ שטרוי־מאַטראַץ און אַ שטרוי־קישעלע. יעדער איינער פֿאַרנעמט אַ פּריטשע. מישע פֿאַרנעמט די דריטע גאָרנדיקע פּריטשע ביים סופֿיט. ווען אַלע זענען געוואָרן פֿאַרטיק מיט די פּריטשעס, זעט ער ס׳פֿאָרמירט זיך אַ לאַנגע ריי. מ׳זאָגט אים אַז דאָ שטייט מען נאָך קאָלדרעס. ער שטעלט זיך אין דער ריי. דאָס גייט צו זייער שנעל. געגומען אַ קאָלדרע און געגאַנגען ווייטער. אָט קומט זײַן ריי. ער זעט: דער פֿאַרוואַלטער פֿון דעם קאָלדרע־מאַגאַזין, אַ קליינער, אַ בלאָנדער, וואָס זײַן מויל פֿאַרמאַכט זיך ניט, רעדט כסדר ניבול־פּה. זײַנע קליינע אייגעלעך באַ־טראַכטן יעדן איינעם בעת ער גיט אים די קאָלדרע. אָט שטייט מישע פֿאַר אים. זײַנע אויגן מעסטן אים אָפּ פֿון קאָפּ ביז די פֿיס. מישע פֿילט אַז ער ווייסט שוין אַלץ וועגן אים, אַחוץ זײַן נאָמען. מיט דער אויסערגעוויינלעכער שנעלקייט פֿון אַ פֿיר־פֿיסיקער חיה ווערט ער פֿאַרשוואונדן אויף אַ מינוט און קומט צוריק מיט אַ קאָלדרע אין דער האַנט. ער שרייט אויס צו אים: „דאָ האָסטו אַ קאָלדרע!" מישע האָט ניט פֿאַרשטאַנען: — פֿאַר וואָס אַזאַ שפּרונג? פֿאַר וואָס האָבן ניט

געטויגט די קאָלדרעס פון דעם שטויס לעבן אים? — זיין קאָפּ איז געווען אַ ביסל צעמישט. אַ ניי אָרט, מיט נייע מענטשן. ער טראַכט אַ סך: וואָס וועט זיין זיין גורל אַצינד? ער האָט ניט געקענט טראַכטן צופיל וועגן דעם אַרום. ער האָט גענומען די קאָלדרע און אַוועקגעטראָגן צו זיין פּריטשע. ער האָט באַטראַכט נאָך אַ מאָל זיין פּריטשע און די פּריטשעס פון זיינע שכנים. זיין שכן פון דער אונטערשטער פּריטשע רעדט מיט אים וועגן וועטער. ער זאָגט אים אַז היינט וועט זיין אַ קאַלטע נאַכט. ער ווייזט אים אָן, אַז די באַראַקן זענען ניט פאַר ווינטער, נאָר פאַר זומער. אַלץ איז דאָ אָפן. אפילו די קאָלדרע איז ניט פאַר ווינטער. ער ווייזט אים די קאָלדרע וואָס ער האָט נאָר־וואָס געקראָגן; ניט קיין זייער גראָבע, אָבער אַ וואָלענע. ער וויל זען מישעס קאָלדרע. ער ווערט שטיל, פאַרלירט דאָס לשון, ווען ער באַטראַכט מישעס קאָלדרע. זי איז דין ווי אַ ליילעך. אַצינד האָט מישע פאַרשטאַנען דעם פאַרוואַלטערס שפּרינגען; ער האָט געגעבן דעם איד אַ „מציאה״: — נאַ און פריי זיך! — מישע האָט אָנגעהויבן בעסער צו פאַרשטיין די גלייכהייט אין ראַטן־פאַרבאַנד. אָבער מ׳טאָר ניט רעדן. מ׳דאַרף דאָס אַראָפּשלינגען. ס׳קען זיין נאָך ערגער.

מיט די דאָזיקע געדאַנקען שפּאַצירט מישע הין און צוריק אין דעם קאָרידאָר, די שאַרפע, שטעכיקע אויגן פון דעם מאַגאַזין־פאַרוואַלטער באַגעגנט ער ווידער. מישע זעט אַז דער פאַרוואַלטער האָט אים אַנטדעקט. ער קען שוין אים און זיין משפחה... זיין אידישע נשמה זאָגט אָן צו זיין פאַרזיכטיק מיט אים; ער האָט פיינט אַ איד...

שפּעטער, נאָך דעם ספּעקטאַקל פירט מען זיין גרופּע צו צעך נומ׳ 225. דאָס איז אַן אָפּטיילונג פון דעם גרויסן מיליטערישן זאַוואָד, „אוראַל־מאַש״. מ׳באַקאָנט זיי מיטן נאַטשאַלניק פון דער ערשטער אָפּטיילונג, „טאַוואַרישטש סאַמאַרין״. סאַמאַרין, אַ דאַרער און הויכער, אָן אַ שטיקל פלייש אויף זיך, זיין פּנים געשטופּלט, מיט אַ כיטרען קוק אין זיינע קעצישע אויגן, האָט אַלעמען שנעל באַטראַכט. ער רעדט זיך דורך מיט זיין באַלעבאָס, דעם „צעך־קאָם״. ער לייענט דורך אַלעמענס דאָקומענטן. איין דאָקומענט בלייבט אים איבער אין זיין האַנט. די רעשט פּאַפּירן גיט ער צוריק. ער רופט אויס מישעס נאָמען. אַ שטייפער, פּונקט ווי ער וואָלט אַראָפּגעשלונגען אַ שטעקן, שטייט ער לעבן אים און קלאַפּט אים אין דער פּלייצע: „אַזעלכער ווי דו איז מיר שטאַרק נויטיק. מיר דאַרפן מעכאַניקערס!״ מישען גייט דורך אַ קעלט דורך זיינע ביינער. ער זעט אַז מ׳האָט אים אויסגעקליבן פון דער גאַנצער גרופּע. די אַנדערע האָט מען געשיקט

# שטערן אין דער נאַכט

ווייטער איבער דעם צעך. ער איז דאָ געבליבן אַליין פון דער גאַנצער גרופּע. דער שטייפער סאַמאַרין איז זיין באַלעבאָס אַצינד. זיין געשטופּלט פּנים און קעציִשע אויגן וואַרפן אויף אים אַ שרעקלעכע מורא. ער וויל אים זאָגן: „טאָוואַרישטש סאַמארין, איך בין ניט קיין פולער מעכאַניקער. איך בין אַ העלפער פון אַ מעכאַניקער". אָט גייט ער צו. פּלוצלינג הערט ער, סאַמאַרין שרייט צום יונגן, בלאָנדן רוס באַשמאַקאָוו: „גיי ווייז אים די ערשטע אָפּעראַציע אויף דער בוי־מאַשין", באַשמאַקאָוו קומט צו אים מיט אַ שמייכל און באַקאַנט זיך מיט אים. שטיל גייט מישע אים נאָך. ער פירט אים צו אַ גרויסער בוי־מאַשין. מישע לייענט: „הערבערט", געבויט אין דייטשלאַנד. ווייזט אים אָן אויף אַ שווערע מאַסע אַלומיניום. ער קלערט אים אויף, אַז פון דעם רויען אַלומיניום ווערט אויסגעאַרבעט אַ „קאטער", דאָס הייסט: אַ קאַסטן (קאַראַפּקא) מיט צאָן־רעדער. אין דעם קאַסטן גייט אַריין דער גאַנצער מעכאַניזם פון דעם טאַנק 34, וואָס דאַרף ראַטעווען דעם ראַטן־פאַרבאַנד און די גאַנצע וועלט פון היטלערן. „פאַראַן צוויי אַזעלכע קאָרפּוסן, אַ רעכטער און אַ לינקער", רעדט זיך באַשמאַ־קאָוו געלאַסן. ער ציילט די ווערטער. אַלע מאָל פרעגט ער איבער: פאַרשטייסט וואָס דו דאַרפסט טאָן?" ער פאַרקאַטשעט זיך די אַרבל און ווייזט אים: „אין יעדן קאָרפּוס דאַרף מען אויסבויערן דרייסיק לעכער. שפּעטער אַרבעט מען אויס געווינטן און מ'מאָנטירט אַריין דעם מעכאַניזם. דאָס רופט זיך ,קאטער'. אין קורצן: דאָס מיינט — דער קאַסטן מיט די ציין־רעדער". באַשמאַקאָוו קלערט אים אויף ווייטער: „ דו זעסט? די גרויסע, מעכטיקע בוי־מאַשין? דו הערסט די געוואַלדן וואָס זי מאַכט? דאָס אַלץ מיינט גאָרניט. דער עיקר איז דער קליינער שטאָלענער בויער. ער טוט די אַרבעט. ווען דו צעברעכסט אַזאַ בויער, ביסטו אויף גרויסע צרות. מ'דאַרף אָנגעבן אַ באַריכט אין שריפט, פאַר וואָס ער איז צעבראָכן געוואָרן, און דער נאַטשאַלניק דאַרף אונטערשרייבן. די סיבה דערפון איז ווייל ס'איז שווער צו באַקומען אַזאַ בויער. די בויערס קומען פון אַמעריקע". ער ווייזט אים אויפן בויער קליינע ווערטער: יו. עס. איי. וואָס באַשטעטיקט זיינע ווערטער. „און גאַנץ באַזונדער דאַרפסטו וויסן אַז אַלומיניום איז אַ ווייכער מעטאַל. אויב אַ צעבראָכענער בויער בלייבט שטעקן, איז זייער שווער אַרויסצו־נעמען. מ'דאַרף אַ סך אַרבעטן אַרויסצונעמען די צעבראָכענע שטיקלעך. און אויב מ'קען ניט אַרויסנעמען, איז דער גאַנצער קאָרפּוס שמעלץ..."

נאָך דער לעקציע פרעגט ער מישען אויב ער וועט קענען אַרבעטן. „יאָ", ענטפערט ער, „איך בין גרייט". ער נעמט איבער די אַרבעט ווי אַ מענטש מיט

גרויס פּראַקטיק. ער פּאַרטיקט אויס איין „קאַטער", דעם לינקן, און נעמט זיך צו דעם רעכטן. באַשמאַקאָוו העלפט אים פאַרפעסטיקן דעם „קאַטער" אויף דער מאַשין. דער נאַטשאַלניק פון דער אָפּטיילונג, סאמארין, גייט דורך. מישע הערט דעם באַריכט, וואָס באַשמאַקאָוו גיט אים אָפּ: „ער איז אויסגעצייכנט". „דו האָסט אים געזאָגט אַלע כללים?" פרעגט סאמארין „יאָ", ענטפערט באַשמאַקאָוו, „איך האָב אים געזאָגט און ער ווייס". „דו זעסט? סאמארין איז ניט קיין דוראַק. איך האָב אים אויסגעקליבן, איינעם פון דער גאַנצער גרופּע, ווייל איך האָב געזען אין זיינע דאָקומענטן: ‚מעכאַניקער'. פאַרשטייי", זאָגט סאמארין, „מ'קען ניט מסכים זיין מיט זייער סיסטעם, איך מיין מיט די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, אָבער בעלי־מלאכות האָבן זיי זייער גוטע. דאָרטן, אַז איינער זאָגט אַז ער איז אַ מעכאַניקער, איז ער אַ מעכאַניקער, ניט אַזוי ווי דאָ ביי אונדז — יעדער איינער רופט זיך מעכאַניקער".

מיט אַ שמייכל באַווייזט ער זיך לעבן מישעס בוי־מאַשין. ער הייסט אים זיך אָפּרוען. ער פרעגט אים צי ער רייכערט. ער גיט אים אַ האַנטפול טאַבאַק און די „פּראַוודאַ", ער זאָל אָפּרייסן אַ שטיק פּאַפּיר און מאַכן אַ ציגן־פיסל. ער ווייזט אים ווי אַזוי צו וויקלען דעם סיגאַרעט...

דער טאַבאַק איז געווען ווי „שעצקע", געשניטן, אָבער זייער געשמאַק צו רייכערן. מישע האָט שטאַרק הנאה געהאַט. סאמארינס געשטופּלט פּנים און זיינע קעצישע אויגן האָבן זיך אַצינד געביטן. ער זעט ניט אויס אַזוי מגושמדיק און שטרענג. ער זעט אויס מילד, פריינדלעך, חבריש. הינטער אַ וואָלקן רויך, פון דעם שעצקע־טאַבאַק, זיצן זיי אַצינד אויף דעם ראַנד פון דער בוי־מאַשין, ווי צוויי גלייכע מענטשן און זיי שמועסן...

סאמארין פרעגט אים צי ער האָט אַ וואַרעמע פופייקע (קורטקע). ער גיט אים צו פאַרשטיין: ס'איז שוין אָקטאָבער. דער ווינטער איז ביי דער טיר. דאָ איז דער ווינטער זייער אַ קאַלטער. סווערדלאָווסק רעכנט זיך סיביר. מ'דאַרף זיין אָנגעטאָן וואַרעם. ווען זיין ענטפער איז אַז ער האָט ניט, זאָגט ער אים צו אַז ער וועט זיך באַמיען צו קריגן פאַר אים אַ פופייקע און וואַלינקעס. אין דעם שמועס קומט צו רייד וועגן די באַראַקן. סאמארין זאָגט אים, אַז פון די באַראַקן וועט ער ניט האָבן ווייט צו קומען אין זאַוואָד. דאָס איז אַ גרויסע מעלה אין ווינטער, ווען דער פראָסט איז שטאַרק. ער דערציילט אים אַז מ'האָט אים געגעבן אַ דינע קאָלדרע, ווי אַ ליילעך. לויט זיין מיינונג האָט מען אים געמאַכט פאַר אַן אויס־נאָם; די אַנדערע אין זיין גרופּע האָט מען געגעבן בעסערע קאָלדרעס. „אַזוי?

## שטערן אין דער נאַכט

דער מנוול, דער קרימינאַלניק!" צעשרייט זיך סאמארין. זיין פּנים צינדט זיך אָן ווי אַ פייער. איך וועל אים די גאָלדענע ציין מיט די באַקציינער אַרויסרייסן, דעם מאָסקאַל! זאָג מיר נאָר וואו איז דיין פּריטשע און נומער. איך וועל באַלד דאָס דערליידיקן. לויט זיין פונקציע, איז ער בלויז אַ היטער. וויל ער ווערן אַ באַלעבאָס. ער דאַרף האָבן דרך־ארץ פאַר אָן אַרבעטער!" שרייט סאמארין. מישע גיט אים זיין נומער פּריטשע. סאמארין גיט אים צו פאַרשטיין, אַז ס׳זענען דאָ מענטשן, וואָס קענען אָפּטאָן דאָס ערגסטע, אויב זיי ווייסן אַז עס וועט זיי אָפּ־גילטן ניט צו ווערן באַשטראָפט. אָבער אויב ער ווייס אַז ער קען קריגן אין די ציינער אַריין, האָט ער מורא...

דאָס איז געווען מישעס ערשטער שמועס מיט זיין נאַטשאַלניק סאמארין. ער האָט אים פאַרשטאַנען: אי ער קען זיין גראָב, אי ער קען זיין מענטשלעך און אַ פריינד. ווי אַ איד, דאַרף ער זיין דער בעסטער, צו ווייזן אַ ביישפּיל פאַר אַנדערע. מיט גרויס פלייס האָט מישע זיך גענומען צו דער אַרבעט, צו פאַר־שטיין און לערנען. ער האָט שטודירט יעדעס שרייפל פון דער בוי־מאַשין און פון דעם „קאטער". ער האָט אַלץ פאַרגעסן. זיין איינציקער ציל איז אַצינד צו פאַר־שטיין און קענען...

פון דעם ערשטן טאָג אַרבעט איז ער אַ מידער אַוועקגעפאַלן אויף זיין פּריטשע, אַ שטאַרק אויסגעשעפּטער. ניט געהערט דעם טומל וואָס זיין נאַט־שאַלניק סאמארין האָט געמאַכט צוליב אים. ער האָט ניט געפילט ווי מ׳טורשט אים די דינע קאָלדרע אויף אַ דיקע. סאמארין האָט פאַראַדירט מיט דער קאָלדרע. דאָס זידלען און שרייען וועקן אים אויף. סאמארין אַנטשולדיקט זיך פאַר דעם טומל, זאָגט אים נאָך אַ מאָל: „ס׳זענען דאָ מענטשן, אַז דו גיסט זיי ניט אין דער מאָרדע, קענען זיי טאָן דאָס ערגסטע..."

ס׳איז געווען דאָס יאָר 1943. די היטלעריסטישע חיילות, אומעטום וואו זיי שטעלן אַ פוס, זייען טויט און פאַרוויסטונג. אייראָפּע איז פאַרפּלייצט מיט דער דייטשישער פעסט. די וועגן און שטעגן פון פוילן און רוסלאַנד זענען דורכ־געזאַפּט מיט אידיש בלוט...

די היטלעריסטישע חיה ליגט שוין ביי די טויערן פון סטאַלינגראַד, אַ פאַר־וואונדעטע. ס׳זענען דאָ סימנים אַז מ׳יאָגט זי צוריק. אָבער דאָך לעבט זי נאָך און איז שטאַרק. „אונדזער ציל איז צו יאָגן דעם שונא ביז בערלין! פאַרניכטן דער־הרגענען, אומברענגען, אַז ס׳זאָל ניט בלייבן קיין שריד־ופליט!" אַזוי טוען

שרייען די ראַדיאָ־יהלכערס אין טאַנק־זאַוואָד, וואו מישע פּערצאָוויטש איז מאָבילייזירט. זיי רופן אַז יעדער איינער זאָל פאַרגרעסערן זיין נאַרמע און אַרויס־געבן אַ סך און גוט. מישעס אידישקייט און מענטשלעכקייט לאָזן אים ניט זיין פויל, אָדער שפּילן זיך, רוען, ווען קיינער זעט ניט. ניט מישע. ער ווייס זיין אויפגאַבע אין דער שרעקלעכער צייט, ווען מיליאָנען מענטשן גייען אָפּ אין בלוט, און זיין אידישע וועלט ברענט. ער פילט אויס זיין צייט מיט שווערער אַרבעט. קיין איין מינוט פון די 12 אַרבעטס־שעהן גייט ניט ביי אים לאיבוד. זיין גאַנצער כוח און שכל ליגן אַצינד אין די שרייפלעך פון דעם טאַנק 34, ער זאָל זיין גוט צו שלאָגן דעם שונא...

מישע קען דעם שונא. ער קען דעם פייער־אונטערצינדער. ער האָט די היטלעריסטישע חיה געזען ביים איינגעמען וואַרשע. ער קען ניט פאַרגעסן די אכזריותן וואָס ער האָט געזען באַלד ביי זייער אַריינקומען אין שטעטל. אָט גייט זיך אַ איד, ר׳ משה מגדל. מסתמא ווייס ער נאָך ניט וועגן דעם גרויסן אומ־גליק, אַז די דייטשן זענען שוין דאָ אין שטעטל. אָדער ער ווייס יאָ, אָבער וואָס קען ער טאָן? דאַוונען דאַרף מען, טאָקע ווייל ס׳איז אַ צרה. דאַוונען אידן. און ער גייט אַצינד צום אַמשינאָווער שטיבל, מיטן טלית און תפילין אונטערן אָרעם, דאַוונען. פלוצעם שרייט אַ דייטש: „האַלט! האַלט!״ ער האָט ניט באַלד דער־הערט. אין איין אויגן־בליק קומט אַ טראַך, און נאָך אַ מאָל: טראָך! ר׳ משה פאַלט ווי אַן אונטערגעזעגטער בוים. זיין טויט איז געקומען פלוצלינג, אומגעריכט. ער איז געוווען אָנגעשפּאַרט מיטן קאָפּ אין דער וואַנט פון אַמשינאָווער שטיבל. ער איז געוואָרן באַלד פאַרגליווערט און פאַרשטיינערט אין דער זעלבער פּאָזע, מיטן זעלבן אויסדרוק ווי ביים לעבן, נאָר מיטן קליינעם בלוט־סימן אויף דער לינקער שלייף, און דער טלית ביי זיין זייט, אויף דער ערד. מישעס יינגערער ברודער ברוך־מרדכי האָט דאָס געזען. איז ער געקומען אין שטוב, ווייס ווי קאַלך, ניט געקענט רעדן. ער איז אַרויף אויפן בוידעם און איז אַריין אין קוימען. בשום־אופן האָט מען ניט געקענט ווירקן אויף אים, אַז ער זאָל אַרויסקומען פון דאָרטן, ביז מ׳האָט אים געזאָגט: „מ׳יאָגט אַרויס די אידן פון שטעטל. מען טרייבט זיי צו דער רוסישער זייט. זיי זאָגן דאָס ניט. אָבער מען פאַרשטייט אַזוי. ,שוין פאַרלאָזן!׳ שרייען די דייטשן, ,אָדער דערשאָסן ווערן!׳ יעדער איינער כאַפּט עפּעס וואָס ער קען. מ׳כאַפּט עפּעס פון דעם האָב און גוטס און מען לויפט. מ׳האָט מורא זיך אומצוקוקן אויף צוריק...״

ברוך־מרדכי איז אַראָפּ פון בוידעם, גענומען אַ ליילעך, איינגעוויקלט אַ

## שטערן אין דער נאַכט

דעק און אַ קישן און צוגעבונדן דעם ליילעך אויף זיך, ווי להבדיל אַ איד אַ טלית, און געלאָפן. קיינער האָט אים ניט געקענט נאָכיאָגן...

מישעס געדאַנקען פליען אַצינד אַוועק ווייט פון דער בוי־מאַשין, וואו ער אַרבעט. ער גייט דורך נאָך אַ מאָל דעם וועג פון וואַרשע קיין ביאַליסטאָק. פאַר־מאַטערט, הונגעריק און דורשטיק, לויפט ער אַצינד פון וואַרשע. געווען ביי דער פאַרטיידיקונג פון וואַרשע. ווען וואַרשע איז געפאַלן, האָט ער באַשלאָסן צו לויפן אַהיים, געוואויר ווערן, וואָס הערט זיך אין דער היים, אין דעם קליינעם שטעטל. וואַרשע ליגט כמעט ווי אַ חורבה. די דייטשן כאַפן אויף אַרבעט. מיט פאַרשיידענע אומוועגן רייסט ער זיך אַרויס פון וואַרשע. די זיבעציק קילאָ־מעטער מאַכט ער אַדורך מיט פחד און אנגסט. די דייטשישע אַרמיי מאַרשירט איבער אַלע וועגן. אָן כוחות דערשלאָגט ער זיך צו זיין באַליבטן שטעטלדיקן וואַלד. אָט אָט וועט ער זיין אין דער היים, טרוימט ער. ער וועט זיך זען מיט דער מאַמען, שוועסטער, ברודער. ער גייט אויף דער סטעזשקע, וואָס איז אים גוט באַקאַנט פון זיינע פריסטע יאָרן. ער שפּאַנט מיט שנעלע טריט. ס׳זעט זיך שוין דער סוף פון וואַלד. באַלד וועט ער וויסן אַלץ. אָבער אָט זעט ער, זיין ברודער ברוך־מרדכי, מיט אַ פּאַק אויף זיינע פּלייצעס, און הינטער אים דאָס שטעטל אידן, גייט אים אַנטקעגן...

דאָס באַגעגענען זיך מיטן ברודער איז געווען אַזוי קאַלט, געפרוירן, אַז ער האָט אים פּשוט ניט דערקענט. דאָס איז דער זעלבער ברוך־מרדכי? ער רעדט גאָרניט. ער פרעגט גאָרניט. נאָר די ווערטער הערט ער פון אים: „קום! שטיי ניט! גיי ניט צוריק! זיי קענען שיסן!" „ברוך", פרעגט מישע, „וואו איז די מאַמע?" „קום!" הערט ער פון אים נאָך אַ מאָל די זעלבע ווערטער, „זיי גייען הינטער אונדז. מיר וועלן זיך שפּעטער פאַראייניקן. קום! גיי ניט צוריק!" מישע איז אָן מאַכט. ער האָט שוין צוויי טעג ניט טועם געווען אַ שטיקל ברויט. דאָס האַרץ חלשט אים. ער פרעגט: „אפשר האָסטו אַ שטיקל ברויט?" ברוך־מרדכי כאַפּט אַ בליק אויף זיין ברודער. ער זעט זיין שוואַרץ פאַרפינצטערט פּנים. ער הערט, ער בעט ביי אים אַ שטיקל ברויט. טרערן באַווייזן זיך אין זיינע בלויע אויגן. ער הייבט אָן עפּעס צו רעדן: „זיי זענען געשטאַנען מיט די ביקסן. מ׳האָט מורא געהאַט פאַרן לעבן. ס׳איז גראָד געווען ברויט אין שטוב. איך האָב געקענט נעמען, נאָר מ׳האָט מורא געהאַט. די מאַמע האָט אויך ניט גענומען. איך האָב בלויז גענומען די דעק מיטן קישן פאַר דער מאַמען. וואו מיר זאָלן ניט קומען ווען די נאַכט פאַלט צו, וועט זי האָבן אויף וואָס דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. מישע

מאַכט שלום מיטן געדאַנק אַז מ׳דאַרף גיין הונגעריק. און ער גייט לעבן זיין ברודער מיטן גאַנצן שטעטל. מישע וויל העלפן זיין ברודער טראָגן די דעק מיטן קישן. „גיב מיר אַ ביסל צו טראָגן", בעט ער זיך ביי אים. „ניין", זאָגט ברוך־מרדכי, „דו האָסט ניט געגעסן. דו האָסט ניט קיין כוח. אַחוץ דעם, די מאַמעס דעק איז אַ גרויסע מצווה צו טראָגן. לאָמיך האָבן די מצווה". מישע פרעגט נאָך אַ מאָל: „וואו איז די מאַמע?" „זי גייט, קום!" מישע זוכט דער מאַמען אין דעם עולם, אָבער ער קען זי ניט געפינען. ברוך־מרדכי זאָגט: „קום, מיר וועלן זיך פאַראייניקן שפּעטער".

זיי האָבן זיך טאַקע מיט איר פאַראייניקט אַ פּאָר וואָכן שפּעטער אין אַ שטעטל פּאָלאָצק, אין ווייס־רוסלאַנד. דאָרטן האָבן זיי זיך שוין געהאַט צו ביסלעך איינגעאָרדנט. מישע האָט געאַרבעט אויף דער אייזנבאַן. ברוך־מרדכי האָט געאַרבעט אין אַן אַרטעל. זיי האָבן שלום געמאַכט מיטן גורל. אַזוי איז עס. מ׳דאַרף דורכמאַכן נאָך אַ גלות, וואָס מ׳רופט רוסלאַנד. אָבער פּלוצלינג קומט אַ נייער „לך־לך". לויף פון דאַנען! דער דייטש יאָגט ווידער. ס׳איז דער 22־טער יוני, 1941. מישע איז פאַרזונקען אין די געדאַנקען וועגן זיין וועג ביז סווערד־לאָווסק. ער טראַכט וועגן זיין ברודער ברוך־מרדכי, ווי אַזוי ער האָט אים פאַר־לוירן. זיין געדאַנק שפּרינגט אַריבער צו דער מאַמען אין ווייערכנע־אוראַלסק. ער זעט די מאַמע אַליין אין דעם קליינעם צימער. זי זיצט פאַרזאָרגט, די טרערן זענען ביי איר שוין אויסגעטריקנט פון זאָרגן און בעטן אירע קינדער זאָלן ווערן באַשיצט און זיי זאָלן גיין אין די ריכטיקע וועגן. ער איז אַריינגעפאַלן אין אַ נעץ פון געדאַנקען, וואָס רייסן פון אים שטיקער. ער האָט גאָרניט באַמערקט ווי דער מאָטאָר פון דער בוי־מאַשין האָט אָנגעהויבן צו רויכערן. „אוי!" קומט אַן אינער־לעכער געשריי, „דער מאָטאָר ברענט!" ער זעט אַ פייער. שנעל, מיט גרויס געניטשאַפט פון אַ בעל־מלאכה, פאַרמאַכט ער די עלעקטרישע קראַפט. שפּעטער גיסט ער אַ סך נאַפט וואו מ׳דאַרף, און דער מאָטאָר אַרבעט ווידער...

נאָך דער געשעעניש באַשליסט מישע ניט מער צוצולאָזן זייטיקע גע־דאַנקען אין קאָפּ אַריין. ס׳איז ניט גוט. עס קען זיין גאָר געפערלעך. ווען זיין נאַטשאַלניק סאַמארין זאָל דאָס וויסן, וואָלט ער פאַרשוואונדן אַזוי ווי אַנדערע צענדליקער מענטשן, וואָס האָבן דאָ געאַרבעט און זענען פאַרשוואונדן אָן אַ שפּור. ס׳דערמאָנט זיך אים באַשמאַקאָוו, אַ וואוילער מענטש, ניט געהאַט קיינע פאָראורטיילן וועגן מענטשן, געאַרבעט שווער און גוט. געהאַט מיט סאַמארינען אַ דורכרייד און באַלד פאַרשוואונדן. ניטאָ מער באַשמאַקאָוו. מ׳ווייס ניט וואו,

ווער, וואָס. דעם זעלביקן גזר־דין האָט געטיילט דער שווערער אַרבעטער פּיעטראָוו. אַוועק אין דער אייביקייט פֿאַר אַ וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט סאַמארינען. סאַמארין האָט דאָס וואָרט ניט געקאָנט פֿאַרדייען. אויפֿן צעטל האָט מישע אַ סך, נאָר ספּעציעל די מענטשן, פּיעטראָוו און באַשמאַקאָוו, קען ער ניט פֿאַרגעסן, ווייל ער האָט געאַרבעט מיט זיי האַנט אין האַנט, געלערנט פֿון זיי. אָבער פֿאַר סאַמאַרינען מיינט אַ מענטש גאָרניט. אַ וואונק אין די הויכע פֿענצטער איז גענוג, און דו זעסט אים ניט מער. איין חבר זיינעם טאָלערירט סאַמארין. דאָס איז כאַלכאָוו, זיין חבר פֿון פֿלעשל. סאַמארין איז אַ געפּער־לעכער טרינקער. כאָלכאָוו העלפֿט אים אַרויס אויף דעם געביט. טאַקע כאַלכאָוון האָט מישע געפֿרעגט: „וואו איז פּיעטראָוו? מ׳זעט אים ניט. ער איז קראַנק?" „ניין", זאָגט כאָלכאָוו, „מ׳האָט אים אַרעסטירט". „פֿאַר וואָס?" וויל מישע וויסן. „ער האָט עפּעס געזאָגט סאַמאַרינען". אין עטלעכע טעג אַרום קומט כאָלכאָוו און דערציילט מישען, אַז פּיעטראָוו איז געשטאָרבן, ניט געקענט אויסהאַלטן דעם רעזשים אין טורמע. דעם חשבון־הנפש האָט מישע געהאַט נאָך דעם פֿייער. סאַמארין איז ניט געווען אין זאַוואָד. ער האָט דאָס ניט געזען. ניט אַנדערש נאָר גוטע מלאכים שטעלן זיך איין פֿאַר אים, אָדער דער מאַמעס געבעט...

סאַמארין האָט וועגן דעם רויך און פֿייער ניט געוואוסט. קיינער האָט אים ניט דערציילט. אָבער ער לאָזט מישען ניט לעבן. אויף יעדער קלייניקייט האָט ער געשפּיגן מיט ווערעם. אָט מאַכט זיך, מישע צעברעכט אַ בויער. סאַמארין הערט דעם טראַסק. ער איז דאָ ביי דער מאַשין. זיין ווערעמדיק מויל גייט אויף שרויפֿן. סאַמארין לאָזט ניט מישען גיין אַהיים רוען. נאָך זיין נאַכטיקן שיכט פֿון 12 שעה, האָט ער געמוזט שטיין שעהן לאַנג און מיט גרויס פֿאַכמענישקייט אַרויסשלעפֿן פֿון דעם „קאַטער" די צעבראָכענע שטיקלעך פֿון דעם בויער...

געווען צייטן ווען מישע האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר סאַמארינען. ניט געקוקט אויף דער שווערער אַרבעט, איז מישע געווען שטאָלץ ביי זיך, ווייל ער האָט געפֿילט אַז קיינער קען אים ניט פֿאַרטרעטן. אפֿילו דער פֿלעשל־חבר פֿון סאַמארינען, כאָלכאָוו, האָט געדאַרפֿט אָנקומען צו אים. ווען ער האָט צעבראָכן דעם בויער, אָדער געדאַרפֿט טאָן אַ קאָמפּליצירטע אַרבעט, האָט ער געפֿרעגט אַן עצה ביי מישען. ער האָט געוואוסט אַז מ׳דאַרף אים. סאַמארין וועט זיך ניט קענען באַגיין אָן אים. האָט זיך מישע דערלויבט אפֿילו אַ הויך וואָרט צו רעדן, מעשה גרויסער פֿאַכמאַן. ער האָט געטראַכט: פֿאַר אַ בעל־מלאכה האָט מען דרך־ארץ אויף דער גאַנצער וועלט, אפֿילו אין רוסלאַנד...

אָבער דער פּאַל מיטן פייער האָט מישען ווי אויפגעוועקט... „זיי ניט אַזוי שטאָלץ ביי זיך. גרעסערע קענערס פון דיר זענען דאָ אויסגעטריקנט געוואָרן און ס׳איז ניטאָ קיין זכר פון זיי. געדענקן!״ רעדט מישע צו זיך. „דו ביסט ניט אין גערער שטיבל, מיט אנשי־שלומנו, נאָר מיט אַ באַנדיט סאמארין, וואָס ווייס ניט וועגן יושר און רחמנות. דיין לעבן ליגט אין זיינע הענט. און באַזונדער געדענק, מישע, אויף דעם טאַנק 34 קוקט מען פון די גאָר הויכע פענצטער. ער איז דער בעסטער וואָפן אויפן פראָנט״. דער חשבון־הנפש האָט געפירט מישען אויף אַנדערע וועגן...

פון מישעס הענט איז אַרויסגעקומען די בעסטע אַרבעט, ער איז געוואָרן באַוואוסט אין זאַוואָד און אויסער דעם זאַוואָד. דער „אוראל מאש״ בולעטין האָט געשריבן וועגן מישען אַז ער איז אַ סטאַכאַנאָוויעץ, אַן אַרבעטער פון ערשטן גראַד. אַ פּלאַקאַט מיט קידוש־לבנה־אותיותביים אַריינגאַנג צו לענינסקי גאַס נומ. 50 האָט אָנגעזאָגט: „מיר באַגריסן דעם חבר מישע פערעצאָוויטש! ער פירט אויס דעם פּלאַן אויף 250 פּראָצענט״. אַזוי האָט מישעס שטערן געלויכטן גאָר ווייט. ער איז געגאַנגען אַלץ העכער און העכער אויפן לייטער.

קיין אָפּרו האָט מען ניט געגעבן. מען האָט כסדר געפאָדערט „דאַווייַ!״ (גיב!), ווען מישע האָט אויסגעפאַרטיקט פינף „קאטערס״ אין זיין שיכט, האָט מען פאַרלאַנגט מער. האָט ער אויסגעפאַרטיקט זעקס, האָט מען געפאָדערט מער. קיין אָפּרו איז ניט געווען. סאמארינען האָט מען אַלע מאָל גערופן צו אַ מיטינג אין די הויכע פענצטער. מ׳האָט געשריגן צו אים: „דאַווייַ!״ ווען סאמארין האָט זיך באַוויזן נאָך אַזאַ מיטינג, איז ער געווען ווילד, משוגע, געוואָרן ווי אַ חיה. ס׳איז געווען אוממעגלעך צו רעדן צו אים. ער גיט מישען אַן אויפגאַבע: היינט זיבן „קאַטערס״! דאָס מיינט: זיבן טאַנקען! מישע נעמט אָן די אויפגאַבע רואיק. אַכט אין דער פרי זענען געשטאַנען זיבן „קאטערס״ אויסגעשטעלט ווי סאָלדאַטן. מישע האָט געקלעטערט העכער און העכער. ס׳האָט ניט געקענט זיין קיין אָפּרו, ווייל ס׳איז דאָס יאָר 1943. דער פראָנט פאָדערט און מישע פאַר־שטייט זיין אויפגאַבע. ווי אַ איד האָט ער זיך איינגעשפּאַנט אין דעם שווערן וואָגן און ער שלעפּט. סאמארין שטייט מיט דער בייטש און טרייבט אַלעמען. ער שרעקט יעדן מיט טורמע. ער טיילט איין יאָרן, איינעם אַכט, איינעם צען, און אַנדערע — אייביקע טורמע. אַזוי וואַרפט ער אָן אַ פּחד אויף יעדן איינעם. פאַר יעדן קליינעם אָפּנייג דראָט ער מיט יאָרן טורמע. פאַר זיין שפּעט („פּראָגול״) דראָט „יאָרן״. טורמע איז געווען אַ גוטע בייטש, פאַר וועלכער יעדער איינער

# שטערן אין דער נאַכט

האָט מורא געהאַט. אָבער מורא און פחד שאַפן ניט ביים מענטש אַ ווילן צו בויען און שאַפן. ס׳איז גורם אין אַ געוויסער מאָס דאָס פאַרקערטע. צו צעברעכן און פאַרניכטן דעם מענטשן — דאָס יאָ, אָבער ניט צו בויען אַ 34־טאַנק, וואָס פאָדערט גרויס פאַכמענישקייט. דער צעך 225 איז הינטערשטעליק. מ׳גיט ניט אַרויס געהעריג טאַנק־טיילן. און דער פראָנט פאָדערט. דער פראָנט שלינגט איין מער און מער, אַ סך מער ווי מען פּראָדוצירט...

„יאָגן און איבעריאָגן!״ אַזוי שרייען אַראָפּ די פּלאַקאַטן פון די ווענט. זיי רופן אַרויסצוגעבן „אַ סך און גוט״, קאַליטשעסטוואָ און קאָטשעסטוואָ (כמות און איכות). מ׳זוכט וועגן ווי אַזוי צו פאַרגרעסערן די פּראָדוקציע. מען אַגיטירט, מ׳רוקט אַרויס אין די פראָנט־רייען העלדן, סטאַכאַנאָווצעס. מ׳גיט זיי מעדאַלן. מ׳שרייבט וועגן זיי אין די בולעטינען. אָבער די פּראָדוקציע גייט זייער פּאַ־מעלעך...

האָט די אָנפירערשאַפט אָנגעהויבן אַרויסצוגעבן טאַלאָנען אויף זופּ. יעדער אַרבעטער האָט געקענט קריגן אַ צוגאָב־זופּ, וואָס איז באַשטאַנען פון אַ קרויט־באַלאַנדע מיט אַ פּאָר לאָקשן וואָס שווימען אַרום. צו די 800 גראַם ברויט האָט מען צוגעגעבן נאָך אַ 100 גראַם ברויט. מ׳האָט געטיילט פּאָפּייקעס און וואַטיליקעס. מ׳האָט געשאַפן אַ היגיענישע קאָמיסיע, וואָס האָט קאָנטראָלירט ריינקייט אין די באַראַקן, אונטערזוכט יעדן איינעם, צי ער איז דורכגעגאַנגען אַ „סאַניטאַרניא אָבראַבאָטקא״. אַ סך האָבן געליטן פון דער דריטער מכה, „כינים״, האָט מען געדאַרפט אויספּאַרען גוט די מלבושים אין אַ באָד. די נאָטשאַלניקעס, אויפזעערס, האָבן געקראָגן לעדערנע מאַנטלען, געשיקט פון דער אַמערי־קאַנער אַרבעטערשאַפט, און פלעשלעך וואָדקע...

סאַמארין און זיין פלעשל־פריינד כאַכלאָוו האָבן אויפגעלעבט. איין קליי־ניקייט! מ׳גיט וואָדקע. סאַמארין איז דער וואָס דאַרף זאָגן, ווער ס׳זאָל קריגן וואָדקע. ער ווייזט אָן אויף זיין פריינד כאַכלאָוון, און כאַכלאָוו האָט געגעבן צוריק סאַמארינען. הכלל, ס׳איז דאָ צו געבן אַ זיפּ...

נאָכן אויסזיפּן אַזאַ פלעשל הינטער דער וואַנט פון בית־הכסא, איז כאַכלאָוו געקומען אַ שווייגער, אָן לשון. נאָר ער האָט געהאַלטן אין איין צעברעכן געווינטן, בויערס. דאַקעגן סאַמארין האָט גערעדט אַ סך, געשריגן געשאָלטן, געשריגן מיט גלעזערנע אויגן: „דאַווײ, ראַבאָטײי!״ אָבער פון דעם איז די פּראָ־דוקציע ניט געגאַנגען פאָרויס. ס׳האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז מ׳האָט זיך געיאָגט נאָך דעם טאַלאָן, נאָך די 100 גראַם ברויט, אָדער נאָך וואָדקע. מ׳האָט

פּראָדוצירט גאָר אַ סך, גאַנצע בערג מיט טיילן, וואָס האָבן ניט געקענט דורכ־גיין דעם קאָנטראָל: זיי האָבן ניט אויסגעהאַלטן דעם „בלו־פּרינט".

אַט שטייט סאמארין מיטן קאָנטראָלער, אַ יונג אידיש מיידל פון מאָסקווע, אַ קאָמסאָמאָלקע, און ער בעט איר: „דאַוויי, סאַראָטשקא, שטעל דעם שטעמפּל!" אָבער סארא זאָגט: „איך קען ניט! ס׳האַלט ניט אויס די מאָס. איך האָב מורא. דו ווילסטו אַז מ׳זאָל מיך פאַרשיקן צו די ווייסע בערן!" זאָגט זי שאַרף און הויך. אָבער סאמארין שטייט ניט אָפּ. ער בעט: „סאראטשקא, טו מיר אַ טובה!" ער חנפעט איר. אָבער סארא וויל ניט. זי זאָגט אַז זי האָט מורא. דער „קאטער" טויג ניט. סאמאַרין שטייט דווקא צו. ער בעט זי זאָל דורכלאָזן. ער פאַרזיכערט איר, אַז ער איז פאַראַנטוואָרטלעך. ער גייט אַרויס פון זיין געוואוינהייט. ער איז ניט מער דער אָנגעבלאָזענער, שטייפער סאמארין. ער בייגט זיך אַראָפּ צו דער קליינער סארא. ער באַמיט זיך מיט שווערקייטן אַרויסצוברענגען אַ שמייכל אויף זיינע ליפּן. ער רעדט אַצינד ווי אַן „אוטשאָני טשעלאָוועק" (אַ געלערנ־טער מענטש), איידל, אינטעליגענט. ער ווייזט אַז ער איז ניט אַזאַ גראָבער יונג ווי ער זעט אויס מיט זיין געשטופּלט פּנים. ער פאַרשטייט אויך אַ „בלו־פּרינט", ער פאַרשטייט דעם בוי פון טאַנק 34.

סארא באַראָט זיך מיטן גרויסן קאָנטראָלער, איר באַלעבאָס, וואָס איז ספּעציעל געשיקט געוואָרן פון דער רויטער אַרמיי. זי לאָזט אים דעצידירן. פאַר אים האָט סאמארין שטאַרק דרך־ארץ. ער שטייט שטיל און רעדט ניט קיין וואָרט. מ׳וואַרט אויף זיין באַשלוס. ווען דער אַרמיי־קאָנטראָלער באַשטעטיקט דאָס זעלבע וואָס סארא: „דער קאטער איז שמעלץ", הייסט ער, אַ רעזיג־נירטער, זיין פריינט כאַכלאָוו אַרויסוואַרפן דעם „קאטער" אויפן באַרג שמעלץ. אַזוי ווערט דער באַרג שמעלץ גרעסער און גרעסער פון טאָג צו טאָג...

די הויכע לייט פון דער אָנפירערשאַפט, מיט דעם לענינגראַדער איד באַיארסקי בראש, האָבן געזען דעם באַרג שמעלץ. גרויסע שישקעס מיט לעדערנע מאַנטלען זענען טאָג טעגלעך געקומען אין שליחות פון „אוראל מאש זאַוואָד" צו קאָנטראָלירן די אַרבעט פון דעם צעך 225. מ׳אַרבעט דאָך אויס וויכטיקע טיילן פאַרן טאַנק 34, וואָס די גאַנצע וועלט וואַרט אויף זיין הילף. צווישן די גרויסע געסט מיט די לאַנגע לעדערנע מאַנטלען זענען געווען גרויסע קעפּ, אינזשענירן, גרויסע פאַכמענער, די גרעסטע וואָס רוסלאַנד האָט פאַר־מאָגט. זיי זענען געקומען קוקן, געבן עצות, און יעדערער האָט זיך געפרעגט און געוואונדערט אויפן באַרג שמעלץ. „וואָס איז דאָס? וואָס וועט זיין פון דעם

באַרג?״ האָבן זיי אַלע געפרעגט. און דער ענטפער איז געווען: „סאמארין ווייס. ער איז דאָך דער נאַטשאַלניק פון דער אָפּטיילונג״.

סאמארינען האָבן די פראַגעס געשטאָכן ווי שפּיזן. ער האָט פאַרשטאַנען אַז היינט אָדער מאָרגן וועט ער דאַרפן אָפּגעבן אַ דין־וחשבון פאַר יעדן טייל אין דעם באַרג. אָבער וואָס קען ער טאָן? ער קען ניט נעמען די טיילן און וואַרפן זיי אין ים אַריין. אין זיין קעשענע זיכער ניט. ס׳איז שוין אַ באַרג, וואָס דערגרייכט ביז צום סופיט. וואָס קען ער טאָן מיט די „קאטערס?״ ער קען זיי ניט אַוועק־וואַרפן, ווי ער וואַרפט אַוועק אַ ליידיק פלעשל אין בית־הכסא. יעדער „קאטער״ וועגט צוויי הונדערט פונט. ער קען זיך ניט העלפן. דער באַרג שמעלץ מוז אַזוי ליגן דאָרטן, אַלע זאָלן זען און פרעגן פראַגעס. און ער אַליין קען אויך ניט אַנט־לויפן. ער איז דאָ מאָביליזירט צו טאָן זיין אויפגאַבע, ווי אַ סאָלדאַט אויפן פראָנט. ער איז פאַראַנטוואָרטלעך מיט זיין קאָפּ. ער טראָגט דאָך אַ פּאַרטיי־קאַרטע אין זיין בוזעם־קעשענע. ער האָט פאַרשטאַנען אַז דער טאָג פון חשבון איז נאָענט, ווייל דער באַרג ווערט גרעסער און גרעסער. ס׳איז ניטאָ וואו צו וואַרפן מער. ער פילט אַז ער האָט אַ גרויס געשוויר אויף דער פּלייצע. וואָס העכער דאָס געשוויר הייבט זיך, אַלץ מער זיכער איז ער, אַז אָט אָט קומט אימעצער פון די הויכע לייט און טוט אַ קליינעם שניט, און דאָס גאַנצע געשוויר פּלאַצט. דאָן איז ניט גוט. דער שניט פון אַ צווייטן קען שטאַרק וויי טאָן. באַ־שליסט סאמארין, אַז ס׳איז בעסער ער אַליין זאָל זיין דער עפענער פון געשוויר. אַז ער אַליין וועט אויפשניידן דאָס געשוויר, וועט עס פּלאַצן און ניט גורם זיין קיין צרות. אַרויסדרייען זיך פון דעם וועט דער איד באַיאַרסקי ניט לאָזן. בכדי אָנצוהייבן עפּעס צו טאָן באַצייטנס, מוז ער געפינען אַ שולדיקן, און ער געפינט, ניט זוכנדיק לאַנג: מישע. אָט שטייען צוויי „קאטערס״ פון זיין אַרבעט, פון איין שיכט. דער קאָנטראָל לאָזט זיי ניט דורך, ער סאַבאָטאַזשירט לעצטנס. ער איז מער ניט דער זעלבער סטאַכאַנאָוויעץ, ווי געווען, נאָר אַ שונא פון פאָלק.

סאמארין רייבט די הענט פון דעם איינפאַל. ער האָט געפונען אַ קרבן פאַר זיין ציל. מיט דעם איינפאַל שפּאַצירט סאמארין הין און צוריק אין דער אָפּטיילונג. ער באַגעגנט כאָכלאָוון. „גיב צו פאַרדרייען אַ סיגאַרעט!״ שרייט ער אויס אין אַ פריילעכן טאָן צו זיין פריינד, פונקט ווי נאָכן איבערדרייען עטלעכע כוסות. כאָכלאָוו נעמט זיך צייט. ער זוכט אין אַלע קעשענעס צו געפינען דעם טאַבאַק. סאמארין האָט ניט קיין געדולד. ער שעלט. „פאַר וואָס דויערט אַזוי לאַנג?״ פרעגט ער. „וואַרט, צום טייוול!״ ענטפערט כאָכלאָוו. „איך וויל אויך

פאַררויכערן".ביידע פריינד שטייען אַצינד און רויכערן. סאמארין אַנטפּלעקט דעם סוד צו זיין פריינד: „אין עטלעכע טעג אַרום וועסטו דיין פאַרטרעטער מישען ניט זען דאָ". כאַכלאָוו שפּייט אויס און קלאַפּט סאמארינען אין פּלייצע: „פּראווילנאָ, בראַטאָק! (ריכטיק, ברודער!)"

פון אַלע אָפּטיילונגען גייען „נאַטשאַלסטוואָ" צו דעם מיטינג־צימער, וואָס געפינט זיך לעבן דעם ביוראָ, מיטן הויפּט נאַטשאַלניק פון צעך, באָיאַרסקי. סאמארין, דער נאַטשאַלניק פון דער ערשטער אָפּטיילונג, איז היינט געוועזן דער ערשטער ביי דער מיטינג. ער האָט עפּעס וויכטיקס צו מעלדן. אַזוי, צו אַ געוועינליכן מיטינג, יאָגט ער זיך ניט. ס'איז ניט פאַר אים אויסצוהערן רעפּאָרטן פון פּראָגנט. ער פאַרשטייט דאָס ניט. און בפרט האָט ער ניט ליב אָנצוקוקן דעם איד באָיאַרסקי מיט די אויגן־גלעזער (ווי ער רופט אים), וואָס פירט דעם פּאַרזיץ. ער האָט דאַרטן ניט זיינע מענטשן. סאמארין מיינט אַז אַלע זענען דאָרטן אידן, און מיט אידן מוז ער זיך נייטן צו שמייכלען און רעדן ווי אַן אינטעליגענט. ער קען ניט רעדן דאָרטן ווי ער רעדט צו זיין פריינד כאַכלאָוו. אָבער היינט האָט סאמארין געקוקט אויפן זייגער אַז ער זאָל ניט זיין שפּעט. ער איז אַריין און פאַרנומען אַן אָרט לעבן פאַרזיצער באָיאַרסקי. סאמארין איז היינט אויפגעלייגט. ער שמייכלט, ווייזט זיינע געלע ציין. ער איז היינט דער ערשטער אָפּצוגעבן אַ באַריכט. סאמארין שטעלט זיך אויף און זאָגט: „טאָווארישטשי (חברים)! איך וויל אייך זאָגן אַז איך האָב אַ גרויסע פּראָבלעם מיטן אַרבעטער מישע פערעצאָוויטש". עס קומט אַ צווישן־רוף: „מישע פערעצאָוויטש? ער איז דאָך פון די בעסטע אַרבעטער!" „געוועזן, ניט מער", ענטפערט סאמארין. „ער איז אַ סאַבאָטאַזשניק! ער צעבראָכט און צעשטערט טיילן! אָט האָט איר צוויי ,קאטערס' וואָס פאַסן זיך ניט. זיי זענען פון זיין שיכט און פון זיין אַרבעט. זיי טויגן ניט. מ'מוז די ,קאטערס' אַרויסוואַרפן אויפן באַרג שמעלץ, אַזוי ווי מ'האָט געטאָן מיט די אַנדערע טיילן פון זיין אַרבעט. ער איז ניט מער דער זעלבער מישע פערעצאָוויטש, דער סטאכאַנאָוויעץ, ווי געווען. נאָך יעדער אַרבעט לאָזט ער איבער אַ באַרג מיט בראָכוואַרג, וואָס טויג צו גאָרניט און מ'דאַרף עס וואַרפן אויף שמעלץ. ס'האָט זיך אָנגעזאַמלט אַ באַרג, אַז ס'איז שוין ניטאָ וואו צו וואַרפן. טאָוואַרישטשי! אפשר ווייסט איר וואָס צו טאָן מיט די דעפעקטיווע טיילן? איך ווייס ניט".

מ'לאָזט אים ניט ענדיקן. „זאָל אַ צווייטער פאַרנעמען זיין אָרט!" קומט אַן אויסגעשריי פון צעך־נאַטשאַלניק באָיאַרסקי. „איך וואָלט געוואָלט רעדן מיט

# שטערן אין דער נאַכט

אים״, זאָגט אין אַ מער רואיקן טאָן, דער „צעך־קאָם״ וואָלאַסאָוו. „יאָ״, איז מסכים דער נאַטשאַלניק פון דער צווייטער אָפּטיילונג, טאַלמאַטשאָוו. „ער דאַרף האָבן די רעכט צו ווערן אויסגעהערט, ווייל ס׳איז געווען אַ צייט ווען ער איז געווען דער בעסטער אַרבעטער״. דער צעך־נאַטשאַלניק באַיאַרסקי איז דער מכריע. ער זאָגט שנעל און שאַרף: „מיר דאַרפן אים אויסהערן, איידער מ׳גיט אים איבער צו דער ען־קאַ־ווע־דע. די גרעסטע פאַרברעכער מוז מען אויסהערן״.

נאָך דער מיטינג איז סאַמאַרין געווען נאָר מיט זיך אַליין, געשפּאַנט היין און צוריק אין דער אָפּטיילונג, מיט קיינעם אַ וואָרט ניט אַרויסגערעדט. ער רעדט ניט מיט קאָלעגעס, ער שרייט ניט, גיט ניט קיין באַפעלן. זיין מויל איז פאַר־מאַכט. אָבער דער געדאַנק אַרבעט. ער טראַכט ווער זאָל פאַרנעמען מישעס אָרט ביי דער בוי־מאַשין. אָט שטעלט ער זיך אָפּ לעבן מישען. מישע איז איינגעבויגן איבער איינעם פון די צוויי „קאַטערס״ מיט אַ שטאַרקן בלאָזער אין איין האַנט און אַ לייכט העמערל איז דער צווייטער האַנט. געבלאָזן און געקלאַפּט, כדי אַרויסצונעמען די שפּילטערס פון בויער, וואָס האָט זיך איינגעגעסן אין דעם אלומיניום־קאָרפּוס. צוליב דעם טאַקע וויל ניט דער קאָנטראָלער דורכלאָזן צו דעם מאָנטאַזש־פּונקט. דער אַנדערער „קאַטער״ איז אויך פאַרהאַלטן געוואָרן צוליב אַזאַ סיבה. די בויערס זענען ניט פון קיין גוטן שטאָל. זיי קרישלען זיך. און מישע האָט אַ סך צרות ביי דער אַרבעט. דער איינציקער געבעט איז אַז די בויערס זאָלן זיך ביי אים ניט צעברעכן. אָבער ווי פאָרזיכטיק ער איז מיט די בויערס, מוז ער צעברעכן איינעם אָדער צוויי אין אַ שיכט. יעדער צעבראָ־כענער בויער קאָסט אים אַ שטיק לעבן. אַזוי ווי ער הערט דעם טראַסק, הייבט ביי אים אָן צו גיין דאָס האַרץ ווי ביי אַ גזלן. מישע ווייס דעם פּועל־יוצא פון אַזאַ צעברעכן. ער מוז גיין צו סאַמאַרינען. מ׳דאַרף שרייבן אַ ביטע צו נאַטשאַל־סטוואָ, און סאַמאַרין דאַרף באַשטעטיקן מיט זיין חתימה די סיבה פון צעברעכן. און דאָס גייט ניט ביי סאַמאַרינען אָן קללות. אַדורכצוגיין דעם ספּעקטאָל איז פאַר מישען אַ שרעקלעכע איבערלעבונג. אָבער וואָס זאָל ער טאָן? אַרבעטן מוז ער. ער איז דאָך מאָביליזירט. בעט ער סאַמאַרינען, אַז ער זאָל אים געבן בעסערע בויערס פון שטאַרקן שטאָל, זיי זאָלן זיך ניט צעברעכן. ווען סאַמאַרין הערט נאָר אַז דער בויער טויג ניט, ווערט ער מלא־חימה. ער גלייבט ניט אַז דער בויער קרישלט זיך, דער שטאָל איז ניט גוט. סאַמאַרין שרייט: „דיינע הענט טויגן ניט! דו ווילסט ניט אַרבעטן. זוכסט תרוצים, סוואָלאַטש (מנוול) איינער! געדענק ביי מיר וועסטו פאַרפוילט ווערן אין טורמע!״ ער שעלט אַזוי לאַנג, אַז

מישע האָט שוין חרטה וואָס ער האָט אים געזאָגט וועגן אַ בעסערן בויער פון גוטן שטאָל. זיין פריינד כאָכלאָוו האָט ער שטענדיק באַזאָרגט מיט גוטע בויערס, וואָס האָבן זיך ניט געקרישלט, פון גוטן שטאָל, אַמעריקאַנער בויערס מיטן צייכן „יו־עס־איי".

ער זעט ווי מישע שטייט ביי די „קאַטערס", רייניקט, קלאַפּט. ער וויל מעגלעך מאַכן אַז די צוויי „קאַטערס" זאָלן דורכגיין צו דעם מאַנטאַזש־פּונקט. מ'טאָר זיי ניט לאָזן גיין אויף שמעלץ. טראַכט סאַמארין: „אויב מישע דער־גרייכט דאָס, וועט אומפאַלן מיין גאַנצער בנין, און איך וועל זיין אַליין אויף גרויסע צרות פאַר אויסטראַכטן אַזאַ בילבול אויף מישען. ער האָט אַ סך פריינד. טאָלמאַטשאָוו און וולאסאוו האָבן אים געלויבט אויפן מיטינג. זיי האָבן גע־פרעגט פראַגעס. אַצינד, אויב די צוויי ,קאַטערס' גייען דורך צו מאָנטאַזש, וועלן זיי זיכער זאָגן אַז איך בין אַ ליגנער". ניין, ער טאָר דאָס ניט דערלאָזן! אַ וויל־דער, פונקט ווי אַ הונט וואָס רייסט זיך אָפּ פון אַ קייט, שרייט סאַמארין צו מישען: „דאַוויי, ראַבאָטייי!" און מיטן פוס קאָפּעט ער אַוועק די צוויי „קאַטערס" און ווייזט אָן זיין פריינד כאָכלאָוו מיטן פינגער וואו זיי באַלאַנגען — צום באַרג שמעלץ. און ער זאָגט אים אַז ער זאָל זיי טאָן זייער רעכט, באַגראָבן די „קאַטערס" אויפן באַרג. „דאָס איז בראָכוואַרג, ניט קיין סחורה", זאָגט ער צו כאָכלאָוון. מישע, אַן עקשן, וויל ניט נאָכגעבן. ער וויל ראַטעווען די צוויי „קאַטערס", בעט זיך ביי סאַמארינען: „לאָמיך, טאָוואַרישטש סאַמארין, אויס־רייניקן — און די צוויי ,קאַטערס' וועלן דורכגיין צו דעם מאָנטאַזש־פּונקט. איך קען. דו אַליין ווייסט דאָס. איך טו דאָס כסדר. איך וועל עס מאַכן אויסגע־צייכנט. לאָמיך!" „ניין!" שרייט ער ווי אַ ווילדער אָקס. „טו וואָס איך הייס דיר! אַרבעט! דאַוויי, ראַבאָטייי!"

סאַמארין פאַרדרייט איין מאַכאָרקע־סיגאַרעט נאָכן צווייטן. ער לויפט ניט אַרום געבנדיק באַפעלן, ווי שטענדיק. זיין קאָפּ איז פאַרנומען. ער טראַכט. ער רעדט ניט מיט זיינע חברים. ער מיידט אויס מענטשן. ער גייט ביי די ווינקלען. ער וויל זיין מיט זיך אַליין. ער טראַכט, אפשר וועט זיין פּלאַן זיך ניט איינגעבן. מישע וועט זיך ניט לאָזן. ער וועט זיך פאַרטיידיקן, און ער, סאַמארין, וועט דאַרפן אויפווייזן דאָס פאַרקערטע. ער האָט מורא, ס'וועט אים ניט געלינגען. ס'טוט אים שוין באַנג וואָס ער האָט אָנגעהויבן. אָבער ער קען ניט גיין צוריק. ער איז פאַרמאַטערט פון טראַכטן. ער זוכט בעסערע אַרגומענטן, מ'זאָל אים בעסער גלייבן. אָבער ער געפינט ניט. ער ווערט מיד, זעצט זיך צו און פאַרדרייט נאָך אַ

# שטערן אין דער נאַכט

מאכאָרקע־סיגאַרעט. און זיינע קעצישע אויגן קוקן אַזוי, אָן אַ ציל. ער טראַכט שוין גאָרניט. זיינע אויגן קוקן סתם אין דער וועלט אַריין. פּלוצעם דערזעט ער, אַז פון דער ביוראָ קומט מען אַרויס און מ׳הענגט אויף דער וואַנט אַ מעלדונג. סאמארין איז דער ערשטער צו לייענען. ער לייענט הויך אויפן קול: „מישע פּערעצאָוויטש ווערט אָנגעקלאָגט אין אַן אָפענעם געריכט פאַר סאַבאָטאַזש״.

סאמארין שטייט אַצינד ביי דער וואַנט מיט ביידע פיס אַ זיכערער און דער־הויבענער, להבדיל ווי אַ פרומער איד, וואָס זיין תפילה איז געהערט געוואָרן. אָט דאָס וויל ער טאַקע זען נאָך אַלע ספקות. ער רייבט די הענט פאַר פרייד. עס טוט נאָך שיינען די זון פאַר אים. נאָך אַלעמען זענען זיי אין ביוראָ ניט קיין שלעכטע חברה, אפילו מיטן איד באיארסקי. האָ! סאמארינען קען מען נאָך ניט אָוועקקאָפּיען. מ׳הערט זיך נאָך צו צו זיינס אַ וואָרט.

ער וואַרפט אַוועק דעם ברייענדיקן סיגאַרעט פון זיינע ליפּן און באַלד פאַר־דרייט ער אַ צווייטן, צינדט אים אָן ביים ניט פאַרלאָשענעם סיגאַרעט אויפן דיל, און דער רויך גייט ווידער. ביי דעם וויקלדיקן רויך אין דער לופט טראַכט סאמארין וועגן זיין געניאַלן געדאַנק, ווי אַזוי ער ווערט פּטור פון צוויי האָזן מיט איין שאָס... וואָס לענגער ער טראַכט וועגן דעם, אַלץ פרייליכער ווערט ער, פונקט ווי ער וואָלט אַצינד איבערגעדרייט אַ כוסע. אַזוי הנאה האָבנדיק פון זיך, שפּייט ער אויס און זאָגט: „לאָמיר איבערלייענען נאָכאַמאָל״. ער לייענט הויך אויפן קול. אַלע ווייסן, אַחוץ מישע פּערעצאָוויטש.

מישע איז שטאַרק פאַרטאָן אין זיין אַרבעט, ניט אַרויסצוגעבן עפּעס וואָס זאָל סאמארינען ניט געפעלן ווערן. ער ווייס און פאַרשטייט זיין אויפגאַבע. ער פאַרשטייט וואָס ס׳מיינט דער 34 טאָנק פאַרן פראָנט. ער שטייט איבערגעבויגן. ער קאָנצענטרירט זיינע געדאַנקען אויף דער מאַשין און אויף דעם טייל, וואָס ער אַרבעט אויס, דעם „קאטער״ („קאראפּקא ס׳קאראסטיי״). ער געפינט ניט קיין צייט אויסצוגעפינען וואָסער נייעס איז דאָרטן געשריבן אויף דער וואַנט, וואָס יעדערער שטעלט זיך אָפּ און לייענט. ער טאָר ניט פאַרלירן קיין צייט. „איך האָב צייט צו וואַרטן, באַלד וועלן די סירענעס פייפן אַכט אַזייגער און אויפן וועג צו דער סטאָלאָווע וועל איך לייענען די נייעס״, טראַכט מישע...

אָבער סאמארין האָט מישען ניט געלאָזט וואַרטן. ער איז צוגעקומען אַ שמייכלענדיקער, מיט אַ ברייט, אָפן מויל, אַז מ׳האָט געקענט זען זיין איינציקן גאָלדענעם באַק־צאָן, און דערציילט גענוי וואָס איז געשריבן אויף דער וואַנט: „מישע פּערעצאָוויטש ווערט אָנגעקלאָגט אין סאַבאָטאַזש״. מישע, שטאַרק פאַר־

נומען, לייגט ניט קיין אַכט אויף דעם, וואָס זיין נאַטשאַלניק סאמארין רעדט. מישע איז געוואוינט צו אַזאַ לשון פון סאמארינען. אייגענטלעך, רעדט ער דאָך שטענדיק אַזוי. ער סטראשעט שטענדיק מיט טורמע, פאַרשיקונג, געריכט. לויט סאמארינען האָט שוין לאַנג געדאַרפט וואַקסן גראָז אויף מישען. אָבער ס׳איז דאָ אַ ג־ט אויף דער וועלט, וואָס גיט אַכטונג. שטייט מישע אַזוי ביי זיין אַרבעט און לייגט ניט קיין אַכט אויף דעם, וואָס סאַמאַרין דערציילט. מישע זאָגט אים: „טאָוואַרישטש סאמארין, מאַך זיך ניט נאַריש". „אַזוי? מאַך זיך ניט נאַריש?" חזרט ער איבער. „טאָ קום מיט מיר!" מישע פאָלגט נאָך סאַמאַרינען צו דער וואַנט און ער לייענט: „מישע פערעצאָוויטש שטייט מאָרגן פאַר אַ געריכט, אָנגעקלאָגט אין סאַבאָטאַזש". מישע קען זיך קוים קוים האַלטן אויף זיינע פיס. ער פרעגט: „„טאָוואַרישטש סאַמאַרין, פאַר וואָס?" „דאָס וועסטו מאָרגן אויס־געפינען", ענטפערט סאַמאַרין מיט אַ שעלמיש געלעכטער".

אַכט אַ זייגער. די סירענעס גיבן דעם צייכן אַז איין שיכט איז געענדיקט און דער צווייטער שיכט דאַרף איבערנעמען. דער אַרויסגייענדיקער שיכט גייט אין סטאָלאָווע (רעסטאָראַן). לאַנגע רייען ציען זיך צו דער סטאָלאָווע, פאַר דעם פאַיאָק (פאָרציע) ברויט און קרויט־זופּ. ס׳איז נאָך אַ צוועלף־שעהדיקן אַרבעטס־טאָג. מ׳איז הונגעריק, אויסגעשעפּט און פאַרמאַטערט. מ׳וויל שטילן דעם הונגער מיטן שטיקל ברויט און קרויט־זופּ. קוים קוים זיך דערוואַרט אויף דעם סירענע־פייף. מישע האָט ניט פאַרלאָזט דעם אַרבעט־פּלאַץ באַלד ווי ער האָט געהערט דאָס פייפן פון דער סירענע. היינט, אַזוי ווי שטענדיק, דאַרף מישע איבערלאָזן דאָס אָרט ריין אָן אַ פּגם. ער רייניקט יעדן ווינקל, פּוצט די מאַשינען און אײלט זיי איין. ער גיט איבער דעם אַרבעט־פּלאַץ ריין, אין דעם בעסטן צו־שטאַנד, אין אַ סך אַ בעסערן צושטאַנד ווי ער האָט אים איבערגענומען.

היינט, שוין לאַנג נאָך דעם סירענע־פייף, שטייט נאָך מישע און רוימט, אײלט די מאַשינען. זיין איינציקער פריינד פון דער צווייטער אָפּטיילונג, נחום אַבראַמאָוויטש, איז צוגעקומען צו מישען. ער וויל וויסן צי ער זאָל פאַרנעמען אַן אָרט פאַר אים אין דער סטאָלאָווע ביים טיש. „אוי, נחום מיין פריינד, טו אַ קוק צו מיין שאַנד! לייען איבער וואָס ס׳איז געשריבן אויף דער וואַנט!" זאָגט צו אים מישע מיט אַ טאָן פון געבעט און חרפּה־געפיל. „ווּעמען ליגט אין זינען עסן? גיי און קום באַלד צוריק. איך וויל זיך מיט דיר אָן עצה האַלטן".

מישע האַלט פון נחומען אַ וועלט. ער איז דאָך ניט ווי מישע, פון אַ קליין שטעטל. ער איז דאָך פון מאָסקווע, געלערנט דאָ, אין די ראַטנפאַרבאַנדישע

שולן. ער ווייס דאָס געזעץ. מישע וויל אים פרעגן וואָס צו טאָן. וואו גייט מען? אפשר איז דאָ אַ מענטש וואָס קען אים העלפן? מישע איז זיכער אַז ס׳איז אַ מסירה פון אַ שלעכטן גוי, וואָס זוכט אים פאַר אַ קרבן. אפשר ווייס נחום פון אַ שתדלן, וואָס וועט זיך איינשטעלן צו ראַטעווען מישען? ער וואַרט נחום זאָל קומען צוריק, וועט ער אים פרעגן די אַלע פראַגעס. נחום וועט אים זיכער געבן אַן עצה. ס׳איז נאָך ניט עק וועלט. ס׳איז נאָך דאָ אַ איד, וואָס העלפט דעם צווייטן איד אין אַן עת־צרה...

אָבער אומזיסט האָט מישע געוואַרט אויף נחומען, ער זאָל אים העלפן. ווען נחום איז צוריקגעקומען נאָכן איבערלייענען דאָס געשריבענע, איז ער געווען אין גאַנצן אַ צווייטער מענטש, ניט צו דערקענען, בלאַס, אָן לשון, מיט דערשראָקענע אויגן. דאָס וואָס ער האָט געזאָגט איז: „מישע, געדענק! פאַרגעס ניט! מיר קענען זיך ניט. איך האָב מיט דיר קיין מאָל גאָרניט גערעדט...״

ער האָט דערלאַנגט מישען אַ ציטערדיקע האַנט, געזעגנט זיך מיט אים און אַוועק אין סטאָלאָווע עסן די קרויט־זופּ. ער האָט איבערגעלאָזט מישען מיט אַן אָפן מויל...

מישע איז אַרויס אויף דער לופט, כדי צו פאַרלייכטערן דעם קאָפּ־ווייטיק. אָבער ווי די האַמערס זעצט מען אים אין קאָפּ אַריין: מאָרגן שטייסטו פאַר אַ געריכט! מ׳טאָר ניט רוען! זיי אַליין דער שתדלן! דאָ זיינען ניטאָ קיין שתדלנים. יעדער מענטש האָט מורא פאַר זיך. אַזוי ווי איינער וויל פאַרטיידיקן יענעם, ווערט ער אַליין באַשולדיקט. און אַ באַשולדיקטער איז שוין אַ פאַרמשפּטער. דאָ דאַרף מען קענען באַשולדיקן. פון אַ באַשולדיקטן שטייט מען אַוועק ווייט. מ׳האָט מורא צו זיין אין זיינע דלת־אמות. קיינער וועט דיר דאָ גאָרניט העלפן, נאָר דו אַליין. מישע באַשליסט צו ווענדן זיך צום צעך־נאַטשאַלניק באַיאַרסקי, הגם נחום האָט אים געהאַט געזאָגט אַז דער נאַטשאַלניק באַיאַרסקי איז פון די אידן וואָס זענען ערגער ווי גויים. דער פאַקט וואָס ער איז אַ איד קען נאָך מאַכן ערגער; ביי אַ איד וועט ער וועלן אַרויסווייזן זיין פאַטריאָטישקייט און דווקא זיין קעגן איד. אַזעלכע זאַכן געשען אָפט מיט אַ סך פון אחינו בני ישראל. זיי ווילן זיין הייליקער ווי דער הייליקער אַליין. פונדעסטוועגן האָט מישע אַצינד באַשלאָסן זיך צו ווענדן באַלד אין דער פרי צום נאַטשאַלניק באַיאַרסקי. מישע האָט דאָך געגלייבט אין דעם מאָמענט, אַז אויב ער טראָגט דעם נאָמען „איד״, וועט ער געפינען אַ בשותפותדיקע שפּראַך מיט אים, ער וועט אים פאַרשטיין. ער טאָר ניט גיין צום געריכט אָן אַן אויפקלערונג. אפשר איז דאָ ערגעץ אַ טעות, אַ מיס־

פאַרשטענדעניש, וואָס נאָר ער אַליין קען אויפקלערן, אפילו אויב ס׳איז אַ מסירה. אפשר וועט ער געפינען אַ וועג אויפצואווייזן דעם אמת, ווייל טאָמער, חס־ושלום, קען ער ניט אָפּהאַלטן פון גיין צום געריכט, איז ביטער. דאָרטן אין געריכט, איז דער מענטש גאָרניט. דאָרטן, אין געריכט, ביסטו דאָס ערגסטע, אַ סאַבאָטאַזשניק, אַ מיטהעלפער פון היטלערן: „כיוון שניתנה רשות למשחית אינו מבחין בין טוב לרע״. דאָרטן, אין געריכט, ביסטו אַ פאַרפאַלענער, מישע! וועד ווייס צי דו וועסט זיך נאָך זען מיט דיין מאַמען...

אַזוי איז מישע אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן פון סווערדלאָווסק, אָן אַ ציל, און געטראַכט וועגן דער מאַמען. ווען די מאַמע איז דאָ, וואָלט צו דעם ניט געקומען. זי וואָלט ניט דערלאָזט. זי וואָלט אַ צייט פריער דערפילט דעם רויך, כדי צו לעשן דאָס פייער. אוי, די מאַמע! ער דערמאָנט זיך אין זיין גלות־שטעטל אין ווייס־רוסלאַנד, פּאָלאָצק, ביי אַ ווערטער־אויסטויש צווישן אַ צוגע־וואַנדערטן פּוילישן איד מיט זייערס אַ שכן, הערט די מאַמע ווי דער שכן זאָגט צו זיין ווייב: „אָט גיי איך און איך וועל איבערגעבן וואו מען דאַרף, און מאָרגן, וועסטו אים שוין ניט זען״. „אַזוי, ער גייט מסרן?״ זאָגט די מאַמע דערשטוינט, „ער גייט מסרן אַ איד?״ און די מאַמע איז אַרויפגעפאַלן אויף אים, געהאַלדזט, געקושט און געבעטן: „וואָס גייט איר טאָן? ער איז דאָך מיינס אַ פּלימעניק, אַ טאַטע פון קינדער!״ זי האָט אים אַזוי לאַנג געבעטן ביז ער האָט צוגעזאָגט אַז ער וועט דאָס ניט טאָן. זעט דעם אונטערשייד צווישן זיין מאַמען און נחומען. אַזוי ווי נחום האָט איבערגעלייענט דאָס נייעס, איז ער אַנטלאָפן, ער האָט מורא געהאַט. אָבער מישעס מאַמע וואָלט ניט אַנטלאָפן ווען מ׳דאַרף ראַטעווען אַ איד...

אַזוי האָט מישע אַרומגעבלאָנדזשעט ביז אַ שטיק אין דער נאַכט. ער האָט ניט געפילט קיין הונגער און מידקייט, ווייל שטאַרקער פון אַלץ האָט אים גע־מאַטערט דאָס פאַרשעמען זיין מענטשלעכקייט און דאָס מענטשלעכקייט פון זיין טייערער מאַמען. ווי פאַרשעמט וועט זי זיין, אַז מ׳וועט איר זאָגן אַז איר זון האָט סאַבאָטאַזשירט אין אַ צייט, ווען דער אַלגעמיינער שונא וויל אָפּמעקן דאָס אידישע פאָלק פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד, פאַרגיסנדיק אידיש בלוט, און אומברענגענדיק אידן פון שטאָט און שטעטל. וואָס וועט זי זאָגן? — ס׳איז אַ ליגן, ניט מיין זון איז אַ סאַבאָטאַזשניק. — זי וועט וויינען און שרייען אַז דאָס איז אַ ליגן. ווען זי וואָלט געווען מיט אים אַצינד, וואָלט זי אים פאַרטיידיקט, אָבער אַצינד, ווער וועט אים פאַרטיידיקן? ווער?

# שטערן אין דער נאַכט

שפּעט אין דער נאַכט איז מישע אַריין אין זיין באַראַק. ווען ער עפנט די טיר און לאָזט זיך גיין צו זיין פּריטשע, באַגעגנט אים דער דניעוואַלנע (משגיח): „האָ, מיין אַלטער פריינד, וואו ביסטו? מ׳זוכט דאָך דיך אַרום! דאָ האָסטו אַ פּאַפּיר, לייען!״ מישע לייענט: „מאָרגן, אַכט אַ זייגער אין דער פרי, זיך מעלדן אין דעם ביוראָ פון צעך־נאַטשאַלניק״, אונטערגעשריבן „באָיאַרסקי״. „פאַרשטייסט?״ פרעגט דער משגיח. און מישע ענטפערט: „כ׳פאַרשטיי״. „חתמע זיך אונטער!״ זאָגט דער משגיח. און מישע שרייבט זיך אונטער אַז ער האָט דערהאַלטן אַזאַ מעלדונג, צו זיין אַכט אַ זייגער אין דער פרי אין דעם ביוראָ פון צעך־נאַטשאַלניק באָיאַרסקי.

מישע טראַכט: „איך וועל האָבן אַ געלעגנהייט צו רעדן מיט באָיאַרסקין. רבונו של עולם, זאָל דאָס זיין צום גוטן. אָט דאָס וויל איך דאָך טאַקע! רעדן מיט אים אַליין, מיטן ראש״. ער גייט צו זיין פּריטשע, און שטראַלן פון האָפענונג לויפן דורך זיין מוח: „נאָך ניט אַלץ איז פאַרלוירן...״ ער וואַרפט אַראָפּ די שיך און פאַלט אַוועק מיט דער פּופּייקע אויפן בעטל. ער שלאָפט איין מיט אַ בליץ פון האָפענונג. פּלוצעם רופט דער משגיח: „מישע פּערעצאָוויטש, מישע פּערע־צאָוויטש!״ זיין יונג האַרץ טוט אַ טיאָכקע. „וואָס איז? וואָס איז ווידער? איך קום שוין!״ ענטפערט מישע. „כאַליערע! מנוול! וואָס שרייסטו אַזוי שפּעט ביי נאַכט?״ שרייט מישעס שכן פון דער צווייטער פּריטשע. „פּאַסקודניאַק! מנוול! כלב!״ שרייט צוריק דער משגיח. „שווייג, ממזר! דער נאַטשאַלניק באָיאַרסקי דאַרף אים זען מאָרגן! מישע איז אַ לייט, אָבער דו ביסט אַ פּראָסטע נבלה. שווייג!״

מישע האָט זיי קוים איינגעשטילט. ס׳איז כמעט געקומען צו אַ מעסער־שטעך. דער משגיח האָט געהאַט גרייט זיין מעסער, אַ לאַנגן מעסער, שאַרף ווי אַ חלף, און מישעס שכן האָט געהאַט גרייט אַ קינזשאַל. „נאַ, האָסטו מיינע שכנים, פּטור זאָל איך פון זיי ווערן, נאָר אויף אַ גוטן אופן, רבונו של עולם״, בעט מישע, און ער פרעגט דעם משגיח: „וואָס איז געווען דאָס רופן?״ „איך האָב פאַרגעסן״, פאַרענטפערט זיך דער משגיח, „אָט האָסטו נאָך עפּעס פאַר דיר״. מישע כאַפּט צו שנעל, ער דערקענט גלייך אַז דאָס איז אַ בריוו פון זיין מאַמען...

מישע האָט געעפנט דעם בריוו פון דער מאַמען. דער בריוו איז דאָס מאָל געווען אַ לאַנגער, פינף בייגעלעך פּאַפּיר, פון ביידע זייטן באַשריבן, פול מיט זאָגעכץ און געבעט, אַז ער זאָל, ווי ווייט מעגלעך, זיך האַלטן, בכדי איבער־צולעבן די שלעכטע צייט. דער הימל איז נאָך פול מיט שוואַרצע וואָלקנס, אָבער באַלד וועט זיך אויסלייטערן, פאַרזיכערט די מאַמע. די פינצטערע נעכט וועלן

ליכטיק ווערן, קומען וועט אַ באַפרייאונג פאַר דער מענטשהייט. „באַלד, מיין קינד, איך הער שוין דעם שופר של משיח. איך זע די גאולה פון אונדזער פאָלק. איך הער דעם קול מבשר. מיר וועלן גיין אַהיים: אונדזער היים, וואָס דער שונא האָט פאַרוויסט, וועט אויפלעבן. ס'וועלן מער ניט זיין די פאַרשטיקטע געפילן און טרערן".

מער ווי איין מאָל האָט מישע געלייענט דעם בריוו. אָט לייענט ער: „זע, ווי ווייט מעגלעך, אויסצוקומען מיט דיינע שכנים". ער וואונדערט זיך: זי ווייס אַלץ פונקט ווי זי וואָלט דאָ געווען. מ'דאַרף איר גאָרניט דערציילן. זי קען די שכנים. מ'דערקענט זיין מוטערס לאַסט. זי זאָרגט פאַר אַלץ. אָט לייענט מישע אין בריוו: „לעצטנס, מיין קינד, קאָך איך ניט און איך הייץ ניט, ניטאָ קיין האָלץ, און ס'איז זייער ניט גוט אָן האָלץ. אָבער איך נעם אַלץ פאַר ליב, ווייל איך גלייב, אונדזער הילף איז נאָענט. דער גלויבן אין אונדזער אייביקייט גיט מיר כוח צו עקזיס־טירן. איך זע שוין דעם שונאס מפּלה. אָבער דערווייל איז שווער אַדורכ־צושטופּן אַ טאָג. ס'איז ניטאָ מיט וואָס זיך צו דערנערן. דו גייסט אויפן מאַרק עפּעס קויפן, זעסטו קאַרטאָפל, ציבעלעס, מייערן. מ'זעט אַ סך פּראָדוקטן. אָבער די פּרייזן זענען הימל־הויך און אַלץ איז פון דער ערגסטער קוואַליטעט. ג־טס צאָרן האָט זיך אויסגעלאָזט אויף אַלץ. אפילו די ביימער האָבן אויפגעהערט צו געבן גוטע פּרוכט. ס'איז דאָ פלוימען, באַרן, אָבער גאָר פון ערגסטן מין, עפּעס ווי אַ קללה וואָלט געפאַלן אויף אַלץ, די ערד זאָל ניט געבן איר פּרוכט.

„כ'וועל טיילן מיט דיר וואָס איך האָב לעצטנס געלערנט פון מיין עברי־טייטש־סידור. איך זאָג דיר, מיין קינד, מ'דאַרף נאָר דאָרטן איינקוקן און מען געפינט אוצרות. ס'איז דאָרטן דאָ אַ שפע מיט וויסן. אָט לייען איך אַ טייטש אויפן פּסוק אין דער תורה, פון דער פּרשה וילך (לא, כא): „והיה כי תמצאן אותו רעות רבות וצרות, וענתה השירה הזאת לפניו לעד", זאָגט אויף דעם פּסוק דער דובנער מגיד, דער גרויסער אויסטייטשער פון דער תורה. מיט דער הילף פון משלים גיט ער צו פאַרשטיין, אַז די תורה זאָגט אָן: „אידן, געדענקט! אויב עס וועלן אייך טרעפן גרויסע שלעכטקייטן, אַ סך צרות, אָנשיקענישן, זאָלט איר וויסן אַז ס'איז געקומען די צייט פון „עקבתא דמשיחא", ס'איז שוין צייט צו גיין אַהיים..." ער טייטשט אויס מיט אַ משל פון אַ מאַרק־סוחר: „ס'איז פאַרנאַכט. דער סוחר איז שוין מיד. זאָגט ער צו זיין ווייב און קינדער, וואָס העלפן אים: ,קינדערלעך! לאָמיר צונויפלייגן די רעשטלעך פון אַלע קוישלעך, און זען צי עס לוינט זיך צו שטיין לענגער דאָ, אויפן מאַרק, און פּרירן". אַזוי ווי די משפּחה

# שטערן אין דער נאַכט

הערט דאָס, טוען זיי צונויפּלייגן די רעשטלעך פון אַלע קוישלעך. דער סוחר באַטראַכט מיט ישוב־הדעת דאָס איבערגעבליבענע און קומט צו דער מסקנא: גענוג שוין דאָ צו שטיין! דער מאַרק איז געענדיקט. קינדערלעך, אַהיים! אַלץ איז שוין פאַרקויפט. דאָס ערגסטע, דאָס פאַרפוילטע און שלעכטע איז געבליבן. ,ס׳איז צייט צו פּאַקן און גיין אַ היים׳, זאָגט דער דובנער מגיד, ,און דאָס מיינט די תורה: — אויב דו זעסט אַז עס הייבט זיך אָן צו מישן אַ באַזונדערע קראָם מיט צרות, אָנשיקענישן, זאָלסטו וויסן אַז די צייט איז געקומען צו גיין אַהיים׳״. און די מאַמע פאַרענדיקט דעם בריוו מיט די ווערטער: „איך הער שוין דאָס שאַלן פון שופר. די ישועה דערנענטערט זיך מיט שנעלע טריט. מיר וועלן זיך אינגיכן זען...״

ווען מישע האָט געענדיקט לייענען דעם בריוו, איז די נאַכט שוין געווען אַריבער. ניט געווען ווען צו שלאָפן. ער האָט זיך שוין געגרייט צו גיין זען דעם נאַטשאַלניק באַיאַרסקי. צו דער צייט איז מישע געוואָרן אַריינגערופן. ביים טיש זענען געזעסן די גרויסע נאַטשאַלניקעס, וואָס פירן דעם ריזיקן „אוראל מאש זאַוואָד״. ביי דער טיר זאָגט מען אָן מישען: „געדענק, דו שטייסט פאַר אַ געריכט. רעד ניט קיין איבעריקע רייד!״ מוראדיק, דערשראָקן, שטעלט ער זיך וואו מען הייסט אים. ער באַמערקט דעם לענינגראַדער איד באַיאַרסקי. ער זיצט אויבן אָן און פירט דעם פאָרזיץ. באַיאַרסקי פרעגט: „איז דיין נאָמען מישע פערעצאָוויטש?״ „יאָ, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק!״ ענטפערט מישע. „דערצייל אונדז״, זאָגט באַיאַרסקי, „וואָס איז געווען מיט די צוויי ,קאַטערס׳ וואָס האָבן ניט געקענט דורכגיין צו דער מאָנטאַזש־ליניע״.

מישע ענטפערט געלאַסן: „דאָס איז געשען מער ווי איין מאָל. איך האָב זיי יעדעס מאָל פאַרראָכטן, און איך קען היינט טאָן דאָס זעלבע. איך האָב זיך אויסגעלערנט אויסצורייניקן די שפּילטערס און די ,קאַטערס׳ גייען דורך דעם קאָנטראָל אָן שום שוועריקייטן. מ׳דאַרף מיר נאָר געבן צייט. דאָס זעלבע קען איך טאָן מיט די צוויי ,קאַטערס׳. זיי דאַרפן ניט זיין קיין פּראָבלעם. איך קען זיי פאַרריכטן״.

באַיאַרסקי פאַרצייכנט יעדעס וואָרט. „וואָס איז זיין רעקאָרד?״ וויל ער וויסן. „זייער גוט!״ קומט אָן ענטפער פון ,צעך־קאָם׳. „דער בעסטער״, גיט צו דער נאַטשאַלניק פון דער צווייטער אָפּטיילונג טאָלמאַטשאָוו. ס׳איז שטיל אַרום. אויגן קוקן זיך איבער. סאַמאַרין שטייט אָן אַ באַוועג פון אָן אבר, פונקט ווי ער וואָלט געקראָגן מיט אַ קלאָניצע איבערן קאָפּ...

„נו, סאַמאַרין, וואָס האָסטו צו זאָגן?" פרעגט נאַטשאַלניק באַיאַרסקי. סאַמאַרין רעדט. ער באַמיט זיך צו שטיין שטייף, ווי שטענדיק, אָבער דאָס לשון ברעכט זיך ביי אים. „יאָ, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק, ער איז געווען גוט, אָבער לעצטנס איז ער אַנדערש. זיין רעקאָרד איז געפאַלן, טאָוואַרישטש נאַטשאַלניק. איך בין ניט געניט גראַמאַטנע (שריפטיק). אפשר וועט איר מיך איינטווישן?" רעדט שוין סאַמאַרין מיט אַ געבעט. „וואָס איז מיט די צוויי ,קאַטערס׳? ער קען זיי פאַרריכטן אָדער ניט?" פרעגט באַיאַרסקי שטרענג אין אַ הויכן טאָן. „יאָ", ענטפערט סאַמאַרין שטיל, קוים וואָס מ׳קען הערן, „אָבער ער דאַרף אַ סך צייט". „גיב אים צייט!" זאָגט דער נאַטשאַלניק באַפעלעריש. ער צערייסט אַלע פאַפירן און וואַרפט זיי אַריין אין מיסט־קאַסטן דערלעבן. אַלע אָטעמען אָפּ פריי. אַ שמייכל באַווייזט זיך אויף יעדן פנים...

מישע ווערט צוגעבעטן צום טיש. ער זיצט אַצינד לעבן נאַטשאַלניק. אַ שמייכלדיקער פרעגט דער נאַטשאַלניק מישען פון וואַנען ער קומט. „פון לעבן וואַרשע, פוילן", ענטפערט מישע. „דו האָסט עמעצן דאָ? אַ משפחה?" וויל ער וויסן. „יאָ, איך האָב אַ מאַמען אין וויערכנע־אוראלסק, טשעליאַבינסקער אָבלאַסט". „אַזוי?" וואונדערט זיך באַיאַרסקי. „אַ מאַמען פון פוילן?! זי שרייבט דיר בריוו?" „יאָ", ענטפערט מישע. „ווייז מיר אַ בריוו", בעט דער נאַטשאַלניק. מישע קלערט אים אויף אַז ס׳איז אין אידיש. „ווייז", שטייט ער צו, „איך קען לייענען". מישע נעמט אַרויס דעם נעכטיקן בריוו און גיט אים. ער האָט אָבער באַלד חרטה. דאָס האַרץ הייבט אָן קלאַפּן ביי אים ווי ביי אַ גזלן. אַזאַ בריוו מיט תורה־ווערטער און וועגן משיחן — פון איין צרה אַרויס, אין אַ צווייטער אַריין... אוי, מזל! אַצינד איז שוין פאַרפאַלן. באַיאַרסקי האַלט דעם בריוו. „אוי! אַ גרויסער בריוו", זאָגט באַיאַרסקי, „איך וועל לייענען דאָס לעצטע בייגעלע פאַפיר". אַלע האָבן אָנגעשפיצט די אויערן צו הערן...

„קודם־כל וויל איך אייך באַקענען מיט אונדזער מישען", זאָגט באַיאַרסקי. „ער איז, ווי יעדער איינער פון אונדז, אַ מאָביליזירטער, ווייט פון זיין היים, נאָר ער איז אַ ביסל ווייטער פון זיין היים ווי מיר. ער איז פון וואַרשע, פוילן".

דער גרויסער טעכנאָלאָג באַיאַרסקי, מיט זיין פּרעכטיקן רוסיש, טייטשט אויס דעם בריוו. דער הימל איז פול מיט שוואַרצע וואָלקנס, אָבער באַלד וועט זיך דער הימל אויסלייטערן. אונדזער היים וועט צוריק אויפלעבן. ס׳וועלן מער קיין מאָל ניט זיין קיין פאַרשטיקטע געפילן און טרערן. ער טייטשט אויס דעם משל פון דעם דובנער מגיד געניי ווי ס׳איז געשריבן אין בריוו: דער סוחר פון

# שטערן אין דער נאַכט

מאַרק זאָגט: „געמוג שוין געפּרווירן דאָ, אַלץ פּאַרקויפט, ס׳איז צייט צו גיין אַהיים״. אַלע שרייען: „ריכטיק, מישע. שוין צייט צו גיין אַהיים״. זאָגט דער צעך־קאָם: „דער שונא איז פאַרוואונדעט. באַלד, באַלד וועלן מיר גיין אַהיים״. מיט פרייד און געזאַנג באַגלייטן אַלע מישען צו דער בוי־מאַשין.

סאַמאַרין שטייט אַצינד לעבן מישען הכנעהדיק, ווי אַ הונט וואָס האָט געקראָגן געשלאָגן, אָבער אַנטלויפן קען ער ניט. ער זאָגט צו מישען: „דו האָסט אַ קלוגע מאַמע. באַלד וועלן מיר גיין ,אַהיים׳, נאָר דערווייל מוז מען אַרבעטן, מאַכן דעם 34 טאַנקן!״ „ריכטיק!״ זאָגט מישע. „סאַמאַרין, גיב צו פאַררויכערן!״ סאַמאַרין און מישע וויקלען ווידער די מאַכאָרקע. דער רויך, וואָס איז געווען דאָס איינציקע מיטל קעגן מענטשלעכער געפאַלנקייט און טרויער, מאַכט אַצינד פאַרגעסן, אָבער ניט פאַרגעבן!



# אינהאַלט:

„שטערן אין דער נאַכט״ דערציילט פון דעם איד אין קליינעם שטעטל, מיט זיינע מנהגים זיינע שבתים, און ימים־טובים, פון די בתי־מדרשים, שטיבלעך, און חדרים ישיבות, „שטערן אין דער נאַכט״ דערציילט פון די: „וככוכבים בלילה״ פון אונזערע גרויסע שטערן, וואָס האָבן אונז באַלויכטן אונזער וועג, אין גרויסן פינסטערן גלות, שטענדיג אַרומגערינגלט מיט שאַקאַלן וועלף, נאָר איינצושלינגען; ער דערציילט פון אָרימן קליינעם שטעטל, וואָס איז געוואָרן פאַרשריבן מיט גאָלדענע אותיות אין דער געשיכטע פון אידישן פאָלק, און וועט שטענדיג לויכטן ווי אַ פאַקל אין דער מדבר, ווייזן דעם וועג.

